# אין זיבעטן נומער „סאָוועטיש היימלאנד“ וועט זײַן געדרוקט:

## אין פּראָזע־אָפּטייל

דער אָנהייב פון דעם ניט־פאַרעפנטלעכטן ראָמאַן „אין וואלד“ פונעם באוווסטן פּראָזאַיקער נויעך לוריע.

נײַע דערציילונגען:

מוישע אלטמאַן — „א שפּיל מיט א שטעקן“.
טעוויע גען — „אין האָטעל „אינטוריסט“, „טעוויע און גאָלדע“, „סקולפּטורן אפן זאמד“.
דער סאָף פון אנדריי קליאַנאָווס גרעסערער דערציילונג „דער ניינטער פּאַרט“.

## אינעם אָפּטייל פון פּאָעזיע

ציקלען לידער פון דאָוויד בראָמבערג, אווראָם גאָנטאר, מאָטל גרו־ביאַן, דווירע כאַראַל, לייזער קאַצאָוויטש.

## אין אָפּטייל „ליטעראַטור און קונסט“

ריווקע רובין — „וועגן דער דיכטונג פון הירש אָשעראָוויטש“, כאַצקל נאַדעל — „איוואַן פראַנקאָ און די יִדישע ליטעראַטור“ און פיל אַנדערע אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן.

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסס״ר

זעקסטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע

6

יוני

1966

# אינהאַלט

## טריבונע פון לעבן

זייט


מיכאיל שעווועל. די ערד רופט . . . . . . . . . . 3
מאַראַט וואַסילעווסקי. בריוו פון פריינט . . . . . . . 13
דאַוויד האָפשטיין. די מוטער רוטמאַן . . . . . . . . 18
יודל פערצאָווסקי. עד האָט פאַרטיידיקט מאָסקווע . . . . 20
שמועל גאָרדאָן. שטעטלעך (רייזע־בילדער) . . . . . . 24
שלוימע ראַבינאָוויטש. מאָסקווע — טעל־אַוויוו (איינדרוקן, נאָטיצן) . . . . . . . . . . . . . . . . 38


---


אַרן ווערגעליס. זאָלן מענטשן ריידן ווי זיי ריידן. — ווענערע איז פון אונדז באַהאַלטן (לידער) . . . . . . . . . . 50
אַנדריי קליאַנאָוו. דער ניינטער פּאָרט. קינסטלער ג. פּאַנדאָפּולאָ . . . . . . . . . . . . . . . . 56
יוסעף קאָטליאַר. ליבע־לידער (פון דער ליטעראַרישער ירושע) . . . . . . . . . . . . . . . . 90
יאַנקל יאַקיר. מעכוטאָנים גייען... (דערציילונג) . . . . . . 92
מאָטל סאַקציער. אין אַזא מין שאָ (לידער) . . . . . . . 98
הערשל פּאָליאַנקער. דער בעקער פון קאָלאָמייע (סאָף). קינסטלער ה. אינגער . . . . . . . . . . . . . 101
שלוימע רויטמאַן. דער דימענטשלייפער. — מיין טאַטנס צוואָע (לידער) . . . . . . . . . . . . . . . 123
זיכרוינעס. כאַנע גערשענזאָן. וועגן מוישע גערשענזאָן . . 128


## ליטעראַטור און קונסט


יעשוע ליובאָמירסקי. דער זינגער פון דער יוגנט (צו אייזיק הובערמאַנס 60־טן געבורטסטאָג) . . . . . . . . . 130
יאַנקעוו שטערנבערג. אווראָם רייזען (צום 90־טן געבורטסטאָג) . . . . . . . . . . . . . . . . 133
יִסראָעל סערעבריאַני. צו דער געשיכטע פון א קונסט־ווערק . . . . . . . . . . . . . . . . . 139
לייענער שרייבן אונדז . . . . . . . . . . . . . . . 147
געדאַליע קאָסאָי. העם זיידן מענדעלעס א „קאָהעוו" . . . . 149
בלעטערנדיק זשורנאַלן און צייטונגען . . . . . . . . . 150
פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע. יעכיעל שרייבמאַן. לויטערע, דורכזיכטיקע טראָפּנס. כאַים לויצקער. א האַרבער ביסן — דער שעפערישער פּראָצעס . . . . . . . 152
אונדזער רעפּליק. מ. מײַדאַנסקי. פאַרקריפּלונג פון אַלעפּ־בייס־עמעסן . . . . . . . . . . . . . . . . 154
אונדזער פּאָסטאָ־אינפאָרמאַציע . . . . . . . . . . . 156
כראָניק . . . . . . . . . . . . . . . . 55, 155, 158
נאָטיצן אפן קאַלענדאַר . . . . . . . . . . . . . . 160

מיכאיל שעוועל

# די ערד רופט

װלאַדימיר איזראַילעוויטש פעלער, דער פאַרזיצער פונעם קאָלווירט „איליטשס געבאָטן" (בירא̇בידזשאַנער ראַיאָן), איז אַף דער מילכאָמע געווען אַן אויסשפּירער. אַפן פראָנט האָט מען דערציילט ניסים־וועניפלאָעס וועגן זײַן צומאָל האָזעדיקער דרייסטקײַט. אַז אַ מענטש איז געוואָרן קאַוואַלער פון אַלע דרײַ אָרדענס „סלאַוואַ", איז שוין אַ סימען: אַלץ, וואָס מע דערציילט וועגן זײַן העלדישקײַט, איז ניט קיין לעגענדע, נאָר לויטער עמעס.

פון יענע שטורמישע צײַטן איז אַוועק אַ היפּש פעקל יאָרן, און וועגן פעלערן געדענקען נאָך אַלץ זײַנע פרײַנט, וואָס האָבן אײַנײַנעם מיט אים זיך געשלאָגן קעגן פאַשיזם. אין אַ סאַך צײַט אַרום האָט אים אַפן ווײַטן מיזרעך געפונען דער מאַרשאַל פון סאָוועטנפאַרבאַנד באַגראַמיאַן, וואָס אונטער זײַן אָנפירונג האָט מילכאָמע געהאַלטן פעלער.

„ס'איז מיר זייער אָנגענעם געווען, — שרײַבט איוואַן כריסטאָפאָראָוויטש, — צו טרעפן דײַן נאָמען אין די צײַטונגען. איך פריי זיך פון גאַנצן האַרצן, וואָס אויך אַפן פרידלעכן פראָנט ביסטו, ווי פריער, דער אויסשפּירער, וועלכער גייט אין אַוואַנגאַרד".

...די ערד אָטעמט שווער, ווי אַ מענטש, וואָס האָט זיך אָנגעהאָרעוועט פאַרן טאָג אַרבעט. דערוואַכט פון ווינטערדיקן שלאָף, אַ וואַרעמע, אַ פרוכטבאַרע, וואַרט זי אַף דעם, וואָס וועט זי אופאַקערן און פאַרזייען.

מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק האָט די מילכאָמע צעשיידט פעלערן מיט דער ערד, מיט זײַן לײַבלעכער ווײַטמיזרעכדיקער ערד, און ער האָט געבענקט נאָך איר, ווי מע בענקט נאָך דער מאַמען. ער איז מיט שלאַכטן געגאַנגען פאָרויס אַף מײַרעוו און אַליין געציילט די טעג, ווען וועט ער זיך שוין אומקערן אַהיים און מיט די אויסגעבענקטע הענט, ווי מיט אַ קישעף־שטעקעלע, זיך צורירן צו דער ערד און זי וועט ווידער אָפּדאַנקען דעם מענטשן פאַר זײַן מי.

פעלער איז בעטעווע ניט סענטימענטאַל. דעריבער, ווען ער האָט באַקומען דעם בריוו פונעם מאַרשאַל, האָט ער געענטפערט זייער קורץ:

„עס וואַקסט אונדזער קאָלווירט. די ווײַטמיזרעכדיקע ערד צאָלט בעשעפע די מענטשן פאַר זייער זאָרג. ניין, מיר זײַנען נאָך דערווײַל ניט קיין העלדן: אַ געוויינלעכער אַרטעל. און שוועריקײַטן איז פאַראַן אַ סאַך, און צאָרעס פעלט ניט. נאָר קויעך פעלט אויך ניט. מיר, כאַווער באַגראַמיאַן, וועלן נאָך ווײַזן, וואָס מיר קענען".

וויפל פויערשע פרילינגס פעלער האָט באַגעגנט און באַגלייט אין זײַן לעבן, איז ניט איבערצוציילן. און יעדער פרילינג האָט זיך מיט עפּעס אונטערשיידט פון די איבעריקע און מיט עפּעס זיך פאַרגעדענקט.

אויך איצט איז פעלער אופגערודערט, אופגערודערט גאָר אַנדערש, ווי אַלעמאָל, פול מיט אומגעדולד און דערוואַרטונג. ער שפּאַנט אַרום איבער די פעלדער, רעדט מיט מענטשן... אין דעם טיפן אָטעם פון דער ערד, אינעם גלאַנץ פון די אויגן, אין יעדן פעסטן האַנטדרוק, — אין אַלץ זעט ער אײַן דאָס, וואָס אַ זײַטיקער וועט ניט באַמערקן, — די נײַע אינטאָנאַציעס, וואָס עס שטעלט דאָס לעבן.

און געדאַנקען וועגן דעם, וואָס מע דאַרף טאָן, וואָס מע קאָן טאָן, פּילן אָן דעם קאָפּ, צעשפּאַרן אים מאַמעש...

געדאַנקען און דערמאָנונגען...



וולאַדימיר פעלער

מענטשן האָבן געוווּסט: פעלער האָט אַ שווערע האַנט, און אַז מע ברענגט אים אַרויס פון די כּלים, פאַרגעסט ער, ווו ער האַלט אין דער וועלט. צוליב דעם האָט ער זיך דערפון געהאַט ניט ווייניק.

— וולאַדימיר איזראַילעוויטש, כ'האָב מער קיין כּוח ניט ריידן מיט אים, — האָט דער בריגאַדיר זיך געקלאָגט אַף איינעם אַ טראַקטאָריסט.

— שיק אים צו מיר, — האָט געזאָגט פעלער.

אַ סקריפּ פון דער טיר, און אַף דער שוועל פון דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג באַווײַזט זיך אַ שטאַרק אומצופרידענער דער טראַקטאָריסט.

— פאַרוואָס קולטיווירסטו ניט דאָס קרויט? — פרעגט דער פּאָדזיצער.

— אַף צען טישטשע קאַפּאַרעס דאַרף איך עס, — ענטפערט יענער.

— זאָג מיר אָן קונצן: אין קאָלווירט האָסטו בעדייע צו אַרבעטן?

אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

— איז גיי די מינוט צו דער אַרבעט... אויב ניט...

דער טראַקטאָריסט איז געשטאַנען אַפן אָרט, ווי ניט אים מיינט מען עס.

פעלער האָט אים אַזוי אַ שלעפּ געטאָן צו זיך, אַז בײַ יענעם האָבן די קנעפּ אַ טרעשטשע געטאָן. אין אַ רגע אַרום איז דער טראַקטאָריסט אַרויסגעשפּרונגען פון דער טיר. די באַק האָט געפלאַמט פון דעם פּאַטש, וואָס ער האָט אַרײַנגעכאַפּט.

אַנדריי אַלעקסייעוויטש סוגראַבאַוו, דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם, האָט גוט געוווּסט, אַז פעלער קאָן אָרגאַניש ניט אַריבערטראָגן קיין מענטשן, וואָס זוכן אַ לײַכט לעבן, אַ גרינג שטיקל אַרבעט, וואָס האָבן ליב זיך לאָזן וווילגיין אַף יענעמס כּעזשבן. נאָר וויאַזוי קעמפט ער, פעלער, מיט זיי?!

— מע האָט דען ניט געקאָנט איבערצײַגן אפילו אזא־אָ? — זײַנען געפאַלן אין שטילן זאַל אַרײַן דעם סעקרעטאַרס ביטערע ווערטער, ווען די פראַגע איז באַהאַנדלט געוואָרן אַף דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג אין קאָלווירט. — ניטאָ בײַ דיר, פעלער, קיין אויסדויער, ניטאָ קיין געדולד. אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן.

— אַ פּאָרזיצער איז ניט קיין גוווערנאַנטקע, — האָט אַ בורטשע געטאָן פעלער.

— טײַערע כאַווײרים, הערט נאָר, וואָס ער רעדט! — האָט אויסגערופן סוגראַבאַוו. — אַ גראָשן די ווערט האָט אַן אָנפירער, אויב זײַן אויטאָריטעט האַלט זיך נאָר אַף קענען עפענען אַ מויל... פעלער האָט, ווײַזט אויס, פאַרגעסן, אַז ער איז אַ קאָמוניסט...

נאָך דעם, ווי די קאָמוניסטן פון קאָלווירט האָבן זיך שוין אַרויסגעזאָגט, האָט סוגראַבאַוו ווידער געבעטן אַ וואָרט.

— איך בעט אײַך, כאַווײרים, איר זאָלט מיך פאַרשטיין ריכטיק, — האָט ער געזאָגט. — איך בינד אײַך ניט אָן מײַן מיינונג, אָבער מיר ווײַזט זיך אויס, אַז ווען דיק ס'איז דאָס ערשטע

מאָל, קאָן מען זיך באַגרענעצן מיט א וואָרענונג, און דערנאָך... נישקאָשע... ס'איז א דערוואַקסענער מענטש, ער וועט אַליין פאַרשטיין.

סוגראָבאָוו האָט געמוזט געבן דערקלערונגען אין געגנטקאָם.

— אַנדריי אַלעקסייעוויטש, — האָט אים פאָרגעוואָרפן דער ערשטער סעקרעטאַר, — דו זאָלסט זײַן אַזוי ווייכהאַרציק, האָב איך ניט געטראַכט. „באַגרענעצן זיך מיט א וואָרענונג"... אָט, קוק אָף טשיקאַוועס אָן, וואָס מע שרײַבט וועגן דײַן „דערוואַקסענעם מענטשן".

ער האָט געגעבן סוגראָבאָוון דעם טראַקטאָריסטס בריוו אין געגנטקאָם.

— פאַר דער צײַט, וואָס איך קען פעלערן, איז דאָס דער איינציקער פאַל, און, כ'מיין, דער לעצטער, — האָט געזאָגט סוגראָבאָוו. ער האָט א רעגע געשוויגן און דערנאָך צוגעגעבן: — מער וועט איר וועגן פעלערן קיין שלעכט וואָרט ניט הערן. איר מעגט מיר גלייבן, — און אָף סוגראָבאָווס ברייט פּאָנעם האָט געגנומען שפּילן אַזאַ צוטרויליכער שמייכל, אַז ניט גלייבן האָט מען אים ניט געקאָנט, — פאַראַן בא אים א גאָלדענע סטרונע אין האַרצן, בא פעלערן, עס קאָן ניט זײַן, זי זאָל קיין זונג ניט טאָן. איך געדענקט, איר האָט אַליין אַמאָל געזאָגט: „פעלער האָט ליב און פאַרשטייט זיך אָף ערד. אומעטום, ווו ער האָט געאַרבעט, זײַנען די קאָלווירטן געווען צווישן די בעסטע". נו, איז דאָך גוט! אײַ וואָס, זײַן כאַראַקטער, איז אויך אָן סאַקאָנעס. דערמיט וועלן מיר זיך אָן אייצע געבן...

ביידע ווערן אַנשוויגן. ביידע טראַכטן וועגן איינס און דאָס זעלבע. זיי טראַכטן וועגן דעם מענטשן, וועגן זײַן ווײַטערדיקן גורל.

זיך אָן אייצע געהאַלטן מיט די מיטגלידער פון דער ביוראָ, האָט סוגראָבאָוו באַשלאָסן: פעלער וועט אַריבערגיין אָף אַרבעט אינעם קאָלווירט „פּראַוודאַ". „נישקאָשע, מיט אַזאַ פּאָר פּלייצעס וועט ער אויך אָט דעם וואָגן אַרויסשלעפּן", — האָט געטראַכט סוגראָבאָוו.

אין נײַפעלד האָט מען פעלערן אויסגעקליבן אַלס פּאָרזיצער, נאָר באַגעגנט האָט מען אים אָן היספּײַלעס.

— אָף וויפל איז ער געקומען? אָף א וואָך, אָף א כוידעש?

— מע זאָגט, פון דעם „33־טן" האָט מען אים מעשאַלײַעך געווען פאַר געבן פּעטש און צו אונדז האָט מען אים געשיקט אָף איבערדערציִען...

און דאָ האָט זיך נאָך געמאַכט די מײַסע מיטן קלאַדאָווטשיק גנעדאַי.

אַנומלטן האָט סוגראָבאָוו זיך אַרײַנגעכאַפּט אין נײַפעלד. ער האָט ניט באַוויזן אַרויסגיין פון דער מאַשין, ווי עס קומט אים אַנטקעגן דער אַגראָנאָם ראַיִסאַ מאַרקעלאָווא מיט פולע אויגן טרערן. אויסערלעך אָן אומבאַהאָלפענע, א נידעריטשקע, די גרייס ווי א גענעץ, איז זי געווען, ווי סוגראָבאָוו האָט גוט געוווסט, א מענטש אָן אויסגעהאַלטענער, מיט א פעסטן ווילן.

— כ'האָב מער קיין קויעך ניט דאָ צו אַרבעטן... דאָס זײַנען דען מענטשן?..

ווען זי האָט זיך א ביסל באַרויִקט, האָט זי דערציילט: עס האָט זי באַליידיקט גנעדאַי.

גנעדאַי האָט געהאַט א שלעכטן שעם: פאַר אַרבעט האָט ער מוירע געהאַט, ווי א הונט פאַרן קאַנטשיק. שיקערט ער זיך אָן, מוז דאָס ווײַב פון שטוב אַנטלויפן. אויסזידלען א מענטשן, מאַכן אים מיט דער בלאָטע גלײַך האָט בא אים די ווערט, ווי אויסשפּײַען.

סוגראָבאָוו האָט דערציילט פעלערן וועגן מאַרקעלאָוועס אינצידענט מיטן קלאַדאָווטשיק.

— איך פרעג בא אים: „קאָנסטאַנטין מיכײַלאָוויטש, פאַרוואָס האָסטו דעם אַגראָנאָם באַליידיקט?" ענטפערט ער: „איך האָב זיך א ביסל צוגעשפּאַרט, קומט די אַגראָנאָמשע און מאַכט א טומל: וואָס האָסטו זיך צעלייגט אָף די קאַרטאָפל, ווי א כאַזער? פּוסטעפּאַסניק וואָס דו ביסט! האָב איך געמאַכט אָן איפּע און געשיקט זי צו בעניס מאַמע". מע דאַרף עס, וולאַדימיר איזראַיִלעוויטש, באַהאַנדלען אָף דער פאַרוואַלטונג און צווינגען גנעדאַיען, ער זאָל זיך אַנטשולדיקן פאַר ראַיִסאַ מיכײַלאָוונאַ. אַזעלכע זאַכן טאָר מען ניט מויכל זײַן.

פעלער האָט ניט געענטפערט, נאָר געשיקט רופן דעם קלאַדאָווטשיק.

— עס גלוסט זיך דיר, מע זאָל דיך פון קאָלווירט אַרויסוואַרפן! — האָט ער זיך אַרופגעוואָרפן אָף גנעדאַיען, ווי נאָר יענער איז אַריבערגעטראָטן די שוועל.

— ווייסטו וואָס, גיי צו... — און גנעדאַי האָט א וואָרף געטאָן דאָס בינטל שליסלען אָפן טיש. — אַלע האָט איר זיך דאָ זניוכעט...

פעלער האָט אָף אַזאַ טשוווע זיך ניט געריכט. ער האָט ניט גלײַך געפונען וואָס צו ענטפערן. ווען ער איז געקומען צו־זיך, האָט ער דורך די פאַרשטשעמעטע ציין אויסגעזײַט:

— נעם די שליסלען, אויב ניט, וועסטו כאַראָטע האָבן.

— וואָס?.. וועסט געבן אין די ציין? — האָט זיך גנעדאַי הינטערוויַלעכס געשאַרט צו דער טיר.

— אָט וועל איך אין יעדער בלאָטע קריכן מיט די הענט... — פֿעלער האָט זיך קוים מיט צאָרעס אײַנגעהאַלטן, — דאָס לעצטע מאָל פֿרעג איך: נעמסט די שליסלען?

גנעדאָי האָט א כאַפּ געטאָן פֿונעם טיש דאָס בינטל און איז פֿײַל־אויסן־בויגן ארויס אין דרויסן.

סוגראָבאָוו, וועלכער איז אומגעריכט פֿאַר זיך אַליין געווען אן איידעס פֿון אָט דער סצענע, האָט עטלעכע רעגעס געשוויגן.

— פֿעלער, דו ביסט ניט באַם זינען... געמאַכט א סקאַנדאַל, ווי א מאַרק־זיצערקע. צוליב דעם האָב איך דיר עס אַלץ דערציילט? א גראָשן די ווערט האָט דײַן גאַנצער אויטאָריטעט און אַלע דײַנע שיינע ווערטער וועגן אַכטונג צו מענטשן. דו האָסט כאָטש א טראַכט געטאָן, אַז אין פֿינף מינוט אַרום וועט דאָס גאַנצע דאָרף שוין וויסן: „פֿעלער האָט שיר ניט געמיימעסט דעם קלאַדאָוושטשיק, און דער סעקרעטאַר פֿון ראַיקאָם האָט זיך אַפֿילע ניט אָנגענומען יענעמס קריוודע".

פֿעלער האָט געשוויגן. דאָס פּאָנעם איז געווען אָנגעשטרענגט.

אויף מאָרגן איז דער „נײַפֿעלדער אינצידענט" אײַנגערעגולירט געוואָרן.

פֿעלער האָט געמאַכט אן אָנשטעל, אַז ער באַמערקט ניט, ווי קרום אַלע קוקן דאָ אויף אים. ניט געײַלט האָט ער זיך באַקאַנט מיט דער ווירטשאַפֿט. „מישטיינסגעזאָגט, א ווירטשאַפֿט, — האָבן זיך גאַליק געכאָכמעט די קאָלווירטניקעס, — מע קאָן זי אײַנפּאַקן אין א זאַק, באַנאַכט אוועקטראָגן, און קיינער וועט זיך ניט כאַפּן. אָנדערהאַלבן צענדליק שטיבלעך אויף הינערשע פֿיסלעך, אן אַלטע שטאַל פֿאַר די פֿי, דרײַסיק בעהיימעס, עטלעכע פֿערדלעך און א ביסל אינווענטאַר".

„יאָ, א ביטערער סאַכאַקל, — האָט געטראַכט דער נײַער פֿאָרזיצער. נאָר געעגבערט דעם מויעך האָט אים גאָר עפּעס אַנדערש: — גערעכט איז קאַרלאָווסקי... וואָס טוט מען מיט די מענטשן? זיי האָבן אופֿגעהערט צו גלייבן אין די אייגענע קויכעס. זיי האָבן זיך צוגעוווינט דערצו, אַז זייער קאָלווירט איז שטענדיק אויפֿן לעצטן אָרט. די גערעטעענישן... א געלעכטער צו זאָגן, אַפֿילע אויף זריִע נעמט מען ניט אַראָפּ. ווי קערט מען אום די מענטשן דעם גלויבן אין דער ערד?"

די היגע טוישווים — אַלטע פּראַווידינצעס אַפֿאַנאַסי קאַרלאָווסקי און זײַן פֿרוי פֿעלאַגייע האָבן דערציילט דעם סעקרעטאַר פֿון ראַיקאָם און דעם פֿאָרזיצער, ווי זיי האָבן דאָ אייניינעם מיט נאָך עטלעכע מישפּאָכעס אַרויסגעריסן באַ דער טײַגע איין שטיק ערד נאָכן צווייטן.

ניט קיין לײַכט שטיקל אַרבעט איז דאָס געווען. ווינטער — פֿרעסט און זאַווייעס. זומער — גנוס. א שווערער אויספּרווו פֿאַרן מענטשן. ניט אַלע האָבן אויסגעהאַלטן. געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געוואָרפֿן דאָס נאָרוואָס אופֿגעשטעלטע הויז, זיך געלאָזט נאָך א לײַכטערער דאָליע...

— און די דאָליע, אָט איז זי, אונטער דער נאָז. ווי קומט מען אָבער צו צו איר? — האָט גערעדט אַפֿאַנאַסי וואַסיליעוויטש. — וואָס איז דער מער, פֿאַרוואָס קאָן אונדזער קאָלווירט ניט אָנטאַפּן דעם וועג? עפּשער קיין עמעסער באַלעבאָס ניט געווען?

— נו, אָט, אַפֿאַנאַסי וואַסיליעוויטש, אָט איז געקומען צו אײַך א באַלעבאָס, וואָס האָט עפּעס די ווערט, — האָט געזאָגט סוגראָבאָוו.

— ס'איז פֿאַראַן א ווערטל «Не скажи гоп, пока не перескочишь»[1] — האָט א שמייכל געטאָן קאַרלאָווסקי. — פֿעלער האָט א גוטן קאָפּ אויף די פּלייצעס. ער האָט זיך א נעם געטאָן צו דער ווירטשאַפֿט. עמעס, צו היציק א ביסל... נו, איז דאָס אויך א קנאַפּער אומגליק. וואָרעם ווער עס בעבעט, און ער טוט... — קאַרלאָווסקי האָט זיך אָנגעבויגן צום סעקרעטאַר פֿון ראַיקאָם און, ווי ער וואָלט אים וועלן אַרײַנרוימען א סאָד, געזאָגט: — אַנדריי אַלעקסייעוויטש, מע דאַרף, אַז מענטשן זאָלן אָנהייבן גלייבן אין זיך, אין דער ערד... העלף אים, אונדזער פֿאָרזיצער, כאָווער סעקרעטאַר.

אן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע, וויאַזוי מאַכט מען דעם קאָלווירט צו לײַטן גלײַך, זוכן אַלע: סײַ דער נײַער פֿאָרזיצער פֿעלער, סײַ די מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג ניקאָלײַ מאַלצעוו און ביידע פּיאָדאָרס — קאָוואַל און מאַטראָסאָוו, סײַ דער בוכהאַלטער אַרן פֿאַניטש, סײַ דער נײַער אַגראָנאָם ראַיִסאַ מאַרקעלאָווא, סײַ דער סעקרעטאַר פֿון ראַיקאָם אַנדריי סוגראָבאָוו. ווער עס זעט שוין דעם צווייטן כאָלעם, און זיי זיצן נאָך אַלץ אין דער פֿאַרוואַלטונג, וואַרפֿן די רעכנביינדלעך, פֿאַרשרײַבן גאַנצע בויגנס פּאַפּיר מיט ציפֿערן.

די פּראַווידינצעס אַרבעטן פּאַנאַנדער דעם פּלאַן פֿון א „גענעראַלן אָנגריף"...

— דער אַלטער קאַרלאָווסקי איז גערעכט, — הערט זיך מאַרקעלאָוועס שטים, — מיר

---

[1] זאָג ניט האָפּ, איידער דו ביסט אַריבערגעשפּרונגען.

דארפן זיך נעמען צו אויבסן. די ערד איז בא אונדז אן אויסגעצייכנטע. אויבס — דאָס איז דער איקער.

פאַניטש האַלט אויך אונטער דעם אגראַנאָם. ער טוט גלײַך א כעזשבן, וויפל האכנאָסע עס וועט באקומען דער קאָלווירט פון אויבס.

— איך בין ניט קעגן אויבס, כאַווײרים, נאָר זיי וועלן ניט לייזן די גאנצע פּראָבלעם, — שטעלט ארײַן דער פאָרזיצער און גיט האסטיק א מאך מיט דער האנט, ווי ער וואָלט מיט דעם געוואָלט קלאָרער מאכן זײַן געדאנק. — אָט וואָס איך וועל אײַך זאָגן, ראַיסא מיכײַלאָוונא, — און פעלער וואַרפט א בליק אַף מארקעלאָווען, — דער איקער איז פּיצוכט. פּיצוכט — דאָס איז אונדזער פּאַר פּיס. וועלן מיר זיך אַף זיי אָנשפּארן, שטייען מיר אַף דער ערד פעסט. וואָס דאַרף מען דערצו? בויען שטאַלן, און דערבײַ שטאַלן מיט אַלע באקוועמלעכקײַטן. און דער איקער פון אַלע איקאָרים — מענטשן... שווער בא אונדז מיט מענטשן. די פרויען מאכן א טויט: ניטאָ ווו די קינדער איבערצולאָזן. און ניט נאָר יאסליעס. א קלוב, א ביבליאָטעק — אָט וואָס מיר דארפן. קולטור און ברויט. דאָס וועט הייסן געלעבט!..

פאַניטש גיט א וואָרף די רעכנביינדלעך: וויפל דאַרף מען האָבן געלט? אן אימפּאָזאַנטע סומע.

— מירן בעטן א האַלוואָע בא דער מעלוכע. — פעלער באמערקט, אז דער בוכהאלטער איז שוין גרייט צו פּראָטעסטירן. — נישקאָשע, מיר וועלן אויסצאָלן. קיין לײַכט לעבן זאָג איך אײַך ניט צו. איר זעט אָט די הענט? — פעלער האָט אוועקגעלייגט אפן טיש א פּאָר געזונטע מעגושעמדיקע אויסגעהאָרעוועטע הענט. — אָט די הענט וועלן אליין פון קיין רו ניט וויסן און וועלן אײַך אויך ניט לאָזן רוען.

אין עטלעכע יאָר ארום, ווען פעלער וועט שטיין בעראָש פון דעם גרויסן סאָווירט „נאָדעזשדינסקי", וועט ער אויך דאָרט טאָן אַלץ, וואָס ער וועט קענען, אַף צו אנטוויקלען די קולטור אין דאָרף.

איינמאָל האָט ער צוזאמען מיטן סעקרעטאַר פון ראַיקאָם זיך אומגעקערט קיין ביראָבידזשאַן פון כאַבאַראָווסק. זיי זײַנען געווען אַף א זאָנאַלער בעראַטונג פון טוער פון דער לאַנדווירטשאַפט אפן ווײַטן מיזרעך און אין סיביר.

אין גרונט איז פעלער מיט דער בעראַטונג געווען צופרידן.

— איין זאך איז מיר נאָר ניט געפעלן, — האָט ער זיך אָנגערופן צום סעקרעטאַר, — מע האָט גערעדט, אז מיר דארפן געבן וואָס מער מילך און פלייש. דאָס איז א געזעץ. אָבער וועגן די, וואָס גיבן מילך און פלייש, וועגן די מענטשן, וועגן זיי טראכטן מיר ווייניק, זייער ווייניק...

— נו, ברודערקע, דאָס ביסטו ניט גערעכט, — האָט פּראָטעסטירט סוגראָבאָוו. — און די מעכאניזאציע פון די פערמעס. נעם, צום בײַשפּיל...

— ניט וועגן דעם רייד איך, אנדריי אלעקסייעוויטש, — האָט פעלער אים איבערגעשלאָגן, — אָט וועל איך ברענגען א בײַשפּיל, וועט זײַן פארשטענדלעכער, וואָס איך האָב אין זינען. איינמאָל, פרילינג איז עס געווען, קלינגט מען מיר: „פּילאַטאָווא האָט אָנגעגעבן א מעלדונג, זי קלײַבט זיך אוועקגיין". אין מעלקערנס איז אַזוי אויך א מאנגל. איז אָט האָסטו דיר, נאָך איינע וויל אוועקפארן. איך האָב א מאך געטאָן מיט דער האנט אַף אַלע געשעפטן און בין אוועק צו פּילאַטאָווען. „וולאַדימיר איזראַילעוויטש, איך וועל ריידן מיט אײַך ניט ווי מיט קיין דירעקטאָר, נאָר ווי מיט א קאָמוניסט. און אויב איר ווילט, איז ווי מיט א טאטן. איר האָט דאך אויך א טאָכטער. וועט איר מיך פארשטיין, פארוואָס וויל איך אין שטאָט ארײַן. מיינט ניט, אז איך האָב זיך דערשראָקן פאר דער שווערער ארבעט. ניין. די סיבע איז גאָר אן אנדערע, איך וועל אײַך זאָגן דעם גאנצן עמעס, און דערנאָך וועט איר מיר ענטפערן, צי איך בין גערעכט, צי ניט. איך בין אַלט שוין איין און צוואנציק. אין מײַנע יאָרן האָט שוין מײַן מאמע לאנג כאַסענע געהאַט. מיט וואָס בין איך ערגער פון איר? איך וויל אויך כאַסענע האָבן. נאָר פאר וועמען? איין באָכער אין דאָרף, ווי א האָן צווישן הינער... פאר די בעהיימעס האָט איר אויסגעבויט פּאַלאַצן, און פאר אונדז, פאר דער יוגנט, אפילע קיין שטיקל קלוב קאָנט איר ניט מאכן"...

פעלער האָט צונויפגעבײַלט די פויסטן.

— אין „פּראַוודא" האָב איך דען ניט פון דעם אָנגעהויבן? איך האָב געבויט ניט נאָר שטאַלן פאר פי, נאָר יאסליעס, א קינדער־גאָרטן. די מענטשן זײַנען געווען צופרידן. און מיר האָט ניט געדאַרפט דארן דער קאָפּ, ווו נעמט מען א מעלקערן...

— גערעכט ביסטו, וולאַדימיר איזראַילעוויטש, — איז מאסקים סוגראָבאָוו. — אַף אַלץ דאַרף מען צײַט, טאקע וועגן דעם רעדט די פּראָגראַם פון דער פּארטיי...

קאיאָר. אין קאָלווירט „פּראַוודאַ״. די העלע שײַן פֿונעם באַגינען האָט נאָך ניט באַוויזן צו צעווייען די פֿינצטערניש. נאָר דער ראַנד הימל איז ראָזלעך — אַן אַדערוף אויף אַ לאַנגן זומער־דיקן האַרעפּאַשנעם טאָג.

אין קאַנטאָר וואַרט שוין אויף פּעלער ראַיסאַ מאַרקעלאָווואַ. מע רעדט צווישן זיך אַ פּאָר ווערטער, און יעדערער נעמט זיך צו זײַנס: זי לאָזט זיך אין פֿעלד אַרײַן, און ער... אים קאָן מען טרעפֿן אומעטום. אָט איז ער בײַ די שפּעקטן. די טעסלערס מאַכן נײַע ראַמעס. אַ ווערטעלע צו זאָגן — צוויי טויזנט ראַמעס. אַמאָל פֿלעגט מען אויסקומען מיט הונדערט.

— לעבעדיקער, פֿריילעכער, — אײַלט צו פּעלער די טעסלערס, — די צײַט שטייט ניט.

— עס וועט זײַן צו דער מינוט, פּאַרזיצער, ניט געזאָרגט.

און דאָס פֿערד טראָגט אים שוין איבער די פֿעלדער, ווו עס אַרבעטן טראַקטאָריסטן. צו־ריקוועגס כאַפּט ער זיך אַרײַן אויף דער פֿערמע.

אין אָוונט וועט מען אונטערפֿירן אַ סאַכאַקל פֿונעם טאָג האַרעוואַניע.

— די פֿרויען ווילן ניט זעצן די פּלאַנצונגען אין טעפּעלעך, — דערציילט מאַרקעלאָווואַ, — אַ גאַנץ לעבן, זאָגן זיי, זיך באַדרייט אָן זיי, און אויבס איז געווען.

און יעקאַטערינע קאָוואַל האָט אָנומלטן ניט געלאָזט שיטן קיין סופּערפֿאָספֿאַט. „כ׳וועל ניט לאָזן, — האָט זי געטײַנעט, — פֿאַטערן דאָס קרויט מיט פּראָשקעס“.

— טו אַ טראַכט, ראַיסאַ מיכײַלאָוונאַ, עפּשער איז קעדײַ צו אָרגאַניזירן אַן אַגראָקרײַז, — אײַעט דער פּאַרזיצער. — מע דאַרף צולערנען די אויבסציכטלער. מײַנסט, נאָר בײַ זיי איז אַזוי? און אויף דער פֿערמע? דאָרט טוט זיך דער רועך ווייסט וואָס. קיינער ווייסט ניט, וויפֿל מע האָט אָנגעמאָלקן. מע דאַרף מאַכן אַ סאָף דערצו...

ווען ס׳איז אָנגעקומען דער האַרבסט, האָט יעדער קאָלווירטניק דערפֿילט: ניט אומזיסט איז געווען די האַרעוואַניע.

ווו נאָר סוגראַבאָוו פֿלעגט ניט זײַן, פֿלעגט ער, פּאַרבײַפּאַרנדיק, זיך אַרײַנכאַפּן אין „פּראַוודאַ״. הײַנט איז ער געקומען ניט צופֿעליק. ער האָט צו פּעלערן אַן ערנסטן איניען. אָנגע־הויבן האָט ער פֿון דערוויײַטנס.

— איך בין געווען אין פּעטראָווקע. לויבט מען דיך דאָרט אין הימל אַרײַן. די קאָלווירט־ניקעס זאָגן: „גיט אונדז אָפּ פּעלערן, וועלן מיר אויך לעבן ווי מענטשן“.

— אויף בעבען זײַנען אַלע מײַסטערס, — האָט אַ בורטשע געטאָן פּעלער, — אַרבעטן דאַרף מען...

— ביסט אוודאי גערעכט, וולאַדימיר איזראַילעוויטש, — האָט אים איבערגעשלאָגן סוגראַ־באָוו. — נאָר אַליין איז זיי אויך שווער. אַ געלעכטער, ניט קיין ווירטשאַפֿט. זעקס און דרײַסיק הויפֿן. נו, און אַליין — וואָס קאָנען זיי אויפֿטאָן?

— און איך? — פּעלער האָט בייז אַ שמייכל געטאָן. — וואָס האָב איך דאָ געהאַט? מיט דער נאָז די ערד געאַקערט, די מענטשן צורו ניט געלאָזט...

סוגראַבאָוו האָט ניט געענטפֿערט. ער האָט אַרײַנגעזעצט פּעלערן צו זיך אין מאַשין. יענער האָט זיך צוערשט געאַקשנט: „ניטאָ קיין צײַט אַרומצופֿאָרן“, נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפֿן. מע איז געקומען צו פֿאָרן אין פּעטראָווקע. שווײַגנדיק איז מען צוגעגאַנגען צו דער פֿערמע. סאַכאַקל צוויי אַלטע לעכערדיקע שטאַלן, איבער וועלכע עס האָט שפּאַצירט דער ווינט.

— און בײַ דיר, וולאַדימיר איזראַילעוויטש, שטייט די נײַע שטאַל אַ פּוסטע. איידער דו וועסט נאָך אײַנקויפֿן בעהיימעס...

פּעלער האָט אַן אָנגעכמורעטער געשוויגן. ער האָט שוין לאַנג פֿאַרשטאַנען, וואָס דער סעק־רעטאַר פֿון ראַיקאָם האָט אין זינען.

— זעסט, וולאַדימיר איזראַילעוויטש, — האָט שטיל געזאָגט סוגראַבאָוו, — שכיינים...

— נו, איז וואָס? — האָט ענדלעך אַ בורטשע געטאָן פּעלער. — איך בין ניט די זון אַלע־מען אָנצוואַרעמען.

— אַלעמען ניט, — איז מאַסכּים סוגראַבאָוו, — און איינעם — יאָ. דו ביסט אַ מיליאָנער, און די פּעטראָווצעס זײַנען באַלכוויוס בײַ דער מעלוכע. בײַ דיר וועלן אייניקלעך אויסוואַקסן, ביז זיי וועלן זיך אויף די פֿיס שטעלן.

— אָט ווו דער מיליאָן שטעקט בײַ מיר, — האָט פּעלער מיט קאַס אַ ווײַז געטאָן אויפֿן האַרצן.

איצט האָט געשוויגן סוגראַבאָוו. נישקאָשע, ער וועט זיך אויסריידן, פּעלער, און דערנאָך וועט ער אַליין קומען און זאָגן: „איך בין געווען ניט גערעכט“.

אין אַ טאָג צוויי אַרום האָט פּעלער אָנגעקלונגען און געפֿרעגט, ווען וועט זײַן אַ זיצונג פֿון ביוראָ. ער האָט וואָס צו זאָגן וועגן אַ וויכטיקן איניען.

סוגראַבאָוו האָט אַף דער זיצונג מיט אינטערעס באַטראַכט פּעליער. עס האָט זיך געפּילט: יענער איז געקומען מיט גוטע נײַעס.

און אָט האָט ער זיך אופגעשטעלט, א גרויסער, א מעגושעמדיקער, זיך אָנגעשפּאַרט מיט די דלאָניעס אינעם טיש און אָנגעהויבן ריידן:

— דער כאַוועער סוגראַבאָוו האָט דאָ מיר אנומלטן פאַרגעוואָרפן, אז איך טראַכט ניט וועגן די מעלוכישע אינטערעסן, בלויז וועגן דעם, וואָס מיר פעלט, טראַכט איך. ריכטיק. וואָס געווען, איז געווען. — ער איז אַף א מינוט אנשוויגן געוואָרן. — איך בין נאָך אליין געווען אין „רויטן מיזרעך". וואָס איז דער סייכל איבערלאָזן זיי אליין, אויב די פּעטראָוועצעס וועלן זײַן מיט אונדז?

און דערנאָך זײַנען צו פעליערן געקומען פאַרשטייער פון נאָך דרײַ קאָלווירטן:

— נעם אונדז, איזראַיִלעוויטש, צו זיך. אינצווייען איז שטאַרקער, און אינפינפן — אוודע און אוודע.

עס זײַנען אוועק עטלעכע יאָר. פאַר דער צײַט איז פעליער געוואָרן דירעקטאָר פונעם סאָווירט „נאַדעזשדינסקי", און מיט דרײַ יאָר צוריק, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דער גרויסער פאַריייניקטער קאָלווירט „איליטשס געבאָטן", איז ער אריבער אלס פאָרזיצער אהער.

זײַן פאָרגענגער האָט איבערגעלאָזט א שווערע ירושע: נידעריקע גערעטענישן, די ווירטשאַפט איז א באַלכוויו בא דער מעלוכע...

ווידעראַמאָל דאַרף מען אָנהייבן אלץ פון אָנהייב, ווי עס איז געווען אין „פּראַוודאַ", — האָט פעליער געטראַכט, קוקנדיק אַף די ציפערן פונעם יאָר־באַלאַנס.

אמאָל גאַנוועט זיך אין קאָפּ אריין א פאַכדאָנישער געדאַנק: „עפּשער זאָגן — גענוג, אד קאַן? פאַר דרײַסיק יאָר האָסטו שוין פאַרדינט דאָס דאָזיקע רעכט". אָבער צוריק גערעדט: ס'איז דען פאַר אים א נאָווינע שלעפּן א שווערן וואָגן פון דער בלאָטע? אײַ די יאָרן? פונדעסטוועגן — היפּש איבער די פופציק. אײַ דאָס האַרץ בונטעוועט? — נישקאָשע, ער קלײַבט זיך נאָך ניט אונטערגעבן.

ווייסן ווייסט ער, — זיך אליין מעג מען דאָך זאָגן דעם עמעס, — דאָס גאַנצע פילאָזאָפירן, דאָס איז אזוי זיך, א פּרווו צו באַפרײַען זיך פון דער דערמאָנונג וועגן דעם זייער ניט אָנגענעמען געשפּרעך מיטן קאָלווירטישן בוכהאַלטער.

— וואָלאַדימיר איזראַיִלעוויטש, די קאָלווירטניקעס דערגייען די יאָרן, — האָט יענער געזאָגט, — מע זאָל זיך מיט זיי צערעכענען. און אין קאַסע איז פּוסט. — ער האָט א רעגע זיך געקווענקלט, ריידן ווײַטער צי ניט. — ווײַזט אויס, מע וועט מוזן נעמען אן אוואַנס אפן כעזשבן פונעם אויבס...

פעליער האָט לאַנג געשוויגן, פונקט ווי ער וואָלט ניט געהערט די אלע רייד. דערנאָך האָט ער פון אונטער די ברעמען א קוק געטאָן אפן בוכהאַלטער.

— זאָגסט, אפן כעזשבן פון דעם אויבס... — אוי, האָט זיך אים געוואָלט זאָגן א פּאָר „וואַרעמע" ווערטער אָט דעם מענטשן און די אלע, וואָס האָבן א טעל געמאַכט פון דער ווירטשאַפט, נאָר ער האָט זיך אײַנגעהאַלטן. — וועגן וועלכן אויבס רעדסטו?

— וואָס הייסט, וועגן וועלכן? וועגן דעם האַרבסטיקן.

— דו ביסט פונקט ווי יענער ציגײַנער. דער זשערעבטשיק איז נאָך בא דער מאַמען אין בויך, און ער שלאָגט שוין דעם זון: „זאָלסט זיך מיר ניט זעצן אפן זשערעבטשיק רײַטנדיק, וועסט דעם רוקן צעשעדיקן". — דער פאָרזיצער טוט טרויעריק א שמייכל. — און אז עס וועט ניט געראָטן? וואָס וועלן מיר דעמלט טאָן?

— אָן א האַלוואַ וועלן מיר ניט אויסקומען... דער פריערדיקער פאָרזיצער פלעגט אלעמאָל אזוי טאָן, — האָט געענטפערט דער בוכהאַלטער.

מער האָט פעליער מיט קיין וואָרט זיך ניט אָפּגערופן. ער איז געזעסן טיף פאַרזונקען אין געדאַנקען, געמויִעכט, געכעזשבנט, עפּעס זיך אליין פאַרגעלייגט, פון עפּעס זיך אָפּגעזאָגט. ווען ער האָט זיך אופגעהויבן פון אָרט, איז שוין אין קאָפּ געווען א גרייטער פּלאַן. איצט דאַרף מען צונויפרופן אן אלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אלע קאָלווירטניקעס, זיך האַלטן אן אייצע מיט זיי, וואָס וועלן זיי זאָגן.

שוין בא די ערשטע טריט האָט זיך דער נײַער פאָרזיצער אָנגעשטויסן אף שוועריקײַטן. כאָטש די קאָנפליקטן האָבן זיך געענדיקט מיט גוטן, האָבן זיי דאָך געקאָסט א סאַך געזונט.

דער ערשטער צוזאַמענשטויס איז געווען מיט ראָכל פריידקין, דעם הויפּט־אַגראָנאָם. ווען זי האָט אים באַוויזן א צעאַקערט שטיק פעלד, פון וועלכן עס זײַנען אָקאָרשט אראָפּ די טראַקטאָריסטן, און מע האָט באַדאַרפט פאַר דער ארבעט באַצאָלן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט:

— ניט קיין העקטארן דארף איך, נאָר ערד, אַף וועלכער ס׳זאָל וואַקסן טוווע, — און געהייסן נאָכאַמאָל איבערבאַקערן דאָס פּעלד.

— און ווער וועט דאָס צווייטע מאָל באַצאָלן?

— קיינער ניט, — האָט ווי אָפּגעשניטן דער פּאַרזיצער. — פון דיין קעשענע וועסטו ניט געבן? און איך אויך ניט. — דערנאָך האָט ער שוין רויִק צוגעגעבן: — ראַכיל גריגאָריעוונא, לאָמיר אָפּריידן איינמאָל פאַר אַלעמאָל: קיין קיינדערלעך מאַך איך ניט. צו אזא אַרבעט דאַרף מען מאַכן א סאָף. און מיט די טראַקטאָריסטן וועל איך זיך נאָך אַליין דורכשמועסן. פון היינט אָן וועט די פּעלדער קאָנטראָלירן א קאָמיסיע. אַזעלכע קאָמיסיעס וועלן מיר שאַפן אין יעדער קאָמפּלעקסנער בריגאַדע...

און נאָך אַן אינצידענט האָט ראָכל פריידקין געהאַט מיטן פּאַרזיצער.

יעדן יאָר פּלעגט דער אַגראָנאָם איבערלאָזן אין רעזערוו א צענדליק צוויי העקטאַר אַקער־ערד, ניט איינשליסן זיי אין באַריכט. וואָרעם מאַלע וואָס עס מאַכט זיך: אין איין אָרט וועט פאַרפאַלן ווערן די געוועטעניש, וועט מען עס דעקן מיטן רעזערוו.

— דו ווייסט, ווי דאָס הייסט? — האָט זיך פּעלער אָרופגעוואָרפן אַף ראָכל פריידקין, ווען ער האָט באַמערקט „איבעריקע" העקטאַרן. — שוין זשע וועט דיר באַקומען אַזא שטיקל ברויט?

— ס׳איז דען פונמיינטוועגן? — האָט זי זיך פאַרענטפערט, שיר ניט מיט טרערן אין דער שטים.

„נישקאָשע, — טראַכט פּעלער, — א מענטש איז זי אַן אָנשטענדיקער און א געוויסנהאַפטער. וועט איר די שטרענגקייט ניט פאַרשאַטן. זי וועט מער אַזוי ניט טאָן..."

אין קאָנטאָר זיצן צוויי מענטשן — פּעלער און דער הויפּט־זאָאָטעכניק כאַדאַש. מע רייכערט אָן אופהער. די לופט איז גרוי פון רויך. און מע אַמפּערט זיך. כאַדאַש איז א געלערנטער מענטש. ער האָט זיין אייגנס צוויי דיפּלאָמען — פון אַן אַגראָנאָם און פון א זאָאָטעכניק.

— כ׳האָב געהערט, לייט זאָגן, דו באַרימסט זיך, אַז בא אונדז, אין די „געבאָטן", איז די סטאַדע, אַלע אָנדערהאַלבן טויזנט קעפּ — איינס אין איינס... — פּעלער כוויזעקט. — איז פאַר־וואָס דערציילסטו ניט, אַז א העלפט פון זיי זיינען פּאַראַזיטן? כ׳פאַרשטיי: ווער וויַזט עס פאַר געסט, וואָס עס טוט זיך אין מיסטקאַסטן...

כאַדאַש שווייגט. א בריירע האָט ער? דער פּאַרזיצער איז גערעכט.

— אַן אומפאַרשטענדלעכע לאָגיק, וואָלאָדימיר איזראַילעוויטש, — זאָגט דער זאָאָטעכניק, — וואָס מער מילך און פלייש מיר גיבן, אַלץ מער העזעק האָבן מיר...

פּעלער האָט שוין אַליין אויך וועגן דעם געטראַכט. פון זיין פיליאַריקער פּראַקטיק האָט ער געמאַכט א גאַנץ באַשטימטן אויספיר: „וואָסי, מיינע א מעלקערן האַרעוועט ווינציקער, איידער א קאָלווירטניצע אַף די פּלאַנטאַציעס פון טיי אָדער בוימוואָל? געוויס, דאָס זיינען ספּעציפישע קולטורן. מע דאַרף אַלץ מיטאַנאַנדער ניט גלייכן. אָבער פאַרוואָס איז די מעלוכע צו ברייטהאַרציק פאַר זיי און צו קאַרג פאַר אונדז?.."

די דאָזיקע פראַגע האָט באַאומרויִקט ניט נאָר פּעלערן אַליין. אַן ענטפער האָט ער באַקומען ערשט אין דריי יאָר אַרום, אין מאַרט פינף און זעכציק, אַפן פּלענום פון צענטראַלן קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי...

אין פאַרוואַלטונג איז טומלדיק און ראַשיק. דאָ איז פול מיט מענטשן: די בריגאַדירן, דער הויפּט־זאָאָטעכניק, דער הויפּט־אַגראָנאָם. פּעלער זיצט, די ברוסט אָנגעשפּאַרט אין טיש, און הערט זיך אופמערקזאַם צו. ווען עמעצער לייגט עפּעס פאָר און ס׳איז א יעש, שאָקלט ער צו־פרידן מיטן קאָפּ: „מיט אַזעלכע מענטשן קאָן מען בערג איבערקערן".

צענדליקער פראַגן שווימען אוף. מע דאַרף שאַפן מעכאַניזירטע רינגען, די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז זיי באַרעכטיקן זיך; וויבאַלד אויבס ווערט א גרונט־קולטור, דאַרף מען די בעסטע ערד רעזערווירן פאַר זיי.

דער קאָלווירט האָט איצט זיין גענעראַלע ליניע, זיין באַשטימטן ציל: יעדע צווייג פון דער ווירטשאַפט דאַרף ברענגען האַכנאָסע.

די מענטשן האָבן געזען:

די פּאַרטיי האָט געעפנט פאַרן לאַנד, פאַר יעדן איינעם פון זיי נייע פּערספּעקטיוון. און אַלץ איז איצט אָפּהענגיק נאָר פון זיי אַליין.

איצט קומען שוין קאָלווירטניקעס אַליין צום פּאַרזיצער מיט פאָרשלאָגן, וויאַזוי און וואָס בעסער צו אָרגאַניזירן. דער גלויבן אין זיך, אין דער מאַמע־ערד, וועגן וועלכן עס האָט אַזוי געטרוימט פּעלער נאָך אין קאָלווירט „פּראַוודאַ", האָט אופגעוואַכט מיט א נייער קראַפט.

אַט קומט אַרײַן צום פּאַרזיצער דער בריגאַדיר פּײַמאַן מיטן סעקרעטאַר פון פּאַרטקאָם ליאַכאָוו. ביידע זײַנען עפּעס שטאַרק אופגערודערט.

ליאַכאָוו דערלאַנגט פּעלער אַ בייגעלע פּאַפּיר, אַרויסגעריסן פון אַ העפט.

— נאַ, וואָלאָדימיר איזראַילעוויטש, לייען איבער, — זאָגט ער. — ס'איז אַ מעלדונג... פּײַמאַנס אַ מעלדונג...

— קלײַבסט זיך אָף קוראַרט? — גיט אַ פרעג פּעלער. — זאָג איך דיר גלײַך: ניין און ניין. — ער טוט אַ ריב די פינגער, ס'הייסט: ניטאָ קיין געלט, גוטערברודער.

— דו לייען איבער, — האָט אומגעדולדיק איבערגעשלאָגן ליאַכאָוו, — פּײַמאַן גייט איבער אין פראַנקינאַ... דו האָסט דאָך געבעטן צוקלײַבן אַהין אַ בריגאַדיר אַ קאָמפּעטענטש פאַר די אויבסציכטלער.

— אַ בייז יאָר אָף אײַך, לייצים, וואָס איר זײַט, וואָס זשע האַקט איר אַ טשײַניק? — פּעלער שײַנט פון פאַרגעניגן. — איר וואָלט גלײַך געזאָגט. — ער הייבט זיך אוף, גייט צו צו פּײַמאַנען און דריקט אים פעסט די האַנט. — אַ דאַנק, הערש! און דאָס ווײַבל, וואָס זאָגט זי?

— זי זאָל האָבן שטאַרק כיישעק זיך איבערצוקלײַבן אין אַ נײַ אָרט, וואָלט איך ניט זאָגן, — איז זיך מוידע פּײַמאַן, — נאָר נישקאָשע. זי וועט זיך דאָרט אויך צוגעוווינען.

פּײַמאַן דערציילט, פון וואָס ער קלײַבט זיך אָנהייבן, אַז די פראַנקינער אויבסציכטלער זאָלן דעריאָגן די ערשטע און די דריטע בריגאַדע פון זשאָלטי יאַר און פון וואָלדהיים.

— אַט האָסטו דיר מײַן האַנט טקיעס־קאַף, — דערלאַנגט פּעלער פּײַמאַנען אַ ברייטע דלאָניע, — מיר וועלן דיר העלפן, מיט וואָס נאָר מיר וועלן קאָנען.

1964. די ספּעציאַליזאַציע לאָזט זיך שוין פילן. מע האָט פאַרגרייט גענוג פיטער אָף ווינטער. און באַם פּאַרזיצער איז שוין געבוירן געוואָרן אַ נײַע אידיי און פאַרפאָלגט אים טאָג ווי נאַכט.

— אָף יעדן ראָג מאַכן מיר קוילעס: „אַ סאַך מילך!" — האָט אָנגעהויבן פּעלער אָפן און קלאָר, ווי זײַן טעווע איז, אָף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די קאָלווירטניקעס. — נאָר באַ אַזעלכן פיטער וואָלט מען דאָך געקאָנט געבן פיר טויזנט ליטער פון אַ בעהיימע, אין צוויי מאָל מער ווי איצט...

פּעלער זעט: באַ די קאָלווירטניקעס, באַזונדערס באַ די מעלקערנס, — אַ נײַגעריק פײַערל אין די אויגן.

— פאַראַן דאָך באַ אונדז בעהיימעס, וואָס גיבן צו פיר טויזנט ליטער. אָט האָט איר אײַך די באַזע פאַר אַ גוטער סטאַדע, — האָט דער פּאַרזיצער גערעדט ווײַטער. — אויב מיר וועלן זיך אַלע ניט נעמען פאַר דער אַרבעט, איז דאָס ריידן וועגן „אַ סאַך מילך", איך בעט אײַך איי־בער אײַער קאָוועד, ניט מער ווי פוסטע פּלוידערײַ.

פּעלער וואַרפט אַ בליק אָף כאַדאַשן:

— און דו, סעמיאָן איסאַקאָוויטש, ווי דו ווילסט: מעגסט אַפילע מיטן קאָפּ אָנלייגן, נאָר אַ ראַסן־סטאַדע זאָל מיר זײַן...

אין אַ יאָר אַרום נאָך אָט דעם געשפּרעך זײַנען אינעם קאָלווירט געקומען אַ שרײַבער און אַ זשורנאַליסט פון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. זיי האָבן זיך אינטערע־סירט געגנוי מיט אַלץ: מיט דער ווירטשאַפט, מיט די מענטשן. אָף דער פערמע האָט פּעלער באַ־וויזן די געסט הויכע אויסגעפּאַשעטע קעלבלעך.

— דאָס איז אונדזער צוקינפטיקע ראַסן־סטאַדע.

— אַ יאָר־אַנדערהאַלבן זײַנען זיי שוין אַלט? — האָט געפרעגט איינער פון די געסט.

— צען כאַדאָשים. און יעדער קעלבל וועגט באַ דרײַ הונדערט מיט צוואַנציק קילאָגראַם, — האָט געזאָגט כאַדאַש און אַ קוק געטאָן דערבײַ אָף פּעלערן: ס'הייסט, מיטן קאָפּ האָט ער ניט אָנגעלייגט, נאָר אַ סטאַדע געשאַפן.

און די ווירטשאַפט האָט, ווי אַ יונג ביימל, גענומען וואַקסן און אָנעמען זיך מיט קויעך. פּעלער האָט שוין געקאָנט מעלדן באַקאַרן, דעם נײַעם סעקרעטאַר פון ראַיקאָם:

— עס האַלט באַ אונדז ניט שלעכט, יאָסיף לוואָוויטש. מילך האָט אונדז שוין געגעבן זיבע־ציק טויזנט רובל האַכנאָסע, אויבס און סאַיע — אויך...

דאָס איז געווען דער ערשטער זיג. ניט קיין לײַכטער זיג.

ניט לײַכט איז געווען אײַנברעכן דאָס, צו וואָס מענטשן האָבן זיך צוגעוווינט יאָרנלאַנג.

אָט, אַשטייגער, פאַראַיאָרן איז נאָכן אויסרעכענען זיך פאַר די אַרבעטס־טעג געבליבן אין דער קאָלווירטישער קאַסע פיר און זיבעציק טויזנט רובל. ס'האָט זיך צונויפגענומען די פאַר־וואַלטונג און אָנגעהויבן באַטראַכטן: וואָס טוט מען מיט זיי? אייניקע האָבן פאָרגעלייגט, מע זאָל

דאָס געלט צעטיילן צווישן די קאָלווירטניקעס. פעלער האָט געשוויגן, נאָר מיטן קאָפּ געשאָקלט אַף ניין.

— היינט ווילט איר עסן? — האָט ער געזאָגט. — יאָ, איר ווילט. און מאָרגן? מאָרגן אויך. און וואָס וועל איך אייַך דערלאַנגען צום טיש, אויב מיר וועלן היינט אַלץ אופעסן? ניין, טייערע מיינע, אַ גוטער באַלעבאָס לעבט ניט נאָר מיטן היינטיקן טאָג, אַ גוטער באַלעבאָס וועט אַזוי ניט טאָן...

— מע קלאָגט זיך אַף דיר, וולאַדימיר איזראַילעוויטש, — האָט, ניט באַהאַלטנדיק דעם שמייכל, געזאָגט באָקאָר. — מע זאָגט, עפּעס ביסטו שוין צו קאַרג...

— עס קלאָגן זיך די, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט אַף אַן איבעריק קערבל, — איז פעלער באַשטאַנען אַף זיינס, — ניין, יאָסיף לוואָוויטש, — האָט ער איינגעשפּאַרט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ביסט גערעכט, וולאַדימיר איזראַילעוויטש, ביסט גערעכט.

און פאַר זיך האָט באָקאָר אַ טראַכט געטאָן: „יאָרן זיינען צוגעקומען, סייכל — אויך, אָבער רויקער, קאַלטבלוטיקער איז ער ניט געוואָרן".

פעלער האָט אין ראַיאָן אַ צונעמעניש „דער בויער". פאַראַן דערוף אַ סמאַך. אין קאָל־ווירט „איליטשס געבאָטן" בויט מען און מע בויט. אָט, אַשטייגער, פאַראַיאָרן האָט מען אַף קאָל־ווירטישער בויונג אָסיגנירט זיבעציק טויזנט רובל. אַ היפּשע סומע. מע דאַרף שטאַלן, מע דאַרף אַ דאַך פאַר דער טעכניק. אין זשאַלטי יאַר דאַרף מען אַ באָד און אַ קינדער־גאָרטן, אין וואַלד־היים האָט מען אָקאָרשט באַוויזן ענדיקן בויען דעם קינדער־גאָרטן און מע דאַרף אים שוין פאַר־ברייטערן. אינגיכן וועט זיין כאַנוקאַס־האַבאַיס אין קולטור־הויז. געבויט האָט אים, עמעס, די מעלוכע, ניט דער קאָלווירט אַליין. אָבער אַף מעבל און אויסשטאַטונג האָט מען אויסגעטיילט פינף טויזנט רובל. אַף אַלץ דאַרף מען געלט, און טאַקע גרויס געלט. פעלער, צוזאַמען מיט זיין שטענדיקן געהילף אַרן פאַניטש, רעכנט, ציילט צו יעדער קאָפּעקע. ווי דרייט מען זיך אויס, מע זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו קיין האַלוואָע? און אויב מע וועט שוין יאָ דאַרפן נעמען בא דער מעלוכע, זאָל מען די האַלוואָע וואָס גיכער אויסצאָלן.

ביידע ווייסן: אין באַנק ליגט אָפּגעשפּאָרט אַ גרויסע סומע — צוויי הונדערט טויזנט רובל. דאָס איז דער אומטייַלבאַרער פאָנד פון דער ווירטשאַפט. זיי וועלן אָבער פון אונטער דער ערד געפינען אַנדערע קוואַלן, אַבי ניט טשעפּען דאָס אָפּגעשפּאָרטע.

— מע דאַרף זיך פאַרנעמען מיט פּריִע אויבסן, — גיט אַן אייצע דער בוכהאַלטער. — דאָס האָט שוין אונדז ניט איין מאָל אַרויסגעהאָלפן. מיט פלייש און מילך גייט אַף אַ לאַד. הייסט עס, אַז געלט וועט זיין. דער טאָג אַרבעט, רעכן איך, וועט האַיאָר האָבן אַ היפּשע וואָג.

פעלער שאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ: ס'איז אַ געדאַנק. ער טראַכט וועגן מאָרגעדיקן טאָג, וואָס וועט ווידער פול זיין מיט זאָרג, מיט פלענער און פרייד.

געטראַכט האָט, פאַרשטייט זיך, ניט דער פאָרזיצער אַליין. אַף די זיצונגען פון דער פאַר־וואַלטונג און פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, אַף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די קאָלווירטניקעס האָט מען, פּונקט ווי פאַר אַן אַנטשיידנדיקער אַטאַקע, פאַנאַנדערגעאַרבעט דעם נייעם גענעראַלן פּלאַן פון אָנגריף, אָנגעמערקט די וועגן פאַרן מאַרש פאַרויס — אַזש ביזן זיבעציקסטן יאָר.

מענטשן לערנען זיך דענקען אין גרויסע מאַסשטאַבן, פירן די ווירטשאַפט ווי עכטע באַלע־באַטים, ווי עס פאָדערן די געזעצן פון עקאָנאָמיק.

אַזוי גייט פאָרויס דער קאָלווירט „איליטשס געבאָטן". און מיט אים — זיין פאָרזיצער פעלער.

אַף דער קאַנטישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס האָט געדאַרפט אויסקלייבן דעלעגאַטן אַפן דריי־און־צוואַנציקסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָבן די קאָמוניסטן פון קאַנט אָפּגעשאַצט אַפן העכסטן אופן די אַרבעט פון דעם קאָמוניסט פעלער — זיי האָבן אים באַפולמעכטיקט צו זיין זייער פאָרשטייער אַפן צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון סאָוועטנפאַרבאַנד. און ווען פעלער האָט זיך שוין אַריינגעזעצט אין „טו־104" צו פליִען קיין מאָסקווע אַפן צוזאַ־מענפאָר, האָט ער באַקומען אַ ראַדיאָגראַם — די סאָוועטישע רעגירונג האָט אים באַלוינט מיטן טיטל העלד פון סאָציאַליסטישער אַרבעט.

---

# בריוו פון פרײַנט

מאראט וואסילעווצקי




ער בריווטרעגער איז אריַין צו וואלענטין שאפּיראָ, אַן אַרבעטער פון „גאַמסעל־מאַש"[1], און אים דערלאַנגט אַ פּאַקעט. וואָס האָט, וויַיזט אויס, געהאַט היפּש וואָג. אויפן קאָנווערט איז געווען אַ שטעמפּל «Международное»[2].

כאָטש האָמעל איז שוין גאָר ניט אַזאַ קליינע שטאָט, האָבן דאָ, אין דעם ראיאָן, אַלע גוט געקענט איינער דעם אַנדערן.

אַ פּשיטע שוין דער בריווטרעגער, וואָס האָט געוווּסט אַפילו, וועלכע ציַיטונגען און זשורנאַלן יעדערער לייענט. ער האָט נאָך געהאַט אַ טעווע אריַינקוקן אין די ציַיטונגען און זשורנאַלן, וועלכע ער האָט פאַנאַנדערגעטראָגן, און דערנאָך זיך דערקונדיקן בא די אַבאָנענטן, וואָס איז זיי דאָרט געפעלן.

קורץ, דער פּאָטשטאַליאָן איז געווען פאַרינטריגירט. וואַלענטין האָט עס גליַיך דערקענט נאָכן ניַיגעריקן פיַיערל אין יענעמס אויגן. שאפּיראָ האָט קוידעמקאָל שמייכלענדיק אראָפּגענומען פון דעם קאָנווערט די אויסלענדישע מאַרקע און זי אוועקגעגעבן דעם פּאָטשטאַליאָן, און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— פון פריַינט. קום אריַין נאָך דער אַרבעט, וועל איך דיר דערציילן. ס'איז אַ טשיקאַווע געשיכטע. ווּעסט האָבן צו געדענקען.

און די געשיכטע איז ווירקלעך אַזאַ, וואָס איז ווערט, מע זאָל זי וויסן און געדענקען.

„טיַיערער כאַווער וואַלענטין, פרוי און קינדער!

אַ דאַנק פאַר דיַין בריוו. איך האָב ניט גליַיך געענטפערט, וויַיל בא מיר איז געווען צוגאַסט דער גראַטעוועטער זון פון סאָוועטנפאַרבאַנד סטעפאַן באַץ מיט דער מישפּאָכע. סטעפאַן האָט אויך געלייענט דיַין בריוו און געקוקט אויף דיַין פאָטאָגראַפיע. ער האָט דיך ניט פאַרגעסן..."

סטעפאַן באַץ איז געווען אַ 12־יאָריקער פּיאָנער, ווען די פאַשיסטן האָבן אים פאַרהאַלטן בייס אָנאַבלאָווע לעבן זיַין כאַטע אין דאָרף ניקאָליַיעווקע (כמעלניצקער געגנט).

צוזאַמען מיט קריגסגעפאַנגענע האָט מען סטעפאַנען פאַרשפּאַרט אין טויט־לאַגער בוכענוואַלד. דאָס יינגל האָט געאַרבעט אין סטאָליער־וואַרשטאַט. איינמאָל גייט צו אים צו אַ דיַיטש אין קליידער פון אַן אַרעסטאַנט און פרעגט זייער שטיל, קוים צו הערן:

— ביסט אַ פּיאָנער?

— אַ פּיאָנער! — האָט שטאָלץ געענטפערט דאָס יינגל.

— מע דאַרף מאַכן אַזוי, אַז די זעג... — דער אומבאַקאַנטער דיַיטש וויַיזט אויף שטומלאַשן, וואָס מע דאַרף טאָן, אַז פון דער עלעקטרישער זעג זאָל בליַיבן אַ הויפן ברוכוואַרג.

סטעפאַנען האָט זיך עס איַינגעגעבן. איין מאָל

1 האָמלער זאַוואָד פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס.
2 צווישנפעלקערלעכער.

האָט דער לאַגער־שוצער באַמערקט, אַז דאָס ייִנגל ברעכט אומיסטן די אינסטרומענטן. אין געסטאַפּאָ האָט מען סטעפאַנען געמיימעסט, געוואָלט, ער זאָל דערציילן, ווער עס האָט אים אויסגעלערנט שעדיקן די אינסטרומענטן. סטעפאַן האָט געשוויגן. דעמאָלט האָט מען אים אַרײַנגעלייגט אין בעט און געגעבן אַ גרויסע דאָזע נאַרקאָז. ווען סטעפאַן איז געקומען צום באַוווסטזײַן, האָט ער דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק אין דער רעכטער האַנט. ער האָט געפּרוווט זי אופהייבן, אָבער, ווײ, ווײ, קיין האַנט איז ניטאָ, עפּעס סטאַרטשעט אַ שטיקל ביין. ווידער פאַלט ער אין אָנמאַכט... געעפנט די אויגן, האָט ער דערזען: דאָס געבליבענע שטיקל האַנט האָט מען באַ אים אויך אַראָפּגענומען.

שפּעטער האָבן די געסטאַפּאָווצעס אַרויסגעוואָרפן סטעפאַנען אין מאָרג צו די הונדערטער מייסים, וואָס זײַנען שוין דאָרט געלעגן. דאָס ייִנגל איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. באַנאַכט האָט זיך אין מאָרג אַרײַנגעשלײַכט פּריץ אונגער און, ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן, אַרויסגעטראָגן סטעפאַנען.

„...יאָ, טײַערער וואַלענטין. די פאַרברעכער האָבן באַקומען די שטראָף, וואָס זיי האָבן פאַרדינט. זיי, די באַנדיטן, האָבן דאָך מײַן ייִנגעלע, סטעפאַן באַצן, וועלכער איז דעמאָלט אַלט געווען סאַכאַקל 12 יאָר, געלאָזן אָן דער רעכטער האַנט, ער זאָל זיי אויסזאָגן, ווער עס האָט אים אויסגעלערנט דורכפירן אַן אַקט פון סאַבאָטאַזש. סטעפאַן האָט די גאַנצע צײַט געענטפערט: „איך פאַרשטיי ניט“.

נאָכדעם ווי אַרטור דיטש האָט אים געבראַכט אין סאַנטייל, האָבן דער קלייניקער הערבערט, דערנאָך בלאָוע און דער טשעכישער דאָקטער מיראָסלאַוו מאַטושעק אים געמאַכט אַן אָפּעראַציע. נאָך דער דאָזיקער צווייטער אָפּעראַציע האָט מען סטעפאַנען, אַלס מײַן זון, געבראַכט צו מיר. פון אָנהייב אָקטיאַבער 1942 ביז אונדזער באַפרײַונג אין 1944 איז ער געווען אין מײַן וועשקעמערל“.

איצט אַרבעט סטעפאַן באַץ באַ זיך אין ניקאָלײַעווקע, פאַרוואַלטעט מיט די פירמעס אינעם קאָלווירט „פרײַנטשאַפט“.

אַף דער פאָטאָ, וואָס אונגער האָט צוגעשיקט שאַפּיראָן פון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, זײַנען פאָטאָגראַפירט ער, פּריץ, אין אַן אוקראַיִניש אויסגענייט העמדל, און לעבן אים סטעפאַן באַץ.

אין אַזויפיל יאָרן אַרום זײַנען צוריק אָנגעקניפּט געוואָרן די פעדעם, וואָס האָבן אין די שווידערלעכסטע באַדינגונגען פון די פאַשיסטישע טויט־לאַגערן פאַרבונדן מענטשן פון פאַרשיידענעם עלטער, פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, פאַרשיידענע כאַראַקטערן.

דאָס איז געשען מיט קימאַט דרײַ יאָר צוריק.

געקומען איז וואַלענטין אַהיים שפּעט, נאָך דער צווייטער וואַכטע. די קינדער זײַנען שוין געשלאָפן. קעדיי ניט אויפוועקן זיי, איז ער שטיל, אַף די שפּיץ פינגער, אַרײַן אין קיך. די ראַדיאָ האָט גראָד איבערגעגעבן די לעצטע נײַעס. און פּלוצעם הערט שאַפּיראָ: „אין סאָוועטנפאַרבאַנד ווײַלט דער דײַטשישער קאָמוניסט פּריץ אונגער, וועלכער האָט בײַס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע געראַטעוועט דאָס לעבן פון דעם סאָוועטישן ייִנגעלע סטעפאַן באַץ“.

דער רעפּראָדוקטאָר האָט דערטראָגן צו שאַפּיראָן עטלעכע דײַטשישע ווערטער און דעם קאָמענטאַטאָרס דערקלערונגען. צווישן די פאַמיליעס פון די געראַטעוועטע איז אויך דערמאָנט געוואָרן די פאַמיליע „מיכאַליוק“.

וואַלענטינען איז ענג געוואָרן די קיך. ער האָט זי געמאָסטן מיט שנעלע נערוועזע טריט הין און צוריק, הין און צוריק.

— דאָס איז ער. פאַרשטייט זיך, ער.

צום ערשטן מאָל פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר איז ער ווידער ניט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. אין דער שטילער פרידלעכער שטוב האָט זיך אַרײַנגעריסן דער אומרויִקער אָטעם פון דער מילכאָמע.

...צוזאַמען מיט די טיילן פון דער סאָוועטישער אַרמיי, וועלכע זײַנען אָפּגעטראָטן צו כאַרקאָוו, זײַנען געגאַנגען די סטודענטן פון דער לוואָווער פעדשול, צווישן זיי — וואַלענטין שאַפּיראָ. מע איז געגאַנגען מעסלעסנווײַז אָן אָפּרו.

און וואַלענטין האָט געטראַכט, אַז אין דער היים, אין קאָראָסטען, איז געבליבן די קינדהײַט, אַלץ, וואָס איז ליב און טײַער, די אַלטע מאַמע. ער האָט איר וויפל מאָל צוגעזאָגט, אַז ער וועט אָפּשפּאָרן אַ טאָג — צוויי און וועט זיך אַראָפּכאַפּן צו איר. נאָר די גרויסע שטאָט האָט אַזוי אַרײַנ־

געצויגן, אַז ער האָט זיך צו דער מאַמען ניט אויסגעקליבן. ווײַזט אויס, ניט באַשערט. א פאַרשפּע־טיקטער פּאַריבל אַף זיך אַליין האָט געגאָגט דאָס האַרץ.

לעבן כאַרקאָוו האָט מען זיי אַרומגערינגלט און גענומען אין געפאַנגענשאַפט. די קריגסגע־פאַנגענע האָט מען פאַרשפּאַרט אין דער טפּיסע אַף כאָלאָדנאַיאַ גאָראַ[1]. צווישן זיי איז געווען אויך דער 17־יאָריקער וואַלענטין.

איינער אַ מאַיאָר מיט אַ פּרי גראָוו געוואָרענעם קאָפּ האָר, בעדינסקי האָט ער געהייסן, האָט אַן אייצע געגעבן וואַלענטינען, ער זאָל פאַרגעסן זײַן עמעסע פאַמיליע. און אין די צעטלען האָט ער זיך געהייסן פאַרשרײַבן: פיאָדאָר איוואַנאָוויטש מיכאַליוק.

לאַנג, ווי פון פּעך, האָבן זיך געצויגן די טעג און נעכט הינטערן שטעכדראָט.

דערנאָך האָט מען די קריגסגעפאַנגענע אַוועקגעשיקט קיין דײַטשלאַנד. דער לאַגער איז געווען ניט ווײַט פון דער שטאָט בראַונשווייג. דאָרט זײַנען געווען פאַרשפּאַרט אַ סאַך פראַנצויזן, בעלגיער, טשעכן, פּאָליאַקן. איצט זײַנען צוגעקומען טויזנט סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע. מע האָט געהונגערט, געקרענקט, מע איז אין די הונדערטער געשטאָרבן. נאָר די איבערגעבליבענע האָבן פאָרגעזעצט דעם קאַמף.

איינמאָל באַנאַכט איז אויפגעריסן געוואָרן דער סקלאַד, וווּ עס זײַנען געלעגן גרייטע אוויאַ־מאָטאָרן. די געסטאַפּאָווצעס האָבן געכאַפּט מענטשן אַף רעכטס און אַף לינקס, זיי האָבן פאַרשטאַ־נען, אַז די לאַגערניקעס האָבן אַ כיילעק אין אויפרײַסן דעם סקלאַד.

וואַלענטין איז אויך אַרײַנגעפאַלן אין געסטאַפּאָ. פונדאַנען האָט מען אים און זײַנע כאַווײרים אַריבערגעפירט אין שטראָף־לאַגער נומ. 21. אין דעם לאַגער איז באַ אַלעמען צו די אַרעסטאַנט־סקע בגאָדים געווען צוגעטשעפּעט אַ רויטער „ווינקל“ — אַ דרײַעק. דאָס האָט באַטײַט: אַף טויט פאַרורטיילטע.

ווידער פירט מען זיי ערגעץ... ווידער קלאַפּן די רעדער איבער די רעלסן, זיי קלאַפּן אויס אַ טרויעריקן איינטאָניקן ניגן: מע פירט... מע פירט...

געבראַכט האָט מען זיי אין בוכענוואַלד. וואָס אַזוינס איז בוכענוואַלד, ווייסט די גאַנצע וועלט: אַ קייווער פון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, דער גענעם אַף דער־וועלט, אויסגעשטאַט לויטן לעצטן וואָרט פון דער פאַשיסטישער מאָרד־טעכניק. אָבער די, וואָס האָבן דאָס איבערגעלעבט...

וואַלענטין איז אַרײַנגעפאַלן אין פּופּציקסטן בלאָק, באַראַק „אַלם“. דאָ איז ער שווער קראַנק געוואָרן. און גראָד אין פּופּציקסטן בלאָק האָבן די דײַטשן עקספּערימענטירט מיט פאַרשיידענע טויט־איניעקציעס. איינע אַזאַ אַמפּולע איז געווען צוגעגרייט אויך פאַר וואַלענטינען. מע האָט אים שוין אַוועקגעלייגט אַפן טיש, אַ דאַרער דײַטש אין ברילן אַף דער לאַנגער נאָז האָט אויפגעהויבן דעם שפּריץ אין דער הייך, דורכגעקאָנטראָלירט, צי אַלץ איז אין אָרדענונג, און זיך שוין צוגע־גרייט אַרײַנשטעכן אים אין וואַלענטינס לײַב, נאָר פּלוצעם איז צום דאָקטער, פּאָכענדיק ענערגיש מיט די הענט, צוגעלאָפן אַ דײַטש — אַ סאַניטאַר. ער האָט עפּעס לאַנג אײַנגעטײַנעט מיטן דאָק־טער, אײַנגעוויקלט וואַלענטינען אין שמאַטעס און אַוועקגעטראָגן אים.

דעם קראַנקן האָט ער איבערגעגעבן אַן אַנדער דײַטש — קאַרל ריידעלן.

— ער איז נאָך גאָר אַ קינד, — האָט דער סאַניטאַר געזאָגט צו קאַרלען. — דער באָכער דאַרף לעבן. — דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו וואַלענטינען: — פאַרגעדענק מײַן נאָמען. איך בין פריץ אונגער, אַ דײַטשישער קאָמוניסט. אויב דו וועסט בלײַבן לעבן, שרײַב מיר אָן. איך בין פון אַדאָרף, לעבן פּאָגדלאַנד.

וואַלענטינען האָט מען געהיימערהייט געהיילט און מע האָט אים אויסגעהיילט. ער האָט זיך שפּעטער באַפרײַנדעט מיטן טשעך לידוויג פּלעק, מיטן פּאַריזשער פּראָפעסאָר פון ביאָלאָגיע אַלפרעד באַלאַכאָווסקי, מיט ניקאָלײַ קאָלאָסאָוון פון קורסק, מיטן קאַפּיטאַן פון אַן אונטערוואַסער־שיף ניקאָלײַ טיאַגונאָוו פון לענינגראַד, מיטן פּליער נילאָוו און מיט פיל אַנדערע.

איינמאָל האָט קאַרל ריידעל צוגערופן וואַלענטינען און שטיל אים געזאָגט:

— קום מיט מיר. וועסט מיר העלפן אויפראַמען.

אין אַ קליין צימערל איז געזעסן אַ מענטש מיט אַ בלייך, אָבער זייער רויִק פּאָנעם און פינק־לענדיקע אויגן.

— דאָס איז ערנסט טעלמאַן, — האָט אײַנגערוימט קאַרל וואַלענטינען אין אויער אַרײַן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אַפן לאַגער געווען אַן אָנפאַל, און די פאַשיסטן האָבן אומעטום צעפויקט, אַז דער פירער פון די דײַטשישע קאָמוניסטן ערנסט טעלמאַן איז אומגעקומען בײַס דער באָמבאַרדירונג, נאָר קיינער האָט, נאַטירלעך, ניט געגלייבט אין אָט דער פּרעכער פּלוידערײַ.

---

[1] אַ ראַיאָן אין כאַרקאָוו.

ווי נאָר וואַלענטין שאַפּיראָ האָט זיך באַפרײַט, האָט ער גלײַך אָנגעשריבן פריץ אונגערן, געוואַלט אויסדריקן זײַן דאַנקבאַרקייט. נאָר ס'איז געקומען אַ טשוווע, אַז קיין אונגער איז אין אַדאָרף ניטאָ.

און אָט... אַ מיטיילונג דורך ראַדיאָ. וועט ער דען קאָנען איצט אָנשלאָפן ווערן? וואַלענטין שאַפּיראָ זיצט באַם קיך־טיש, ער באַטראַכט, וואָס און וווּהין ער האָט צו שרײַבן.

פון דער אַלפאַרבאַנדישער ראַדיאָ איז געקומען אַן ענטפער. דער דײַטשישער קאָמוניסט איז געווען צוגאַסט אין אוקראַינע, ער פילט זיך גוט. מע האָט באַדאַנקט שאַפּיראָן פאַר זײַן אויפמערקזאַמקייט, נאָר דאָס וויכטיקסטע, אונגערס אַדרעס — ניט מיטגעטיילט.

געהאָלפן האָט די צײַטונג „נויעס דויטשלאַנד". קימאַט אַ יאָר צײַט האָט מען געזוכט פריץ אונגערן. און וואַלענטין שאַפּיראָ האָט באַקומען דאָס לאַנג געגאַרטע בריוו (פון באַד־עלסטער).

„זײַ געגריסט, מײַן טײַערער כאַווער וואַלענטין. אַ גרוס אויך דײַן ליבער פרוי און די קינדער. דורכן בירגערמײַסטער האָב איך באַקומען דײַן טײַערן בריוו, וואָס דו האָסט געשיקט אין אונדזער פּאַרטיי־אָרגאַן „נויעס דויטשלאַנד". איך בין פריץ אונגער פון אַדאָרף לעבן פּאַגדלאַנד, וועלכן דו זוכסט.

איצט דאַרף איך דיר אין דער ערשטער ריי דערציילן, ווי ס'איז געגאַנגען די פּאַרטיי־אַרבעט אין לאַגער בוכענוואַלד. דו ביסט געווען צווישן די ערשטע סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע. און אַזוי ווי מיר, דײַטשישע קאָמוניסטן, האָבן געזען, אַז מע מאַכט אײַך טויט־אינייעקציעס, האָט מען מיר געגעבן אַן אויפטראַג אײַך צו ראַטעווען. מיר האָבן אָפּגערעדט מיט פראַנץ וואַלגענבאַך און מיטן קליינינקן סאַניטאַר קאַרל בראַוער. פראַנץ האָט מיר געגעבן אַ בלויען געקעסטלטן איבערצוג. איך האָב דיך אײַנגעוויקלט אין אָט דעם איבערצוג. דו ביסט געווען דער ערשטער. דערנאָך האָט מיר אָפּגעגליקט, און איך האָב געטאָן דאָס זעלבע נאָך צוויי מאָל. יענעם טאָג האָב איך אַרויסגעריסן בא די מערדער פון די הענט דרײַ סאָוועטישע בירגער. דו האָסט קיין סאַך ניט געווויגן. העכסטנס 40 פונט. די איבעריקע צוויי כאַווײרים זײַנען אויך געווען ניט שווערער.

ס'איז נאָך אַ ווונדער, וואָס בא דיר אין זיקאָרן איז געבליבן מײַן אַדרעס. איך זע, אַז דו האָסט זיך מיט מיר אינטערעסירט. איך געדענק פּינקטלעך, אַז איידער דו ביסט אַרײַנגעפאַלן אין פּופּציקסטן בלאָק, האָב איך גערעדט מיטן כאַווער קאַרל ריידעל, און דערנאָך האָט מיר דער כאַווער ערנסט בוסע געגעבן אַן אויפגאַבע: טייקעף באַהאַלטן דיך אין פופציקסטן בלאָק באַם כאַווער קאַרל ריידעל.

דו געדענקסט געוויס, וויאַזוי די מערדער פלעגן פאַרניכטן מענטשן. צו יענער צײַט, ווען איך האָב דיך אַרויסגעגאַנוועט, האָבן אײַזעלער און האָווען שוין דערהאַרגעט היפּש מענטשן מיט אַזעלכע אינייעקציעס".

דער דײַטשישער קאָמוניסט האָט דערציילט אין זײַן בריוו וועגן דעם גורל פון אַ סאַך בוכענוואַלדער כאַווײרים, וועגן זײַן פּערזענלעך לעבן.

„...דער איקער, וואָס דער פרידן געפינט זיך איצטער אונטער אַ זיכערער שוץ, ווײַל נאָר פרידן איז דאָך פאַר אַלע מענטשן אַ פעסטע גאַראַנטיע פאַר בויען סאָציאַליזם און קאָמוניזם... איר בא אײַך, אין אײַער וווּנדערבאַר לאַנד, גייט מיט גיגאַנטישע שריט צום קאָמוניזם, מיר — צום סאָציאַליזם".

וואַלענטין האָט אין זײַן ענטפער־בריוו געשיקט פריץ אונגערן זײַנע אַ פאָטאָגראַפיע. ווען דער בריוו איז אָנגעקומען, איז סטעפאַן באַץ פונקט געווען בא אונגערן אין דײַטשלאַנד.

„...אין 17 יאָר אַרום האָב איך געפונען סטעפאַנען. אין 1962 בין איך געווען בא אים, בא מײַן זון, אין ניקאָלײַעווקע (כמעלניצקער געגנט), איצט איז מײַן סטעפאַן מיט זײַן מישפּאָכע צוגאַסט בא מיר.

...זעסט, וואַלענטין, אַ באַרג מיט אַ באַרג קומט זיך ניט צונויף, אַ מענטש מיט אַ מענטשן טרעפט זיך. סטעפאַן האָט מיר געבראַכט אַן אײַנלאַדונג פון זײַן קאָלווירט. איך האָב צוגעזאָגט קומען, און וועל איך שוין, פאַרשטייט זיך, אַרײַנפאָרן אויך צו דיר.

דו ווייסט, איך בין אָפּגעזעסן 12 יאָר און איין כוידעש. די געוווינהייט פונעם מענטשן צו פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט — דאָס איז אונדזער גרעסטער סוינע, און אַף דעם ספּעקולירט מען אין דער דײַטשישער פעדעראַטיווער רעפּובליק — אין דער רעפּובליק פון רעוואַנשיסטן. הײַנט באַשולדיקט מען דאָרט ווידער אין אַלץ די קאָמוניסטן. נאָר ס'וועט זיי ניט געלינגען. דער לאַגער פון שאָלעם איז שטאַרק. די הערצער פון דער גאַנצער מענטשהײַט זײַנען אַף דער זײַט פון די פעלקער פון פּסר.

אַ פלאַמיקן גרוס אַלע דײַנע כאַווײרים, דײַן פרוי און דײַנע קינדער. זײַ געזונט".

איצט קומט שוין דער נייַגעריקער בריוטרעגער אָפּטלעך אַרײַן צו שאַפּיראָן מיט אַ בריוו «Международное».

אַנומלטן האָט ער געבראַכט אַ בריוו פֿון סטעפֿאַן באַצן.

„איך באַגריס דיך, כאָטשוועער בוכענוואַלדער פֿרײַנט מײַנער וואַלענטין באָריסאָוויטש, דיך און דײַן גאַנצע מישפּאָכע!

טײַערער פֿרײַנט, דײַן בריוו האָב איך באַקומען, אַ האַרציקן דאַנק דיר.

איך האָב געלייענט דעם בריוו, וואָס דו האָסט געשיקט פֿריִער אונגערן. דעמאָלט בין איך מיט דער מישפּאָכע געווען צוגאַסט אין דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק בײַ מײַן צווייטן פֿאָטער פּריִץ. אונגער איז גאָרניט עלטער געוואָרן. מיר דאַכט, אַז ער זעט איצט אויס ייִנגער, ווי אין לאַגער.

וואַלענטין, דו פֿרעגסט בײַ מיר וועגן די פֿרײַנט און וועגן בוכענוואַלד. אין בוכענוואַלד בין איך געווען דעם 10 אָקטיאַבער פֿאַריקן יאָר. ווען איך בין אַריבערגעטראָטן די שוועל פֿונעם גע־נעם, האָט מיר אַזוי פֿאַרקוועטשט דאָס האַרץ, אַז איך האָב קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסברענגען. פּלוצעם האָב איך באַמערקט אַ הינקעדיקן אַלטיטשקן, וועלכער איז געגאַנגען אונדז אַנטקעגן. ער האָט מיך דערזען צווישן דעם אוילעם מענטשן און האָט הויך אויסגעשריִען: „סטעפֿאַן! קלײַנער שטעפֿאַן! מײַן ליבער שטעפֿאַן!"

איך האָב גלײַך דערקענט דעם בוכענוואַלדער פֿרײַנט פּאָול האַראַס. ער האָט מיך געהאַלדזט, געקושט און געוויינט, און אַלע, וועלכע זײַנען דערבײַ געווען, האָבן אויך געוויינט. איך האָב געשוויגן, ערשט אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך אימשטאַנד געווען עפּעס צו זאָגן.

אַלע באַראַקן זײַנען צעבראָכן, אָבער די שכיטע־ערטער שטייען אַף אַן אָרט: דאָרט, וווּ מע האָט געהאַרגעט דורך אַ לאָך אין דער וואַנט; די האַטשיקעס, אַף וועלכע מע פֿלעגט אופֿהענגען און פּײַניקן; די אויוונס פֿונעם קרעמאַטאָרי, די פּײַניקונגס־קאַמערעס...

— און אָט איז די זעקסטע קאַמערע, וווּ עס איז געזעסן אײַער פֿאָטער, — האָב איך גע־זאָגט צו מײַנע זין וויטיע און טאָליע.

אין דער קאַמערע זײַנען אַרײַן מײַן ווײַב, די זין און דער פּאָדפּאָלקאָווניק דאַנילאָוו. איך בין ניט אַרײַן. טאָליע האָט דערזען אַף די ווענט בלוט און איז שנעל אַרויס מיט פֿולע אויגן טרערן. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף מיר און געפֿרעגט: „דאָס איז דײַן בלוט אַף די ווענט?"

איך בין ניט בעקויעך געווען צו ענטפֿערן אַף דעם.

דערנאָך זײַנען מיר אַוועק צו דעם אָרט, וווּ די פֿאַשיסטישע הענקער האָבן אָפּגעשניטן בײַ מיר די האַנט. די קאָרעספּאָנדענטן האָבן מיר דערלאַנגט דעם מיקראָפֿאָן, איך זאָל עפּעס זאָגן. טרערן האָבן מיך געוואָרגן און עס האָט פֿאַרהאַקט דעם אָטעם. ריידן האָב איך זיך אָפּגעזאָגט.

ווען מיר זײַנען געפֿאָרן צוריק פֿון בוכענוואַלד, האָבן די זין מיר געזאָגט, אַז אָט דער באַזוך אין טויט־לאַגער וועט בײַ זיי בלײַבן ווי אַ שווערע דערמאָנונג.

דעם 15 אָקטיאַבער האָבן מיר אין קאַרל־מאַרקס־שטאַדט באַגעגנט אַ סאַך בוכענוואַלדער פֿרײַנט. דאָ האָבן מיר זיך דערמאָנט אין אַלץ, וואָס עס איז געווען: אין אונדזער פֿרײַנטשאַפֿט, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין די פּײַניקונגס־קאַמערעס פֿון בוכענוואַלד, אין די אינטערנאַ־ציאָנעלע פֿאַרבינדונגען, — און מיר האָבן געשווירן אויך אַף ווײַטער זײַן צוזאַמען אין קאַמף.

מיר האָבן באַזוכט שולן, פֿאַבריקן, קאָלווירטן, אומעטום האָט מען אונדז באַגעגנט, ווי נאָ־ענטע, אייגענע, מיט בלומען, מאַטאַנעס און אויסגעשרייען „פֿרוינדשאַפֿט!"

יאָ, איך האָב געזען אַ נײַ דײַטשלאַנד, גאָר אַן אַנדער פֿאָלק, וואָס בויט דעם סאָציאַליזם.

איצט בין איך אין דער היים. איך בין פֿאַרוואַלטער פֿון די פֿערמעס. די פֿרוי אַרבעט אויך. די זין לערנען זיך.

אַ גרוס פֿון מיר און פֿון מײַן מישפּאָכע דײַן פֿרוי און די טעכטער.

סטעפֿאַן באַץ"

בריוו גייען קיין ווײַסרוסלאַנד פֿון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק און פֿון דער אוקראַיִנע. בריוו גייען פֿון ווײַסרוסלאַנד אין דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, קיין אוקראַיִנע. בריוו, ווי זינגענדיקע סטרונעס פֿון איין האַרצן צום צווייטן. בריוו, ווי פֿעדעם, וואָס פֿאַרבינדן מענטשן פֿון פֿאַרבריִדערטע פֿעלקער אין איין גרויסער מישפּאָכע.

---

# די מוטער רוטמאַן

ד אָ וו י ד  ה אָ פ ש ט יי ן

זי איז פריִער פון אלץ א מוטער. א מוטער, וואָס האָט ערשט ניט לאנג פארלאָרן איר איין־און־איינציקן געראָטענעם זון. זי איז אָבער אויך אן אקטיווע נאטור. זי אליין האָט אין איר יוגנט אָנטיילגענומען אין דער רויטער ארמיי, צוריק מיט יאָרן, ווען די רויטע ארמיי האָט זיך ערשט פאָרמירט און האָט בלוטיק געקעמפט מיט אלע אירע סאָנים. זי איז אויך א באוווסטזיניקע געטרײַע בירגערן פון אונדזער לאנד און ברענט מיט סינע צום מערדערישן פאשיזם, וואָס האָט בא איר אוועקגערויבט דעם גרויסן קוואל פון פרייד, און דערפאר רירן אזוי די בלעטלעך, וואָס זי האָט אָנגעשריבן מיט איר ציטערנדיקער האנט.

אָט וואָס מיר דערוויסן זיך פון אָט די זײַטעלעך. לייב רוטמאן איז געבוירן געוואָרן, ווען זײַן מוטער איז געווען א סטודענטקע פון אינסטיטוט פון מיזרעך־קענטעניש. זײַן פאָטער איז געווען ווײַט פון דער שטאָט מאָסקווע. די מוטער פלעגט אָפט דאָס זויגקינד טראָגן מיט זיך אף די לעקציעס. אין 1925 האָט די מוטער געענדיקט דעם אינסטיטוט. זי ווערט קאָמאנדירט קיין איראן, וווהין זי נעמט מיט זיך מיט דעם צווייאָריקן זון, וועלכער הייבט שוין אָן דענסטמאָל ארויסבאווײַזן זעלטענע פייִקײַטן. דעם ערשטן מײַ 1926 יאָר אפן פאראד האָט דער קליינינקער ליאָווע מארשירט אין דער קאָלאָנע פון דער רוסישער פאָרשטייערשאפט אין איראן און האָט געזונגען רוסישע לידער. דאָס קינד האָט א זעלטענעם זיקאָרן און פארגעדענקט אלץ, וואָס עס לייענט, וואָס עס שלינגט פון ביכער. פינף יאָר איז אלט געווען דאָס יִנגל, ווען ס'האָט זיך אויסגעלערנט שפילן אין שאָך. די מוטער האָט זיך אין 1928 אומגעקערט קיין מאָסקווע. זי איז מיט איר זון ארײַן אין א גרויסער קראָם. פון אלע שפילכלעך האָט זיך דאָס יאטל אויסגעקליבן א שיין שאָך־קעסטל. זי האָט צוליב געטאָן איר קינד און האָט פאר דעם פרעכטיקן שאָך טײַער באצאָלט. דאָס קינד האָט טאקע ערנסט געשפילט אין שאָך. ער נעמט אָנטייל אין קינדער־טורנירן מיט בארימטע שאָך־שפילער. ער שפילט מיט לאסקערן אין מאָסקווע. אין קיִעוו אין 1937 שפילט ער מיטן שאָך־מײַסטער ראטנער. די פארטיע פארענדיקט זיך מיט רעמי. אין 1939 שפילט ער מיטן שאָך־מײַסטער ראבינאָוויטש און געווינט די פארטיע. ער באקומט א פרעמיע — א בוך מיט אן אופשריפט: דעם זיגער אין טורניר מיטן שאָך־מײַסטער ראבינאָוויטש.

דער יונגער רוטמאן פארנעמט זיך מיט פארשיידענעם ספאָרט: ער לערנט זיך רײַטן, לערנט זיך שווימען, שיסן, און אומעטום באווײַזט ער פייִקײַטן. אין שול לערנט ער זיך אויסגעצייכנט. נאָך ניט פארענדיקט די 10־יאָריקע שול, הייבט דער יונגער רוטמאן אָן צו באזוכן דעם מאָסקווער אעראָקלוב. שפעט באנאכט פלעגט ער אוועקפאָרן אין קלוב,

---

פון דעם שרײַבערס ליטערארישער יערושע.

קעדיי נעמען אָנטייל אין די נאַכט־רייסן. ער הייבט אָן ערנסט טראַכטן וועגן אַן אוויאַשול. זיבעצן יאָר איז ער אַלט געווען, ווען ער איז פרײַווילִיק אוועק אין דער רויטער אַרמיי.

„איך האָב גוט געוווּסט, — דערציילט די מוטער, — אַז ער איז זייער אַ פייִקער, ער האָט געקענט גיין אין אַ הויכשול, ווערן אַן אינזשעניר, ווערן אַ שריפטשטעלער. נאָר וואָס האָב איך געקאָנט טאָן, אַז ווען מײַן זון האָט נאָר באַמערקט אַ קליין שאָטנדל אַף מײַן פּאָנעם, פלעגט ער מיר זאָגן: מאַמע, דו אַליין האָסט אָנטייל־גענומען אין דעם בירגערקריג. די ערשטע ביכער, וואָס דו האָסט מיר געגעבן לייענען, זײַנען געווען וועגן טשאַפּײַעוו, וועגן שטשאָרסן, וועגן קאָטאָווסקין. געדענקסט, מאַמע, אין טאָג פון טשקאַלאָווס לעווײַע האָסטו מיך באַקענט מיטן יונגן פליִער סעראָוו און האָסט מיר געזאָגט: זע, מײַן זון, מע דאַרף ניט טרויערן. ס'וואַקסט אַן אומבײַט. דאַרף איך זיך דאָך אויך גרייטן, איך זאָל קאָנען מײַן פאָטערלאַנד באַשיצן מיט געווער אין דער האַנט“.

די מוטער רוטמאַן האָט אַרויסבאַגלייט איר זון, וואָס איז פרײַווילִיק אוועק אין דער רויטער אַרמיי. זי האָט אײַנגעלאַדן געסט. האָט אָנגעטאָן איר בעסט קלייד. אין דער באַשיידענער וווינונג איז געווען יאָמטעוו. שווער איז געווען דער מוטער, וואָס איז געבליבן איינע אַליין. דער פאָטער איז שוין געווען אַפן פראָנט, דער איינציקער זון האָט זיך געגרייט גיין אין שלאַכט. אין בריוו שיקט זי אים בלעטעלעך פון לעבעדיקע בלומען, און דער זון ענטפערט איר מיט אַ רירנדיקער ליד: „אַ בוים“. אין דעם בריוו זעען מיר, וויפל ליבע דער יונגלינג טראָגט אין זײַן האַרצן צו זײַן מוטער, ווי שטאָלץ ער איז, וואָס ער האָט אַזאַ העלדנמוטיקע מאַמע. אָט באַקומט זיך אַ ידיעה, אַז דער פאָטער איז געפאַלן. די מוטער באַהאַלט עס אויס פונעם זון! איר ליבע צו אים ווערט פאַרדאָפּלט, יעדע וואָך פאָרט זי צו אים אין דער אוויאַשול. ווי זי האָט נאָר אַ רובל, גיט זי אויס אַף מאַטאָנעס פאַר אים און פאַר זײַנע כאַווײרים. אין די אָפּרוטעג וואַרט שוין דער גאַנ־צער אָפּטייל, ווו דער יונגער רוטמאַן דינט, אַף דעם קומען פון דער „מוטער רוטמאַן“.

■

פון יענע ליכטיקע שאָען איז שוין אוועק צוויי יאָר. צוויי גרויזאַמע יאָר פון מילכאָמע. איצט זיצט פאַר מיר די מוטער רוטמאַן מיט אַ בינטל פאָטאָ־בילדער פון איר איין־און־איינציקן זון, מיט אַ בינטל בריוו, וואָס זײַנע כאַווײרים, זײַנע קאָמאַנדירן האָבן צוגעשיקט נאָך זײַן העלדן־טויט. איך געדענק אָט די מוטער נאָך אַלס אַ יונג מיידל, וואָס האָט געגאַרט נאָך וויסן און האָט געוואָלט אַריבערשפּרינגען אַלע פאַרצוימונגען, וואָס האָבן געהערשט אין די צאַרישע צײַטן פאַר ייִדן.

איצט איז איר קאָפּ באַדעקט מיט גראָוע האָר. דער טרויער פון אַ מוטער, וואָס האָט פאַר־לאָרן איר איין־און־איינציק קינד, רײַסט זיך דורך דורך אירע שטילע, געמאָסטענע ווערטער. זי וויל פאַרייביקן דעם אָנדענק פון איר קינד. אָבער זי וויל דאָס טאָן ווי אַן אַקטיווער קעמפער. זי וויל פאָרן קיין סטאַלינגראַד. זי וויל דאָרט אַרויסטרעטן פאַר די בריגאַדעס פון די, וואָס בויען, וואָס שטעלן אויף דעם נײַעם סטאַלינגראַד, זי וועט זיי דערציילן וועגן איר ליאָווען, זי וויל זיך פאַרבינדן מיט דעם טייל, אין וועלכן ער האָט געדינט אין די לעצטע כאָדאָשים פון זײַן לעבן, זי וויל זיי אוועקפירן אייניקע כפייצים פון איר זון, וואָס קאָנען זיי דאָרט צוניץ קומען. דאָס פּרעכ־טיקע שאָך־קעסטל וועט זי אוועקפירן אין דער אוויאַשול, ווו איר זון האָט געלערנט. זי האָט שוין באַשטעלט אַ מעטאַלענע פּלאַסטינקע מיט אַן אויפשריפט: זאָלן אַלע צוקינפטיקע שילער פון דער שול, וואָס וועלן זיך פאַרווײַלן מיט שאָך־שפּיל, וויסן, אַז דאָס האָט זיי געשענקט זייער געוועזענער מיטשילער, וואָס איז העלדיש געפאַלן בא סטאַלינגראַד. זאָלן זיי וויסן, אַז ליאָווע האָט געשפּילט מיט לאַסקערן, אַז ער האָט אויסגעשפּילט אַ פּאַרטיע בא ראַבינאָוויטשן...

— זײַט געזונט, — זאָגט מיר די מוטער רוטמאַן, — ביז מיר לעבן, לאָמיר טראַכטן וועגן לעבן און וועגן ווירדיקן לעבן. איר האָט מיך געקענט גאָר אַ יונגע, איצט קענט איר מײַן יונגן זון, בא מיר לעבט ער, און איך האָף און וויל, ער זאָל לעבן אין אָנדענק פון די, וואָס קומען נאָך אונדז.

1943

# ער האָט פאַרטײדיקט מאָסקווע

יודל פערצאָווסקי

אן אָנגעשטרענגטע שטילקייט הערשט אינעם דעמאָנסטראַציע־זאל פון דער כירורגישער אָפּטיילונג אין דער אקאַדעמיע פאַר מיליטערישער מעדיצין אַף קיראָווס נאָמען. די דאָקטוירים, צוגעזאָטענע צו די עקראַנען פון די טעלעוויזאָרן, פאָלגן נאָך מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט נאָך יעדער באַוועגונג פונעם באַוווסטן כירורג.

בא דעם דרייַצניאָריקן באָריע קאַפּלאָן איז א שווערע כאַלאַס — א האַרצפעלער פון געבוירן אָן. כוץ דעם כירורג, קאָן אים קיינער ניט העלפן. ליגט ער איצט אָן איַינגעשלעפערטער, מיט אן אָפענער ברוסט אַפן אָפּעראַציע־טיש. עס איז שוין דורך א שאָ, ווי דער דאָקטאָר פון מעדיצין כאַים דיסקין און זייַנע געהילפן אַרבעטן.

אָט האָט מען איַינגעשלאָסן דעם אַפּאַראַט „קינסטלעכע האַרץ און לונגען" — דעם אַפּאַראַט, וואָס גיט דעם כירורג א מעגלעכקייַט אַרייַנצודרינגען אין דעם קאָדשיי־קאָדאָשים פון דעם מענטשנס אָרגאַניזם. איצט שפּייַזט דער אַפּאַראַט, און ניט דאָס לעבעדיקע האַרץ, דעם אָרגאַניזם מיט בלוט, וואָס איז באַרייַכערט מיט זויערשטאָף.

העל איז באַלויכטן דאָס אָפּעראַציע־פעלד, און מע זעט, ווי עס רעדוצירט זיך דאָס האַרץ פון דעם קראַנקן. דאָס האַרץ קלאַפּט אָפּט, צו אָפּט פאַר א נאָרמאַל שלאָפנדיקן מענטשן. שטילערהייט פרעג איך בא א דאָקטער, וואָס זיצט לעבן מיר: „פאַרוואָס קלאַפּט אַזוי דאָס האַרץ?" און איך הער א לאַקאָנישן ענטפער: „א האַרצפעלער!"

נאָר אָט ווערן שוואַכער די רעדוצירונגען פון די האַרץ־מוסקולן. אַלץ זעלטענער קלאַפּט דאָס האַרץ, אַלץ מער טרעט אָפּ דאָס בלוט צום קינסטלעכן קרייַז פון בלוט־צירקוליאַציע. עס קומען אָן די געציילטע מינוטן, וועלכע דער כירורג האָט צוגעגרייט מיט אַזויפיל וווּנדערבאַרער ווירטואָזקייַט. די באַוועגונגען פון זייַנע הענט זייַנען איצט אַזוי פּאָרזיכטיק און פינקטלעך, אַז ס'איז זיי קוים צו באַמערקן.

בא די טעלעוויזאָרן געפינט די געשפּאַנטקייַט פונעם מאָמענט אן אַנדער אויסדרוק — די מעדיקער, וואָס קוקן צו די אָפּעראַציע, האָבן פאַרטייַעט דעם אָטעם. ווען־ניט־ווען הערט מען פאַלן א לאַטייַנישן טערמין. נאָך איין מינוט, צוויי, פינף — און אַלע האָבן פרייַ אָפּגעעטעמט... אייניקע פון די אַנוועזנדיקע האָבן זיך ניט איַינגעהאַלטן — אָנגעהויבן אַפּלאָדירן.

אַלע האָבן געייַלט אַף דעם אונטערשטן שטאָק, אין דעם פאָדערצימער פון דעם אָפּעראַציע־זאַל, וווּהין עס איז אַרויס דער פּראָפעסאָר כאַים דיסקין. ער האָט אַראָפּגענומען די סטערילנע מאַסקע פון פּאָנעם. פון די אויגן, וועלכע האָבן פריִער ניט געזען קיין זאַך, כוץ דעם אָפּעראַציע־פעלד, איז פאַרשוווּנדן דער אויסדרוק פון קאָלאָסאַלער אָנשטרענגונג. דער פּראָפעסאָר קאָן זיך דערלויבן זייַן איצט מיד און מאַט. די שלאַכט איז געוווּנען. עס איז געראַטעוועט

געוואָרן נאָך איין לעבן. רויק און געניי ענטפערט דער כירורג אויף די פראַגן פון די דאָקטוירים...

באַ אַזעלכע אומשטענדן האָב איך זיך באַקאַנט מיטן פּראָפעסאָר כאַים דיסקין. נאָך דעם האָבן מיר זיך באַגעגנט ניט איין מאָל. נאָר וועמען האָט עס גאָר געקאָנט איינפאַלן, אַז דאָס איז אַ מענטש פון דער לעגענדע, אַ מענטש, וואָס איז אויפגעשטאַנען טכיִעס־האַמייסים, אַז דאָס איז אַ מענטש, וועלכער איז באַלוינט געוואָרן מיטן טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד נאָכן טויט.

יאָ, נאָכן טויט. אין דעם אוקאַז פון אויבער־ראַט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד פון 12 אַפּרעל 1942, לויט וועלכן דער לעגענדאַרער גענעראַל־מאַיאָר פּאַנפילאָוו און זיינע קאַמפס־כאַווירים, וואָס האָבן פאַרטיידיקט מאָסקווע, זיינען נאָכן טויט באַלוינט געוואָרן מיטן טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד, איז אויך געווען דער נאָמען — כאַים טעוועלעוויטש דיסקין. נאָר לאָמיר ניט פאַרלויפן פאַרויס...

יוני 1941. אין יענע זוניקע טעג האָט איבער די מאָסקווער בולוואַרן, פאַרפּוצטע אינעם ערשטן העלן זומערדיקן גרינס, געבלאָנדזשעט אַ יונג באָכערל, ערשט פון דער שול־באַנק. ער האָט זיך אָפט צוגעזעצט אויף אַ באַנק מיטן לערנבוך אין האַנט. באַומרויִקט האָט אים נאָר איינס: „איך וועל אויסהאַלטן דעם עקזאַמען אָדער ניט? מע וועט מיך אָננעמען אין אינסטיטוט אָדער ניט?..“

כאַים דיסקין איז דעמאָלט אַלט געווען סאַכאַקל אַכצן יאָר. אַזעלכע נעמען, ווי „מאַזשייסקאַיע שאָסע“, „וואָלאָקאָלאַמסק“, האָבן אים נאָך גאָרנישט ניט געקאָנט זאָגן. דאָס באָכערל איז צום ערשטן מאָל אין לעבן געקומען קיין מאָסקווע האַלטן עקזאַמען אין מעדיצינישן אינסטיטוט. ער האָט געטרוימט צו ווערן אַ דאָקטער. אַ ביסל האָט ער מוירע געהאַט. אַ ביסל? ניין, לאָמיר שוין טאַקע זאָגן דעם עמעס — ער האָט שטאַרק מוירע געהאַט. קיין ערנסטערע אויספּרווון האָט נאָך דאָס לעבן פאַר אים דערוויילֿ ניט געשטעלט. אָבער קיין סטודענט האָט כאַים ניט באַוויזן צו ווערן. ער איז געוואָרן אַ סאָלדאַט, אַן אַרטילעריסט אין אַ קעגנטאַנק־באַטאַריי.

קאַלט. עס שנייט אָן אויפהער. ס׳איז נאָיאַבער 1941. באַ די גרענעצן פון מאָסקווע, אויפן וואָלאָ־קאָלאַמסקער שאָסיי, לעבן מאַזשייסק, קומט פאָר אַ גרויזאַמע שלאַכט. שפּעטער וועט מען אַ סאַך שרייבן וועגן איר, מיט רעכט זאָגן, אַז ס׳איז אַ היסטאָרישע שלאַכט, אַ שלאַכט, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט געהאַט. און איצט שפּאַרן אויף מאָסקווע פאַשיסטישע געפּאַנצערטע דיוויזיעס, טאַנקען — ווי זאַמד און ערד. זיי רייסן זיך צו דער הויפּטשטאָט, ברעכנדיק אַלע שטערונגען אויפן וועג. ווער וועט זיי אויפשטעלן? און צי איז מעגלעך זיי אויפשטעלן? נאָך היינט־צו־טאָג, ווען מיר בלעטערן די ביכער, וואָס דערציילן וועגן דער דאָזיקער שלאַכט, גייט דורך אַ גרויל איבערן לייב.

„גרויס איז רוסלאַנד, אָבער אָפּטרעטן איז ניטאָ וווהין — הינטער אונדז איז מאָסקווע“ — אָט די ווערטער, וועלכע עס האָט געזאָגט איינער פון די פּאַנפילאָווצעס, זיינען געוואָרן אין יענער צייט די הייליקע שוווּע פון אַלע פאַרטיידיקער פון מאָסקווע. אויך דאָ, אויף דעם פאַרוואַקסענעם מיט וואַלד פאַרשנייטן בערגל לעבן דעם דאָרף גאָרקי, ווו ס׳איז געשטאַנען די דריטע באַטאַריי פונעם 94־טן פּאָלק, האָט מען געוווּסט: „אָפּטרעטן איז ניטאָ וווהין — הינטער אונדז איז מאָסקווע“.

טאָג און נאַכט האָבן די דייטשן געשלײַדערט פייער און מעטאַל אויף דעם בערגל, וואָס איז באַ זיי געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלדז.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָרט, צווישן די אָפּגעברענטע סאָסנעס און שוואַרץ געוואָרענעם שניי, האָט שוין ניט געקאָנט בלייבן אפילו קיין זייכער פון לעבן. נאָר קוים פליען זיך די פיינט־לעכע טאַנקען דערנענטערן צום בערגל, אַזוי פלעגן זיי, רעוועדיק, ווי צערייצטע כייעס, זיך אויפשטעלן. רויך און פלאַם פלעגן נעמען לעקן די שטאָלענע טורעמס, די צעריסענע רופּן. פון די טאַנקען פלעגן אַרויסקריכן דול געוואָרענע פאַשיסטן. נאָר זעלטן וועמען פון זיי עס איז געלונ־גען זיך צו ראַטעווען. דאָס בערגל אויפן מאַזשייסקער שאָסיי איז געשטאַנען אַן אומצוטריטלעכס, אַרויסרופנדיק אַן אָבערגלויבערישע שרעק באַ די היטלעריסטן. קיינער פון זיי האָט אפילו פאָר־שטעלן זיך ניט געקאָנט, אַז צום 18 נאָיאַבער זיינען אויף דעם „פאַרקישעפטן בערגל“, לעבן וועלכן עס זיינען פאַר די פאַרגאַנגענע טעג צעשמעטערט געוואָרן אַרום צוואַנציק פאַשיסטישע טאַנקען, פאַרבליבן לעבן אינגאַנצן דריי מענטשן: דער הויכער ברייטבייניקער אַריסטאַרכאָוו, אַ גוואַר פון דער וואָלגע, דאָס שטילע יאַטל פון לעבן מאָסקווע גוסייעוו און דער נעכטיקער שילער, וואָס האָט נאָך ניט באַוויזן צו ווערן אַ סטודענט, — כאַים דיסקין.

דריי אַרטילעריסטן מיט דריי אויטאָמאַטן אין די הענט, צוויי גאַנץ געבליבענע קעגנטאַנק־האַרמאַטן — דאָס איז געווען די גאַנצע פאַרטיידיקונגס־קראַפט.

דריי מענטשן, דריי סאָוועטישע סאָלדאַטן, ביזן סאָף אויסגעשעפּטע, האָבן פאַרגעזעצט די שלאַכט. ווי נאָר דאָס געדודער פון די שטאָלענע מעכאַבלים פלעגט זיך דערהערן דייטלעכער,

פלעגן זיך די דרײַ פאַרטיידיקער פונעם בערגל שטעלן צו די האַרמאַטן. נאָר זיי פלעגן זיך ניט אײַלן צו שיסן. זיי פלעגן וואַרטן, ביז די דײַטשישע טאַנקען וועלן ווערן פּרעכער, וועלן זיך דערנעענטערן...

איינמאָל האָט אין אַזאַ רעגע פון פאַרביטערטן קאַמף אָפן בערגל זיך באַוויזן דער ליבלינג פון פּאָלק — דער באַטאַליאָן־קאָמיסאַר באָטשאַראָוו, וועלכן עס האָט זיך אײַנגעגעבן אַלפּי־נעס דערקלײַבן זיך אַהער. ער איז געקומען, קעדיי מיטיילן: הילף איז נאָענט, האַלט זיך!

דער קאָמיסאַר האָט זיך אַליין געשטעלט צו אַ האַרמאַט. ער האָט אָבער נאָר באַוויזן אַ געשריי טאָן: „אָט זײַנען זיי, האַלט זיך!" — און איז געפאַלן אַ פאַרבלוטיקטער אָפן האַרמאַט.

דעם קאָמיסאַרס ווערטער האָט שוין דערהערט נאָר איין כאַיִם דיסקין. די איבעריקע צוויי כאַווײרים זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן אָפן אָרט. איצט איז כאַיִם פאַרבליבן דער אייאנציקער פאַרטיידיקער פונעם בערגל. ער האָט ניט באַמערקט, אַז ער איז פאַרוווּנדעט, אַז פון די ווונדן טריפט אָן אויפהער בלוט. אַבי ער האַלט זיך אויף די פיס, אַבי די אויגן זעען, אַבי די הענט באַוועגן זיך, וועט שוין דעם באַפעל: „פײַער, פײַער!" דערלאַנגען דאָס האַרץ.

און כאַיִם דיסקין האָט פאַרגעזעצט צו שיקן פײַער אין די דײַטשישע טאַנקען. איצט האָט ער זיך געאײַלט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס קומען אָן די לעצטע מינוטן, אין נאָמען פון וועלכע ער האָט אָפּגעלעבט זײַנע אַכצן יאָר.

און די טאַנקען האָבן שוין געטראַסקעט מיט זייערע רויפן באַם סאַמע צופוסנס פונעם בערגל. אָט איז שוין דער טורעם פון אַ טאַנק... אָך, ווען די דײַטשן וואָלטן געוווּסט, אַז קעגן זיי קעמפט איין־און־אייאנציקער סאָוועטישער סאָלדאַט! נאָר טראַכטן איז ניטאָ ווען. כאַיִם דיסקין שיסט אין דעם פאָדערשטן טאַנק, און פון זײַן טורעם רײַסט זיך אַרויס אַ טונקל־רויטער פײַער־צונג. דער ברענענדיקער פאַשיסטישער טאַנק האָט אים ווי צוגעגעבן קויעך. און כאַיִם האָט געצילט און געטראָפן אין אַ צווייטן.

נאָר אָט לויפן שוין צו אים צווייען אין גרוי־גרינע שינעלן. זיי שרײַען עפּעס און שיסן. כאַיִם האָט זיך צוגעדריקט צו אַ סאָסנע, ווי צוגעוואַקסן צו איר, און צילט אין זיי פון זײַן אויטאָמאַט. ער האָט געזען, אַז זיי פאַלן. נאָך צוויי טויטע סאָנים... נאָר אין אַ רעגע אַרום האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס בערגל פאַלט אויף אים. דאָס איז ער אַליין געפאַלן אָפן שניי, אָן אונטערגעשניטענער פון דעם סוינעס אַ קויל. פאַלנדיק האָט ער נאָך באַוויזן צו פאַרנעמען דעם „הוראַ־אַ־אַ!", וואָס האָט זיך ווי אַ וויכער געקײַקלט איבערן בערגל.

מער האָט שוין דיסקין גאָרנישט ניט געזען און גאָרנישט ניט געהערט...

דער באַטאַליאָן־קאָמיסאַר באָטשאַראָוו האָט אין זײַן ראַפּאָרט מיטגעטיילט, אַז דער סאָלדאַט פון דער דריטער באַטאַריי כאַיִם דיסקין איז ווי אַ העלד אומגעקומען פאַר זײַנע, באָטשאַראָווס, אויגן.

באָטשאַראָוו איז זיך ניט שטאַרק טויע געווען. אינעם שפּיטאָל זײַנען די דאָקטוירים, וואָס האָבן אין זייער לעבן געזען ניט איין טויזנט פאַרוווּנדעטע, פאַרכידעשט געשטאַנען איבער כאַיִם דיסקינס צעריסענעם, צעפליקטן אויסגעדאַרטן קערפּער. זיבעצן שווערע ווונדן האָבן זיי אָנגעציילט... קיין האָפענונג, אַז ער וועט בלײַבן לעבן, האָבן זיי ניט אַרויסגעזאָגט. ווען כאַיִם איז געקומען צו־זיך אין דער פאַלאַטע פאַר שווער־פאַרוווּנדעטע אין אַ סווערדלאָווסקער שפּיטאָל, איז דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געפרעגט באַם דאָקטער, געווען:

— וויִאַזוי און אין וועלכער מעדיצינישער שול קאָן מען אָנקומען זיך לערנען?

דער דאָקטער האָט גוטמוטיק אַ שמייכל געטאָן:

— אײַלט זיך ניט, מײַן טײַערינקער, פריִער ווערט אַליין געזונט, און דערנאָך וועט איר שוין טראַכטן וועגן היילן אַנדערע.

נאָר דער דאָקטער האָט נאָך ניט געוווּסט, מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן. כאַיִם האָט ניט געוואַרט, ביז ער וועט געזונט ווערן, ער האָט דערלאַנגט אַ מעלדונג אין אַ מעדיצין־שול. ליגנדיק אין שפּיטאָל, האָט ער שטודירט, ליגנדיק אין שפּיטאָל, געהאַלטן עקזאַמענעס.

אַזוי האָט כאַיִם דיסקין זיך געלערנט אין דער מעדיצין־שול און געטרוימט וועגן דער אַקאַדעמיע פאַר מיליטערישער מעדיצין.

אַז ער איז אַ העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד, אַז זײַן נאָמען געפינט זיך צווישן די נעמען פון די אַנדערע לעגענדאַרע פאַרטיידיקער פון מאָסקווע, האָט ער זיך אַפילע ניט פאָרגעשטעלט. דערוווּסט האָט ער זיך וועגן דעם ערשט אין אַ יאָר אַרום נאָך דעם, ווי עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער אוקאַז. זיך דערוווּסט, נאָך אַלץ ליגנדיק אויף דעם שפּיטאָל־בעטל. איינער פון די פאַרוווּנדעטע האָט אים געבראַכט אַ נומער פון אַן אַלטער צײַטונג, וואָס איז אים צופעליק אַרײַנגעפאַלן אין די הענט, און האָט מיט כידעש געזאָגט:

— זע נאָר זע, אזוינס זאָל זיך גאָר מאכן. אלץ פאלט צונויף: דער נאָמען, דער פאָטערנאָמען, די פאמיליע. איינער א כאַים טעוועלעוויטש דיסקין איז א העלד פון סאָוועטנפארבאנד.

בא כאַימען האָט הילכיק אָנגעהויבן קלאפן דאָס הארץ: „און עפשער?.. ניין, עס קאָן ניט זײַן, עס קאָן ניט זײַן, מע וואָלט מיר שוין פון לאנג מיטגעטיילט". איבערלייענענדיק דעם אוקאז, האָט ער זיך דערוווסט, אז מע האלט אים פאר אן אומגעקומענעם, אז ער איז אויסגעמעקט פונעם צעטל פון די לעבעדיקע.

ווען ער האָט זיך א ביסל בארויִקט, האָט ער אָנגעשריבן א בריוו אין מאָסקווע צו מיכאַיל איוואנאָוויטש קאלינין: אויב עס איז אין רוסלאנד ניט פאראן קיין אנדער דיסקין, וואָס איז געווען א סאָלדאט פון דער דריטער באטאריי פונעם 94־טן פאָלק, איז דיסקין, וועגן וועלכן עס איז געשריבן אינעם אוקאז, — ער.

אין עטלעכע טעג ארום האָט דיסקין באקומען א טעלעגראמע פון מיכאַיל איוואנאָוויטשן מיט די סאמע הארציקע גראטולירונגען. עס האָבן אויך צוגעשיקט טעלעגראמעס די מארשאלן ראָקאָסאָווסקי און סאָקאָלאָווסקי. און אָט איז געקומען דער גליקלעכסטער טאָג: כאַים דיסקינען, וועלכער איז נאָך צוגעשמידט צום בעט, גיט מען איבער א לענין־אָרדען און א גאָלדענעם שטערן פון א העלד.

ס'איז שוין אוועק א פערטל יאָרהונדערט נאָך דעם, ווי דער פאשיזם איז געקומען אין אונדזער לאנד אף צו פארניכטן אין דעם אלדאָס גוטע, אלדאָס שיינע, וואָס מענטשלעכע הענט האָבן אזוי זאָרגפעליק געפלאנצט און געהאָדעוועט.

מיליאָנען און מיליאָנען זין און טעכטער פונעם פאָלק, דאָס גאנצע פאָלק האָט זיך אופגע־הויבן און צעשמעטערט דעם בלוטיקן סוינע. די לעבן געבליבענע זײַנען נאָך דער מילכאָמע אוועק ווײַטער מיט זייער ליכטיקן וועג.

איינער פון זיי איז כאַים דיסקין, דער געניטער כירורג, וואָס זײַן אידעלער פאך איז — ראַ־טעווען מענטשלעכע לעבנס.

---

## שמועל גאָרדאָן

# שטעטלעך

(רײַזע־בילדער)





ווין דאָס וויפלטע יאָר, ווי אַפן שרײַבטיש בא מיר ליגט א האַנטבוך מיט אַן אַלטער אײַזנבאַן־רעשימע. ניצן זיך מיט איר איז, אייגנטלעך, דאָס זעלבע, ווי זיך ניצן, אַשטייגער, מיט אַן אַלטן קאַלענדאַר. אַז אַלץ האָט זיך פאַר די דאָזיקע יאָרן געביטן: די נומערן פון די צוגן, די צײַט, ווען זיי קומען אָן און גייען אָפּ. הײַנט וויפל נײַע אײַזנבאַנען און סטאַנציעס זײַנען צוגעקומען! דאָך טרעפט, די האַנט טוט זיך פּלוצעם א ציִ אויס צו דער רעשימע, מישט אויף דאָס זײַטל, וווּ ס׳איז פאַרצייכנט פאָגרעבישטשע, און איך דערזע פאַר זיך דאָס שטעטל פון מײַן ווײַטער קינדהײַט. עס כאַפּט מיך דערבײַ אָן אזא נאָגנדיקע בענקשאַפט, אַז איך גיב זיך דאָ אַפן אָרט א ניידער דעם זומער אומבאַדינגט אהין זיך אַראָפּכאַפּן.

און די זומערס גייען דורך. א זומער נאָך א זומער, א זומער נאָך א זומער...

ניט געווען נאָך, דאַכט זיך, דער פאַל, איך זאָל דורכפאָרן די סטאַנציע קאַזאַטין, און די עטלעכע מינוט, וואָס עס שטייט דאָרט דער צוג, זיך ניט אומדרייען איבער דער פּלאַטפאָרמע, פון וועלכער עס גייט אָפּ דער באַן אַף זשאַשקאָוו. דורך פאָגרעבישטשע גייט ער. סאַכאַקל עטלעכע און זעכציק קילאָמעטער פונדאַנען.

ניט איבערצוציילן די רעלסן אַף דער סטאַנציע קאַזאַטין, און ניטאָ די שאָ, עס זאָלן אהער ניט אָנלויפן עטלעכע צוגן. לאַנג פאַרהאַלטן זיי זיך דאָ ניט, אָפּגעשטאַנען פינף—צען מינוט, און ווײַטער אין וועג. דער זשאַשקאָווער צוג איז אָבער אַן אַנדערער. ער שטופּט זיך ניט אויבנאָן אַף דער ערשטער ליניע, מיט זײַן קומען מאַכט ער ניט אָן קיין טומל און קיין געלויף. ער קומט זיך שטיל צו גיין אַף א גאַנצער שאָ פריִער, און זײַן געלאַסנקײַט און רויִקײַט גיט זיך איבער די פּאַסאַזשירן: קיינער לויפט ניט, קיינער שטופּט זיך ניט. ער שטייט זיך באַשיידן בא א זײַטיקער פּלאַטפאָרמע, און אויסער מיר, פרעגט, דאַכט זיך, קיינער ניט בא די קאָנדוקטאָרן, וווּהין גייט ער, דער צוג. ער האָט זיך זײַנע פּאַסאַזשירן.

הײַנט בין איך ענדלעך אויך א פּאַסאַזשיר פונעם זשאַשקאָווער צוג. דער וועג פון מעדזשיבאָזש און פון דעראַזשנע גייט דורך קאַזאַטין.

דער באַגינען איז א זוניקער, א פרישער, פול מיט טוי פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט און מיט רויש פון די בינען, וואָס אײַלן צו דער אַרבעט. כ׳ווייס ניט, וואָס האָט געטראַכט די קאָנדוקטאָרשע, צוקוקנדיק, ווי שיר ניט יעדן איינעם פון די פּאַסאַזשירן פאַרבעט איך אין וואַגאָן, ווי א באַלעגאָלע א פאַרשוין צו זיך אין בויד אַרײַן, און שיר ניט בא יעדן איינעם פרעג איך זיך נאָך, צי ער איז ניט קיין פאָגרעבישטשער.

---

אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 2, ה. י.

— און איר אַליין, אַנטשולדיקט, זענט אַ פּאַגרעבישטשער? — רופט זיך אָן צו מיר, ווען דער צוג האָט שוין געריִרט, דאָס יונגע מיידל, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן באַם האַלב־אָפענעם פענצטער און געהאַלטן אויף די קני אַ שאַכטל מיט אַן אויסגעמאָלטער טופליע אויפן דעקל, — איך האָב אײַך עפּעס קיינמאָל באַ אונדז ניט געזען.

— אַמאָל בין איך געווען אַ פּאַגרעבישטשער, — ענטפער איך.

— פאַר דער מילכאָמע?

— נאָך פריִער.

— און איצטער?

— איצטער וווין איך אין מאָסקווע.

— וויל איך באַ אײַך טאַקע עפּעס פרעגן.

דאָס מיידל נעמט אַרויס פונעם שאַכטל אַ פּאָר העלע טופליעס מיט אומגעהייער פאַרשפּיצטע נעז און מעשונע הויכע אָפּצאַסן און וואַרט אויף מײַנע מעווינעס.

— באַ אײַך אין מאָסקווע זײַנען אין דער מאָדע אַזעלכע טופליעס? איך האָב זיי געקויפט אין קיִעוו. ספּעציעל געפאָרן צוליב דעם. כ׳האָב געוואָלט אויך קויפן אַ „באָלאָניע“[1], איז ניט געווען מײַן מאָס. דערפאַר אָבער האָט מיר אָפּגעגליקט מיט אַן אַנדער זאַך: כ׳האָב געקראָגן וואָזנעסענסקיס „אַנטימירי“[2].

זי זאָל ניט געווען זיך אַזוי שפּיגלען אין די טופליעס, וואָלט איך איר מיסטאמע געזאָגט, אַז אויף וויפל מיר איז באַוווסט, זײַנען איצט אין מאָסקווע אַזוינע טופליעס ניט שטאַרק אין דער מאָדע. אָבער אַז נאָך באָלאָניעס יאָגט מען זיך איצט ניט, וועגן דעם האָב איך זי שוין גראָדע יאָ געוואָרנט, זי זאָל ניט קלערן ווידער ספּעציעל פאָרן צוליב דעם קיין קיִעוו. וואָס שײַעך וואָזנעסענסקיס „אַנטימירי“, האָט איר בעפּירעש אָפּגעגליקט, וואָרעם אַ גוט ביכל גייט קיינמאָל ניט אַרויס פון דער מאָדע.

צופרידנדיק, ווי זאָרגזאַם דאָס מיידל פאַרוויקלט די טופליעס אינעם דינעם גלאַנציקן פּאַפּיר און ווי אירע קאַרע לענגלעכע אויגן שײַנען דערבײַ, טו איך באַ זיך אַ טראַכט, צי איז מיר ניט באַשערט, דורך אָט דער דאָזיקער צופעליקער באַקאַנטשאַפט, זיך נאָך מעסאַמייעך זײַן אויף אַ שטעטלשער כאַסענע.

— און וועמען קענט איר אין פּאַגרעבישטשע? — גיט זי מיך אַ פרעג.

הייב איך אָן אויסרעכענען:

— שאָלעם דעם קירזשנער, כייקל דעם שנײַדער, אַווראָם דעם פישער, אַרן דעם טרעגער, די נײַן שוועסטער, וואָס מע האָט גערופן „די נײַנער“.

דאָס מיידל קוקט מיך אָן מיט פאַרכידעשטע אויגן און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ווײַזט אויס, די, וועלכע איך האָב אָנגערופן, זײַנען שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ, און זי האָט אַזעלכע נעמען און צונעמענישן קיינמאָל ניט געהערט. מיר דוכט, אַז זי סאָפּעקט שוין ביכלאַל, צי בין איך אַ פּאַגרעבישטשער.

גיב איך אַ שפּרינג איבער אויף אַ פּאָר צענדליק יאָר שפּעטער, צו אַ ייִנגערן דאָר, און נעם איר אויסרעכענען, שוין באַ די פאַמיליע־נעמען יענע פון אונדזערע בני־איר, מיט וועלכע איך האָב זיך באַקאַנט אין פאַרשיידענע שטעט, באַ פאַרשיידענע אומשטענדן. שאָקלט זי ווידער מיטן קאָפּ און קוקט אויף מיר, ווי איך זאָל זיך אויסגעבן ניט פאַר דעם, וואָס איך בין. הייב איך איר אָן אויסמאָלן דעם מאַרק לעבן דער אַלטער הילצערנער שול, די אָפּגעברענטע מיל, דאָס גרינע שמאָלע געסעלע באַם קאָסטיאָל, עליע דעם טאָטערס סטאָדאָלע, ווו ס׳פלעגן שפּילן אָנגעפאָרענע יידישע טרופּעס...

— וואָס, איר גלייבט נאָך איצטער אויך ניט, אַז איך בין אַ פּאַגרעבישטשער?

דאָס מיידל שווײַגט. איך פיל, אַז דאָס שטעטל, וועגן וועלכן איך דערצייל, זעט איר אויס עפּעס ווי אַ מין מוזיי מיט עקספּאָנאַטן פון אַ ווײַטער, ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט.

אין וואַגאָן ווערט מיטאַמאָל טומלדיק. דער צוג איז שוין דורכגעלאָפן די זעכציק קילאָמעטער פון קאַזאַטין ביז פּאַגרעבישטשע. מע אײַלט צו דעם אַרויסגאַנג.

— אין אײַערע צײַטן פלעגט מען אויך אַרויסשטײַגן מיט אַ סטאַנציע פריִער, אין רזשעווסק, צי מע פלעגט טאַקע פאָרן ביז דער סטאַנציע פּאַגרעבישטשע?

— אין אונדזערע צײַטן פלעגט מען אויך אַרויסשטײַגן אין רזשעוווסק, — ענטפער איך דעם מיידל, וואָס האַלט מיך ווי אין איין פאַרהערן.

— אוי, וואָס זיצן מיר! מירן דאָך מיט אײַך בלײַבן אָן ערטער אין אויטאָבוס. זעט, איר זאָלט

---

[1] אַ זומער־מאַנטל; [2] Антимиры (אַנטיוועלטן) — אַ לידער־זאַמלונג פונעם פּאָעט אַנדריי וואָזנעסענסקי.

אין געלאָף ניט איבערפלאָנטערן און זיך ניט אַרייַנזעצן אין דעם אווטאָבוס, וואָס גייט אפן צוקער־זאַוואָד.

— פונדאַנען ביזן שטעטל איז, אויב איך האָב ניט קיין טאָעס...

— קימאַט פיר קילאָמעטער, — זאָגט מיר אונטער דאָס מיידל, — נאָר קיין באַלאָנים שפּאַנען צופוס זייַנען ניטאָ. אַלע ווילן פאָרן. אויב איר ווילט ניט בלייַבן שטעקן אין רזשעוווסק ביזן אָוונט, איז אייַלט זיך צו.

— וואָס עפּעס ביזן אָוונט?

— שייַלעס, כאַווער, וועט איר פרעגן נאָכדעם. — האָט זיך אַרייַנגעמישט אַ פּאַסאַזשיר מיט אַ פּאָר פריילעכע אויגן, — גרייט זיך בעסער צום מאַראַפּאָן, וואָס וועט זיך באַלד אָנהייבן.

נאָך אָט די אַלע וואָרענישן בין איך דאָך אַרויסגעשטיגן פונעם וואַגאָן קימאַט דער סאַמע לעצטער. און אָנשטאָט אָנגורטן די לענדן און זיך לאָזן לויפן צום אווטאָבוס פאַרכאַפּן אַן אָרט, בין איך אַוועק צו דעם פאַרוקטן נידעריקן שטיבל, דעם געוועזענעם וואָקזאַלכל, וואָס האָט זיך געלאַנגווייַליקט אין שאָטן פון אַ שלעפעריקן קאַשטאַנען־בוים.

עטלעכע צענדליק יאָר, אַז מיר האָבן זיך ניט געזען. צי געדענקט אָט דאָס פאַרלאָזענע שטיבל, וויִאַזוי עס האָט אין אַ לינדן פּייסעכדיקן פרימאָרגן אַרויסבאַגלייט פונדאַנען דאָבערראָכען די אַלמאָנע מיט אירע יעסוימים, וואָס זייַנען אויס מוירע פאַר אַ נייַער שכיטע געלאָפן זיך ראַטעווען? איך געדענק אַלץ אַזוי, ווי דאָס וואָלט נעכטן פאַרלאָפן: דעם גרויסן מעשענעם גלאָק מיטן לאַנגן שטריקל, דאָס בלויע שילדל אונטערן דאַך, די ווייַסע פאַרצעלייַענע איזאָליאַטאָרס איבערן פענצטער, צו וועלכע עס האָבן זיך געצויגן פון די טעלעגראַף־סלופּעס שורעס דראָטן.

עטוואָס ווייַטער, אין סאַמע מיט פון פעראָן, שטייט דער איצטיקער וואָקזאַל — אַ שיין ווייַס מויערל. איך ווייס אָבער פאַרפריִער, אַז עס וועט זיך ניט פאַרהיטן אין מייַן זיקאָרן. דאָס וועט ניט דערלאָזן דאָס אַלטע וואָקזאַלכל, פּונקט ווי דאָס אַלטע פּאָגרעבישטשע וועט מיסטאַמע פאַר מיר פאַרשטעלן דאָס נייַע, וואָס שטייט מיר באַלד פאָר צו דערזען מיט די אייגענע אויגן.

## 5. אין פּאָגרעבישטשע

און אַזוי איז טאַקע געווען.

איך שטיי אין רעכטן צענטער שטעטל בא דער אַפּטייק, וווּ איך בין אַרויסגעשטיגן פונעם איבערגעפּולטן אווטאָבוס, און כ׳זע אַלץ די פאַרשוווּנדענע כאַלופּקעס מיט די שטרויענע דעכער, די שטעלעכלעך און יאַטקעס אַראָפּ־גאַס, און ניט די נייַע הייַזער אַרום מיר, די סעדלעך און גערטנדלעך אין די הויפן, די אַספאַלטירטע טראָטואַרן... קיינער איז לעבן מיר ניטאָ. איך הער אָבער דייַטלעך: „ס׳איז פּאָגרעבישטשע, ס׳איז פּאָגרעבישטשע...“ דאָס קנעל איך אַזוי אייַן מיט זיך אַליין. איך לאָז זיך מיט דער גאַס, נאָר דערזע איך אַ שטוב מיט אַ פריזבע, בלייַב איך ווידער שטיין, ווי איך זאָל זיך טרעפן מיט אַן אַלטן באַקאַנטן. און אַז איך האָב דערזען אַ כורווע — אַ גרויס הויז מיט אַ האַלב־אייַנגעוואַלגערטן גאַנעק, מיט רויטע לאַדנס און פאַרזשאַווערטע זאַוויסעס, מיט אַן אָפּגעריסענעם דאַך, בין איך אַהין אַרייַן און זיך לאַנג אומגעדרייט צווישן די שטומע אָפּגעקראָכענע ווענט. דער זיקאָרן מייַנער האָט פיבערדיק געמישט אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל פון די ווייַט פאַרלאָפענע יאָרן. ניין, איך האָב ניט קיין טאָעס! דאָ האָט געוווינט יאַנקל דער בעזשענעץ פון שאַול, וואָס האָט געאַרבעט אפן צוקער־זאַוואָד.

די, וואָס האָבן מיך געזען אַרייַנגיין אין דער כורווע און זיך דאָרט אַרומדרייען, האָבן מיסטאַמע אַ טראַכט געטאָן, אַז איך בין אַ בויער, אַ טעכניקער צי אַ פּראָראַב, און ניט הייַנטמאָרגן, וועט מען זיך דאָ שטעלן בויען.

איך קער זיך ווידער אום צו דעם רויטן מויערל פון דער אַפּטייק, גיי אַהין אַרייַן. דער אַפּטייקער, אַ הויכער מאַנצבל מיט אַ גראָוו בערדל און גאָלדענע אַלטמאָדישע פּענסנע, פּאָלגט שווייַגנדיק נאָך, ווי איך קוק זיך צו צו די ליכטיקע האַלב־קאָפּלנע ווענט, צו די סלאָיִקלעך און פלעשעלעך אף די פּאָליצעס. וווּ זייַנען עס אַהינגעקומען די מעסוקן לאַנגע עטיקעטקעס מיט די ברייטע שוואַרצע קאַנטן, וואָס מע פלעגט צוקלעפּן צו די רעפּועס און וואָס פלעגן אף אונדז, קינדער, אָנוואַרפן אַן איימע?

— וואָס האָט איר געוואָלט? — טוט מיך דער אַפּטייקער ענדלעך אַ פרעג און רוקט בעשאָסמייַסע אַרויף די פּענסנע אף דער נאָז.

דאָס מיידל אינעם זייבערן כאַלאַט, וואָס האָט זיך אין דער דאָזיקער רעגע באַוויזן אין דער גלעזערנער טיר און אַוועקגערופן דעם אַפּטייקער צום טעלעפאָן, האָט מיך אַרויסגעפירט פון דער פאַרלעגנהייַט, ווייַל וואָס וואָלט איך אים, אייגנטלעך, געענטפערט, אַז איך ווייס אַליין

ניט, נאָך וואָס איך בין אהער אריַין. מיך האָט פּאָשעט אהער אריַינגעשיקט דער אופגעוואכטער זיקאָרן מיַינער...

אוואדע האָב איך זיך ניט געריכט, אז איך וועל דארפן אָנקומען, עמעצער זאָל מיר וויַיזן, ווו איז געשטאנען שאָלעם דעם קירזשנערס שטוב. דאָס געסל, וואָס האָט זיך מיר פארגעדענקט, ווי א גרויסע טומלדיקע גאס מיט א וועלט היַיזער, איינס פונעם צווייטן שענער, איינס פון צווייטן העכער, איז, לאָזט זיך אויס, גאָר א קליין שמאָל געסעלע — קיין וואָגן וועט דאָ, דאכט זיך, ניט דורכפאָרן.

דער שווארצער פארוואקסענער מאנצבל, וואָס האָט מיר אָנגעוויזן דאָס געסל, ווו איך האָב געוווינט, און וואָס בא אים האָב איך זיך דערוווסט, אז ס'האָט נאָך דערצו א נאָמען באָלאָטינקע, — איז געווען פארטאָן מיט אונטערשטעלן שטענגלעך אונטער די צוויַיגן פון די עפּל־ און בארן־ביימער בא זיך אין סעדל. צוויי געדיכט באהאנגענע צוויַיגן זיַינען אריבערגעקראָכן איבערן פּלויט און בעשום־אויפן ניט געוואָלט אריַין צוריק אין הויף. האָט דער מענטש פארוואָרפן אף זיי א שטריקל און צוגעבונדן צו דער רינווע, ווי מע בינדט צו א ניט־געהאָרכזאם פערד.

ווי פארטאָן דער מענטש איז ניט געווען, האָט עס אים ניט געשטערט צו אָפּגעבן זיך אויך מיט מיר. אז איך האָב אים אָנגעהויבן דערציילן, וויאזוי איך בין דאָ אין געסל איינמאָל שיר ניט דערטרונקען געוואָרן, האָט ער געגעבן א וויש אָפּ די הענט אין די פארשטויבטע קאָרטענע הויזן און אריַינגעשריגן אינעם דערבייַיקן גערטנדל:

— ליובע, גיב אכטונג אף די הינער. איך וועל דאָ גיין וויַיזן אן אָנגעפאָרענעם מענטשן די מיקווע, ווו ער איז מיט כאָצי מייע יאָרן צוריק, זאָגט ער, שיר ניט דערטרונקען געוואָרן. — און צו מיר: — שטעלט זיך פאָר, אז דער זומפּ, וועגן וועלכן איר דערציילט, האָט זיך גראדע פארהיט. דערטרונקען ווערן אין אים איז אפילע שווערלעך, נאָר אויסבאָדן זיך דאָרט קאָן מען נאָך אויך איצט גאנץ פיַין.

— געפונען מיט וואָס זיך אויספּיַינען, מיט דער באָלאָטינקער בלאָטע, — מוסערט אים אויס דאָס וויַיב. — ווילסט זיי פירן וויַיזן דאָס שטעטל, איז פיר זיי וויַיזן דעם פּארק, די קינאָ, דעם מארק.

— א מאָשל, א מענטש פרעגט זיך נאָך אף שאָלעם דעם קירזשנערס שטוב, שיקט זי אים אין קינאָ.

— פונוואנען קענט איר שאָלעם דעם קירזשנער, אָלעוו־האשאָלעם? — ווענדט זיך די פרוי צו מיר.

— זיי האָבן בא אים, זאָגט ער, געוווינט אין שכיינעס, — ענטפערט דער מאן פאר מיר, — ער איז, זאָגט ער, וועלווע דעם קאָוונער בעזשענעצס א זון.

— וועלוול דעם בעזשענעצס? און ווען זענט איר פונדאנען ארויסגעפאָרן? אינגיכן נאָכן פּאָגראָם? איז פונוואנען קאָן איך זיי קענען, אז איך בין נאָך דעמלט געווען א ברעקל קינד. נו, און פון דעמלט אָן זענט איר דאָ מער ניט געווען? וואָס איז יענער פּאָגראָם אין פארגליַיך מיט דעם, וואָס די פאשיסטן האָבן דאָ אָפּגעטאָן!

— נו, גענוג וועגן דעם, ליובע, — פרווט זי דער מאן אָפּשטעלן.

— צו דעם איז פאראן א גענוג? מיר זיַינען קארג אויסגעשטאנען? איך כאַפּ זיך אופעט, ניט פאר היַינט געדאכט, אינדערפרי, און ס'איז אויס ראיאָן, אויס וואָלאסט, אויס באנק. אלע האָבן זיך עוואקויִרט, און איך האָב ניט וועמען אָפּצוגעבן דעם פּידיען. איך האָב דעמלט געארבעט אין א קלייט. געבליבן א קאסע מיט געלט, און ניטאָ וועמען זי אָפּצוגעבן. האָב איך געכאַפּט א פורל און זיך געלאָזט אָניאָגן אונדזערע. טויזנט און איין נאכט, שיר ניט די נעשאָמע אויסגעשפּיגן פון הונגער, נאָר פון דער קאסע קיין קאָפּעקע ניט אָנגערירט.

— ביסט דאָך א פארטיינע! האָסטו געראטעוועט א מאטמען מיט געלט, און די קינדער...

— גיי שוין, גיי. כ'האָב פיַינט, אז מע פלאפלט. דו וואָלסט געטאָן אנדערש? זעט איר, — ווענדט זי זיך צו מיר, — איין זאך נאָר טאָר מען מיַין שלוימען ניט אָנטרויען — א פריַי סאָט־קעלע ערד, וואָרעם ער וועט עס איַיך באלד פארפלאנצן. „גוואלד, שלוימע, — טיַינע איך צו אים, — וואָס דארפסטו אזויפיל זייען און פלאנצן? ס'איז דיר קארג דער גאָרטן מיטן סעדל ארום שטוב?" איז ניין. האָט ער פארזייט א גערטנדל, ווו ס'איז געשטאנען כיַיקל דעם שניַידערס שטיבל, א גערטנדל, ווו איר האָט אמאָל געוווינט, און וואָזיעט זיך דאָרט גאנצענע טעג.

— פון דעם, ווי דו דערציילסט, קאָן מען מיינען, אז איך טו עס צוליב כאיונע, — בייזערט זיך שלוימע אפן וויַיב, — איך טו עס, וויַיל איך קאָן ניט צוזען, ווי די ערד ווערט פארווילדעוועט, פארוואקסן מיט קראָפּעווע און טישעבאָוועדיקע בודעקעס. האלעוויַי, הערט איר, קומט היַינט א בולדאָזער און נעמט אָפּ בא מיר אלע מיַינע „גיטער"! האלט עס נאָך אָבער ניט בא דעם. פאראן

געגוג פלאַץ צו פאַרבויען אָן אונדזער באַלאַטינקע, און די ערד, ווי איר ווייסט, איז ניט קיין אקאַרע, פאַרזייט מען ניט, וואַקסט פון זיך אַליין, ס'איז נאָר געוועגדט וואָס.

איך בין ניט זיכער, צי וואָלט שלוימע געבענטשט דעם בולדאָזער, ער זאָל געווען טאַקע היינט אָנפאָרן אַהער, נאָר אַז שלוימע קאָן ניט צוזען, ווי די ערד לעכצט נאָך זוימען, נאָך מענטש־לעכער מי, אין דעם איז ניט געווען וואָס צו סאַפּעקן, וואָרעם ווען איך בין דאָ ניט פאַרבייגעגאַנ־גען, האָב איך אים שטענדיק געטראָפן זיך פּאָרען מיט א לאָפּעטע אָדער מיט א שפּריץ־קענדל.

...ווער האָט געבראַכט צו טראָגן אָט דעם גרויען עלנטן שטיין און ווי א מאַציווע אים אוועק־געשטעלט דאָ, אין דעם סאָד, ווו ס'איז אמאָל געשטאַנען שאַלעם דעם קירזשנערס הויז? אויך אזא איינער, ווי איך, וואָס איז געקומען אף קיווער־אָוועס, צי עמעצער, וואָס קלייבט זיך דאָ פאַרלייגן דעם פונדאַמענט פאַר זיין נייער נעסט?

אין סאָד האָבן ארויסגעקוקט די הויכע פענצטער פון א נייער געביידע. מע האָט דאָרטן, הינטער די פענצטער, געוויס באַמערקט, ווי איך זיץ פאַרמומערט אפן שטיין. ס'איז אָבער קיינער צו מיר ניט ארויס, און עפשער יאָ? אויסער דעם, וואָס עס האָט אין מיר אופגעוועקט דער זיקאָרן, האָב איך איצט פאַר זיך גאָרניט געזען.

...איך זיץ מיט דער מאַמען אפן בעט, אף אונדז איז אָנגעשטעלט א ביקס. די מאַמע בלע־טערט מיט פאַרכאַלעשטע הענט דעם קאָרבן־מינכע און קאָן ניט געפינען דאָס קערענקע־פּאַפּירל, וואָס זי האָט דאָרט באַהאַלטן אף איינצוקויפן האָלץ אף ווינטער. ענדלעך געפינט זיך די קערענקע. די אָנגעשטעלטע ביקס פאַרשווינדט, און אין שטוב ווערט צוריק טויט־שטיל. עס גייען דורך עטלעכע מינוט, און ווידער הייבט זיך אוף א יעלאַלע. די באַנדיטן פאַרנעמען מיט זיך מיין על־טערן ברודער, שיקען. א שלאַנקער, וווקסיקער שניידער־יונג פון איין און צוואַנציק יאָר. ער האָט זיך געקליבן אין זעלבשוץ מיט דער לאַנגער פּיקע, וואָס ער האָט אַליין געמאַכט. האָט די מאַמע געגומען די פּיקע און פאַרוואָרפן אין ברונעם און אים, שיקען, מיט מוטערשע טרערן פאַר־האַלטן לעבן זיך. און אָט פירט מען אים אף שטענדיק אוועק פון איר.

— מע פירט מיך צו דער אקידע, מאַמע!

דורך די אויסגעשלאָגענע שויבן רייסט זיך אריין אין שטוב א טרוקענער אַפּהילך פון א שאָס. און גאָרניט. קיינער אין שטוב שרייט ניט, קיינער רירט זיך ניט פון זינען. עס זיינען ווי פאַרשטיינערט געוואָרן די הערצער. מע האָט געהאַרגעט שיקען, און טאַטע־מאַמע רירן זיך ניט פון זינען!..

„מע פירט מיך צו דער אקידע“. ניין, מיין ברודער האָט מיט זיך דעמלט ניט דערמאָנט ייצכאָקן. דאָס איז געווען מיין ברודערס וואָרענונג די לעבנגעבליבענע, א צוואָע, זיך ניט לאָזן פירן ווי א קאָרבן צום טויט.

דער זיקאָרן מיינער בלעטערט און בלעטערט די געשעענישן פון יענע ווייטפאַרגאַנגענע יאָרן.

ס'איז טיפער ווינטער, דריי־פיר כאַדאָשים נאָכן פּאָגראָם. איך ליג אונטער דער צעפליקטער קאָלדרע לעבן דעם גויסעסדיקן טאַטן. שוין די וויפלטע נאַכט, ווי די מאַמע מאַכט ניט צו מיט קיין אויג — זי היט דעם טאַטן פונעם מאַלכאַמאָוועס, וואָס שטייט בא אים צוקאָפּנס. דאָס קנייטל אין דער האַלבער קאַרטאָפליע טשאַדעט, רופט צונויף צו אונדזער געלעגער די שאָטנס פון צימער. דער טאַטע גיט מיטאַמאָל א צי אריין אין זיך די לופט און לאָזט זי שוין מער צוריק ניט ארויס.

— ...מיין ליובע האָט מיך שוין א פּאָר מאָל געשיקט נאָך אייך, — דערהער איך הינטער זיך שלוימעס ווייכע שטים. — וויפל איז עס דער שיר אזוי צו זיצן. מיר וועלן די קדושים צוריק לעבעדיק ניט מאַכן. האַשעם נאָסן, האַשעם לאָקאַך. יאָ, יאָ, אזוי איז שוין, אפאָנעם, באַשאַפן די וועלט. דער לעבעדיקער מענטש דאַרף טראַכטן וועגן לעבן.

ווהין איך האָב זיך הערנאָך ניט געלאָזט גיין, האָט דער וועג מיך צוריקגעבראַכט אַהער, אף באַלאַטינקע, צו דעם גרויען עלנטן שטיין.

קומען אין דער פרעמד און טרעפן אין האָטעל העגגען א מעלדונג, אַז עס זיינען ניטאָ קיין פריע ערטער, איז, פאַרשטייט זיך, ניט פון די גרויסע פאַרגעניגנס. אָבער נאָך מעדזשיבאָזש און דעראַזשנע, ווו די האָטעלן האָבן קימאַט געפוסטעוועט, האָט מיך בעפיירעש דערפרייט דער־הערן אין פאַגרעבישטשע פון דער דעזשורנע, א בלאָנדע פרוי מיט א מילד פּאָנעם, אַז אפילע דער דיוואַן אין קאָרידאָר איז אויך פאַרנומען.

— כ'פאַרשטיי ניט, וואָס שמייכלט איר? — האָט זי זיך ווי באַליידיקט. — איר גלייבט ניט?

— כאָלילע.

— און פאַראַן אַזעלכע, וואָס גלייבן ניט. וואָס הייסט, זאָגן זיי, אין אַזאַ גרויסן האָטעל זאָלן ניט זיין קיין פרייע ערטער. מאָדנע מענטשן. זיי מיינען, ס'איז זיי דאָס אַמאָליקע פּאַגרעבישטשע. ס'איז קיינמאָל ניט געווען קיין קליין שטעטל, נאָר אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס איצט, איז ווי זאָל איך אייך זאָגן?.. אַמאָל האָט זיך דאָס שטעטל אָנגעהויבן באַם הילצערנעם בריקל איבערן ראָס און זיך געענדיקט באַ דער אָפּגעברענטער מיל, ווו די קינאָ איז איצט. ווייטער האָט שוין געהייסן: מע איז אין דאָרף. און איצט ציט זיך פּאַגרעבישטשע ביזן צוקער־זאַוואָד. ס'איז פיינע עטלעכע קילאָמעטער. נאָר מיטן אויטאָבוס זעט זיך עס ניט אָן. באַ אונדז וועט דאָ מיט דער צייט נאָך ווערן אַ שטאָט. אַ וועלט מיט קאָמאַנדיראָוועטשנע שטייען דאָ איין, און הויפּטזאַכלעך, מיינט איר, ווער? בויער. איר זייט צופעליק ניט קיין בויער?

— דאָס איז וואָס, אַ סגולה צו קריגן אַ בעטל?

ציי זי האָט מיין ענטפער אָנגענומען פאַר אַ באַשטעטיקונג, אַז איך בין אַ בויער, און צו זיי, ווי מיר שיינט, האָט די דעזשורנע אַ באַזונדער שוואַכקייט, צי ס'האָט מיר פּאַשעט אָפּגעגליקט — פאַר דער צייט, וואָס כ'האָב זיך אומגעדרייט איבערן שטעטל, איז, ווייזט אויס, עמעצער פון האָטעל אַרויסגעפאָרן. אַלנפאַלס, שלאָפן אין קאָרידאָר אָפן דיוואַן איז מיר ניט אויסגעקומען. אַז איך האָב זיך אומגעקערט, האָט מיך די דעזשורנע באַגעגנט מיט אַ בסורע:

— איך קאָן אייך דערפרייען: ס'האָט זיך באַפרייט אַ בעטל, קומט, וועל איך אייך ווייזן.

די ראַדיאָ אין קאָרידאָר האָט אַזוי געשריגן, אַז איינזיצן אין צימער איז געווען אומעגלעך. קיין איינהאָרע זאָל זיי ניט זיין, די זינגער פון פּיאַטניצקיס כאָר, זיי וועלן דאָך באַלד פאַנאַנדער־טראָגן דעם האָטעל. אַז פאַר זיי זיינען ענג די גרעסטע זאַלן אין דער וועלט, נעמט מען און מע שפּאַרט זיי אַריין אין די דאַלעדאַמעס פון אַ געוויינלעך הויז. איך זאָג וועגן דעם דער דעזשורנע. דער איינציקער צוהערער דאָ, אין די דאַזיקע באַטאָגיקע שאָען. אַנטשולדיקט זי זיך און שליסט אינגאַנצן אויס די ראַדיאָ. נאָר קוים בין איך אַרויס אין דרויסן, אַזוי האָב איך ווידער דערהערט דאָס זעלבע מעכטיקע געזאַנג.

די זון האָט ווי פאַרגעסן, ווו זי האַלט אין דער וועלט. דער טאָג גייט, און זי סמאַליעט.

— איר ווייסט ניט, דער זאַגס איז אָפן?

איך האָב זיך אַזוי פאַרקוקט אָפן קופּאָל פון דער ליכטיקער געביידע מיט די שמאָלע לאַנגע פענצטער פון פאַרשיידנפאַרביקן גלאָז, אין וועלכע די זון האָט אָפּגעליכטן ווי אין קרישטאָ־לענע פּוזשערן שפּילעוודיקן ווייַן, אַז איך האָב ניט באַמערקט, ווי איך שטיי אָפן גאַנעקל פונעם זאַגס און פאַרשטעל דעם אַריינגאַנג.

דער יונגערמאַן, וואָס איז אַרוף אָפן גאַנעקל, האָט אויך פאַריסן דעם קאָפּ צו דעם קופּאָל פונעם געוועזענעם קאָסטיאָל, ווו ס'איז איצט דער שטעטלשער קלוב, געוואָרט, אָפּגעם, איך זאָל אים זאָגן, וואָס האָב איך דאָרט אַזעלכעס דערזען. פון אַלץ, וואָס איך וואָלט געקאָנט דערציילן דעם יונגנמאַן וועגן דעם דאַזיקן איבערגעבויטן מויער, האָב איך אים בלויז געזאָגט:

— איך קוק, ווי די פייגל זיינען טריי און איבערגעגעבן זייערע נעסטן. אָט אַזוי פלעגן זיי זיך צוניפליען אהער אין מיינע יאָרן, אַזוי וועלן זיי זיך אהער צוניפליען אפילו דעמלט, ווען דאָס דאַזיקע הויז וועט שוין ניט זיין.

— זיי האָבן עס איבערגענומען באַ דעם מענטשן, — האָט דער יונגערמאַן מיר אַ זאָג געטאָן מיט אַזאַ זיכערקייט, ווי ער וואָלט זיך מיקויעך דעם געהאַט דורכגעשמועסט מיט די פייגל.

אין די צוויי צימערלעך פון זאַגס איז ניט געווען ווו זיך צושפּאַרן — ניט נאָר די טישלעך און בענקלעך, נאָר אפילו די פענצטער זיינען געווען פאַרנומען. האָב איך זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, און אַזוי, שטייענדיק, געבלעטערט די רעגיסטראַציע־ביכער, וואָס די פאַרוואַלטערן האָט מיר געגעבן, וואָרענענדיק, אַז בלויז אַ קליינער טייל פונעם אַרכיוו האָט זיך פאַרהיט נאָך דער מילכאָמע. פונעם בלעטערן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די פאַרגעלטע זייטלעך האָט זיך גאָרנישט ניט געענדערט. קיין שום ידיעס, וואָס האָבן אַ שייכעס צו מיינע קרויווים, האָב איך ניט גע־פונען. אַזוי אַז מיין יינגערן ברודער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פּאַגרעבישטשע, וועט אויך ווייטער אויסקומען אָפּמערקן זיין געבורטסטאָג באַם ערשטן כאַנעקע־ליכטל. כאָטש מעגלעך, אַז ער איז גאָר געבוירן געוואָרן ניט כאַנעקע. ווען מען איז עס אַמאָל אָנגעגאַנגען אין די שטעט־לעך דער טאָג פון געבוירן? אָפּגעמערקט האָט מען דאָך נאָר די יאָרצייטן.

— כאַים־לייב גאָנט, אַלעוו־האַשאָלעם. מייער־זאָרעך סויפער, וועטשנאַיאַ פּאַמיאַט[1]. מאַטעס מילשטיין... וועטשנאַיאַ פּאַמיאַט... שיפרע גלאַזמאַן... אַלעהאַ־האַשאָלעם...

לעבן מיר איז באַ אַ טישל געזעסן אַן עלטערער מענטש מיט אַן אָרדען־בענדל אָף דער

---

[1] אייביקער אָנדענק.

ברוסט. ער איז געזעסן איבערגעבויגן איבער אַ גרויסן בוך, אים געבלעטערט און קורץ און אָפּגעהאַקט געלייענט אַף אַ קאָל אַ נאָמען נאָך אַ נאָמען.

— און מייַנע זייַנען ניטאָ, — האָט ער אָפּגערוקט דעם בוך, — ניטאָ, ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל אַף דער וועלט ניט געווען. אַפילע אין די ביכער פון זאַגס קיין זייכער פון זיי ניט פאַרבליבן.

— איר זייַט ניט איינער, — האָט זיך בא מיר אַרויסגעכאַפּט.

דער מענטש האָט אופגעהויבן אַף מיר זייַנע טיפע גרויע אויגן:

— איר ווילט מיך, זע איך, טרייסטן מיט צאָראַס ראַבים...

— איר האָט מיך ניט אַזוי פאַרשטאַנען.

נאָר דער מענטש האָט מיך שוין ניט געלאָזט קיין וואָרט מער אויסריידן. ס'האָט זיך געפילט, ער זוכט פאַר וועמען אויסגיסן דאָס האַרץ.

— ווער האָט עס געזאָגט, אַז צאָראַס ראַבים מאַכט לינדער די וווּנד פונעם יאָכיד? שוין באַלד דרייַ און צוואַנציק יאָר, ווי די היטלעראָווצעס האָבן דערהאַרגעט מייַן פרוי מיט די קינדער, און די וווּנד איז פריש, זי האָט זיך ניט פאַרהיילט. פאַר די פּאָר טעג, וואָס איך בין הי, האָב איך שוין דורכגעבלעטערט קימאַט אַלע ביכער. כ'ווייס, עפשער האָט מען זיי אַלפי־טאָעס פאַרשריבן ניט אין דעם בוך. איך זוך, כאָטש אַ זייכער געפינען, אַז כ'האָב געהאַט אַמאָל אַ הויזגעזינד. מיר איז דאָך אַפילע קיין שטיקל פאָטאָגראַפיע פון זיי ניט פאַרבליבן. דעם עלטערן מייַנעם וואָלט הייַנטיקן זומער, נאָך שאַבועס נאַכמו, געוואָרן פערציק יאָר. — און דער מענטש באַם טישל האָט ווידער גענומען בלעטערן די רעגיסטראַציע־ביכער, בלעטערן און לייענען אַף אַ קאָל, צוגעבנדיק צו יעדן נאָמען פון די, וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט זייערע יאָרן, „אָלעוו־האַשאָלעם“ און צו די, וואָס זייַנען פאַרשניטן געוואָרן, — „וועטשנאַיאַ פּאַמיאַט“.

וויִאַזוי איז געשען, וואָס אָנשטאָט צוגיין אין ראַיויספּירקאָם, — בין איך גאָר ווידער פאַרקראָכן אַף באַלאָטינקע? אָבער ווי גייט מען עס פאַרבייַ דעם הויכן טורעם פון דער וואַסערלייטונג און מע פאַרקערעוועט ניט רעכטס אַפן פּלאַץ צו די מויערן פון די צוויי צעניאָריקע שולן! וואָס איז דאָ געווען אין מייַנע צייַטן? אַ גרויסער פּוסטער פּלאַץ, און שוין?

— איך וועל פון אים, זאָל איך אַזוי לעבן, כאַפּן דעם אינפאַרקט. ווילסט מיר אַמאָל אופהערן מיט דייַן „שאַגאַיו פּאָ מאָסקווע“ און מיט די „דווּא בערעגאַ או אָדנאָי רעקי“[1], צי ניין? האַ? וועמען, דאָווידקע, ווילסטו עס אָפּנאַרן, וועמען? ער מיינט, ער וועט מיר אונטערוקן אַ „שאַגאַיו פּאָ מאָסקווע“ פאַר אַן עטיוד און איך וועל עס אָנעמען פאַר טוירעס לאָקש. ניט געפונען דאָס אָרט, ניט געפונען. הער מיר נאָר אוף שמאָרען מיט דער נאָז. אָנגעהויבן! יאָ, יאָ, פון סאַמע אָנהייב. נו? אָט, אָט אַזוי, פּאָ נאָטאַם, פּאָ נאָטאַם[2], און ניט פאַרקריכן דער שעד ווייסט וווּהין. אָט, אָט אַזוי: איינס און... צוויי און... דרייַ און... פיר און...

די פרוי אינעם געקוויטלטן כאַלאַט מיט די קורצע אַרבל, וואָס טייַנעט זיך אַזוי אויס מיט איר איניקל, זיצט אַפן נידעריקן גאַנעק פון אַ שטוב ניט ווייַט פונעם פּלאַץ, און נעמט אַרויס מיט אַ האָרנאָדל די ביינדלעך פון די ווייַנשל, וועלכע זי לייגט איבער פון אַן עמער אין אַ מעשענער פאַן. דאָס איניקל, אַ יינגעלע פון אַ יאָר אַכט־נייַן, זיצט רייַטנדיק אַף אַ טאַבורעטקע און האַלט אין איין אונטערהייבן דעם שפּיציקן אַקסל, ס'זאָל זיך ניט אַראָפּגליטשן דער רימען פונעם אַקאָרדעאָן. פון פאַרגעניגן, וואָס ער וועט באַלד אַרייַנפלעכטן אין דעם עטיוד, וועלכער איז אים, קענטיק, שוין דערעסן געוואָרן, אַ שטיקל ליד און די באָבע וועט זיך ערשט כאַפּן, ווען ער וועט עס שוין האָבן אָפּגעשפּילט, לויפן אום זייַנע שוואַרצאַפּלען הין און צוריק. די באָבע נעמט אָבער ניט אַראָפּ פון אים קיין אויג. זי ציילט אים אויס די אָפּגעמאָסטענע „איינס און... צוויי“, אָט ווי אַ וזוואָדנער קאָמאַנדיר, און גיי פּרוּוו ניט שפּאַנען אין פוס.

שטיי איך מיר אַזוי בא דער זייַט און קוק זיך צו צו דער באַהאַלטענער שפּיל צווישן דער באָבען מיטן איניקל.

— דאָווידקע, ווידער שוין?

אָסער, אויב איך האָב אין דעם עטיוד, וואָס דאָס יינגל האָט אייַנגעכאַזערט, אופגעכאַפּט אַפילע אַן אָנדייַט אַף אַ ניגן פון אַ ליד.

דערזען מיך שטיין אַנטקעגניבער, ווענדט זיך די פרוי צו מיר:

— גיט, זייַט מויכל, אַן אייצע, וואָס טוט מען, האַ? איר האָט געזען, סאַראַ מאַמזער דאָס איז. דער לערער פון מוזיק האָט טויזנט מאָל אָנגעזאָגט, מע זאָל אַכטונג געבן, ער זאָל ניט שפּילן נאַ סלוך[3], וואָרעם דאָס קוילעט אַוועק. ס'איז אַ מין אַלקאָהאָל איז עס. איז זעט איר דאָך, ווי ער

---

[1] שורעס פון פּאָפּולערע רוסישע לידער; [2] לויט די נאָטן, לויט די נאָטן; [3] לויטן געהער.

פאָלגט. און צו וועמען האָט מען נאָכדעם טייַנעס? צו דער באָבען, פארשטייט זיך. אין אַלץ איז הייַנטיקע צייַטן שולדיק די באָבע.

זי מאכט מיר אַן אָרט לעבן זיך אפן גאנעקל.

— זיצט, זייַט מויכל. גענוג, וואָס איך האָב אָפּ זיך די שטוב מיטן גאָרטן, דאַרף איך נאָך זען, דאָס אייניקל זאָל, כאָלילע, ניט פארפעלן די אינדערפריִעדיקע פיזקולטורע, ווי אמאָל דעם „מוידע אני“, און אים העלפן, ניטאָ ווער ס׳זאָל לאכן, מאכן די אוראָקן. און צו וועמען, מיינט איר, קומט ער צו לויפן מיט די רעטעניִשן פון די פּיִאָנערסקע זאָרקעס[1] און מיט די אוגאַדייַקעס?[2] אַז דער זון מיט דער שנור האָבן קיינמאָל קיין צייַט ניט, טאָג ווי נאכט אפן זאַוואָד. העלפט נאָך גאָט און ס׳ווערט מיטאמאָל א מאָדע זיך אָפּ א פיאנע אין קרעדיט. קימאַט א האלב שטעטל שטייט אין אָטשערעד. דערווייַל ביז וואָס ווען, האָט מען אויסגעקויפט אין קראָם אַלע באיאנען און אקאָרדעאָנען, כעוורע קלעזמאָרים גיבן שטונדן, און איך דאַרף ווערן א מאַזש־גיִעכטע, זען, אַז דאָס פייַנע אייניקל זאָל שפּילן פּאָ נאָטאַם. איר׳ט מיר גלייבן, איך קען שוין די גאַמעס מיט די עטיודן, וואָס ער שפּילט, ניט ערגער ווי דער כאַזן, לעהאַוודל, דעם לעכו נעראַנענע.

מעגלעך, דערפאַר, וואָס דאָווידקעלע האָט די גאנצע צייַט, וואָס די באָבע האָט זיך פאר מיר געקלאָגט, שעלמיש אונטערגעשמייכלט, צי ווייַל אין דער באָבעס שטים האָט זיך ניט געפילט קיין בייזקייַט, נאָר דער אייַנדרוק איז בא מיר געווען, אַז ביידע, אי ער, אי זי, זייַנען צופרידן פון דער באהאַלטענער שפּיל, וואָס זיי פירן.

איך קאָן מאמעש ניט צוזען, ווי באַם יִנגעלע רוען ניט די פינגער, ווי זיי לויפן אום איבער די פערלמוטערנע קלאַווישן פונעם אנשוויגן געוואָרענעם אקאָרדעאָן, איז טו איך בא אים א פרעג:

— וואָס, אַזוי שטאַרק גלוסט זיך דיר איצט אויסשפּילן א ליד?

פירט דאָס יִנגעלע איבער זייַן בליק פון מיר אָפּ דער באָבען, און דער אקאָרדעאָן באקומט ווידער לאָשן. קענטיק, דאָווידקע האָט געייַלט וואָס מער ארייַנכאַפּן. ניט באוויזן ענדיקן אויס־שפּילן איין ליד, האָט ער באלד אָנגעהויבן א צווייטע, א דריטע... ס׳איז געווען א מין פּאָפּורי פון הייַנטצייַטיקע לידער.

— נו, און יִדישע לידער, דאָווידקע, קענסטו?

— א שייַלע, צי ער קען. פארוואָס זאָל ער ניט קענען, פארוואָס, — ענטפערט פאר אים די באָבע, וועלכע האָט מיטאמאָל פארגעסן, וואָס דער לערער פון מוזיק האָט אָנגעזאָגט, — ער קאָן אייַך אויסשפּילן אַזעלכע שטיקלעך, וואָס אפילע בא נעכאַמע ליפשיצייַטע טרעפט איר עס ניט. מיר האָבן בא זיך אַלע אירע פּלאַסטינקעס, אירע און דעמס, ווי הייסט ער...

— כאַיאַטאַוסקאַס, — זאָגט איר אונטער דאָווידקעלע, וואָס האַלט שוין דעם קאָפּ עטוואָס פארוואָרפן אין א זייַט, די שווארצע פלינקע אייגעלעך האַלב צוגעשלאָסן און די פינגער לויפן איבער די קלאַווישן.

ווי קומען צו דעם אכט־ניַיניאָריקן יִנגעלע די ניגונים פון אמאָליקע יִדישע כאַסענעס, לידער פון די אמאָליקע יִדישע וואנדער־טרופּעס, לידער וועגן אומגליקלעכע ליבעס און אומ־גליקלעכע לעבנס, וועגן פּייַן און צאָרן?..

די יִדישע ניגונים שפּילט אָבער דאָווידקע עפּעס ניט אַזוי, ווי מע פלעגט זיי אמאָל בא אונדז שפּילן. אייניע און די זעלבע לידער ווערן, אפאָנעם, אין פארשיידענע צייַטן פארשיידן גע־זונגען. יעדער דאָר זינגט אָפּ זייַן אויפן. און דער וועג, וואָס עס מאכט דורך א ניגן פון דאָר צו דאָר, איז ווי דער וועג פון א קוואַל, וואָס ווערט פלוצעם אויסגעטריקנט, קיין זייכער, דאַכט זיך, פון אים ניט פארבליבן, און מיטאמאָל באווייַזט ער זיך ווידער, אָפּטמאָל דאָרט, וו מע האָט זיך ניט גערעכט אָפּ אים. ריזלט ווייַטער, רינט און ריזלט, בייַקומענדיק אַלע שטרויכלונגען אין וועג.

ווען זייַוול פראַנק זאָל דאָ איצטער זייַן...

דערציילן דיר, דאָווידקע, ווי זייַוול פראַנק איז געשטאַנען באַם פארווייעטן פענצטער, זיך צוגעהערט צום געוווי פון קאַזאַכסטאַנער בוראַן און שטיל אונטערגעזונגען א יִדישע ליד? ווען ער דערוויסט זיך, זייַוול, אַז אין צעלינאָגראַד, קוסטאַנייַ צי אין אַן אַנדער שטאָט פון קאַנט וועט זייַן א יִדישער קאָנצערט, האַלט אים ניט אָפּ, ווי ער האָט מיר דערציילט, דער גרעסטער בוראַן, דער שטאַרקסטער פראָסט. ווער איז, ווילסטו וויסן, אָט דער זייַוול פראַנק? א פארנומע־נער, זייער א פארנומענער מענטש. דער דירעקטאָר פון איינעם פון די גרעסטע, אויב ניט פונעם גרעסטן סאָווירט אָפּ דער צעלינאַ, א העלד פון סאָציִאַליסטישער ארבעט, א פארדינסטפולער אגראַנאָם פון דער רעפּובליק.

צי עפּשער דערציילן דיר, דאָווידקע, וואָס עס האָט זיך אמאָל אָפּגעטאָן אין א יִדיש שטעטל, אַז ס׳פלעגט אהין אראָפּפאָרן דער כאַוער פון מייַן ווייַטער קינדהייַט אבראַשע גוטמאַן — א

[1] פּיִאָנערישע ראַדיִאָ־צייַטונג; [2] דאָ: רעטענישן.

יינגעלע אין דיינע יאָרן. מיט וואָס אַזוינס איז ער געווען בארימט, אבראשע גוטמאַן, ווייסטו פרעגן. וועגן יאָסעלע סאָלאָוויי האָסטו געהערט? אזא איז אויך געווען אבראשע גוטמאַן — א וווּנדערלעכער זינגער פון יידישע פאָלקסלידער.

איך האָב דיר א סאך וואָס צו דערציילן, דאָווידקע, נאָר ניט איצט. איצט וויל איך הערן, וואָס האָסטו מיר צו דערציילן. איז שפּיל, דאָווידקע, שפּיל.

דער מאָטיוו פון דער רוסישער ליד, וואָס איז אין די יאָרן פון דער מילכאָמע געוואָרן אויך דער מאָטיוו פון דער יידישער געטאָ־ליד „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג“, וועלכע עס האָט געשפּילט אף זיין אקאָרדעאָן דאָווידקע, גייט מיר נאָכדעם לאַנג־לאַנג נאָך. ער באַגלייט מיך אין ראַיוויספּירקאָם, וווּ אויסער דעם מיידל — דער סעקרעטאַרשע אינעם אופנאַם־צימער — האָב איך קיינעם ניט געטראָפן: ניט דעם פּאָרזיצער, ניט די פאַרוואַלטערס פון די אָפּטיילן. אַלע זיינען זיך צעפאָרן אין די דערפער.

ס'איז די רעכטע צייט פון שניט, און שיר ניט א טאָג איבער א טאָג גייען רעגנס. איז וועלכער אָנפירער וועט אין אַזא זוניקן טאָג, ווי היינט, איינזיצן אין קאַבינעט? פון זיך אַליין טוט זיך גאָרניט. מע דאַרף זיין אפן אָרט, העלפן אָרגאַניזירן די אַרבעט. ס'איז שניט־צייט! און אַזא גערעטעניש, קיין איינהאָרע, ווי האַיאָר, איז שוין לאַנג ניט געווען.

אַזוי גייט מיר צו דערקלערן דער מאַנצבל, וואָס איז אָנגעקומען באַ מיין געשפּרעך מיטן מיידל, א מיטלוווּקסיקער עלטערער מענטש מיט א פּאָר אַקסלען, ווי באַ א טראָגער, אָט־אָט וועט אף זיי פּלאַצן די אויסגעברענטע טעניסקע. ער לייגט גוטברודעריש אַוועק זיין ברייטע האַנט אפן טעלעפאָן, וואָס איז שוין, דוכט זיך, הייזעריק פונעם קלינגען, און רופט זיך אָן צום מיידל באַם טיש:

— איר ווייסט ניט, צו אונדז אין קאָלווירט האָט דער פּאָרזיצער פון ראַיוויספּירקאָם זיך ניט געקליבן פאַרפאָרן? ס'קאָן זיך מאַכן, ער זאָל גראַדע איצטער זיין באַ אונדז, און איך וואַרט מיט די פּאַפּירן אף אים דאָ. איז וואָס טוט מען? וואַרטן, צי זיך אומקערן אין קאָלווירט? אָט א דילעמע.

אַז איך בין שוין אַרויסגעגאַנגען פון ראַיוויספּירקאָם, האָט דער קאָלווירטניק מיך אָנגעיאָגט.

— וואַרט צו, כאַווער. די סעקרעטאַרשע האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט א היגער. ווייבאַלד אַזוי, איז וועמ זענט איר?... שיקעס א ברודער? צי איך געדענק? ער האָט געאַרבעט באַ כייקלען דעם שניידער. און וועמען געדענקט איר? פון די כאָדאָרקאָווסקיס געדענקט איר עמעצן? איך בין שייע כאָדאָרקאָווסקי. נאָר פונוואַנען קומט איר צו וויסן? וויפל זענט איר עס דעמאָלט אַלט געווען? זון איך בין שוין, קאָן מען זאָגן, געווען דאַן א כאָסן־באָכער. וואָס קוקט איר אַזוי אף מיר? יאָ, כאַווער, יאָ. מע איז שוין, ווי איר זעט מיך, פיין אַריינגעפאָרן אינעם זיבעטן צענדליק. נאָר אַרופוואַליען אפן אַקסל א זעקל מעל איז נאָך פאַר מיר דערווייל קיין דילעמע ניט.

איך אַקסל איז באַ דעם מענטשן עטוואָס אַראָפּגעלאָזט, ווי ער זאָל טראָגן אף איר א ביקס, נאָר דער טראָט איז באַ אים ניט פון קיין פעכאָטינעץ, גיכער פון א קאַוואַלעריסט, ער פּרוזשינעט לייכט באַם גיין.

— איז וויפל, זאָגט איר, זענט איר דאָ ניט געווען? — פרעגט ער מיך ווייטער אויס. — העכער צוואַנציק יאָר. גייט שוין גייט. איך, אַשטייגער, ווען איך וווין אַפילע ניט וואָס אין מאָס־קווע — אין בראַטסק, צי נאָך ווייטער, וואָלט איך אַראָפּגעפאָרן אַהער, כאָטש איין מאָל אין צוויי־דריי יאָר. עס וואָלט פאַר מיר גאָר קיינמאָל אַזא דילעמע ניט געשטאַנען. וואָס דאַרפט איר מער? וויפל איז פונדאַנען צו אונדז אין קאָלווירט? ס'איז א שטוב מיט אן אַלקער, אַזוי צו זאָגן. איז אַפילע זומער־לעבן, ווען כ'האָב דאָס ווייב מיט דער טאָכטער לעם זיך אין דאָרף, גייט ניט דורך די וואָך, איך זאָל זיך ניט אַראָפּכאַפּן אין שטעטל. אַזוי ציט עס.

— אַנטשולדיקט, — רוף איך זיך אָן, — וווּ, פונדעסטוועגן, וווינט איר?

קוקט ער מיך פאַרכידעשט אָן:

— ס'הייסט וווּ? באַ א מענטשן, זאָלט איר וויסן זיין, איז פאַראַן נאָר איין היים, אָט דאָרט, וווּ ער איז געבוירן און אויסגעוואַקסן. ער מעג נאָכדעם וווינען כ'ווייס אַליין ניט וווּ, איז סייווי ציט אים אַהיים. זאָגן איך א סאָד. א שטעטלדיקן מענטשן ציט צו זיך אין שטעטל, וווּ ער איז געבוירן, נאָך מער, ווי דעם שטאָטישן צו זיך אין שטאָט. איך האָב עס שוין ניט פון איינעם געהערט.

— יאָ, — רוף איך זיך ווידער צו אים אָן, — אָבער אַצינד וווּ וווינט איר? וווּ איז אייער היים? איר זענט דאָך א קאָלווירטניק.

— א מילנער... נו יאָ, א קאָלווירטניק. איז וווּ, הייסט עס, וווין איך? טאַקע א פראַגע, און ניט נאָר פאַר מיר איינעם. וואָרעם איך בין ניט דער איינציקער, וואָס אַרבעט אין קאָלווירט און וווינט אין שטעטל. ס'הייסט, ווינטער איז מען אין שטעטל, און זומער אַז סע קומט, איז וווּ די

ארבעט ווײַזט, דאָרטן ווײנט מען. איך וואָרן אײַך אָבער: ווען איר וועט אַרײַנקומען צו מיר, איך וווין דאָ, באַם טײַך, וועט זיך אײַך דוכטן, אַז איר זענט אַרײַנגעפאַלן אין אַ דאָרף. שאַט. אַט שטײען מיר מיט אײַך אין רעכטן צענטער שטעטל, דאָ ווײנט קימאַט דאָס גאַנצע ביסל ייִדן. גיט אַף ציקאַוועסט אַ קוק: גערטנער מיט סעדער אַרום אַלע הײַזער. ווו האָט איר עס דאָ געקאָנט זען פריִער? סײַדן אַף יענער זײַט פון דער אָפּגעברענטער מיל, ווו די קינאָ איז איצט. אויב איר ווילט, קאָנען מיר זיך אַהין דורכשפּאַצירן. אין ראַוויספּירקאָם איז שוין הײַנט ניטאָ וואָס צו גײן, סײַדן האַלבע נאַכט, ווען זײ זעצן זיך זאַסעדײַען...

די לאַנגע און ברײטלעכע לענין־גאַס פירט אונדז אַוועק צו דעם נײַעם קינאָ־טעאַטער. דאָ צעצווײַגט זי זיך אַף צוויײען. די גאַס, וואָס גײט אַוועק רעכטס, פאַרבײַ דעם אַרומגעצאַמטן מאַרק, פירט אין אָפענעם פעלד, דאָ שמעקט מיט פרישן היי, מיט אויבס, מיט בוימל, מיט אַ סאַך אַנדערע רייכעס, וועלכע עס שיקט אַהער אַרײַן דער מאַרק.

אַפן מאַרק איז שוין קיינער ניטאָ — ס'איז סאָף טאָג. שטײען די טישלעך ליידיק, די רויט־געפאַרבטע לאָדנס פון די פּאַוויליאָנען און קלײטלעך אַראָפּגעלאָזט. אין דער שטילקײַט פונעם שטעטלשן מאַרק איז עפּעס פאַראַן פון דער אַמאָליקער שאַבעסדיקער רו. בלויז באַם טויער איז נאָך טומלדיק. אַרום אַ פעסל בוימל אַפן אויסגעשפּאַנטן וועגעלע, וואָס האָט פאַרהויבן די האָלאָב־ליעס אַרויף (נאַט, הייסט עס, קוקט אַליין אַרײַן און הערט אויף צו פרעגן: ס'וועט קלעקן צי ניט קלעקן), — שטײען עטלעכע מענטשן מיט עמער אין די הענט.

צוקוקנדיק, ווי דער פאַרקויפער צאַפּט אָן אײנעם פון זײ אַ פולן עמער בוימל, רופט איך זיך אָן:

— אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, איז צום באַקן כאַנעקע־לאַטקעס נאָך גאַנץ ווײַטלעך.

יענער ענטפערט מיר אָפּ מיט אַ בליק, וואָס דאַרף אָן ערעך באַטײַטן: „אַ דאַנק, וואָס איר האָט עס אונדז דערמאָנט“, און ער נעמט מיך באַלד אַפן פאַרהער, צי ווייס איך, קעדוימע, וואָס איז אַזעלעכס כאַלעסטערין און סקלעראָז און וואָס פאַר אַ רעפּוע צו די דאָזיקע כאַלאָסן איז בוימל, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס אָן בוימל האָט אַ ציבעלע, אַ רעטעכל, אַ פּאָמידאָרל און קעדוימע גאָר ניט יענעם טאַם. און אײַנטונקען אַ שטיקל ברויט אין בוימל — איז שלעכט?

— נו, אַרײַנגעכאַפּט אַ פּסאָק פאַר פאַרגעסן די שטעטלשע מײַכאָלים, האַ? — פרעגט מיך דער מילנער, ווען מיר שפּאַצירן שוין מיט דער גאַס, וואָס ציט זיך לינקס פון קינאָ און פירט צו דעם צוקער־זאַוואָד.

מע זאָל נעמען און צונויפקלײַבן מיטאַמאָל אַלע פײרעס אין די סעדלעך אַף דער דאָזיקער גאַס, וואָלט פאַר זײ, דאַכט זיך, צו קליין געווען דער מאַרק, און דאָך לאָזט זיך דאָ מער פילן דער רייעך פון קווייטן, אַזויפיל וואַקסן זײ דאָ. פון צווישן די בלומען־שטענגלעך קוקן אַרויס פריש געקאַלכטע שטיבלעך. די פאַרקנדלעך זײַנען נידעריקע, די הויפן „דעקאָלטירטע“ — מע זאָל אַרויסזען זייער שיינקײַט.

— דאַטשניקעס. קימאַט די גאַנצע גאַס איז דאָ זומער־לעבן באַזעצט מיט דאַטשניקעס. — שײַע בלײַבט שטײן. — איך קאָן זיך מיט אײַך וועטן, אַז האַלב דאַטשניקעס, וואָס זײַנען אַהער אָנגעפאָרן, שטאַמען פון די אַרומיקע שטעטלעך.

— איר וועט ניט פאַרשפּילן, — די פרוי מיט די לאַנגע קליפּסן אין די אויערן, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט דאָ דערנעבן באַ אַ פּאַרקנדל, מישט זיך אַרײַן אין אונדזער געשפּרעך, — אָט איך, אַשטייגער, בין אַ בעלילאַווקער, נאָר שוין אַ יאָר דרײַסיק, ווי איך וווין אין יאַראָסלאַוול.

— און ניט געפונען קיין בעסערן קוראָרט, ווי פּאָגרעבישטשע?

— פאַרוואָס? דער מאַן האָט געקאָנט קריגן באַ זיך אַפן זאַוואָד אַ פּוטיאָווקע אַפילע קיין סאָטשי, נאָר מיך ציט אַהער. שוין דאָס דריטע מאָל, ווי איך פּראָווע דאָ דאַטשע.

— געהערט? — האָט שײַע זיך צו מיר אָנגערופן, ווי גלײַך ער וואָלט טאַקע אויסגעשפּילט אַ געוועט.

— פּאַווליק, — שרײַט די פרוי צו אַ האַלב־נאַקעט פאַרברוינט ייִנגעלע, וואָס לויפט אַרום איבערן הויף מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך און בעט זיך מאַמעש ראַכמים באַ די הינדעלעך, זיי זאָלן זיך לאָזן כאַפּן, — פּאַווליק, לאָז צורו די הינער, דו הערסט, פײַוועלע, מע רעדט צו דיר! אַט־אַ גײט די באַלעבאָסטע!

נאָר וואָס באַלעבאָסטע, ווען באַלעבאָסטע, דאָס ייִנגעלע טוט זיך זײַנס.

— די דאַטשנע קינדער, וואָס זײַנען געקומען פון די גרויסע שטעט, זײַנען אַלע ווי מײַן פײַוועלע, — פאַרענטפערט זיך די פרוי, — פאַר זיי איז דאָ קימאַט אַלץ אַ נאָווינע. אַ לעבעדיקע הון איז פאַר זיי אַ נאָווינע. אָט טויבן, זעט איר, דאָס איז שוין פאַר זיי גראָדע קיין נײַס ניט. ווו

האָט איר די שטאָט, עס זאָלן אויספעלן טויבן? כאַיאָלעס גאַנצע. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, טויבן זײַנען טאַקע אַ סגולה קעגן מילכאָמעס?

די גאַס, מיט וועלכער מיר שפּאַצירן, איז ווי אַן אַליי. מע קאָן מיט איר גיין און גיין און ניט באַמערקן ניט די צײַט, ניט די שטרעקע. זײַנען מיר טאַקע אַזוי אומבאַמערקט אָפּגעגאַנגען אַ גאַנץ היפּשן מעהאַלעך, קימאַט ביזן צוקער־זאַוואָד. נאָר דאָרט וועלן מיר, אַפּאַנעם, איצט שוין קיינעם ניט טרעפן, האָבן מיר זיך אומגעקערט מיטן אויטאָבוס צוריק אין שטעטל.

— איר מיינט, איר האָט שוין געזען פּאַגרעבישטשע? — רופט זיך צו מיר אָן שײַע, ווען מיר גייען אַרויס פונעם אויטאָבוס. — קומט, כ׳וועל אײַך ערשט ווײַזן פּאַגרעבישטשע. — און ער פירט מיך אַרײַן אין אַ דערבײַיִק געסל. — נו?

אַ געסל ווי אַ געסל. ניט איבעריק גרויס, ניט איבעריק ברייט, נאָר וואָס דען? מע פלאַסטערט עס. ווען מען ס׳איז אַמאָל אויסגעקומען זינקען אין שטעטלדיקע בלאָטעס, קאָן פאַרשטיין, וואָס דאָס באַטײַט.

ניט ווײַט פון טײַך גייען מיר פאַרבײַ אַ נײַ הויז. ניט באַמערקן עס איז פּאָשעט אומעגלעך. אַזאַ הויז קאָן אָפּשטיין הונדערטער יאָרן.

— נו, ווי קלערט איר, — פרעגט שײַע, — מע זאָל באַ אונדז זײַן אַרײַנגעטאָן אין דער דילעמע — בלײַבן צי אוועקפאָרן, וואָלט מען זיך געשטעלט בויען אַזעלכע הײַזלעך, קיין אײַנ־האָרע? אַ מענטש, וואָס פאַרלייגט אַזאַ פונדאַמענט, לאָזט מיט דעם צו הערן, אַז אין דער שטוב, וואָס ער בויט, האָפט ער, וועלן אויך וווינען זײַנע קינדער און קינדס־קינדער. אַנדערש וואָלט ער זיך געלאָזט אַזויפיל קאָסטן, אַרײַנגעלייגט אַזאַ האַרעוואַניע? איר ווייסט, וואָס הייסט בויען אַ שטוב? און אויב אַ מענטש גייט אָף דעם אײַן, איז מיסטאָמע שטעקט דאָך אין דעם עפּעס. דאַכט זיך, נאָכן לעצטן אומגליק וואָלט שוין קיינער ניט געדאַרפט זיך צוריקקערן אַהער, און זעט איר דאָך. ניטאָ קימאַט דאָס שטעטל, ווו עס זאָלן ווידער ניט וווינען קיין ייִדן. אין איין אָרט מער, אין איין אָרט ווייניקער, אָבער פאַראַן. און דאָס האָט אַ סאַך וואָס צו זאָגן. עמעס, זעלטן ווער עס קומט איצט צו, אָבער אויך זעלטן ווער עס פאָרט אוועק. ס׳איז סטאַטוס. ווי דער בוים אין זומער: ניט עס קומען צו קיין בלעטער, ניט עס פאַלן אָפּ קיין בלעטער. אָבער אַלץ מיט אַ צײַט. פאַרגע־דענקט מײַנע ווערטער, מע וועט נאָך אופרופן דאָס שטעטל... ס׳איז נאָך ניט אויס שטעטל.

נײַן, אויסערלעך איז שײַע דער מילנער ווייניק וואָס ענלעך אָף ייִסראָעל גראַטשן, דאָך האָט זיך מיר שוין עטלעכע מאָל געוואָלט באַ אים פרעגן: „איר האָט ניט אין דראַזשנע קיין קאַרעוו ייִסראָעל גראַטש?“

— און אָט האָט איר אײַך מײַן אימעניע, — האָט שײַע אָנגעוויזן אָף דער שטוב, וואָס איז געשטאַנען טיף פאַרוקט אין אַ גרויסן פאַרוואַקסענעם הויף.

פון שטוב איז פונקט אַרויסגעקומען אַ מיטליאַריקע פרוי מיט אַ מיידל אַ שיינהײַט פון אַ יאָר זעכצן־זיבעצן.

— וווּ ביסטו עס, טאַטע, געווען אַזוי לאַנג? — האָט דאָס מיידל, נעמענדיק דעם פאָטער אונטער דער האַנט, געפרעגט.

— באַגעגנט אונדזערן אַ פּאַגרעבישטשער און זיך צערעדט. ווּהין האָט איר זיך עס אַזוי אויסגעפּוצט?

— מיר גייען צו גיטע יאַשעס קוקן דעם טעלעוויזאָר, — האָט געענטפערט די פרוי, — טו זיך איבער און קום אויך. הײַנט איז זייער אַן אינטערעסנע טראַנסליאַציע.

— איר מיינט, מיר האָבן ניט קיין טעלעוויזאָר, וואָס מיר גייען צו יענעם? — האָט כאָדאָר־קאָווסקי זיך צו מיר אָנגערופן. — נאָר ס׳איז שוין באַ אונדז אַזוי אײַנגעפירט. קומט דער אָוונט, גייט מען צוגאַסט, אָט ווי אַמאָל שאַבעס באַטאָג נאָכן שלאָף, אויב איר געדענקט.

אין זײַן בליק, מיט וועלכן ער האָט אַרויסבאַגלייט די טאָכטער, איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס דערמאָנט אַ יונגן פאַרליבטן טאַטן.

— עסטער האַמאַלקע, — האָב איך געזאָגט.

— האַ? — האָט שײַע איבערגעפרעגט, ווי ער וואָלט ניט דערהערט.

— זי לערנט זיך, צי זי אַרבעט שוין?

— ווער, מײַן ליאַליע? זי ענדיקט איבעראַיאָר די שול, און ווײַטער וועלן מיר זען. נאָך פאַראַן צײַט, — ער האָט אָפּגעקערט פון מיר די אויגן און שטיל געזאָגט: — שוין געקאָנט האָבן אַזאַ אייניקל.

שײַע האָט נאָכדעם לאַנג געשוויגן, און אַזוי שווײַגנדיקערהייט האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צום גרויסן פאַרוואַקסענעם פלאַץ ניט ווײַט פון טײַך, דאָ איז אַמאָל געשטאַנען די באַרימטע פּאַגרעבישטשער קלויז מיט די צווײ וווּנדערלעכע מענוירעס פון זיבעצעטן יאָרהונדערט.

פון אלץ, וואָס דאָ איז געווען אפן פלאַץ, איז בלויז פאַרבליבן דער ברונעם. שטייען מיר ביידע איבערגעבויגן איבער אים און קוקן אפן אָפּשײַן אין דער וואַסער.

פּלוצעם דערהער איך אַ פאַרדומפּן קאָל, ווי עס זאָל גיין פונעם ברונעם:

— צוואַנציק יאָר, ווי די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, נאָר ביז איצט, אַז איך דערזע אַ פרוי מיט אַ קינד אַף די הענט, בלײַב איך שטיין.

— כ׳פאַרשטיי...

— ניין, ניין, — שלאָגט מיר שײַע באַלד איבער, — ניט דערפאַר וואָס מאַמעס מיט קינדער אַף די הענט דערמאָנען מיר אין מײַן אומגעקומענער פרוי מיט די קינדער. דאָס דאַרף מען מיר ניט דערמאָנען. דאָס פאַרגעסט זיך ניט אפילע אין שלאָף. איך וויל, פאַרשטייט איר מיך, זיך פאָרשטעלן די באַשעפעניש אין דער רעגע, ווען זי רײַסט אַרויס בא אַ מוטער דאָס קינד פון די הענט. ווי נעמט מען עס בא אַ קינד, וואָס שמייכלט צו דיר מיט די אומשולדיקע אייגעלעך, און מע צעקלאַפּט אָן אַ שטיין דעם קאָפּ? ווי איז די זון ניט געוואָרן בלינד עס צוזעענדיק?! דער מענטש, וואָס האָט עס אפילע געזען מיט די אייגענע אויגן, קאָן זיך עס ניט פאָרשטעלן, ס׳איז ניט פאַרן מענטשלעכן פאַרשטאַנד.

מיר זײַנען אוועק מיטן שאָסיי, פאַרבײַ גערטנער און גערטנדלעך. פון שײַען שרײַט אַרויס דער גרויסער ווייטאָק:

— מע פאַרגלײַכט די היטלעראָווצעס צו כײַעס, נאָר צווישן וועלכע ווילדע כײַעס באַגעגנט זיך אַזוינס? ניין, ס׳איז ניט פאַרן מענטשלעכן פאַרשטאַנד! מע האָט דאָ, בא אונדז, די טעג באַוויזן קינאָ, וואָס די היטלעראָווצעס אַליין האָבן אָפּגעפאָטאָגראַפירט. בערג מיט שאַרבנס, מיט מיידלשע צעפּ, מיט קינדערשע שיכעלעך... איר ווייסט ניט, דאַרטן, בא זיי, ווײַזט מען די דאָזיקע קינאָ? פריִער פון אַלץ וואָלט מען עס געדאַרפט ווײַזן דאָרט, אין דײַטשלאַנד, ווײַזן עס די קאָלעס, די קימפּעטאָרנס, די יונגע מאַמעס...

אונטער דער הילצערנער בריק איבערן ראָס האָט געראַוישט דער וואַסערפאַל, געזוכט דאָרט אין דער נידער די רעדער פון דער וואַסערמיל, וואָס איז געשטאַנען אפן ברעג צווישן די אײַנגעבויגענע ווערבעס מיט פאַרהאַקטע טיר־און־פענצטער. איבערן שמאָלן פאַרענטש פון דער בריק, אונטער וועלכן עס האָט געקאָכט און געזאָטן דאָס וואַסער, זײַנען אַרומגעלאָפן אַהין און צוריק יינגלעך אין טרוסיקעס, זיך אויסגעפּײַנט איינער פאַרן צווייטן, ווי מיר אַמאָל, מיט בײַקומען אין זיך די מוירע.

— איך וואָלט מיט אײַך צוגעגאַנגען אפן הייליקן אָרט, אָט איז עס שוין, — ווײַזט מיר שײַע אָן אפן הויכן באַרג, וואָס קוקט אַרויס פון צווישן דיביימער, — נאָר ס׳איז מיר איצט פּאַשעט שווער. אײַלט זיך צו, אונדזער מעכל, מיכײַלאָ נאַסיק, דער קוואָרעסמאַן, קאָן אוועקגיין, און אָן אים וועט איר דאָרט גאָרניט געפינען.

צום ערשטן מאָל הייב איך זיך אוף מיטן דאָזיקן אַרוף־באַרג, צום ערשטן מאָל גיי איך אַרײַן אין דאָזיקן טויער. ווען מע האָט מעקאַבער געווען מײַן אומגעקומענעם ברודער און דעם טאַטן מײַנעם, האָט מען זיי קיין מאַציישוועס ניט באַוויזן שטעלן. גיי איך אום צווישן די פאַרוואַקסענע קוואָרים מיט פאַרכטיקע טריט. עפּשער דאָ... און עפּשער דאָרט.

— שאָלעם אַליכעם, וועמען זוכט איר עס דאָ, מײַן ליבער ייִד?

אַנטקעגן מיר שטייט אַ מענטש מיט אַ באַאַנקענדיקער קאָסע אין דער האַנט. אײן אויג איז בא אים פאַרמאַכט, דאָס אַנדערע קוקט ווי אין אַ זײַט. זײַן גוטמוטיק פּאָנעם איז מיר גוואַלדיק באַקאַנט. און כאָטש איך ווייס, אַז כ׳האָב אָט דעם מענטשן קיינמאָל אין לעבן ניט געזען, דאָך שטרענג איך אָן דעם זיקאָרן — פונוואַנען, פונדעסטוועגן, איז ער מיר אַזוי קענטלעך? נו, יאָ: מיטן אַרײַנמישן אינעם זאַפטיקן אוקראַיִניש, וואָס ער רעדט, יידישע ווערטער דערמאָנט ער מיר אין כוועדאָרן פון שאָלעם־אַליכעמס „די גרויסע בעהאָלע פון די קליינע מענטשעלעך“.

— טאַק, טאַק. געוווינט האָט איר בא שאָלעם קירזשנער. אַ מײַסע, צי איך האָב געקענט שאָלעם ברוסילאָווסקען? וועמען, דאָראָגאַי, קען איך דאָ ניט? איך בין שוין, באָרעכהאַשעם, עט־לעכע און פערציק יאָר קוואָרעסמאַן. צום אַלעמערשטן בין איך געווען אַ סטאַראַזש. באַטאָג גע־פּאַשעט בא באַלעבאַטים די קי מיט די ציגן און באַנאַכט געהיט דעם בעסאָלמען, איצט בין איך, באָרעכהאַשעם, אָדנאָ ס דרוגים[1], אי סטאָראָזש, אי קוואָרעסמאַן, אי, אויב איר ווילט וויסן, אפילע כעוורע קאַדישע. קומט, ליבער ייִד, וועל איך אײַך ווײַזן, ווו סע ליגט רעב שאָלעם. דעם זון זײַ־נעם, אַרטשיקן דעם טשעקיסט, געדענקט איר? אַ באַיעוואַי כעוורעמאַן געווען. אָט אָ־דאָ ליגט אווראָם דער פּישער, אווראָם צירולניק, אויך פון די בעזשענצעס. און ווער ליגט דאָ? נו יאָ, רעב אַרן דער טרעגער, אַ כוואַט אַ ייִד געווען. זײַן זון אָשער דובאָווסקי איז בא אונדז זאַווקאָמונכאָזאָם.

---

[1] איינס און דאָס צווייטע.

מיכײַלאָ מאַקסימאָוויטש נאָסיק שטעלט זיך אָפּ קימאַט בא יעדן קיִיוער.

— אַראַטאַרסקען דעם בוכהאַלטער, אַלעוו־האַשאַלעם, האָט איר געקענט? — פֿרעגט ער מיך, צורעכט מאַכנדיק אַף א פֿריש־אַנגעשאָטן בערגל דאָס ברעטל „פּוי ניקבאַר“, — ער איז געווען א ייִד נאָך פֿון די אַמאָליקע ייִדן. אָן אַראַטאַרסקען איז דאָס שטעטל געבליבן ווי אָן א גאַבע, אָן אים האָט זיך דאָ גאָרניט נישט געטאָן. טאַמער, כאָלילע, מאַכט זיך איצט א לעווייַע, איז ניטאָ אַפּילע, ווער ס'זאָל וועלן גייך קלאַפּן מיט דער קאַראַבקע „צדאָקע טאַצל מימאָוועס“. איר מיינט, איך האָב עפּעס פֿון דער קאַראַבקע? כאָלילע. איך לעב פֿון דער כאַזייַסטווע. איך האָב מיר דאָ אַפּן פֿעלד עטלעכע סאָטקעס ערד, וואָס איך פֿאַרזיי, און א ביסל פֿאַלט מיר אַרייַן פֿון קיִיוער־אָוועס. קומט עלעל, איז ניטאָ דער טאָג, ס'זאָל עמעצער ניט אָנפֿאָרן, און יעדערן דאַרף מען ווייַזן, ווו עס ליגן זייַניקע, וואָרעם קיין סאַך מאַציוועס האָט דער דייַטש, בוד אָן פּראַקליאַטי[1], דאָ ניט איבער־געלאָזט. וואָס איך בין צוליב דעם בעסאַלמען דאָ אויסגעשטאַנען פֿון די דייַטשן, ווינטש איך עס ניט דעם גרעסטן סוינע ייִסראָעל.

מיכײַלאָ לאָזט אַרויס א טיפֿן זיפֿץ.

— שווער צו זייַן א קוואָרעסמאַן אַף א ייִדישן בעסאַלמען. ווו האָט איר נאָך אַזויפֿיל ברודער־קוואָרים?

שטייענדיק בא דעם פֿאַרוואַקסענעם ברודער־קיִיוער, ווו עס ליגט מייַן ברודער שיקע, דערזע איך פֿאַר זיך א צווייטן קיִיוער אינעם ליטווישן שטעטעלע יאַנעשקע. אונטערן בערגל ערד אַפּן גאָרטן בא דער בלויער אָזערע ליגט באַהאַלטן דאָס גאַנצע שטעטל, און צווישן די קאָרבאָנעס פֿון דער היטלערישער שכיטע אויך מייַן ברודער רווון־הענעך מיט דער גאַנצער מישפּאָכע.

ווו איז דער קיִיוער פֿון מייַן דריטן אומגעקומענעם ברודער, וועט מיר שוין קיינער ניט אָנווייַזן — ניט דער בוים, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, ניט דער פֿויגל, וואָס איז דעמלט דורכגע־פֿלויגן. די ערד, פֿאַר וועלכער מייַן ברודער, דער רויטאַרמייער, איז געפֿאַלן אין שלאַכט, האָבן די באָמבעס און סנאַריאַדן עטלעכע מאָל איבערגעאַקערט...

— אייַער פֿאָטער, זאָגט איר, איז געשטאָרבן אינגיכן נאָכן פּאָגראָם, דאַרף ער, אַזוי רעכן איך, ליגן אין איינעם פֿון אָט די דאָזיקע קוואָרים.

אָן ערעך אַזוי האָט מיר מיט עטלעכע יאָר צוריק געזאָגט דער פֿאָלטאַוועער קוואָרעסמאַן, וואָס האָט מיר געהאָלפֿן אָפּזוכן דעם קיִיוער פֿון מייַן פֿרי פֿאַרשטאָרבענער מוטער.

ווען מיכײַלאָ מאַקסימאָוויטש נאָסיק האָט פֿאַרמאַכט הינטער מיר דעם אייַזערנעם טויער פֿונעם בעסאַלמען, איז די זון שוין פֿאַרגאַנגען. נאָר דער ציגל־זאַוואָד אַפּן באַרג איז געווען אַרומ־געגאַרטלט מיט שטראַלן און האָט פֿונדערווייַטנס אויסגעזען ווי אַן אַלטערטימלעכער שלאָס. מיט־אַמאָל איז אַלץ פֿאַרשוווּנדן, און איך בין געבליבן אויג־אַף־אויג מיטן רויך פֿונעם שטאַרצנ־דיקן קוימען...

ווי גרויס עס זאָל ניט זייַן דאָס שטעטל, נאָר א נייַעם מענטשן באַמערקט מען באַלד, ביפֿראַט נאָך א היגן. האָט מען טאַקע אַף מאָרגן מיך מאַמעש ניט געלאָזט דורכגיין די גאַס. שיר ניט יעדער איינער האָט מיך אָפּגעשטעלט, פֿאַרבעטן צו זיך. און אַז מע צערעדט זיך, איז עס שוין ניט אַף איין שאָ...

א טאָג פֿאַר מייַן אָפּפֿאָרן האָט מיך אָפּגעשטעלט שלוימע פֿון באָלאָטינקע און מיך גענומען אַפּן פֿאַרהער: ווו בין איך געווען, וואָס האָב איך געזען, ווי איז מיר געפֿעלן, וואָס איז מיר ניט געפֿעלן. דערהערט, אַז איך בין ניט געווען אין פּאַרק, האָט ער א הייב געטאָן די קאָרטענע הויזן און שיר ניט אונטערגעשפּרונגען:

— הער נאָר. א מענטש איז עס אָפּעט באַלד א וואָך אין פֿאָגרעבישטשע און ניט געזען דעם פּאַרק. איר מיינט, אַפּאָנעם, ס'איז יענץ סעדל, וואָס אַמאָל...

ס'איז טאַקע ניט יענץ סעדל, וואָס אַמאָל. ס'איז א פּאַרק, מיט אַלייען, מיט קלומבעס, מיט א טאַנץ־פּלאַץ און יוגנט אַפּן טאַנץ־פּלאַץ. מיט איינער פֿון די סטעזשקעס לאָז איך זיך אַראָפּ צום ברעג ראָס.

די לעוואָנע איז אַף יענער זייַט טייַך. ביז זי וועט אָנקומען אין שטעטל, האָט זי נאָך דורכצו־שווימען דאָס וועלדל באַם האָריזאָנט און די לאָנקע אַראָפּ־באַרג. פֿון דער אָונטיקער טונקלקייַט, וואָס איז פֿונעם זעלבן קאַרשן־קאָליר, וואָס דאָס וואַסער אין טייַך, שיילט זיך אויס א באַלויכ־טענער דער צוקער־זאַוואָד. די לעוואָנע גייט דאָרטן אום פֿון פֿענצטער צו פֿענצטער.

— א פֿייזאַזש פֿאַר לעוויטאַנען... און מערקווירדיק, אָן דעם צוקער־זאַוואָד פֿאַרלירט דאָך, אייגנטלעך, די לאָנקע איר פּאָעטישן כיין.

---

[1] זאָל ער פֿאַרשאָלטן ווערן.

לעבן מיר שטייען עטלעכע יוגנטלעכע — שילער פון די עלטערע קלאַסן, — און אַ באַיאַר־טער מאַנצבל, וואָס זעט אויס אַ לערער, העלפט זיי אויסקלייבן דאָ, אויפן ברעג, אַ לאַנדשאַפט אויף צו מאָלן.

די לעוואָנע וואַרפט אַרײַן אין פאַרהויכטן שפּיגל פון טײַך עטלעכע זילבערנע טעצלעך. דער שטראָם כאַפּט זיי אונטער און טראָגט אוועק צום טשערעט. שפּרינגען אַרויס פון טשערעט די זשאַבעס און נעמען פריילעך קוואַקען. רופן זיך באַלד אויף די גרילן אינעם גראָז, די סאָלאָוויען אויף די ביימער. און די זילבערנע טעצלעך האַלטן אין איין צוקומען. זיי האָבן שוין באַלד פאַר־כאַפּט אַ האַלבן טײַך. אין די סוידעספּולע קלאַנגען פון דער זומער־נאַכט גיסט זיך אַרײַן אַ ווײַ־טער געזאַנג. און פול מיט בענקשאַפט זײַנען די טענער פונעם אַקאָרדעאָן. דאָס זינגען, ווײַזט אויס, אויף דער לאַנקע דאָרפישע באַכורים און מיידלעך.

איך גיי מיטן נידעריקן ברעג. די לעוואָנע גייט מיר נאָך, און, ווי איך, בלײַבט זי פלוצעם שטיין: פון דער לאַנקע אויף יענער זײַט טײַך, פונוואַנען ס'האָט זיך געהערט דאָס געזאַנג, טראָגן זיך איצט קלאַנגען פון אַ פידל. זיי ווערן נעענטער, זיי זײַנען שוין נאָענט. אויפן ליכטיקן וואַסער הוידעט זיך אַ שיפל. דאָס שיפל שווימט שטיל צום ברעג, עס שפּרינגען פון דאָרט אַרויס, האַלטנ־דיק זיך פאַר די הענט, אַ באַכער מיט אַ מיידל. באַם באַכער אויפן אַקסל הענגט אַ טראַנזיסטאָר. אָט פונוואַנען ס'איז געגאַנגען דאָס וווּנדערלעכע געזאַנג און דאָס שפּילן אויפן פידל.

ווען דאָס יונגע פּאָרל גייט דורך פאַרבײַ מיר, שרײַ איך שיר ניט אויס פון פרייד:

— ס'איז דאָך זי!

יאָ, ס'איז זי, דאָס מיידל פונעם זשאַשקאָווער צוג. זי איז אָנגעטאָן אין די טופליעס, צוליב וועלכע זי איז געפאָרן קיין קיִעוו. איך האָב זי ניט אָפּגעשטעלט. ווער שטעלט עס אָפּ אין אַ לעוואָנעדיקער נאַכט אַ באַכער מיט אַ מיידל?

אינדערפרי בין איך שוין געווען אין שפּיצעניק, פון דאָרטן בין איך אַראָפּגעפאָרן קיין בעלילאָווקע, טעטיִעוו, מאָנאַסטירישטשע... און פונקט ווי עס זײַנען ניטאָ קיין צוויי אַלציינע מענטשן, אַזוי זײַנען אויך ניטאָ קיין צוויי אַלציינע שטעטלעך. יעדער שטעטל, ווי ענלעך ס'זאָל ניט זײַן אויפן צווייטן, האָט זיך זײַן אייגן פּנים, זײַן אייגענע נשמה.

וואָס פאַר אַ שטעטל פון די, וווּ איך בין געווען, איז דאָס עכטע הײַנטצײַטיקע שטעטל? צי וועלן אויף דעם ענטפערן מײַנע רײַזע־בילדער נאָכדעם, ווי איך וועל שוין פּאָלגן דעם דראַזשנער אײַנבינדער אַלעקסאַנדער זעווינען און זיך אַראָפּכאַפּן קיין כמעלניצקי?

דערווײַל בין איך נאָך אין וועג. איך זיץ אינעם אומאַניער צוג, וואָס גייט קיין קאַזאַטין. די וועגן פון די שטעטלעך אַרום ווינניצע און אומאַן גייען זיך צונויף און גייען זיך פאַנאַנדער אין קאַזאַטין.

---

שלוימע ראבינאָוויטש

# מאָסקווע — טעל-אוויוו

(אײַנדרוקן, נאָטיצן)

איך ארבעט אין דער פרעסע־אגענטור „נאָוואָסטי". ניטאָ קיין טאָג, עמעצער פון אונדז, זשורנאליסטן, זאָל זיך ניט לאָזן אין א וויַיטער נעסיִע — קיין וולאַדיוואָסטאָק אָדער מאַכאַטש־קאַלאַ, קיין דעלי אָדער ניו־יאָרק, קיין אַלזשיר אָדער סטאמבול... איך פאָר דאָס מאָל קיין ייִסראָעל. געהערט האָב איך וועגן דעם לאַנד א סאַך, געלייענט ניט ווייניק, אָבער ווי זעט עס אויס אין דערווירקלעכקייַט? ווי לעבן דאָרט מענטשן?

און אָט טראָגט אונדז שוין דער זילבערדיק־וויַיסער „איל־18" אין די וואָלקנדיקע הייכן איבער כאַרקאָוו, סימפעראָפּאָל, אַנקאַרא...

## ———„העווייִנו שאַלאָם אַלייכעם"

איך פֿאָר צוזאַמען מיט א פֿאָר צענדליק פוט־באַליסטן פֿון דער מאָסקווער ספּאָרט־געזעלשאַפט „ספּאַרטאַק". זיי זייַנען אייַנגעלאַדן אַף צוויי כאַוועריִשע באַגעגענישן מיט די פוטבאַליסטן פֿון ייִסראָעל. זיצן גלאַט אַזוי אין די ווייכע פֿאָטעלן, דרעמלען אָדער קוקן אין די אילוימינאַטאָרן אַף די וויַיסע וואָלקנס, וואָס שווימען ערגעץ אונטן, — דאָס איז ניט פֿאַר זיי. עס ברויזט אין די כעוורע יונגנטלעכע ענערגיע און קויעך, זינגט מען איין ליד נאָך דער צווייטער הויך און האָפּערדיק אַפּצולאַכעס דעם רויש פֿון די מאָטאָרן. פלוצעם הער איך די מעלאָדיע פֿון דער פּאָפּולערסטער ליד אין ייִסראָעל — „העווייִנו שאַלאָם אַלייכעם"[1], וואָס פֿאַרמאָגט ניט מער ווי די דאָזיקע דרייַ ווערטער. באַטייַטן באַטייַטן זיי — מיר ברענגען אייַך שאַלעם. די ספּאַרטאַקאָווצעס זינגען, טופּען צו מיט די פֿיס, פּליעסקען מיט די הענט. אין דעם אימפּעטפולן געזאַנג רייַסט זיך מיטאַמאָל אַרייַן א מעכייַעדיקע פרויען־שטים, דאָס איז זאַרא דאָלו־כאַנאָווא, די באַרימטע סאָוועטישע זינגערין, וועלכע זיצט מיט אונדז אין איין סאַלאָן.

איצט זינגען שוין אַלע, כוץ איינער, כוץ מייַן שכיינע, אַן עלטערע פרוי פֿון א יאָר עטלעכע און זיבעציק. מיר צערייִדן זיך, און איך דערוויס זיך וועגן אַן אַלטער וווּנד, וואָס בלוטיקט נאָך ביז איצט. מייַן שכיינע איז פֿון לענינגראַד, פּראָפעסאָר פֿון מעדיצין. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מילכאָמע און די פֿאַשיסטן האָבן גענומען באַשיסן די שטאָט, האָט מען קוידעמקאָל אַרויסגעפֿירט די קינדער. איר איינציק טעכטערל האָט זיך געלערנט אין א ספּע־ציעלער קונסט־שול. די שול האָט מען עוואַקויִרט קיין קיסלאָוואָדסק. ווען אַהין האָבן זיך אַרייַנגעריסן די דייַטשן, האָט זיך די לערער אייַנגעגעבן צו באַהאַל־טן די מיידעלע א רוסישן שייַן. אַזוי־אַרום האָט מען זי בעפּויעל־מאַמעש אַרויסגעכאַפּט באַם מאַלעך־האַמאָוועס פֿון די הענט. אין א קורצער צייַט אַרום האָבן די פֿאַשיסטן פֿאָרט געפֿאַקט דאָס מיידעלע. איין לאַגער, א צווייטער, א דריטער... צום סאָף פֿון קריג

---

[1] הבאנו שלום עליכם.

איז זי מעגולגל געוואָרן אין א קאָנצלאַגער בא די מײַרעוו־גרענעצן פון דײַטשלאַנד. דעם לאַגער האָט באפרײַט א פּאַלעסטינער יידישער טייל פון דער ענגלישער ארמיי. דאָס לענינגראַדער מיידל, וואָס איז שוין אַלט געוואָרן אכצן יאָר, איז געפעלן געוואָרן איינעם פון די יידישע סאָלדאַטן. אינגיכן האָבן זיי כאַסענע געהאַט און זיך באַזעצט אין טעל־אוויוו.

וועגן דעם אַלעם האָט זיך די מאַמע דערוווּסט ערשט א סאך שפּעטער. איצט פאָרט זי זיך זען מיט דער טאָכטער נאָך אַזויפיל יאָרן צעשיידט זײַן.

— האָט איר ניט געטראַכט וועגן אַריבערפאָרן צו איר אַף שטענדיק? — פרעג איך בא איר.

— דאָס, זעט איר, איז פאַר מיר אומעגלעך. ווי קאָן איך זיך שיידן מיט מײַן לאַנד, מיט מײַן שטאָט, מיט לענינגראַד, וואָס איז א שטיק פון מײַן הארצן?

דאָ וועל איך זיך דערלויבן א ביסל פאַרלויפן פאָרויס. די אַלטע יידישע מאַמע פון לענינגראַד האָט די גאַנצע צײַט מוירע געהאַט, צי וועט איר אויסגעליטן, שוואַך הארץ אויסהאַלטן די ערשטע באַגעגעניש... פּאַסירט האָט פונקט פאַרקערט: דערזען די מוטער, האָט די טאָכטער אויסגעשריִען „מאַמע" און געפאַלן כאַלאָשעס.

## אַפן אינדזל ציפּערן

נאָך פיר שאָ פליִען האָט דער סאָוועטישער לײַנער אונדז געבראַכט קיין ניקאָזיִע, דער הויפּטשטאָט פונעם אינדזל ציפּערן. פונדאַנען וועלן מיר שוין פליִען אַף א גריכישן עראָפּלאַן.

מיר האָבן געהאַט גענוג צײַט צו באַקענען זיך מיט דער שטאָט און האָבן געפילט בעכוש, ווי אומרויִק איז דאָ. איבער די שמאָלע און ענגע גאַסן פון ניקאָזיִע גייען ארום די „בלויע קאַס־קעס" — א מיליטערישער פּאַטרול פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס. די שטאָט איז צעטיילט אַף צוויי פײַנטלעכע לאַגערן. מיר זײַנען דערגאַנגען צו א פּלאַץ, וואָס איז איבער־געשניטן אַף צוויי טיילן: פון איין זײַט — גריכישע סאָלדאַטן, פון דער צווייטער זײַט — טער־קישע סאָלדאַטן. ביידע צדאָדים זײַנען גרייט יעטווידע מינוט אָנהייבן א שיסערײַ. און עס מאַכט זיך, אַז מע שיסט טאַקע...

דער גריכישער עראָפּלאַן האָט א ביסל פאַרשפּעטיקט. זײַנען מיר געזעסן אין וואַרט־זאַל און געטרונקען קאַלטן מאַראַנצן־סאָק. צו איינעם פון די טישלעך האָט זיך צוגעזעצט א ייד מיט א געלבלעכער באָרד און געקרײַזלטע פייעס, אָנגעטאָן אין א שפּאָגל־נײַער זײַדענער שוואַרצער קאַפּאָטע, דער הוט אויך א שוואַרצער. אַף די פיס — ווײַסע לאַנגע זאָקן, ביז די קני. אַזעלכע געשטאַלטן האָב איך ביז איצט געזען בלויז אין בילדער־גאַלערייעס.

— שאָלעם־אַלייכעם, — ווענד איך זיך צו אים.

— אַלייכעם שאָלעם, — ענטפערט ער מיט א שמייכל.

— א ראָוו?

— ניין, איך בין א לערער אין א יעשיווע אין יערושאָלאַיִם. וווּהין פאָרט א ייד?

— א ייד פאָרט קיין יִיסראָעל.

— אַף שטענדיק?

— ניין. אַף א פּאָר וואָכן. איך בין א זשורנאַליסט, וויל איך זיך באַקענען מיטן לאַנד.

— ס'וואָלט ניט געוועזן קיין אוולע, — מאַכט ער, — אַז איר זאָלט זיך ניט אומקערן צוריק...

— וואָס רעדט איר, אין דער הייליקער טוירע שטייט דען ניט געשריבן, אַז וואַרפן די היים, איבערלאָזן דאָרט א ווײַב מיט קינדער איז א זינד?

— יאָ, — רײַסט ער מיך איבער, — יאָ, א זינד איז עס, אָבער מיר קאָנען געפינען טאַקע אין דער הייליקער טוירע אַן אַנדער פּיירעש, וואָס וועט אײַך מויכל זײַן.

וויבאַלד אַזוי, איז שוין אַלץ קלאָר...

## דער ערשטער אינטערוויו

קיין טעל־אוויוו זײַנען מיר אָנגעקומען פריִיטיק, אַזייגער צוועלף באַטאָג. דער אַעראָדראָם איז געווען פאַרגאָסן מיט זון. אין אַעראָוואָקזאַל האָט געקאָכט ווי אין א קעסל. א סאך מענטשן זײַנען געקומען באַגעגענען די סאָוועטישע געסט. די זשוואַווע קאָרעספּאָנדענטן פון די יִיסראָעל־דיקע צײַטונגען אַטאַקירן יעדן פון אונדז. וועער עס רעדט רוסיש גאָר נישקאָשע, און וועער עס קאַלטשעט די שפּראַך גאַנץ לײַטיש. אַלנפאַלס, איבערזעצער זײַנען דאָ איבעריק. דערהערט פון מיר א יידיש וואָרט, האָט מען מיך פאַרשאָטן מיט פראַגן. א פאָרשטייער פון דער ראַדיאָ „קאָל יִיסראָעל" האָט געפרעגט:

— וואָס האָט איַיך געזאָגט קאָסיגין וועגן די באַציִונגען צווישן פססר און יִשׂראל, ווען איר האָט זיך געקליבן אין וועג?
וואָס ענטפערט מען אים?

— ווען קאָסיגין זאָל ריידן מיט יעדן איינעם, וואָס פאָרט קיין אויסלאַנד, — האָב איך דערקלערט, — וואָלט אים ניט געקלעקט קיין ציַיט ניט בלויז פאַר מעלוכישע איניאָנים, נאָר אפילו אף אויסצושלאָפן זיך. אָבער איינס קאָן איך איַיך זאָגן: דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט ניט איין מאָל דערוויזן, אַז ער איז פאַר גוטע באַציִונגען מיט אַלע לענדער פון דער וועלט, אַריַינגערעכנט אויך יִשׂראל.

## טעל־אוויוו — די גרעסטע שטאָט אין יִשׂראל

לאָמיר אָנהייבן די ריַיזע איבער יִשׂראל, ווי איך האָב זי אָנגעהויבן, פון טעל־אוויוו, דער גרעסטער שטאָט אין לאַנד. איר באַפעלקערונג (צוזאַמען מיט יאַפע) ציילט איצט 400 טויזנט נעפאַשעס. אהער גיסן זיך אַריַין נאָך פיר שטעט — ראַמאַט־גאַן, כאָלאָן, בניי־בראַק און באַט־יאַם — מיט א באַפעלקערונג פון קנאַפע 250 טויזנט מענטשן. דאָס גאַנצע לאַנד פאַרמאָגט א באַפעלקערונג פון קאָרעוו צוויי מיליאָן זעקס הונדערט טויזנט מענטשן. 300 טויזנט פון זיי — אַראַבער.

טעל־אוויוו איז א מאָדערנע שטאָט, וואָס האַלט זיך ערשט אין בויען. עס ווערן אופגעשטעלט א סאַך ניַיע היַינטציַיטיקע היַיזער, הויפטזאַכלעך פיר־פינפשטאָקיקע — דורכויס גלאָז און בעטאָן. דאָ און דאָרט באַוויַיזן זיך אויך מויערן פון אַכט־צען שטאָק, דער „בעט שאַלאָם“ („דאָס הויז פון פרידן“), וואָס ווערט דער האַנדלס־צענטער פון דער שטאָט, האַלט שוין גאַנצע זעקס און דריַיסיק שטאָק.

טעל־אוויוו טוקט זיך אין גרינס. בולוואַרן, פאַרקן, ביימער לענגויס די גאַסן. אינעם שטאָט־מוניציפּאַליטעט האָט מען מיר געזאָגט, אַז עס זיַינען דאָ פאַרפלאַנצט געוואָרן מיליאָנען ביימער. פאַראַן א מינהעג: אַז עס ווערט געבוירן א קינד, פאַרפלאַנצט מען אף זיַין נאָמען א בוים.

די צענטראַלע אַרטעריע פון דער שטאָט — די פאַרפוצטע, שפּאָגל־ניַיע, ווי ערשט פון דער נאָדל אַרויס, דיזענהאָף־גאַס מיט אירע בונטע רעקלאַמעס — זעט אויס אַזוי, ווי זי וואָלט וועלן זאָגן יעדן מענטשן, וואָס זעט זי צום ערשטן מאָל: טו אָקאָרשט א קוק, ווי שיין איך בין, ווי רײַך איך בין.

געזען האָב איך אין טעל־אוויוו עפּעס אַנדערש אויך. ניט וויַיט פון דעם דיזענהאָף־פּלאַץ פאַרנעמען א היפּשן שטעטך הילצערנע שטיבלעך אָן די סאַמע עלעמענטאַרע באַקוועמלעכקיַיטן. א שטיקל ציַיט צוריק זיַינען אהער געקומען ביזנעס־לייַט. געקויפט באַם מוניציפּאַליטעט די ערד, האָבן זיי אָנגעהויבן בויען וווין־היַיזער צו אַכט—צוועלף שטאָק. די דירעס פאַרדינגען זיי און מאַכן דערביַי א רעכטע קאָפּעקע. אָבער דערפאַר האָבן פיל איַינוווינער פון די אַלטע שטיבער אפילו קיין האָפענונג ניט זיך באַזעצן אין אָט די היַיזער. איינער פון זיי האָט מיר געזאָגט:

— איר פאַרשטייט, דאָ, אין צענטער שטאָט, וווינען מיר, איך מיט מיַין מישפּאָכע — זיבן מענטשן, שוין א סאַך יאָרן, מיר האָבן דריַי צימערן. נו, איז פאָדערן מיר באַ דעם פּאָדריאַטשיק א דירע פאַר א דירע. און ער לייגט פאָר פאַר אונדזער אַלטער וווינונג אַזא פּריַיז, אַז עס וועט קוים קלעקן אף איין פיצל צימער. דירעס קאָסטן באַ אונדז א מאַטמען מיט געלט. צו קויפן אַן אָנשטענדיקע וווינונג דאַרף איך אַריַינקריכן אין כוווס ביז איבערן קאָפּ. נו, זאָגט אַליין, וואָס טויג עס?

— און אויב דינגען א דירע? — פרעג איך.

— דאָס איז נאָך ערגער. די באַלעבאַטים פון די היַיזער האָבן האָיאַר באַשלאָסן צו העכערן דאָס דירע־געלט, כאָטש א דירע קאָסט אַזוי אויך געַנוג. כוץ דעם, דאַרף יעדער איינער, וואָס וויל דינגען א דירע, באַצאָלן פאָרויס א גרויסע סומע. פונוואַנען זאָל עס נעמען א פּראָסטער האָרעפּאַשניק?

אַזוינס האָב איך געהערט פון א סאַך מענטשן, וואָס וווינען ניט בלויז לעבן דיזענהאָף־פּלאַץ, נאָר אויך אין די קוואַרטאַלן מענשיא (מנשיה), נוזהא (נוזהה) און סאַכנא (סחנה).

מע האָט מיר דערציילט, אַז אין יִשׂראל זיַינען פאַראַן טויזנטער מישפּאָכעס, וואָס וווינען אין אַלטע היַיזער, וועלכע דאַרפן אָראָפּגעטראָגן ווערן. די פּאָדריאַטשיקעס ווילן אף דעם ספּעקולירן, און די פּאָליציי העלפט זיי דערין. עמעס, זיי שטויסן זיך קעסיידער אָן אף אַן אַקשאָנעס־

דיקן ווידערשטאנד. דער קאַמף פאר א יושערדיקער קאָמפּענסאציע איז פארוואנדלט געוואָרן אין א מאסן־באוועגונג צווישן די אײַנוווינער פון די אלטע הײַזער. „א דירע פאר א דירע" — דער דאָזיקער לאָזונג איז געוואָרן זייער פּאָפּולער אין טעל־אוויוו.

## וועגן איינער א דראמאטישער באגעגעניש

שאבעס אינדערפרי זײַנען אין הויף פון דעם האָטעל, ווו איך בין אײַנגעשטאנען אין ראמאט־אוויוו, ארײַנגעפאָרן עטלעכע אווטאָמאָבילן. פון דער ערשטער מאשין איז ארויס א קורץ געשוירענע פרוי מיט א בלייך שיין פּאָנעם און גרויסע בלויע אויגן. צוהינקענדיק און אָנשפּארנדיק זיך אפן מאנס אקסל (דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אז זי האָט ניט לאַנג צוריק דורכגעמאכט א שווערע אָפּעראציע), האָט די פרוי געמאכט א פּאָר שפּאַן צו מיר, האָט זיך פאנאנדערגעוויינט און זיך געוואָרפן מיר אפן האלדז. דאָס איז געווען סאָניע ווארזאגער.

זי איז אלט געווען 13 יאָר, ווען אין דער פּוילישער שטאָט סאנדאָמעזש האָבן די היטלעריסטן אָפּגעריסן זי פון אירע עלטערן. קימאט פינף יאָר האָט זי געוואָגלט איבער די קאָנצלאגערן. דעם 8 מײַ 1945 האָט אונדזערע א דיוויזיע, פארפאָלגנדיק די רעשטלעך פון דער היטלעריסטישער ארמיי, באפרײַט אין די סודעטן א קאָנצלאגער, אין וועלכן די עסעסאָווצעס האָבן צונויפגעטריבן יידישע מיידלעך פון אלע עקן אייראָפּע. איך בין געווען צווישן די ערשטע סאָוועטישע אָפיצערן, וואָס זײַנען געקומען צוהילף די דאָזיקע אויסגעשעפּטע, אויסגעפּײַניקטע מענטשן. צווישן די באפרײַטע איז געווען אויך די אכצניאָריקע סאָניע ווארזאגער (דעמלט קאַץ).

אינגיכן האָבן מיר, סאָוועטישע קריגסלײַט, ברידערלעך־וואָרעם ארויסבאגלייט אהיים די נאָרוואָס באפרײַטע און פון גליק שײַנענדיקע יידישע מיידלעך. סאָניע האָט געבעטן, איך זאָל איר שענקען מײַנע א פאָטאָגראפיע. איך האָב איר אָפּגעגעבן די לעצטע און אָנגעשריבן אף דער לינקער זײַט: „דער שיינער און פילגעליטענער טאָכטער פון מײַן פאָלק סאָניע קאַץ. מאיאָר פון דער סאָוועטישער ארמיי ס. ראבינאָוויטש. מײַ 1945".

אין א יאָר 15—16 ארום איז זיך פארלאָפן אזא מײַסע. איינע א רעאקציאָנערע צײַטונג איז ארויסגעטראָטן מיט א העצע־ארטיקל קעגן אונדזער לאנד. איך האָב דערוף געענטפערט. איז זי ווידעראמאָל ארויסגעטראָטן און דערקלערט, אז קיין שלוימע ראבינאָוויטש עקזיסטירט גאָרנישט אין דער נאטור, דאָס איז ניט מער ווי אן אויסגעטראכטער נאָמען, א שפּיצל פון דער סאָוועטישער פּראָפּאגאנדע. „נו, ווי דערווײַזט מען, אז איך בין פאָרט דאָ?" — האָב איך דאַן געטראכט.

ביז איך האָב זיך דאָ געבראָכן דעם מויעך צו דערווײַזן, אז איך בין איך, האָט דאָס ניט שלעכט אָפּגעטאָן מײַן אלטע באקאנטע, די געוועזענע קאצעטלערן סאָניע קאַץ (ווארזאגער). זי האָט צוגעשיקט אין דער רעדאקציע פון דער צײַטונג „פרײַ יִסראָעל" א בריוול, אין וועלכן זי האָט געמאכט צונישט די לעכערלעכע אויסטראכטעניש וועגן דעם, אז קיין שלוימע ראבינאָוויטש עקזיסטירט ניט, און האָט דערציילט וועגן אונדזער באגעגעניש אין מײַ 1945. צום בריוו האָט זי בײַגעלייגט יענע סאָלדאטישע פאָטאָגראפיע. אָט אזוי־ארום האָב איך זיך דערוווּסט, אז סאָניע וווינט אין יִסראָעל. נאטירלעך, אז איצט, זײַענדיק אין לאנד, האָב איך זייער געוואָלט זיך טרעפן מיט איר.

און איצט לאָמיר זיך אומקערן צו די מאשינעס, וואָס פאָרן ארײַן אין הויף פון דעם האָטעל, ווו איך שטיי אײַן. דאָס איז סאָניע מיט איר מאַן אלעקסאנדער ווארזאגער געקומען אײַנלאדן מיך צו זיך צוגאסט. מיט איר זײַנען געקומען צו פאָרן איר מאנס ברידער מיט זייערע ווײַבער און קינדער. וועגן מײַן קומען האָט זי זיך דערוווּסט פון די טעל־אוויווער צײַטונגען.

די אופמערקזאמקײַט פון דער מישפּאָכע ווארזאגערס צו מיר, דעם געוועזענעם סאָוועטישן אָפיצער, איז געווען דער אויסדרוק פון זייער דאנקבארקײַט צו אונדזער לאנד. דערוף האָבן די ווארזאגערס געהאט גאָר א גרויסן סמאַך.

אין 1939, ווען די פאשיסטישע אָקופּאנטן האָבן זיך ארײַנגעריסן קיין פּוילן און האָבן אָנגעהויבן טאָטאל פארטיליקן יידן, איז דער אלטער בעקער ווארזאגער מיט זײַנע זיבן זין געלאָפן קיין סאָוועטנפארבאנד, און דאָ האָבן זיי זיך געראטעוועט. שפּעטער זײַנען די ווארזאגערס ארויסגעפאָרן קיין יִסראָעל. איינער פון די ברידער, שלוימע ווארזאגער, האָט באשריבן די יאָרן פון זייער לעבן אין סאָוועטנפארבאנד אין צוויי ביכער „ברויט" און „זאמד".

און אָט זײַנען מיר שוין אין ראמאט־גאַן, אין דעם הויז, ווו עס לעבט סאָניע, איר מאַן און זייערע צוויי זין. די שטוב איז פול מיט מענטשן. א גאנצן טאָג האָט מען זיך מעסאמייעך געווען, געזונגען סאָוועטישע לידער.

מע האָט מיך מאמעש פארשאָטן מיט פראגן וועגן דעם, ווי עס לעבט זיך אין סאָוועטנפאר־

באנד, ווי עס בויט זיך און וואקסט מאָסקווע, וואָס וועט געבן די עקאָנאָמישע רעפאָרם, וועמען און וויפל גיט מען פענסיע אאוו.

באַגלייטנדיק מיך, האָבן די ווארזאגערס געזאָגט, אז קיינמאָל וועט אין זייערע הערצער ניט אויסגעמעקט ווערן דאָס געפיל פון דאנקבארקייט און ליבע צום סאָוועטנפארבאנד, צו דעם לאנד, וואָס האָט מיליאָנען מענטשן געראטעוועט פון זיכערן טויט.

איך גלייב זיי.

אונטערוועגס קיין יערושאָלאַים בין איך פארביי־געפאָרן פארביי דעם וואלד אפן נאָמען פון דער סאָוועטישער ארמיי. יעדן יאָר דעם 9 מיי קומען אהער טויזנטער מענטשן אָפצומערקן דעם טאָג פון ניצאָכן איבער דעם פאשיסטישן דייטשלאנד. אין צענטער פון יערושאָלאַימער ראיאָן איז פאראן נאָך א וואלד, וואָס איז פארפלאנצט געוואָרן לזיקאָרן פון די 6 מיליאָן קדושים. א מיליאָן קיפאריסן איז פארפלאנצט געוואָרן אלס אָנדענק פון א מיליאָן אומגעבראכטע קינדער.

אגעוו, מיך האָט זייער פארכידעשט, לאָמיר זאָגן, אזא זאַך: אין די מאטעריאלן, וועלכע ווערן עקספּאָנירט אינעם יערושאָלאַימער מוזיי פון די קארבאָנעס פונעם פאשיזם, ווערט פאר־שוויגן דער אומבאשטרייטבארער פאקט, אז דער סאָוועטנפארבאנד האָט געשפילט די אנטשיידנ־דיקע ראָליע אין דעם זיג איבערן היטלעריזם. מיר דאכט זיך, אז עס איז ביכלאל פעלערהאַפט, וואָס וועגן דער העלדישקייט פון יידן־שלאכטלייט ווערט אין די יִסראָעל־מוזייען דערציילט איזאָלירט: עס ווערט לאכלוטן איגנאָרירט דער פאקט, אז זיי זיינען געגאנגען אין שלאכט קעגן דעם בלוטיקן סוינע צוזאמען מיט די זין און טעכטער פון אלע פעלקער פון פססר. און אין דעם, אייגנטלעך, איז דאָך באשטאנען דער סאָד פון זייער אומבאזיגבארער קראפט. צי מעג מען עס, צי טאָר מען עס פארגעסן?

עס דארף אָבער דאָ געזאָגט ווערן, אז אין פארשיידענע ערטער אין יִסראָעל האָב איך בא־געגנט מענטשן, וועלכע ריידן מיט היסלייוועס וועגן זייער רעטערן — דער סאָוועטישער ארמיי. „ווען ניט די רוסן, — האָט מיר געזאָגט איינער א זאָקן אפן בארג ציִען, וווהין איך בין געקומען אף אן עקסקורסיע, — וואָלטן מיר שוין לאנג אף דער וועלט ניט געווען“.

## דאָס פאָלק און זיין קאמף ——————————

— וואָס איז אייך בא אונדז געפעלן געוואָרן? — האָט מען בא מיר ניט איין מאָל געפרעגט אין יִסראָעל.

איך האָב געזאָגט, אז פיל פון דעם, וואָס איך האָב דאָ געזען, איז מיר געפעלן. דאָס האָרע־פּאשנע פאָלק פון יִסראָעל האָט מיט זיינע הענט אויסגעבויט פּרעכטיקע הייזער, נייע שטעט, באארבעט די שטייניקע מידבער־ערד, דערשלאָגן זיך א הויכן ניוואָ פון דער פּראָדוקציע סיי אין דער אינדוסטריע, סיי אין דער לאנדווירטשאפט.

איך בין געווען אינעם מידבער־טייל פונעם לאנד, אין דער שטאָט אשדאָד, וואָס ליגט באם ברעג פון מיטללענדישן יאם. גאָר ניט לאנג צוריק איז דאָ געווען פוסט און וויסט. היינט איז דאָ א שטאָט מיט שיינע גאסן, פילשטאָקיקע הייזער. די באפעלקערונג ציילט העכער 25 טויזנט מענטשן. דאָס וויכטיקסטע אין דער דאָזיקער נייער שטאָט איז דער פּאָרט. אין דעם דאָזיקן ראיאָן איז דער יאם זייער שטורמיש. די כוואליעס זיינען דאָ הויך און גרויזאם. דער ארבעטס־מענטש פון יִסראָעל האָט ארייַנגעלייגט געניג האָרעוואניע, ביז ער האָט אופגעבויט ריזיקע דאמבעס, קעדיי צו ברעכן די כוואליעס און צו מאכן צוגענגלעך דעם יאם פאר שיפגאנג, קורץ גערעדט, ביז ער האָט דאָ אופגעבויט א מאָדערנעם פּאָרט.

דער פּאָרט אין אשדאָד האָט א גרויסע עקאָנאָמישע באדייטונג. די פערמערס פון די דאָרעמ־דיקע טיילן פון לאנד פארשפּאָרן איצט העלפט וועג באם ארויספירן די פּרוכט פון זייער מי. דער גרעסטער טייל ציטרוסן, אשטייגער, וועט איצט עקספּאָרטירט ווערן קיין אויסלאנד ניט דורך כייפע, נאָר דורכן פּאָרט אשדאָד.

טאקע ניט ווייט פונדאנען געפינט זיך דער קיבוץ „יאד מאָרדעכיי“ אפן נאָמען פון מאָרדכע אניעלעוויטש — איינעם פון די אָרגאניזאטאָרן פונעם אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ. אינמיטן יִשעוו, אף א בערגל, וואָס איז פונעם צופוסנס ביזן שפּיץ פארזעצט מיט ביימער, שטייט א ריזיקער דענקמאָל דעם העלד.

צוריקוועגס פון אשדאָד זיינען מיר ארייַנגעפאָרן אין אָט דעם קיבוץ.

א גוטן איינדרוק לאָזט איבער זיין ווירטשאפט. די מעכאניזאציע פון די ארבעטס־פּראָצעסן האָט דאָ דערגרייכט א גאָר הויכע מאַדרייגע.

גאָר שטארק איז מיר דאָ געפעלן געוואָרן די ביבליאָטעק, וואָס פארמאָגט 30 טויזנט בענ־

דער. וואָס איז דאָ נאָר ניטאָ! אָט זע איך אַ גאַנצע פּאָליצע מיט די ווערק פון מאַרקס, ענגעלס און לענין אין רוסיש, איוורית און ענגליש; פּושקין, שעווטשענקאָ, לערמאָנטאָוו, דאָסטאָיעווסקי, גאָרקי, ערענבורג, מאַרשאַק, פּאַסטערנאַק איבערזעצט אויף איוורית. אָט איז שאָלאָכאָווס „דער שטילער דאָן" אין שליאָנסקיס איבערזעצונג. צווישן די ייִדישע ביכער טיילן זיך אויס אויף די פּאָליצעס די ווערק פון י.־ל. פּערעץ, שאָלעם־עליכעם, בערגעלסאָן, מאַרקיש... און אין אַ באַזונדערן בעקאָוועדיקן ווינקל — „סאָוועטיש היימלאַנד". וועגן דעם, ווי פּאָפּולער עס איז דער דאָזיקער זשורנאַל אין ייִסראָעל, וועל איך דערציילן שפּעטער.

ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון דער שטאָט באַר־שעווע (באר־שבע — דער צענטער פון נעגעוו), בין איך אַרייַנגעפאָרן קיין רעכאָוואָט (רחבת), אין דעם וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט אויף ווייצמאַנס נאָמען. ער פאַרנעמט אַ גרויסע טעריטאָריע. צווישן שאָטנדיקע ביימער און גרינע לאָנקעס שטייען עטלעכע מויערן, געבויט אין הייַנטצייַטיקן סטיל. אין אַ ווינקל פון דעם גרויסן סאָד געפינט זיך דער קייווער פונעם ערשטן פּרעזידענט פונעם לאַנד פּראָפעסאָר כאַיִם ווייצמאַן.

דער אינסטיטוט פירט אַ פאַרצווייַגטע פאָרשערישע אַרבעט אין געביט פון פיזיק, אַטאָם־ענערגיע, כימיע, ביִאָלאָגיע, ביִאָפיזיק, ביִאָכימיע, געאָפיזיק, פּראָבלעמאַטיק פון קאַנצער (ראַק) אאַוו. ווי מע האָט מיר דאָ געזאָגט, זייַנען אין די לאַבאָראַטאָריעס פונעם אינסטיטוט באַשעפטיקט אַן ערעך טויזנט וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער.

נו, איז מיר דאָס אַלץ זייער שיין געפעלן, כאָטש איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַ גוטער באַלעבאָס ווייַזט אַ גאַסט די יאָמטעוודיק־צוגעפּוצטע כאַדאָרים און ניט דעם סמיטניק. אָבער אַ גאַסט, אויב ער איז אַ לייַטישער מענטש, קומט דאָך אויך ניט, קעדיי אומבאַדינגט צו זוכן „סמיטניקעס".

נאָר אייניקע זאַכן וואַרפן זיך דאָך אין די אויגן.

ביים מייַנע שמועסן מיט ייִסראָעל־מענטשן האָב איך ניט איין מאָל געהערט:

— ווען ניט די אויסערן־פּאָליטיק פון דער רעגירונג, ווען ניט דער אופגעבלאָזענער מיליטערישער בודזשעט, ווען ניט די אָריִענטאַציע אויף די מייַרעוו־דייַטשישע רעוואַנשיסטן, ווען די רעגירונג זאָל זיך מער זאָרגן וועגן נאָרמאַלע באַציִונגען מיט די שכיינעסדיקע אַראַבישע לענדער, וואָלט די לאַגע פון לאַנד געווען אַ פיל בעסערע.

עס איז דעריבער קיין וונדער ניט, וואָס אייניקע פּראָפאַריינישע טוער (שוין אָפּגערעדט פון אַרבעטער) האָבן אין די געשפּרעכן מיט מיר אָנערקענט, אַז אין ייִסראָעל וואַקסט איצט קענטיק די סאָציִאַלע פּאָליאַריזאַציע, אַז די באַרייַכערונג פון דער מינדערהייַט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ שווערן יאָך פאַר דער מערהייַט. אין ייִסראָעל האָב איך געהערט, אַז הונדערט רייַכסטע מישפּאָכעס זייַנען באַלעבאָס איבער דער גאַנצער עקאָנאָמיק פון לאַנד. צוועלף קאַפּיטאַליסטישע פירמעס (צווישן זיי פּרעמדלענדישע, אָרטיקע און געמישטע) הערשן פּאַקטיש איבער דריי הונדערט אונטערנעמונגען און גרויסע פירמעס אין פאַרשיידענע ווירטשאַפט־צווייַגן. די פּאַופּעריזאַציע פון דעם אָרעמען טייל פון דער באַפעלקערונג ווערט אַלץ טיפער. אפילע לויט די אָפיציעלע יעדיִעס פונעם מיניסטעריִום פאַר סאָציִאַלער הילף, זייַנען אין לאַנד פאַראַן איבער צוואַנציק טויזנט פאַמיליעס, וועלכע האָבן ניט אויף דער כעיונע און מוזן אָנקומען צו שטיצע. לויט אַנדערע קוועלן, איז אָט די ציפער אין 2—3 מאָל גרעסער.

דער אַרבעטער־קלאַס פונעם לאַנד פירט אַן אַקשאָנעסדיקן קאַמף. אין 1956 האָבן פון יעדע הונדערט אַרבעטער געשטרייַקט דריי. אין 1964 — אַכט. עס האָט זיך מיר פאַרגעדענקט אויך אַזאַ ציפער: פון 124 טויזנט שטרייַקנדיקע אַרבעטער האָבן בלויז 8 טויזנט זיך ניט דערשלאָגן קיין דערפאָלג. די פאָדערונגען פון די איבעריקע 116 טויזנט זייַנען פולקאָם אָדער טיילווייַז באַפרידיקט געוואָרן. הייַנט־צו־טאָג טרעט דער אַרבעטער־קלאַס פון ייִסראָעל קאַטעגאָריש אַרויס קעגן די פּרוּוון פון די רעגירונגס־קרייַזן צו באַגרענעצן די שטרייַק־באַוועגונג, קעגן אַראָפּזעצן דעם רעאַלן אַרבעטלוין און העכערן די פּרייַזן, קעגן די פּרוּוון פון דער רעגירונג אַרייַנמישן זיך אין די אַרבעטס־קאָנפליקטן.

אין יענע טעג, ווען איך בין געווען אין ייִסראָעל, איז אין קנעסעט (פּאַרלאַמענט) באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן דערקלערן דעם ראַטגעבער פון דער מייַרעוו־דייַטשישער געזאַנדשאַפט אין ייִסראָעל אַלעקסאַנדער טערעק (אַ געוועזענער אונגאַרישער פאַשיסט) פאַר „פּערסאָנאַ נאָן גראַטאַ", דאָס האָט געפאָדערט די ברייטע געזעלשאַפטלעכקייַט אין לאַנד. די קאַמפּאַניע פאַר אַרויסטרייַבן טערעקן, פאַר צוציִען אים צו קרימינעלער פאַראַנטוואָרטלעכקייַט איז געוואָרן נאָך שטאַרקער, ווען עס איז באַוווּסט געוואָרן, אַז די אונגאַרישע צייַטונג „מאַדיאַר נעמזעט" האָט פאַרעפנטלעכט נייַע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן באַשטעטיקט, אַז דער מייַרעוו־דייַטשישער דיפּלאָמאַט איז געווען אַ פאַרביסענער פאַשיסט.

אָבער פונעם טאָג־סיידער פון קנעסעט איז דער פאָרשלאָג וועגן ארויסשיקן טערעקן אראָפּ־גענומען געוואָרן.

אזעלכע אקציעס פון דער רעגירונג רופן ארויס גרויס אומצופרידנקייט אין לאנד. איך האָב געלייענט אין די אָרטיקע צײַטונגען, אז דער דעפּוטאט פון קנעסעט דער אדוואָקאט שמואל שאמיר האָט אין נאָמען פונעם טעל־אוויוער אײַנוווינער יוסף ווײַס זיך געווענדט צו די אויס־פאָרשונגס־אָרגאנען פון יִשׂראל מיט א באקאָשע אויסצופאָרשן טערעקס פארגאנגענהײַט און באשטראָפן אים און זײַנע מיטהעלפער, ווי עס פאָדערט דער געזעץ. טערעק, באשטעטיקט ווײַס, איז געווען א מיטגליד פון דער אונגארישער פאשיסטישער אָרגאניזאציע „קרייצן און פײַלן", וואָס איר ציל איז געווען די מאסן־פארניכטונג פון יִדן.

נאטירלעך, מיר, סאָוועטישע מענטשן, קאָנען ניט פארשטיין, ווי דולדעט מען אין לאנד אזעלכע דיפּלאָמאטן, ווי טערעק. אָבער, ווי עס האָט געזאָגט איינער א דעפּוטאט פון קנעסעט, די איצטיקע רעגירונג פון יִשׂראל וויל, ווײַזט אויס, ניט טאָן, וואָס מע דארף, ווײַל זי איז פאָרינ־טערעסירט אין באקומען עקאָנאָמישע הילף פון באָן.

און נאָך. איך בין פארבײַגעפאָרן אראבישע דערפער, באזוכט כײַפע, איר אראבישן טייל. דאָ איז דער לעבנס־ניוואָ (באזונדערס די וווינונגס־באדינגונגען) פיל נידעריקער, ווי אפילו בא דעם אָרעמען טייל פון דער יִדישער באפעלקערונג.

די פראגע וועגן דער סאָציאלער און פאָליטישער לאגע פון דער אראבישער מינדערהײַט שטייט זייער שארף און איז נאָך לאכלוטן ניט געלייזט. ווי זאָל מען, אשטייגער, דערקלערן אזא פאקט, אז נאָך אכצן יאָר עקזיסטענץ פון דער מעלוכע יִשׂראל איז אין די אראבישע יִשוווים נאָך ניט אינגאנצן אָפּגעשאפן דער מיליטערישער רעזשים.

## מאָדערניזירטע שאדכאָנים

אנומלטן, שפּאנענדיק איבער טעל־אוויוו, האָב איך אף איינער פון די צענטראלע גאסן דער־זען א שילדל, וואָס האָט געלאָזט צו וויסן, אז פונקט דאָ איז דאָס בעסטע און דאָס איינציקע אָרט, וווּ מע קאָן געפינען א זיווג, טאקע נאָר מין־האשאָמאַיִם.

— וואָס באטײַט עס? — פרעג איך בא ליפּסקין, דעם שעף־רעדאקטאָר פון „פרײַ יִשׂראל", וואָס האָט פון זײַן שטארק באשרענקטן צײַט־בודזשעט אָפּגעשפּאָרט אלע מאָל א שאָ, 30 מינוט אף צו באווײַזן מיר די שטאָט.

— קום, לאָמיר ארײַנגיין אין ביוראָ, — שמייכלט ער, — וועסטו אלץ פארשטיין.

אין ביוראָ איז בא א פײַן טישל געזעסן אן אויסגעפּוצטער יונגערמאן און, ווי כ'האָב בא־מערקט, זיך געלאנגווײַליקט. ער האָט זיך דערפרייט מיט אונדז און זייער גאלאנט געענטפערט אף מײַנע פראגן. ווער ווייסט, עפּשער האָט זיך אים גאָר אויסגעוויזן, אז ס'איז יענער קליִענט, וואָס ער קוקט אויס אף אים, א שמאלץ־גרוב. אלזאָ, עס ווײַזט זיך ארויס, אז שאָלעם־אליכעמס שאדכאָנים, וואָס פלעגן אמאָל צונויפירן א וואנט מיט א וואנט, האָבן ניט קיין דרײַער די ווערט אין פארגלײַך מיט אָט די מאָדערניזירטע שאדכאָנים פון יִשׂראל. דאָ, אין ביוראָ, קאָן מען אײַך פאָרלייגן די פארשיידנסטע וואריאנטן, פון וואָס איר ווילט נאָר הערן און געדענקען.

ווען איך האָב געפרעגט באם אָנגעשטעלטן, צי גיט שאדכאָנעס פּארנאָסע, האָט ער מיט א זיפץ געענטפערט: „ס'וואָלט געווען גאָר נישקאָשע, ווען ניט די קאָנקורענץ". דערבײַ האָט ער מיר דערלאנגט א פרישן נומער פון דער יִדישער צײַטונג „לעצטע נײַעס", וווּ איך האָב איבערגע־לייענט אזא מעלדונג:

„זייער וויכטיק פאר יערושאָלאַיִם און אומגעבונג. דער מאָדערנער שאדכן יוסף ליבער, וואָס איז באקאנט אלס ערשטער שאדכן אין יִשׂראל, וועט באזוכן יערושאָלאַיִם דינסטיק און מיטוואָך און וועט אופנעמען אין האָטעל „ציִען" פון 10 פרי ביז 9 אָוונט. גרויסע באקאנטשאפט אין אלע געזעלשאפטלעכע, רעליגיעזע, אקאדעמישע קרײַזן און טוריסטן פון דער גאנצער וועלט. פארלירט ניט די געלעגנהײַט צו געפינען אײַער גליק דורכן שאדכן ליבער".

איך ווייס ניט, ווי אין אנדערע שטעט, נאָר אין יערושאָלאַיִם האָבן ניט די שאדכאָנים קיין טײַנעס צו זייער ביזנעס. פאראן א קווארטאל פון די רעליגיעזע פאנאטיקער — מייע שעאָרים[1] הייסט ער. דער גאנצער לעבנס־שטייגער איז דאָ אף דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט מיטל־אלטערלעכן שימל. מע האָט מיר דערציילט, אז באם כאָסן אָדער בא דער קאלע פרעגט מען ניט קיין שום דייעס. אלץ באשטימט דער טאטע. ער קלײַבט אויס א ווײַב פארן זון און א מאן פאר

---

[1] מאה שערים — הונדערט טויערן.

דער טאָכטער. און די קינדער וואגן ניט צו דערווידערן. און וויבאלד אזוי, וועלן שוין שאדכאָנים דאָ פארדינען זייער שטיקל ברויט מיט פוטער.

דער צוואנג פון קלייקוידעש לאָזט זיך פילן אינעם גאנצן לעבנס־שטייגער פונעם לאנד. איינמאָל — דאָס איז געווען פרײַטיק באטאָג — האָב איך געבעטן אין האָטעל, מע זאָל מיר אויספרעסן אָן אָנצוג. עס איז ארײַן צו מיר א פרוי, גענומען דעם אָנצוג, געוואָרפן אף מיר א פארדעכטיקן בליק און געפרעגט: „איר זײַט א ייִדי?" און איז נעלעם געוואָרן. אין א 2—3 מינוט קומט זי ארײַן. „אזוי גיך?" — דערפריי איך זיך. „זאָגט מיר, זײַט מויכל, פונוואנען זײַט איר? איר ווייסט ניט, אז ס'איז שוין שאבעס? אלץ איז פארמאכט, ניטאָ ווער ס'זאָל פרעסן". „גיט מיר א פרעסל", — בעט איך. „ווו זאָל איך עס נעמען, אז אלץ איז פארשלאָסן?"

נאָך פרײַטיק פארנאכט ווערט אין גאנץ ייִסראָעל איבערגעריסן יעטווידע טעטיקײַט. דער גאנצער געזעלשאפטלעכער טראנספאָרט שטעלט זיך אָפּ אף א גאנצן מעסלעס. ס'איז נאָך א נעס, זאָגן די היגע ייִדן, וואָס עס קורסירן פריוואטע מאשינעס און טאקסי. אָבער סײַווי פאראליזירט אָט די שאבעס־גזיירע דאָס לעבן פון זייער פיל מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין מעגלעכקײַט אין זייער אָפּרו־טאָג באזוכן קרויווים אָדער דערליידיקן פארשיידענע שטייגערישע איניאָנים.

אָבער אין ייִסראָעל גייט אָן א קאמף קעגן דעם רעליגיעזן צוואנג. בייס איך בין דאָ געווען, איז פאָרגעקומען אן אייגנארטיקע גאסן־דעמאָנסטראציע פון הונדערטער אווטאָמאשינעס, וועלכע האָבן זיך שאבעס אויסגעשטעלט באם ארײַנפאָר קיין יערושאָלאיִם, קעדיי אף אן אָרגאניזירטן אויפן אָנקומען צום ייִסראָעל־מוזיי און איבערגעבן א פראָטעסט קעגן די נײַע שאבעס־גזיירעס פון די רעליגיעזע פאנאטיקער. אף די מאשינעס האָט מען געפירט טראנספאראנטן מיט אויפשריפטן קעגן רעליגיעזן צוואנג. די פאָליציי האָט ניט ארײַנגעלאָזט די דעמאָנסטראנטן אין שטאָט ארײַן. איז פאָרגעקומען א צוזאמענשטויס, בא וועלכן עס זײַנען פארוואונדעט געוואָרן סײַ פאָליציאנטן, סײַ דעמאָנסטראנטן. צוועלף מענטשן זײַנען ארעסטירט געוואָרן.

## אלט און נײַ

געענגט אין צײַט, האָב איך, נאטירלעך, ניט געקאָנט זען אלץ, וואָס די מעדינע פארמאָגט אין געביט פון קולטור און קונסט, און פארמאָגן פארמאָגט זי ניט ווייניק. אין יערושאָלאיִם האָב איך באזוכט דעם נאציאָנאלן מוזיי פון ייִסראָעל, וואָס איז ערשט פאראיאָרן געעפנט געוואָרן. דאָס איז א קאָמפלעקס ביניאָנים, וואָס זײַנען פארייניקט צווישן זיך מיט גלעזערנע גאלערייעס. קעדיי צו באטראכטן אלע עקספאָנאטן, דארף דער באזוכער דורכמאכן צוויי מיט א האלבן קילאָמעטער.

איך האָב דאָ געזען מעבל, וואָס עס האָבן געמאכט די ייִדישע מײַסטערס פון דער רענעסאנס־עפאָכע, אלטע זילבערנע און גאָלדענע כפייצים. מענוירעס פון איטאליע, דײַטשלאנד, רוסלאנד, פוילן, איראן. אויסגענייטע מענטעלעך פון סייפער־טוירעס, ספאָרים מיט קאָלירטע מיניאַטורן, בונטע, אויסגענייטע מיט גאָלד מאלבושים, וועלכע עס פלעגן אמאָל טראָגן די פרויען פון בוכארא; מאראָקאָ, אלזשיר, טיימען. אינטערעס רופט ארויס דער ארכעאָלאָגישער אָפטייל. דאָ זײַנען פאראן א סאך מאטעריאלן, וועלכע דערציילן וועגן דעם לעבן אין טיפן אוראלט, מיט פיר טויזנט יאָר ביז אונדזער ערע.

א שטארקן אײַנדרוק לאָזט איבער דער „הייכל האסייפער" („היכל הספר" — „דער טעמפל פון בוך"). לויט דער ארכיטעקטור איז עס די אָריגינעלסטע געבײַדע אין יערושאָלאיִם.

אין „הייכל האסייפער" קאָן מען זען קסאוויאדן צוויי טויזנט יאָר אלט (זיי זײַנען געפונען געוואָרן אין די קומראנער היילן).

אינעם פייזאזש פון יערושאָלאיִם טיילט זיך אויס אויך דער אָריגינעלער אנסאמבל פונעם אוניווערסיטעט. דאָ לערנען זיך בא נײַן טויזנט סטודענטן. אין ייִסראָעל זײַנע פאראן נאָך צוויי אוניווערסיטעטן — אין טעל־אוויוו און אין כײַפע.

גלײַך פונדאנען האָב איך זיך געלאָזט צום בארג ציִען. מיט מיר צוזאמען איז געווען די גאנצע „ספארטאק"־גרופע. ווי נאָר מיר זײַנען געקומען אפן אָרט, האָט מען אונדז גלײַך דערלאנגט יארמלקעס. א ווערטעלע צו זאָגן: מיר וועלן באלד זײַן אפן פלאץ, ווו, ווי עס זאָגט די לעגענדע, עס געפינט זיך דאָוויד האמעלעכס קייווער. איינער פון די פוטבאָליסטן האָט געבעטן אונדזער גיד, ער זאָל אים לעמאנהאשעם ווײַזן די „סטענא פלאטשא"[1].

— די עמעסע „סטענא פלאטשא", — האָט געענטפערט דער גיד, — איז אף דער יאָרדאנישער זײַט. אָט קוקט גלײַך פאר זיך, וועט איר זען. דאָס איז אלץ, וואָס איז פארבליבן פונעם

[1] כתל מערבי — קויסעל מאאראָווי.

בייס־האַמיקדעש, וועלכן די רוימער האָבן פאַרברענט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. אָבער אָט דאָ טאַקע, אין ירושאָלאַיִם, האָבן מיר אָן אייגענע „סטענאַ פּלאַטשאַ"...

— וואָס הייסט?

דער גיד בעט זיך אויסקערעווען מיטן פּאָנעם צו דעם יידישן טייל שטאָט, ער ווייַזט אונדז אָן אַף אַ גרויסן מויער.

— דאָ, — זאָגט ער, — געפינט זיך דאָס פינאַנץ־מיניסטעריום. אַהער קומען וויינען — און מיט ביטערע טרערן — מענטשן, וועלכע צאָלן שטייַערן...

נאָכן באַטראַכטן די מוזייען פונעם בארג ציון האָבן מיר אַלע באַקומען אַ ספּעציעלע צייַגעניש, וואָס באַשטעטיקט, אַז אין אַזאַ און אַזאַ טאָג האָבן מיר געהאַט די זכיה צו באַזוכן דעם קייווער פון דאָוויד האַמעלעך.

מיט אַ טאָג שפּעטער, זייַענדיק אין כייפע, בין איך געווען צוגאַסט באַ דעם פּראָגרעסיוון קינסטלער ישעיה גראָסבאָרד, איינעם פון די אַקטיווסטע אָנטיילנעמער אין דער פּרייַנטשאַפט־באַוועגונג „ייִסראָעל—פססר". זייַן שטוב איז גיכער ענלעך אַף אַ בילדער־גאַלעריי, איידער אַף אַ געוויינלעכער וווינונג. די גרונט־טעמאַטיק פונעם קינסטלער איז — דער אייגנאַרטיקער פּייזאַזש פון ייִסראָעל. דער גרעסטער טייל פון זייַנע בילדער איז געווידמעט דער שטאָט כייפע מיט איר מאָלערישן קאַרמעל־באַרג.

דער צווייטער וויזיט מייַנער איז געווען צו דעם כייפער קאָמפּאָזיטאָר מאַרק לאַורי, וועלכער האָט געשאַפן מוזיק צו קנאַפּע הונדערט ספּעקטאַקלען אין „האַבימאַ". בייס אונדזער פּרייַנטלעכן שמועס, אין וועלכן עס האָט אָנטיילגענומען דער אָנפירער פון דער כייפער אָפּטיילונג פון דער פּרייַנטשאַפט־באַוועגונג „ייִסראָעל—פססר", דער אַרכיטעקטאָר דאָוו ייִסראָעל, האָט דער קאָמפּאָזיטאָר געזאָגט, אַז ער איז אַ שטענדיקער לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און עס געפעלן אים זייער די זינג־לידער, וואָס ווערן געדרוקט אינעם זשורנאַל. דערבייַ האָט ער צוגעגעבן, אַז ער וואָלט געוועזן זייער גערן צו באַקאַנען מיט אייניקע פון זייַנע לידער, געשאַפענע אַף יידישע פאָלקס־מאָטיוון, די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און די יידישע זינגער אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

אין טעל־אוויוו בין איך געווען צוגאַסט באַ דער באַוווסטער אין ייִסראָעל שרייַבערן און געזעלשאַפטלעכער טוערן פרוי מאַרגאָט קלאַוזנער. זי איז אַ גרויסער פרייַנט פון אונדזער לאַנד. אַלס פּרעזידענט פון דער אַסאָציאַציע פאַר קולטור־קאָנטאַקטן טוט זי זייער פיל, אַז עס זאָל זיך ברייטערן און פעסטיקן די פּרייַנטשאַפט צווישן די פעלקער פון ייִסראָעל און סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָס איז לויט איר איניציאַטיוו מיט אַ צייַט צוריק אייַנגעאָרדנט געוואָרן אין מאָסקווע, אינעם פּושקין־מוזיי, אַן אויסשטעלונג פון דער הייַנטצייַטיקער גראַפיק פון ייִסראָעל.

פרוי קלאַוזנער פאַרמאָגט אין הערצליה (ניט ווייַט פון טעל־אוויוו) אַ גרויסע און מאָדערנע קינאָ־סטודיע, וווּ מע פּראָדוצירט קינסטלערישע און דאָקומענטאַלע פילמען. זי האָט מיר דאָ געוויזן אַ גרויסן פילם, וואָס האָט דאָקומענטאַל פאַרפיקסירט דעם גאַנצן גאַנג פונעם פּראָצעס איבער דעם אָרגאַניזאַטאָר פונעם מאָרד פון זעקס מיליאָן יידן אַדאָלף אייכמאַן.

צוזאַמען מיט מאַרגאָט קלאַוזנער בין איך אין יענעם טאָג געווען אַף אַ קאָנצערט אין טעל־אוויווער קולטור־פּאַלאַץ („היכל התרבות"[1]). עס האָט געשפּילט דער באַרימטער פילהאַרמאָנישער אָרקעסטער פון ייִסראָעל. סאָלירט האָט אונדזער זינגערן זאַראַ דאָלוכאַנאָוואַ. נאָך יעדער ליד איז זי באַלוינט געוואָרן מיט אַ שטורעם אַפּלאָדיסמענטן.

דער צושויער־זאַל פונעם קולטור־פּאַלאַץ פאַרמאָגט איבער דריי טויזנט פּלעצער. דער אָרקעסטער שפּילט דאָ קימאַט יעדן אָוונט. און דאָך איז קריגן אַ בילעט אַהער זייער שווער. די מוזיק־ליבהאָבער קויפן אָפּ די קאָנצערט־אַבאָנעמענטן פאַרויס אַף אַ גאַנץ יאָר.

איך האָב אויך באַזוכט דעם קאַמער־טעאַטער, וווּ איך האָב געזען דעם ספּעקטאַקל „שלוימע האַמעלעך און שלוימע דער שוסטער". דער סיפּער־האַמייַסע פון דער פּיעסע איז אין גרונט די באַוווסטע לעגענדע וועגן דעם, ווי שלוימע האַמעלעך האָט געדאַרפט פּאַסקענען דעם סיכסעך צווישן צוויי פרויען, וואָס איינע פון זיי האָט אין שלאָף אומגערן דערשטיקט איר קינד און גענומען זיך דאָס קינד פון אַ צווייטער פרוי. דער ספּעקטאַקל איז פול מיט פאָלקס־כאָכמע, איז רייַך מיט שיינע לידער און טענץ.

---

[1] „היכל התרבות".

אינעם קליין־קונסט־טעאַטער „כאַמאַם" האָב איך געזען די אויפֿירונג פֿון איציק מאַנגערס מעגילע־לידער, אין וועלכע עס ווערט אָף אַן אייגנאַרטיקן אויפֿן דערציילט די אַלטע מײַסע וועגן דער מאַלקע עסטער און איר פֿעטער מאָרדכע. דער ספּעקטאַקל קוקט זיך לײַכט און מיט גרויס שפּאַנונג.

אין ייִסראָעל איז ניטאָ קיין סטאַציאָנאַרער טעאַטער, וואָס זאָל שפּילן אָף ייִדיש. פֿון צײַט צו צײַט טרעטן אוף טעאַטראַלע טרופּעס, וואָס ווערן צונויפֿגעשטעלט אין לאַנד גופֿא אָדער וואָס קומען אָף גאַסטראָלן פֿון אויסלאַנד.

אייגנטלעך, אויב עס האַנדלט זיך וועגן דעם טעאַטער־וועזן אין ייִסראָעל, קאָן גיין אַ רייד וועגן פֿיר פּראָפֿעסיאָנעלע דראַמאַטישע טעאַטערס אָף איווריט, וואָס האָבן פֿאַרדינט אַלגעמיינע אָנערקענונג. דאָס איז פֿריִער פֿאַר אַלץ דער נאַציאָנאַלער טעאַטער פֿון דעם לאַנד — „האַבימאַ". ווי באַוווּסט, האָט זײַן ערשטן גרעסערן ספּעקטאַקל „דער דיבוק" געשטעלט מיט עטלעכע און פֿערציק יאָר צוריק אין מאָסקווע יעווגעני וואַכטאַנגאָוו. פֿאַריקן יאָר האָט דער רעזשיסער פֿונעם טעאַטער שראַגע פֿרידמאַן אויפֿגעפֿירט איסאַק באַבעלס פּיעסע „דער זון־אונטערגאַנג" אין דער איבערזעצונג פֿונעם באַוווּסטן דיכטער אַווראָם שלאָנסקי.

באַנאַנד מיט די פֿאָרשטייער פֿון דעם עלטערן דאָר, אַזעלכע, ווי די באַרימטע אַקטיאָרן כאַנע ראָווינאַ, מעסקין, פֿינקעל, שפּילן אין „האַבימאַ" מיט עמעסן גלאַנץ גרויסע מײַסטערס פֿון דער נײַער פֿאָרמאַציע ש. פֿרידמאַן, מ. אָשראָוו אאַ.

ווײַטער גייט דער קאַמער־טעאַטער, וועלכער האָט מיר אין אַ געוויסער מאָס דערמאָנט אונדזער מאָסקווער טעאַטער „סאָווערעמעניק". ער איז פּאָפּולער און באַליבט צווישן ברייטע שיכטן צושויער. דער דריטער טעאַטער אין טעל־אוויוו איז „אָהעל" („אהל") — ער איז געשאַפֿן געוואָרן אַלס אַרבעטער־טעאַטער נאָך אין 1924. דער כײַפֿער שטאָטישער טעאַטער איז געגרינדעט געוואָרן ערשט מיט קנאַפּע צוויי יאָר צוריק, אָבער ער האָט זיך שוין ניט שלעכט פּאַרעקאָמענדירט.

עס איז טעטיק אין ייִסראָעל אויך אַן אָפּערע־טעאַטער. אַ גוטן שעם האָט דאָ מיט רעכט פֿאַרדינט דער טעאַטראַליזירטער טאַנץ־אַנסאַמבל „אינבאַל", וואָס קולטיווירט די פֿאָלקס־שאַפֿונג פֿון די טיימענער ייִדן.

צווישן די מוזיקאַלע לערן־אַנשטאַלטן איז קעדײַ אָנצורופֿן די מוזיק־אַקאַדעמיע אין יערו־שאָלאַיִם און די קאָנסערוואַטאָריע אין טעל־אוויוו.

## „סאָוועטיש היימלאַנד" אין ייִסראָעל

ווי איך האָב באַמערקט, איז ייִדיש אין ייִסראָעל אין אַ געוויסער מאָס אין גאָלעס. באַזונדערע פֿאַרברענטע ציִוניסטן, וואָס ווילן זיך ניט רעכענען מיט רעאַלע פֿאַקטן, טוען אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, קעדיי צו דערנידעריקן דאָס ייִדישע לאָשן. פּראָפֿעסאָר שמואל אײַזענשטאַט האָט מיט פֿאַרביטערונג זיך געקלאָגט פֿאַר מיר, אַז פֿאַנאַטיקער און שאָוויניסטן דערלאָזן ניט בעשום־אויפֿן, אַז ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור זאָלן אַריבערטרעטן די שוועל פֿון דער פֿאָלקס־שול און מיטלשול, וווּ מע לערנט פֿאַרשיידענע אַנדערע שפּראַכן, נאָר ניט ייִדיש.

איווריט איז דאָס מעלוכע־לאָשן פֿון לאַנד. דאָך לעבט נאָך אין ייִסראָעל די שפּראַך פֿון מענ־דעלע און שאָלעם־אַלייכעמען, די שפּראַך, אָף וועלכער עס האָט אויך געשריבן דער באַרימטער העברעיִשער דיכטער כאַיִם־נאַכמען ביאַליק. ניט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז איך פֿלעג זיך ווענדן צו אַ ייִדן, צי קאָן איך מיט אים ריידן ייִדיש, פֿלעגט ער מיר ענטפֿערן: „אַוואַדע, ווי זשע דען? פֿאַרוואָס ניט? נאָך ביאַליק האָט געזאָגט, אַז „העברעיִש רעדט מען און ייִדיש רעדט זיך"...

„סאָוועטיש היימלאַנד" לייענען אין ייִסראָעל טויזנטער מענטשן. איך האָב געהאַט די געלעגנ־הײַט צו איבערצײַגן זיך, ווי הויך מע שעצט דאָ דעם זשורנאַל. לויט דער באַקאָשע פֿון דער פֿרײַנטשאַפֿט־באַוועגונג „ייִסראָעל—פססר", האָב איך באַדאַרפֿט איבערלייענען אין כײַפֿע אַ לעקציע וועגן דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. דער זאַל איז געווען פֿול־געפּאַקט. צווישן די פֿאַרזאַמלטע האָב איך געזען ניט בלויז גראָווע קעפּ. געווען היפּש יוגנט. אײַ־דער איך האָב אָנגעהויבן מײַן לעקציע, האָב איך געפֿרעגט באַם אוילעם, צי וועט מען פֿאַרשטיין, אויב איך וועל ריידן ייִדיש. מײַן פֿראַגע האָט אַרויסגערופֿן אַ געלעכטער. איינער האָט זיך אויפֿ־געהויבן און געזאָגט: „פֿילט זיך היימיש, רעדט ייִדיש, דאָ זײַנען דעריקער לייענער פֿון „סאָווע־טיש היימלאַנד". איך האָב זיך, דעם עמעס געזאָגט, שטאַרק דערפֿרייט, ווײַל די לעקציע האָב איך, אייגנטלעך, טאַקע געבויט אָף די ווערק, וואָס זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אינעם זשורנאַל אין מעשעך פֿון די לעצטע יאָרן.

די צוהערער האָבן אַרויסגעוויזן אַ גוואַלדיקן אינטערעס צו דער סאָוועטישער ליטעראַטור ביכלאַל און צו דער ייִדישער ביפּראַט. עס האָט זיך געפילט, אַז פיל פון זיי זייַנען גוט באַקאַנט מיט די לעצטע ווערק פון אונדזערע שרייַבער. בייַס דער לעקציע איז אַף מייַן טיש אויסגע־וואַקסן אַ באַרג צעטעלעך. פיל פון זיי האָבן געהאַט אַ שייַכעס צום זשורנאַל. אָט זייַנען אייניקע פון זיי: „סאָוועטיש היימלאַנד" לייען איך מיט פאַרגעניגן, גיט איבער מייַן יאַשער־קויעך דער רעדאַקציע". אַ צווייטס: „סאָוועטיש היימלאַנד" איז מיר געפעלן, אַזאַ יאָר אַף מיר". אַ דריטס: „האַלעווייַ אַף אונדז געזאָגט געוואָרן אַזאַ זשורנאַל". אַזעלכע צעטעלעך איז געווען ניט ווייניק. מע האָט זיך אָנגעפרעגט: איבער וואָס אַרבעטן איצט יויסעף ראַבין, נאָטע לוריע, יאַנקעוו שטערנבערג, אַרן ווערגעליס, איציק קיפּניס, יעכיעל פאַליקמאַן, מוישע טייף, הערשל פּאָליאַנקער, הערש אָשעראָוויטש, שמועל גאָרדאָן, אווראָם גאָנטאַר; צי זעצט פאָר עליע שעכטמאַן שרייַבן דעם ראָמאַן „ערעוו"; פאַרוואָס דרוקט „סאָוועטיש היימלאַנד" ווייניק אינפאָרמאַציע וועגן דעם ייִדישן קולטור־לעבן אין אַנדערע לענדער, באַזונדערס אין ייִסראָעל. געווען זייַנען פראַגן, וואָס האָבן מיר געוויזן, ווי שטאַרק די פאָלקסמענטשן פון ייִסראָעל אינטערעסירן זיך מיטן לעבן אין אונדזער לאַנד.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אויך אין טעל־אוויוו אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אָוונט, געווידמעט דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. אַף מייַן לעקציע זייַנען געקומען ניט בלויז לייענער, נאָר אויך שרייַבער און זשורנאַליסטן.

אין טעל־אוויוו איז מיר אויסגעקומען אָנטיילצונעמען אין אַ גרויסן ליטעראַרישן אָוונט, געווידמעט דעם 70־טן געבורטסטאָג פון פּערעץ מאַרקישן. עס זייַנען געקומען אַ סאַך מער מענטשן, ווי מע האָט דערוואַרט. צווישן די רעדנער זייַנען געווען פּראָפעסאָר ש. אייַזנשטאַט, דער דיכטער אַלעקסאַנדער פּען, די ליטעראַטור־קריטיקערן כאַווע סלוצקאַ־קעסטין. בייַ גאָר אינטערעסאַנט איז געווען די אַרויסטרעטונג פון מאַרקישעס בען־איר, דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ייִסראָעל — שמועל מיקוניס. אַליין אַ פּאָלאַנער, האָט ער געקענט מאַרקישן נאָך אין יענע וויַיטע „פּיאָנעריער יאָרן". ער האָט פאַרגעדענקט זייער וויכטיקע דעטאַלן וועגן דעם דיכטערס יוגנט־יאָרן. אַוואַדע וואָלט געווען אַ גרויסער יוישער, ווען מיקוניסעס זיכרוינעס וואָלטן פאַרעפנטלעכט ווערן — זיי וואָלטן באַדייַטנדיק דערגאַנצט דעם פּאָרטרעט פון אונדזער גרויסן דיכטער.

אין טעל־אוויוו, כייַפע, יערושאַלאַיִם בין איך געווען אין קראָמען, וואָס פאַרקויפן סאָוועטישע ביכער, דעריקער אַף רוסיש. דאָ איז שטענדיק געווען פול מיט קוינים. מע האָט געקויפט אַלץ: אי פּאָעטישע זאַמלביכער, אי ראָמאַנען פון אונדזערע קלאַסיקער און הייַנטצייַטיקע שרייַבער, אי פאַרשיידענע ביכער איבער עקאָנאָמישע און טעכנישע פראַגן. דער דירעקטאָר פון דער פירמע „לעפּאַק" זאַרעך לוביטש האָט מיר געזאָגט, אַז די ייִדישע ביכער, וואָס קומען אָן פון מאָסקווע, ווערן אין ייִסראָעל פאַרשפּרייט זייער שנעל.

אייניקע שריפטשטעלער אין ייִסראָעל האָבן געפרעגט בייַ מיר, צי איז טאַקע עמעס, אַז די ביכער פון אונדזערע שרייַבער דרוקן זיך אין גרויסע טיראַזשן. ווייַזט זיך אַרויס, אַז אין ייִסראָעל ווערן פּאָעטישע זאַמלונגען אָפטמאָל פאַרקויפט צו 500, 300 און אַפילע 200 עקזעמפּליאַרן. אַ היפשע צאָל אויטאָרן מוזן געבן צושטייַער די פאַרלעגער, קעדיי זייערע ביכער זאָלן דערזען די ליכטיקע שייַן.

דער שרייַבער־פאַריין פון ייִסראָעל ציילט בײַ דרייַ הונדערט מיטגלידער. ער גיט אַרויס אַ כוידעשלעכן זשורנאַל „מאָזנאַיִם" („מאזנים" — „די וואָג").

## בא אונדזערע פרייַנט

מיר האָט זיך זייער געוואָלט אַ קוק טאָן די קלובן, וואָס די פרייַנטשאַפט־באַוועגונג „ייִסראָעל—פּסס"ר" האָט דאָ אין לאַנד אין די צענדליקער. נאָר מיט צייַט איז בײַ מיר געווען, ווי מע זאָגט, ווי מיט קרעפּל־פּלייש. פונדעסטוועגן האָט אין איינעם אַ פרייַטיק־צונאַכטס מישע איידעלבערג, איינער פון די אָנפירער פון דער פרייַנטשאַפט־באַוועגונג „ייִסראָעל—פּסס"ר", אַוועקגעזעצט מיך אין אַ טאַקסי און גענומען פירן פון איין קלוב אין אַ צווייטן. אומעטום איז געווען פול מיט מענטשן. אומעטום האָט מען געוואַרט, אַז דער מאָסקווער גאַסט זאָל אָפּגעבן אַ פרישצאַפּלדיקן גרוס פונעם סאָוועטנלאַנד. ווען מיר האָבן זיך דערקליבן צום לעצטן קלוב, אין יאַפע, איז שוין געווען האַלבע נאַכט. דאָך איז קיינער ניט אַוועקגעגאַנגען און קיינער האָט קיין פאַריבל ניט געהאַט.

אין אַלע קלובן פון דער פרייַנטשאַפט־באַוועגונג „ייִסראָעל—פּסס"ר" זייַנען פאַראַן ביבליאָטעקן מיט סאָוועטישע ביכער, דאָ ווייַזט מען רעגולער סאָוועטישע פילמען, מע לייענט לעקציעס.

אַפּט ווערן אײַנגעלאַדן אהער מיט רעפּעראַטן פֿאַרשטייער פֿון דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע. אין כײַפֿע, לעמאָשל, האָט דער אַמבאַסאַדאָר דימיטרי טשוואַכין פֿאַר אַ גרויסן אוילעם דערציילט וועגן דער ווירטשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד און וועגן דעם קאַמף פֿאַר שאָלעם, וואָס אונדזער לאַנד פֿירט קאָנסעקווענט.

## צווישן פֿען־קאָלעגן

איך האָב געהאַט באַגעגענישן און שמועסן מיט פֿיל פֿען־קאָלעגן — סײַ בעשאַס די ספּעציעל אײַנגעאָרדנטע אויפֿנאַמעס אין די רעדאַקציעס פֿון אַ ריי פּרעסע־אָרגאַנען, סײַ פּריוואַט, אין אַ היימישער אַטמאָספֿער, בײַ אַ טעפּעלע קאַווע אָדער אַ קויסע ייִסראָעלדיקן ווײַן.

אין „קאָל האָאַם" האָבן אין אונדזער שמועס אָנטיילגענומען דער שעף־רעדאַקטאָר מוישע סנע און אַלע מיטגלידער פֿון דער רעדאַקציע. די גרונט־טעמע פֿון אונדזער געשפּרעך איז געווען די פּראַגע וועגן דער צוגרייטונג פֿון ליטעראַרישע און פּובליציסטישע מאַטעריאַלן, געווידמעט דער היסטאָרישער דאַטע פֿון 50 יאָר סאָוועטנמאַכט. אַף דער באַגעגעניש אין דער רעדאַקציע „זאָ האַדערעך" (שעף־רעדאַקטאָר מייער ווילנער) זײַנען אויך בײַגעווען די רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער פֿון דער אַראַבישער צײַטונג „אַל איטיכאַל". עס איז אויסגעדריקט געוואָרן די האָפֿענונג, אַז סײַ די פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי", סײַ „סאָוועטיש היימלאַנד" וועלן באַהילפֿיק זײַן דער פּראָגרעסיווער ייִסראָעל־פּרעסע מיט צושיקן ווערק פֿון די סאָוועטישע שרײַבער.

איך האָב געהאַט אַ וויזיט אין דער טעלעגראַפֿן־אַגענטור „איטים". געווען צוגאַסט אין רע־דאַקציע „האַאַרעץ", ווו עס האָט מיך אויפֿגענומען איר באַלעבאָס און שעף־רעדאַקטאָר הער גערשן שאָקין. אַף אונדזער שמועס איז בײַגעווען איינער פֿון די פֿירנדיקע זשורנאַליסטן פֿון דער דאָזיקער גרויסער צײַטונג שימען סאַמעט, מיט וועלכן כ׳האָב זיך באַקאַנט פֿאַראַיאָרן, ווען מיר האָבן אים אויפֿגענומען אין מאָסקווע אין דער אַגענטור „נאָוואָסטי". נאָכן אומקערן זיך אַהיים האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אין „האַאַרעץ", ווי אויך אין אַנדערע ייִסראָעלדיקע אויסגאַבעס, אַ גאַנצע סעריע פֿאַרצייכענונגען, אין וועלכע ער האָט זיך באַמיט, ווי ווײַט דאָס איז פֿאַר אים געווען מעגלעך, אָביעקטיוו באַשרײַבן פֿאַרשיידענע זײַטן פֿונעם לעבן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

פֿון מײַנע, אַזוי צו זאָגן, פּראָפֿעסיאָנעלע באַגעגענישן וואָלט זיך מיר געוואָלט אָפּשטעלן אַף דעם פֿרײַנטלעכן קאַבאָלעס־פּאָנעם, וואָס איך האָב געהאַט אין די רעדאַקציעס פֿון „אַל האַמישמאַר" (אָרגאַן פֿון דער לינקער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי „מאַפּאַם") און „לאַ־מאַרכאַוו" (אָרגאַן פֿון דער פּאַרטיי „אַכדוט אַוואַדאַ"). אַכוץ אייניקע געשעפֿטלעכע פֿראַגן, וואָס זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן, האָבן די רעדאַקטאָרן און זשורנאַליסטן פֿון ביידע צײַטונגען געבעטן, איך זאָל זיי אויפֿקלערן אַ ריי פֿראַגן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צום קולטור־לעבן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

צוויי מאָל איז מיר אויסגעקומען אויפֿצוטרעטן אַף דער ראַדיאָ „קאָל ייִסראָעל".

אָבער אַז מע זאָגט „נאַראָנים, פֿון באָד אַרויס", געפֿינט זיך דאָך אַלעמאָל אַזאַ איינער, וואָס פֿרעגט: „מײַן דרײַער איז ניט קיין דרײַער?". אַשטייגער, דער צײַטונג „דאַוואַר" איז געווען שטאַרק ניט צום האַרצן, האַלעמײַ מע האַלט פֿון דער מיצווע האַכנאָסעס־אָרכים בענעגייע אַ סאָ־וועטישן גאַסט, ווײַל, האָט געשריבן „דאַוואַר", אַף ראַבינאָוויטשן „איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן די מיסיע אַרײַנצוזעצן עטלעכע פּאָליטישע גאָלן אַלס צוגאָב צו די ספּאָרטיווע דערגרייכונגען פֿון די סאָוועטישע פֿוטבאָליסטן". צווייטנס, איז ער אַן אַגענט... טרעפֿט פֿון וועמען? פֿון דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". האָט איר עפּעס צו זיי?

איך וועל ניט לייקענען, אַז כאָטש איך בין געשיקט געוואָרן קיין ייִסראָעל אַלס פֿאַרשטייער פֿון דער סאָוועטישער פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי", האָב איך אויך געהאַט אַ ספּעציעלע אויפֿגאַבע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" צונויפֿריידן זיך מיט די שריפֿטשטעלער פֿון ייִסראָעל וועגן זייער אָנטייל אינעם זשורנאַל. איז וואָס איז אַזוי גרויס די אוולע?

וואָס איז שײַעך דעם פּשאַט פֿון „פּאָליטישע גאָלן", זאָל שוין די רעדאַקציע פֿון „דאַוואַר" אַליין פֿאַרטײַטשן, וואָס באַטײַט די דאָזיקע טיפּזיניקע סענטענץ.

די נאָטיצן אין מײַן בלאָקנאָט לאָזן זיך אויס. איך האָב זיך באַמיט געוויסנהאַפֿט צו דער־ציילן אײַך, טײַערע לייענער, וועגן דעם, וואָס איך האָב געזען אין ייִסראָעל מיט מײַנע אייגענע אויגן פֿאַר דער קורצער צײַט, וואָס איך בין דאָרט געווען.

## זאָלן מענטשן ריידן ווי זיי ריידן

עסקימאָסן ריידן אף 32 לעשוינעס
(פון א וויסנשאפטלעכן טראקטאט)

אין הארצן מײַנעם צינדט זיך אָן א קאס און אומגעהייער דער פארדראָס איז,
ווען עמעץ זאָגט, אז ייִדיש־לאָשן קלינגט שוין עסקימאָסיש.

איך ווייס ניט, וואָס מע מיינט מיט דעם:
צי מיינט מען, אז מײַן ייִדיש איז פארלאָשן,
צי אז עס איז דאָס לאָשן ס׳דרײַ־און־דרײַסיקסטע בא עסקימאָסן...

אך, לאָזט צורו זיי ביידן. לאָזט צורו זיי ביידן.
זאָלן מענטשן ריידן ווי זיי ריידן.

## נײַנטער וואל

דאָס האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם דריטן וואל...

געוואָרן קיל איז אפן יאם, ווי אין א וואלד.
מיט פײַכטקײַט און מיט שאָטן האָט גענומען שמעקן.
דערנאָך האָט זיך צעשפּילט דער פערטער וואל —
א שפּאר געטאָן אף זיך אליין פון אלע עקן.
דערנאָך דער פינפטער,
זעקסטער,
זיבעטער,
און דאן —
דער אכטער וואל...
געשטעלט אף די שפּיץ פינגער האָט דער יאם זיך,
און ס׳איז געשען!

און אופגעזאָדן מיט דעם וואסער האָט די שטילקײַט לאנגזאם.

## אין וועג

ווײַט, אזוי ווײַט צו א נאכטלעגער,
ווײַט צו א קאלטן טרונק.
מײַן פרײַנט איז א מענטש אין די אכציקער,
און איך בין אזוי נאָך יונג.

מיר גייען פון דער גנילאָפּיאטעווקע,
באם דניעפּער עס ליגט באבי־יאר.
און ס׳ציט זיך די צײַט ווי פּאטעקע,
און מיד איז מײַן פרײַנט דערפאר.

מיר גייען שוין לאנג מיטן וואָלגע־ברעג,
די בירע מיר זייַנען פאַרביי.
אין הימל אַזויפיל וואָלקנדלעך,
דער טייַך איז פון וואָלקנס פרייַ.

אונטער די פיס — הרודעס הארטלעכע,
ברייט איז די וועלט — טו א שפרונג.
באַלד וועט שוין זייַן א נאַכטלעגער,
זייַן וועט א קאַלטער טרונק.

## אָן א שטיין

די האַנט האָט א כאַפּ געטאָן א שטיין! שוין פאַרפאַלן...
עס קאָן זי ניט אָפּשטעלן ניט דער קאָפּ, ניט דאָס האַרץ אַליין...
אַך, בלוט וועט זיך גיסן דאָרט,
ווו דער שטיין וועט פאַלן...

נאָר טוט א קוק,
טוט א קוק,
וואָס עס טוט דער שטיין:

דער שטיין וויל וויסן, אין וועמען מע וואַרפט אים.
דער שטיין איז אופגעשטאַנען קעגן דער האַנט!
ער וועט זיך פאַרהאַלטן,
ניט דערפליִען א קלאַפּטער,
ניט דערפליִען צום פאַרברעכן, צו דער שאַנד.

די האַנט האָט דערפילט, אַז דער שטיין איז שווערלעך.
זי טוט אים א רייַב אין דער אייגענער הויט
און גייט אָפּ מיט בלוט:
דער שטיין איז געפערלעך!
פאַר איר אַליין שמעקט ער מיט טויט!

די האַנט האָט פאַמעלעך צענומען די פינגער,
אָנגעהויבן זיך קווענקלען,
געביטן דעם מיין.
און איצט —
אָן א שטיין דער האַנט איז גרינגער,
און איצט —
אויף דער ערד ליגט דער שטיין ווי א שטיין.

## ווו איז דער מענטש
## בא לעוויטאַנען

ווו איז דער מענטש בא לעוויטאַנען?

א גרויער וועג — מיט איינזאַמקייַט געבענטשט...
באַם ברעג פון טייַך בערעזעס טונקלע וויאַנען...
א פערד, געשפּאַנט אין שליטן — אָן א מענטש...

ניטאָ קיין מענטש בא לעוויטאַנען.

איך גיי פאַרטראַכט אין מאָלערס וועלט אַרייַן,
און גלייַך דערפיל איך, אַז די פרייד, די פּייַן,
וואָס אויסגעגאָסן ליגט דאָ אויף דעם ראַכוועס,
דער אומעט און דער גלויבן און דער טרוים —
זיי קומען פון דעם מענטש און פון זייַן טאַכלעס,
כאָטש זעען זע איך זיי צעגאָסן בלויז אין רוים...

## ווידעראמאַל זינגט
## דער זינגער

כ׳האָב אויך, ווי דו, מײַן אייוועלע,
געוואַרעמט פרעמדע אייוורימלעך...

פון פלאַם געוואָרן פּאָטער שוין?
פאַרשטעקט זיך מיט א פּאַקרעשקע?

אָ, ניין! אין ברוסט שוין אָפּגעברענט,
פון מיר פאַרפלויגן — אָפּגעווענדט

אזויפיל פלאַמען־שוועלבעלעך,
אז ס׳איז גענוג א שוועבעלע,

א פונק צי נאָר א ציגל־קלאַפּ —
און ס׳ברענט! און ס׳טירל צוגעקלאַפּט!

אַפּסניי, ווי דו, מײַן אייוועלע,
איך וואַרעם פרעמדע אייוורימלעך.

## אויב ס׳קומט דער טרויער,
## אויב ער קומט...

סטאַרע זיך ניט זײַן אין טרויער שיין,
זאָל אַליין דער טרויער רײַסן קריִע,
זאָל די הענט פאַרברעכן — ער אַליין,
ער אַליין זאָל כאַלעשן און קניִען,
וויינען אָף א קאָל צי כליפּען שטיל,
שרײַען ביז צו גאָט צי שעפּטשען אפן אויער.
זאָל ער טרויערן, דער טרויער, ווי ער וויל.
סטאַרע זיך ניט אויסזען שיין אין טרויער.
פּרוּוו ניט מאַכן אים נאָך גרעסער, ווי ער איז,
טו אָף אים ניט אָן קיין קרוין, קיין פּאַנצער.
בעסער, ער זאָל זײַן ניט שיין, ניט מיִעס,
בעסער, אז ניט זײַן ער זאָל אינגאַנצן.

נאָר אויב ס׳קומט דער טרויער, אויב ער קומט,
זאָלסטו זיך ניט מישן.
זאָלסטו זיצן שטום...

## ערעוו ווינטער

די זון פאַרגייט אָף א שניי. באַנאַכט וועט ער אויספּאַלן,
ליגן ביז אינדערפרי.
און אין מײַנע אויגן דער ווײ
וועט ביז דעם האַרצן דערגיין און עס אויסווײַסן,
ניט לאָזן שלאָפן ביז אינדערפרי.

די ביימער הינטערן פענצטער — אין שפּעטסטן האַרבסט.
די קעלט קריכט זיי אונטער דער קאָרע.
דער האַרבסט וויל זיך איבערקלײַבן אין מײַן האַרץ,
בא מיר איז א דינע הויט —
ניט קיין קאָרע.

וועל איך בעסער גיין מיט דער זון, און אויכעט פארגיין אף א שניי,
און דער ווי מעג דאָס הארץ מײַנס אויסוויסן,
און זאָל קומען דער ווינטער,
אויב ס׳איז זײַן ריי, —
דער הארבסט וועט זיך בלויז מיר אויסווייַזן...

## פרילינג

ווען אף אופגעשוימטן יאם,
פונקט ווי אף אויסגעשפילטן ווײַן א פעסל,
ציילט דער פרילינג
כוואליעס שוימיקע,
ווי הונדערטערס,
גענית און פלינק, —
אין דער זעלבער רעגע אף צעקנייטשטער דלאָניע פון א בלאַטיק געסל
מיטן קליינגעלט פון די קאליוזשעס ער קלינגט.
ס׳טרעפט, אז ערגעץ־ווו
די טראָפּנס ציט ער קוים ארויס פון דריבנעם רעגן,
און בישכיינעס
טרינקט ער, טרינקט
פון גוסרעגן
מיט פולער קוואַרט.
ס׳האָט דער פרילינג שטארקע ווינטן אף צו אנבלאָזן מיט זיי א זעגל,
נאָר עס טרעפט, אז אויך א שטרוי ער קאָן ניט אופהייבן פון אָרט.

זאָלסטו זײַנע קויכעס, זאָלסטו זײַנע ווינטן אף איין מאָס ניט מעסטן,
זאָלסטו פאר זײַן יונגקײַט, זאָלסטו פאר זײַן שוואכקײַט האָבן אויך א מעסטל...

## דו שטייסט מיטן קאָפּ אראָפּ?

כ׳האָב אופגעהאנגען בא דיר איבערן קאָפּ
מײַן מענטשיש געשריי,
הענגט עס און פאלט ניט אראָפּ,
דאָס קנײַלעכל ווינד־און־ווי.

ווען דײַן לוסטיקײַט, דײַן פארגעס
ווי א קעצעלע קריכט ארויס,
מיטן לאַפּקעלע זיך פארמעסט
און דאָס גרוילעכל טוט א שטויס, —

טראכט איך:
צי ס׳קעצעלע האָט
דערלאנגט אזש העכער דײַן קאָפּ,
צי עפשער גאָר — גאָט מײַן גאָט! —
דו שטייסט מיטן קאָפּ אראָפּ...

## מע שיקט ארויס אים פון סיביר

אין סיביר דארף מען גיין לויטן אייגענעם ווילן.
מ. גאָרקי. אפן דעק

ער האָט כאטאָים אָן א שיר:
ער איז א גאנעוו און א שיקער,
מע שיקט ארויס אים פון סיביר,
וווהין מע פלעגט אמאָל פארשיקן.

צעווײנט ער האָט זיך, ווי פון שלאָף,
סיביר איז ליב אים פון געבורט אָן,
דעם קאָפּ פארבויגן פאר דער שטראָף,
ווי פאר דעם סאמע שווערסטן אורטייל.

און איך — געפרייט זיך אָן א שיר,
כ׳האָב אזש א קוש געטאָן דעם שיקער:
מע שיקט ארויס אים פון סיביר,
וווּהין מע פלעגט אמאָל פארשיקן!..

## וויטשעגדא

ס׳איז באשלאָסן געוואָרן צו אויסקערעווען אין דער קעגנבעדיקער ריכטונג, דה. אף דאָרעם, צום קאספישן יאם, די צאָפנדיקע טײַכן פעטשאָרא און וויטשעגדא (פון די צײַטונגען)

ווען געפלאָסן וואָלט די וויטשעגדא
אין אַן אַדער אף מײַן האנט,
ווען זי וואָלט פון הארץ ארויספליסן און זיך יאָגן צום פארשטאנד,
וואָלט איך ערגעץ־ווו זי אָפגעשטעלט אף א קורצינקער מינוט
און באלויכטן מיט מײַן ווילן זי, און דערוואָרעמט מיט מײַן בלוט, —
אז דאָס גליק זאָל אף דער וויטשעגדא זיך צעשפּילן דאָס געגארטס:
פון פארשטאנד זי זאָל ארויסשטראָמען
און ארײַנפאלן אין הארץ.

## Alibi

כ׳בין ניט געווען דערבײַ, איך האָב עס ניט געטאָן!
איך שווער אײַך, אז קאיאָר, ווען גאָרניט הייבט זיך נאָך ניט אָן, —
איך בין געשלאָפן נאָך,
איך האָב אפילע ניט געטראכט דערפון, —
האָט עמעצער צעשמעלצט דעם שניי,
מע זאָגט — די זון...

## נייטערנס און מאנעקענשעס

נייטערנס זײַנען שענער פון מאנעקענשעס.
בא מאנעקענשעס די טאליע — ווי געמאכט מיט א הובל.
פאר זייער שיינקײַט זיי האָבן הונדערט רובל אין קעשענע,
און די נייטערנס פאר זייער ארבעט האָבן נאָר איין רובל.

און דאָך זײַנען נייטערנס שענער פון מאנעקענשעס.
איך זע אין דער שויב, ווי זיי זיצן און ארבעטן —
זיי זיצן פרוייִש, זיי זיצן מענטשיש,
אין ווײַסע קאָפּטלעך מיט קורצע ארבל.

די צעראטענע מעטערס אָנגעטאָן ווי קרעלן,
די פינגערהוטן בלעכענע ווי גאָלדענע פינגערלעך.
מע זוכט ניט קיין קוינים, מע דארף ניט געפעלן —
און ס׳קוקן אין שויב ארײַן מאנצבלען ווי ייִנגעלעך.

עס צופט בא דעם האַרצן, עס ציט צו
דער וואַרעמקײַט,
צו דער היימלעכקײַט, צו דער פרוייִש־
קײַט, וואָס נאַרט ניט אָפּ קיינעם,
יעדער פאַרבײַגייער האָט שוין דאָרטן
זײַן האַרנטע,
זײַן כיינעוודיקע נייטערן, זײַן טויב די
שיינע.

די אַרבעט — פאַרענדיקט. מיט בענק־
שאַפט באַלאָדן,
מע קאָן שוין א רוף טאָן,
באַגלייטן מע קאָן שוין.
נאָר מאַנצבלען פאַרקערעוועווען אין הויז
פון די מאָדעס,
כאָטש זיי וויסן, אַז נייטערנס זײַנען
שענער פון מאַנעקענשעס...

## ווענערע איז פון אונדז באַהאַלטן

ווענערע האָט ניט קיין באַגלייטער.
א בסולע איז זי? אַן אַלמאָנע?
איז לאָמיר אופהייבן א לייטער
און אָפּטראָגן איר א לעוואָנע.

ווענערע איז פון אונדז באַהאַלטן,
מיט נעפּלען צוגעדעקט דאָס פּאָנעם,
זי איז נאָך יונג צי שוין אַן אַלטע?
א בסולע נאָך צי אַן אַלמאָנע?

איך גיי אַרום אין איינע זאָרגן,
איך הער ניט אוף פון איר צו קלערן,
ווײַל זי איז שטאַרק פון מיר פאַרבאָרגן
און ווײַל מע רופט זי מאָרגנשטערן.

ווענערע דאַרף שוין א באַגלייטער,
אַליין זי לאָזן — א סאַקאָנע.
איז לאָמיר אופהייבן א לייטער
און איר דערלאַנגען א לעוואָנע.

# כראָניק

## קאָנצערטן און ספעקטאַקלען צו שאָלעם־אַלייכעמס 50־טן יאָרצײַט

אין אַפּרעל און מײַ זײַנען אין א ריי שטעט פון סאָוועטנפאַרבאַנד פאָרגעקומען קאָנצערטן און ספעקטאַקלען, געווידמעט דעם 50־טן יאָרצײַט פון שאָלעם־אַלייכעמען. די אַרויסטרעטונגען זײַנען אומעטום דורכגעגאַנגען מיט גרויס דערפאָלג.

• אין לענינגראַד האָט דער טעאַטער־אַנסאַמבל פון בינאָמין שוואַרצער באַוויזן שאָלעם־אַלייכעמס פּיעסן „צוויי הונדערט טויזנט" און „טעוויע דער מילכיקער".

• מיט א גרויסער שאָלעם־אַלייכעם־פּראָגראַם איז אין מאָסקווער טשײַקאָווסקי־זאַל אַרויסגעטראָטן עמאַנויל קאַמינקאַ.

• אין מעשעך פון צוויי וואָכן האָט אין לאָקאַל פון מאָסקווער דראַמאַטישן טעאַטער געשפּילט דער אַנסאַמבל פון אַננע גוזיק, וועלכער האָט אופגעפירט די אינסצענירונג פון „בלאָנדזנדע שטערן".

• אינטערעסאַנט זײַנען די קאָנצערט־פּראָגראַמען, געווידמעט שאָלעם־אַלייכעמען, וועלכע ס'האָבן צוגעגרייט די ייִדישע זעלבסטעטיקע דראַמאַטישע קאָלעקטיוון פון קאָוונע און טאַלין און דער ווילנער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער.

• דער לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" א. שאַנדאַראָוו טיילט מיט פון האָמעל, אַז די אָרטיקע טעלעסטודיע האָט באַוויזן שאָלעם־אַלייכעמס „טעוויע דער מילכיקער", אופגעפירט דורכן געגנטלעכן רוסישן דראַמאַטישן טעאַטער. דעם ספעקטאַקל האָבן געזען הונדערטער טויזנטער צושויער פון האָמליער, טשערניגאָווער און בריאַנסקער געגנטן.

## א מאַנוסקריפּט פון פראַנץ קאַפקאַס א פּיעסע אין ייִדיש

אין פּראָג איז אין אַפן בוידעם פונעם הויז, וווּ עס האָט געוווינט פראַנץ קאַפקאַ, געפונען געוואָרן א מאַנוסקריפּט פון זײַנער אַן אומבאַקאַנטער פּיעסע, געשריבן אין ייִדיש. די פּיעסע, וואָס קאַפקאַ האָט געהאַט אָנגעשריבן פאַר א ייִדישער טרופּע אין פּראָג, איז אין טעאַטער ניט אופגעפירט געוואָרן.

די פּיעסע וועט אין קורצן דערשײַנען אין איינעם פון די ווינער פאַרלאַגן אונטערן נאָמען „הער פלי אַרום דעם לאָמפּ", איבערגעזעצט אָף דײַטש.

אינגיכן וועט אינעם פּראָגער ייִדישן מוזיי אײַנגעאָרדנט ווערן אַן אויסשטעלונג פון פראַנץ קאַפקאַס ניט פאַרעפנטלעכטער ליטעראַרישער ירושע.

## געשטאָרבן אַנאַ לאַנגפוס

אין פּאַריזש איז אין עלטער פון 46 יאָר געשטאָרבן די באַקאַנטע ייִדיש־פראַנצויזישע שרײַבערין אַנאַ לאַנגפוס. פאַר איר ראָמאַן „זאַמד־באַגאַזש", וואָס שילדערט די אָקופּאַציע־צײַט, האָט זי אין 1962 באַקומען די גאָנקור־פּרעמיע.

אין פראַנקרײַך האָט זיך די שרײַבערין באַזעצט נאָך דעם, ווי זי איז אַלפּינעס געראַטעוועט געוואָרן פון די היטלעריסטישע טויט־לאַגערן.





דער סאָוועטישער שרײַבער אַנדריי קליאַנאָוו איז באַקאַנט אין דער רוסישער ליטעראַטור אַלס דיכטער, פּראָזאַיִקער און איבערזעצער פון ייִדי־שער, ווײַסרוסישער און ליטווישער פּאָעזיע.

זײַן לידער־זאַמלונג „אַ בוך אָן אַ נאָמען“ און דער פּראָזע־בוך „דרײַ טעג אין מאָסקווע“ האָבן אַרויסגערופן גרויס אינטערעס בא דעם לייענער. מיט ליבע און מײַסטערשאַפט האָט א. קליאַנאָוו איבערזעצט פיל לידער און פּאָעמעס פון די דיכ־טער אָשער שוואַרצמאַן, פּערעץ מאַרקיש, איזי כאַריק, מענדל ליפשיץ, מאַקסים טאַנק, יוליוס יאַנאָניס, עדואַרדאַס מעזשעלײַטיס און אַנדערע.

„דער נײַנטער פאָרט“ איז דער צווייטער טייל פון א. קליאַנאָוס ראָמאַן „דער טרויס וועגן ליבע“, וואָס וועט האָיאָר דערשײַנען אינעם פאַרלאַג „סאָ־וועטסקי פּיסאַטעל“. אין דעם ערשטן טייל אַנט־וויקלט זיך ·די האַנדלונג אַרום אַנאַ קאָוושאָווא, דער פרוי פון דעם פּליִער ניקאָלײַ קאָוושאָוו, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן בײַם דער גרויסער פאָטער־לענדישער מילכאָמע.

וועגן דעם גורל פון איר מאַן דערוויסט זיך אַנאַ מיט אַ סאַך יאָרן נאָכן קריג. פאָרנדיק פון מאָסקווע קיין ווײַסרוסלאַנד אָף דער אַנטהילונג פון דעם דענקמאָל, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אויפן קייווער פון איר מאַן, באַגעגנט זיך אַנאַ מיט מענטשן, וועלכע האָבן גוט געקענט דעם פּליִער קאָוושאָוו און דורכגעמאַכט מיט אים צוזאַמען דעם וועג פון פײַן אין דער דײַטשישער געפאַנגענ־שאַפט.

אונטערן אײַנדרוק פון די דערינערונגען פון קאָוושאָווס פרײַנט כאַלעמט זיך אַנען, אַז דער מאַן איז געקומען צו איר און דערציילט די טראַ־גישע און העלדישע געשיכטע וועגן נײַנטן פאָרט.

די דאָזיקע דערציילונג, וועלכע דער אָווטאָר האָט אָנגעשריבן אָפן סמך פון דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן, איז אַרײַנגעוועבט אין ראָמאַן, ווי אַ בוך אין אַ בוך, און האָט אַ פאַרגאַנצטן סוזשעט.

די נעמען פון די פּערסאָנאַזשן זײַנען טיילווײַז צוגעטראַכט און טיילווײַז געענדערט.

אַנדריי קליאַנאָוו

# דער נײַנטער פאָרט

פ. קראַקינאָווסקין און אַלע אַנ־דערע, לעבעדיקע און טויטע, אַסירים פון פאָרט.





פּאַרמאַכטער הויף צווישן פיר ווענט פון א הויכן מויער. א קעלער. א קאָרידאָר. קעמערלעך פון ברעטער. איינס פון זיי איז מײַנס. א צעמענטענער דיל, צוויי הילצערנע בענק, צווישן זיי, אין ענגן דורכגאנג, א קליין טישל. א געשטאנק, א פינצטערניש און עפּעס אן אומפאַרשטענדלעכער טומל — געשרייען, געלעכטער, געוויין, קוויטשערײַען, געזאנג — ווי אין א מעשוגאָים־הויז, פון צײַט צו צײַט פרווט עמעצער אײַנשטעלן אן אָרדענונג אין אָט דעם גענעם.

עס טופּען שטיוול. עס עפענען זיך און פאַרמאַכן זיך טירן. אף די שרײַענדיקע, קרעכצנדיקע און וויינענדיקע שיטן זיך קלעפּ און קלאָלעס אף רוסיש, נאָר מיט א שאַרפן אקצענט. עס העלפט אָבער ניט — די געשרייען ווערן נאָך העכער, נאָך דורכדרינגלעכער...

די נאכט האָט זיך לאנג געצויגן. איך האָב זיך געלייגט אף דער באנק און בין ווידער אופגעשטאנען. שלאָפן האָב איך ניט געקאָנט און טראַכטן ניט געקאָנט. וויפל דער זייגער איז, האָב איך ניט געוווּסט — קיין פענצטער איז אין קעמערל ניט געווען. שפּעטער בין איך אײַנגעשלאָפן. און ווען זיי זײַנען געקומען נאָך מיר — אפילע ניט געהערט, ווי די טיר האָט זיך געעפנט.

— אאוף! — אין דער טיר איז געשטאנען א לייטענאנט און א ציוויל געקליידטער.

דער ציווילער האָט געזאָגט:

— דער אָבערסט, בא וועלכן איר זײַט נעכטן געווען, פרעגט, צי וועט איר ענטפערן.

— ניין, — האָב איך געזאָגט.

— איר האָט גוט א טראכט געטאָן?

— יאָ.

— עפשער ווילט איר נאָך טראכטן?

— ניין.

— גיי ארויס! — האָט געזאָגט דער ציווילער, דער איבערזעצער.

דער לייטענאנט האָט מיטן שטיוול מיר א זעץ געטאָן אין הינטן. איך בין אומגעפאלן אפן דיל... זאָל זײַן אזוי, אזוי איז אפילע בעסער...

פונעם קעלער האָט מען מיך ארופגעפירט אפן פערטן שטאָק, אַרייַנגעלאָזט אין א לאַנגן ליכטיקן צימער מיט אן אָנגעוועקסלטן פּאַרקעט־דיל. דער צימער איז געווען קימאַט א פּוסטער. בא דער וואַנט איז געשטאַנען א מאַסיווער ביכער־שראַנק און לעבן אים — א טיש, בא וועלכן ס'איז געזעסן א יעפרייטאָר און עפּעס אַרייַנגעשריבן אין א דיקן גראָסבוך.

— הייַל היטלער! — האָט געזאָגט דער לייטענאַנט.

— הייַל היטלער! — איז דער יעפרייטאָר אופגעשפּרונגען און האָט אויסגעצויגן די האַנט.

דער לייטענאַנט האָט א ווונק געטאָן אין מייַן זייַט און איז אַוועק. דער איבערזעצער איז געבליבן אין צימער.

דער יעפרייטאָר האָט מיר באַפוילן זיך שטעלן בא דער וואַנט, ווו עס זייַנען שוין געשטאַנען דרייַ יונגע כעווריע. איינער — א הויכער, א גרוי־אויגיקער, א בלאָנדער. דער צווייטער — א שוואַרצער, א בלוי־אויגיקער, מיט א קלוג פּאָנעם, — ער האָט געשמייכלט צו מיר; און דער דריטער — ניט קיין הויכער, אויך מיט טונקעלע האָר, מיט אייַנגעפאַלענע אויגן... איך וועל פאַרלויפן דעם וועג און אָנרופן זייערע נעמען: דער הויכער — פּיניע קראַקאָווסקי, אָדער פּעטיע, ווי מיר האָבן אים גערופן; דער בלוי־אויגיקער — אבּא וויסקאַנט, דער דריטער — מוישע קוניק. פּיניע און אבּא זייַנען קאָמיוגיסטן פון קאָוונאָס, מוישע קוניק איז א מינסקער, אויך א קאָמיוגיסט, וואָס איז געבליבן שטעקן אין קאָוונאָס אין סאַמע אָנהייב פון קריג...

איך האָב זיך געשטעלט באַנאַנד מיט זיי און גענומען זיך אַרומקוקן. דער ביכער־שראַנק האָט צוגעצויגן מייַן אופמערקזאַמקייַט. קיין ביכער זייַנען אָף די פּאָליצעס ניט געווען, אָנשטאָט ביכער זייַנען אקוראַט געלעגן נומערירטע רימענס, בייַטשן און קאַנטשיקעס, קורצע און לאַנגע, גראָבע און דינע, לעדערנע, גומענע, געפלאָכטענע און געדרייטע פון דראָט — א גאַנצע קאָלעקציע, ניט ווייניקער פון דרייַסיק שטיק. אינגיכן האָט מען אונדז באַקענט מיט זיי... אין דער מיט פונעם צימער, ניט ווייַט פון אונדז, זייַנען אויסגעשטעלט אין א ריי פיר ווינער בענקלעך, אָפּגעריבענע, מיט אויסגעבויגענע פוסטע ווענטלעך. די בענקלעך האָבן זיך ניט געפּאַסט צו דער פּאָלירטער שאַפע, צו דעם רייַכן טיש מיטן פּאָטעל, נאָר מיר האָבן אינגיכן פאַרשטאַנען, אז דאַפקע די אָפּגעריבענע בענקלעך איז דאָס סאַמע נייטיקע מעבל אין דעם דאָזיקן גרויסאַרטיקן זאַל.

דער יעפרייטאָר האָט גענומען שרייַבן. געשריבן האָט ער אקוראַט און פלייַסיק, ווי א שילער. פאַרשרויפט דאָס הענטל, איז ער אופגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו דער שאַפע, אויסגעקליבן א נאַהייַקע, זי צונויפגעלייגט אינצווייען און זיך אויסגעדרייט צו אונדז. ער האָט שווייַגנדיק אונדז באַטראַכט און געפרעגט:

— פאַרשטייען זי דויטש?

אַלע האָבן געשוויגן. כאָטש איך האָב פאַרשטאַנען דייַטש, האָב איך באַשטימט, אז ס'איז גלייַכער ניט צו פאַרשטיין... דער יעפרייטאָר האָט א ווונק געגעבן צו דעם איבערזעצער, און יענער איז צוגעטראָטן צו זייַן אַרבעט.

— טוט זיך אויס, די שיך דאַרף מען ניט אַראָפּנעמען. שטעקט אַרייַן די קעפּ אין די ווענטלעך פון די שטולן און מיט די הענט שפּאַרט זיך אָן אין די דעקלעך. דער הער יעפרייטאָר וועט אייַך שמייַסן. נאָר געדענקט: ניט שרייַען! ווער עס וועט א געשריי טאָן, וועט באַקומען אָנשטאָט איין שמיץ — צוויי. ווער עס וועט נאָכאַמאָל אַרויסלאָזן א קאָל, וועט באַקומען פיר, און אזוי ווייַטער. די ערשטע איבונג, — אזוי האָט ער טאַקע געזאָגט: איבונג, — וועט זיך פאַרענדיקן, ווען דער געשמיסענער וועט זיך אָנשפּאַרן מיטן קאָפּ אין דער אַנטקעגנדיקער וואַנט פונעם צימער...

איך האָב מיטן אויג א מעסט געטאָן דעם צימער — א מעטער צוואַנציק, ניט ווייניקער. דאָ האָט מען אַמאָל געוויס געטאַנצט, און מיר וועלן דאָ אויך טאַנצן...

מיר האָבן אַרייַנגערוקט די קעפּ. זיך אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אָן די דעקלעך. און דער יעפרייטאָר האָט מיט קראַפט אַראָפּגעלאָזט א שמיץ קוניקן. קוניק האָט א געשריי געטאָן און צוזאַמען מיטן בענקל א פאָר געטאָן פּאָרויס איבער דעם גליטשיקן דיל אָף א מעטער צוויי־דרייַ.

אָט צוליב וואָס דער דיל איז דאָ אָנגעוועקסלט!

— צוריק! — האָט א ביל געטאָן דער יעפרייטאָר און, ניט וואַרטנדיק, ביז קוניק וועט זיך אומקערן, אים אַליין איבערגערוקט צוזאַמען מיטן בענקל אָף דעם פריִערדיקן אָרט.

באַם באָכער אפן לייַב האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט א צווייענדיקער בלוטיקער קאַרב. דער צווייטער שמיץ — שטאַרקער פון דעם ערשטן, און דאָס בענקל האָט ווידער א פאָר געטאָן פּאָרויס. נאָר קוניק האָט שוין ניט געשריגן. ער האָט פאַרגראָבן דעם קין אין דער ברוסט, פאַרמאַכט די אויגן און פאַרביסן די ליפּן...

אבּא וויסקאַנט האָט געשוויגן און זיך א רוק געטאָן ווייַטער פון קוניקן — ער האָט פאַרשטאַנען: וואָס ווייַטער ער וועט זיך אָפּרוקן, אַלץ ווייניקער שמיץ וועט ער כאַפּן... קראַקאָווסקי

איז אויך ווײַט אָפּגעפֿאָרן... און איך, אַן אַנגעלערנטער, האָב אזוי א רוק געטאָן דאָס בענקל, אַז איך בין דורכגעפֿאָרן א האַלבן צימער.

דעם יעפרייטאָר איז געפֿעלן געוואָרן מײַן שפּיצל.

— גוט! — האָט ער מיך א לויב געטאָן.

ער האָט אָנגעהויבן א נײַעם קאָן.

פֿונעם צווייטן נעריק, ס'הייסט שוין פֿון דעם דריטן, האָט קוניק אײנײנעם מיטן בענקל א פֿראַל געטאָן אַפֿן דיל, נאָר געשריגן האָט ער שוין ניט. אבע וויסקאַנט — ער איז געווען קרעפּ־טיקער — האָט אויסגעהאַלטן דעם קלאַפּ און זיך אַרויסגערוקט פֿאָרויס. קראַקאָווסקי — דער סאַמע געזונטער — האָט זיך נאָך ווײַטער א רוק געטאָן... איך בין אויך ווײַט אָפּגעפֿאָרן, נאָר דאָך ניט דערגרייכט ביז דער וואַנט, און דאָ האָב איך גלײַך באַקומען דעם דריטן שמיץ — דעם שטאַרקסטן. איך האָב געכאַפּט א נעריק מיטן קאָפּ אין דער וואַנט און אומגעפֿאַלן. דער שמײַסער האָט אַרײַנגעהאַקט אבען און פֿיניען נאָך צו איין שמיץ — קוניקן האָט ער מער ניט געטשעפּעט. און... אונדז געהייסן זיך שטעלן, ווי פֿון אָנפֿאַנג, אין צווייטן עק צימער.

דער יעפרייטאָר האָט זיך אוועקגעזעצט באַם טיש, און די האַנט, וואָס האָט ערשט געהאַלטן די נאַהײַקע, האָט זיך גענומען צו דער פֿען. ער האָט, ווײַזט אויס, פֿאַרשריבן אין דער ליסטע: אַזויפֿיל און אַזויפֿיל שמיץ אין אַזאַ און אַזאַ אָרט... ער האָט פֿאַרייכערט און עפּעס גענומען דער־ציילן דעם איבערזעצער. ווי איך האָב פֿאַרשטאַנען, איז געגאַנגען א רייד וועגן אַן אויסגעלאָזט ווײַב, וועלכע דער מאַן האָט געפּאַקט מיט א געליבטן.

דער יעפרייטאָר איז זיך אַזש פֿאַרגאַנגען פֿון געלעכטער, און מיט א טיכעלע, א ווײַס, ווי ערשט געפֿאַלענער שניי, געווישט די טרערן.

איך האָב געקוקט אַף אים און געטראַכט: ווער איז ער, אַט דער געזונטער בוהײַ? אין וואָס פֿאַר א מישפּאָכע איז ער אויסגעוואַקסן? וואָס האָט ער געטאָן, ביז ער איז געוואָרן א הענקער? און וואָס וועט זײַן מיט אים שפּעטער, ווען זײַן פּראָפֿעסיע וועט שוין ניט נייטיק זײַן? צי וועט אים מאַטערן דער געוויסן?.. ניין, — האָב איך באַשלאָסן, — גאָרנישט וועט אים ניט מאַטערן: פֿון געוויסן האָט מען אים באַפֿרײַט.

איך בין קוים אײַנגעשטאַנען אַף די פֿיס. נאָר דערנידעריקט האָב איך זיך ניט געפֿילט. דער־נידעריקט איז ער און זײַן פֿאָטערלאַנד. יענע, וואָס האָבן פֿאַרזוכט זײַנע נומערירטע נאַהײַקעס, וועט מען נאָך אַמאָל האַלטן פֿאַר מאַרטירער, העלדן. נאָר דער יעפרייטאָר האָט דאָס ניט פֿאַר־שטאַנען און האָט וועגן דעם ניט געטראַכט. ער האָט בכלל וועגן גאָרנישט ניט געטראַכט. פֿאַר אים האָב איך געטראַכט, און דערפֿון איז מיר געווען לײַכטער.

נאָר איך בין געצוווּנגען געווען איבעררײַסן מײַנע מאַכשאָוועס. דעררייכערט דעם סיגאַרעט און זיך צוזאַט אָנגעלאַכט, איז דער יעפרייטאָר צוגעטראָטן צו דער צווייטער איבונג. ער האָט אַרויסגענומען פֿון דער שאַפֿע אַן אַנדער נאַריטניק, צוויי מאָל א קירצערן און צוויי מאָל א גרע־בערן. ער האָט אונדז אויסגעשטעלט אין א ריי, געהייסן זיך אײַנבייגן און דערלאַנגען מיט די פֿינגער פֿון די הענט די פֿינגער פֿון די פֿיס. און ווידער:

— ניט שרײַען און ניט פֿאַלן! דעם, וואָס וועט אומפֿאַלן, וועט ניט פֿאַרעכנט ווערן דער קלאַפּ...

קוניק איז אומגעפֿאַלן.

— אאוף!

קוניק איז אופגעשטאַנען.

א קלאַפּ, און ער איז ווידער געפֿאַלן.

— אאוף!

ער איז קוים אופגעשטאַנען. דאָס בלוט איז פֿונעם לײַב גערונען איבער די פֿיס. זײַן מאָגע־רער קערפּער איז באַדעקט געוואָרן מיט שווייס.

א דריטער שמיץ.

ער איז אומגעפֿאַלן און אופהייבן זיך שוין ניט געקאָנט, נאָר קיין קרעכץ ניט אַרויסגעלאָזט.

— אאוף! אאוף!

קוניק האָט זיך ניט אופגעהויבן. דער יעפרייטאָר האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך גענומען צו אבען.

אבע איז געפֿאַלן נאָכן צווייטן קלאַפּ. אויך ער איז פֿאַרגאָסן געווען מיט בלוט. נאָר אופגע־הויבן האָט ער זיך. באַקומען דעם דריטן נעריק, איז ער אומגעפֿאַלן און אויך שוין ניט אופ־געשטאַנען.

פֿיניע קראַקאָווסקי האָט אויסגעהאַלטן אַלע דרײַ שמיץ.

און איך האָב געוואַרט. איך בין געשטאַנען אַנגעבויגן, אַנגעשטרענגט אַלע קויכעס. דעם ערשטן קלאַפּ האָב איך אויסגעהאַלטן, באַם צווייטן — זיך אַ וואַקל געטאָן, באַם דריטן — אומ־געפאַלן. עס האָבן ניט אויסגעהאַלטן די צענעריקטע פיס, וועלכע זײַנען נאָך ניט אינגאַנצן פאַר־היילט געוואָרן.

מע האָט אונדז ווידער געלאָזט אַפּרוען. מיר האָבן געהאָלפן קוניקן זיך אופהייבן און, שטיי־ענדיק באַ דער וואַנט, אים אונטערגעהאַלטן. אָבער אויך איך און קראַקאָווסקי, שוין אָפּגערעדט פון אַבע וויסקאַנטן, האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס.

דער יעפרייטאָר האָט נאָכאַמאָל עפּעס פאַרשריבן אין זײַנע קאַרטלעך. נאָר איך האָב שוין ניט געטראַכט וועגן אים. ניט געקוקט אויף אים. איך האָב געטראַכט וועגן קוניקן, וועלכן איך האָב אונטערגעהאַלטן, און וועגן זײַנע כאַווירים. איך האָב נאָך ניט געוווּסט, ווער זיי זײַנען און פאַר וואָס מע שלאָגט זיי. נאָר איך האָב געוווּסט, אַז מיר זײַנען פון דער דאָזיקער מינוט ברידער, אַז אונדז האָט פאַרייניקט אונדזער בלוט.

מיר האָבן געוואַרט: וואָס וועט נאָך צוקלערן דער אויסוואורף? נאָר קיין גרויסע נײַס האָט ער ניט צוגעטראַכט. ער האָט אונדז געהייסן אַראָפּלאָזן זיך אויף די קני — אויף די פיס האָבן מיר שוין שטיין ניט געקאָנט, — וועקשטעלן די עלנבויגנס אויפן דיל און מיט די הענט אונטערשפּאַרן דאָס פּאָנעם — ווי ספינקסן. און ווידער דאָס זעלבע:

— ניט שרײַען און ניט פאַלן!

איצט האָט ער אונדז געשמיסן מיט אַ גומענעם נאַריטניק, מיט אַ דינעם, אַ בייגעוודיקן, וואָס האָט זיך אײַנגעגעסן אין לײַב. אָפּגעריסן האָט ער אים מיט אַ דריי — ער האָט געקאָנט...

אנטשולדיק מיר, אַנושקע... דו האָסט געוואָלט וויסן אַלץ, דערצייל איך דיר אַלץ...

דער יעפרייטאָר האָט זיך אומגעקערט צום טיש, און מיר זײַנען געבליבן ליגן. נאָכדעם האָט מען אונדז געהייסן זיך אופהייבן.

— הײַנט איז די באַארבעטונג געענדיקט. באַלד וועט מען אײַך אוועקפירן אין קעלער. אין קאָרידאָר און אויף די טרעפּ געפינען זיך מענטשן. איך וואָרן: קיינער טאָר ניט וויסן, אַז מע האָט אײַך געשלאָגן. ווער עס וועט נעמען קרעכצן, ווער עס וועט אומפאַלן, וועט זיך אומקערן צוריק אהער. אַלץ וועט זיך אָנהייבן פונסנײַ. טוט זיך אָן!

אָנגעטאָן האָבן מיר זיך לאַנג. פּרווו זיך אָנטאָן, אַז דו קאָנסט ניט אַ ריר טאָן מיט קיין פוס. נאָר נאָך לענגער האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט פון די טרעפּ. איבערן קאָרידאָר האָבן מיר נאָך ווי־עס־איז געשלעפּט די פיס, נאָר אויף די טרעפּ זײַנען זיי אינגאַנצן אָפּגענומען געוואָרן.

דאָס אַראָפּלאָזן זיך האָט געדויערט לאַנג. מיר האָבן ניט געקרעכצט, ניט גערעדט, נאָר סײַ־ווי־סײַ וואָלט קיינער אויף אונדז זיך ניט אומגעקוקט. די, וואָס האָבן זיך אופגעהויבן און אַראָפּגע־לאָזט פון די טרעפּ, מיט אַ וואָך צי מיט אַ וואָך, האָבן געוווּסט, אַז אין דעם דאָזיקן הויז שפּילט מען זיך ניט.

מע האָט אונדז אַרײַנגערוקט אין אַ הילצערן קעמערל. דאַכט זיך, אין יענעם, ווו איך האָב געוואַרט. עס האָט זיך געוואָלט צוליגן, נאָר אינפּירן אויף צוויי שמאָלע בענק וועסטו זיך ניט אײַנמאַסטען, אָבער שטיין האָבן מיר אויך ניט געקאָנט. מיר האָבן זיך צוגעשפּאַרט אויף די בענק: די פיס אויף איין באַנק, די פּלייצע אָדער די ברוסט אויף דער צווייטער און דאָס צענעריקטע לײַב — אינדערלופטן, צווישן די בענק... און דער קעלער האָט פונקט ווי פריִער גערוישט. אין איין עק האָט מען געשריגן, אין דעם צווייטן — געוויינט. איצט האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מע וויינט און מע שרײַט דאָ...

מער האָט מען אונדז ניט באַאומרויִקט. קיין עסן אויך ניט געגעבן. ערשט אין אָוונט האָט מען געבראַכט צו קווערטעלעך סוראָגאַט־קאַווע און צו שטיקלעך ברויט. מיר האָבן עס אופגעגעסן און זיך געלייגט — דער מיטלסטער טייל פון קערפּער אינדערלופטן, די פיס און דעם קאָפּ — אויף די בענק.

מיר זײַנען געשלאָפן... און כאָלוימעס האָבן זיך אונדז געכאָלעמט... נאָך שמיץ, ווי דו ווייסט, שלאָפט זיך ווי אין גאַניידן...

דערנאָך האָט מען אונדז אַלע טאָג פון צוויי ביז זעקס באַארבעט אין פּראַצעדור־זאַל, וואָס האָט זיך געפונען טאַקע דאָ, אין קעלער — אַ זאַל מיט טישן, וואָס זײַנען ארומגעקלאַפּט מיט בלעך, מיט שלאַנגען אויף אָנפּאָמפּען אין דיר וואַסער, נאָדלען אויף אַרײַנשטעכן אונטער די נעגל, צווענגלעך אויף אויסרײַסן די האָר, מיט מעשענע האַלדזבענדער, דורך וועלכע מע לאָזט דורך עלעקטרישן שטראָם, מיט גימנאַסטישע רינגען, אויף וועלכע מע הענגט אונטער פאַר די פיס און פאַר די הענט, אויף אַ שעה אָדער צוויי... און אַ פראַגע, וואָס איז נימעס־אומאָעס געוואָרן: „צי

וועסטו, רוסישער שוויין, עפענען דיין פּאַסקודנע מויל?" דער טאַנץ־זאַל מיט די ווינער בענקלעך איז קעגן דעם פּראַצעדור־זאַל געווען ווי א קינדערשפּיל.

סאַפּקאַלסאָף האָט מען אונדז אין פערצן טעג ארום אריינגעזעצט אין א טפּיסע־פורגאָן, אין וועלכן מיר האָבן איבערגעלעבט עטלעכע שרעקלעכע מינוט. אין דער אָנגעפּאַקטער מאַשין האָט עמעצער א זאָג געטאָן: „א גאַז־וואַגן"... עס איז געוואָרן א פּאַניק.

טויט דערשראָקענע, האָבן מיר גענומען אַריינציִען אין זיך די לופט. אין פורגאָן האָט געשמעקט מיט בענזין, מיט קויטיק וועש, מיט בלוט און שוויס. דו ווייסט דאָך, אַנושקע, איך פיל גוט פאַרשיידענע רייכעס — מער האָט מיט גאָרנישט ניט געשמעקט. אָבער אָן אָנגעשראָקענער האָט מוירע פאַר אַלץ. מיר זיינען זיכער געווען, אַז ס'איז געקומען אונדזער סאָף. איינִיקע האָבן געשריגן, זיך געצייִלעמט, געכאַלעשט...

אין א האַלבער שאָ ארום האָט זיך געעפנט די טיר פונעם פורגאָן און מיר האָבן דערזען א הויף פון א טפּיסע. מיר זיינען ארויסגעגאַנגען. יענע, וואָס האָבן געכאַלעשט, האָט מען ארויסגעשלעפּט פאַר די פיס און אָפּגעגאָסן מיט קאַלטער וואַסער. מע האָט אונדז באַזוכט, איבערגעציילט, צוגענומען די רימענס און צעפירט איבער די קאַמערעס. איך האָב זיך געהאַלטן לעבן די כעווּרע — לעבן אַבען, פּיניען און קוניקן, און מע האָט אונדז ניט צעשיידט.

מיט א צייט שפּעטער, ס'איז שוין געווען אָסיען, האָט אין דעם זעלבן טורמע־הויף געוואַרט אַף אונדז א לאַסטמאַשין. א הויכע, מיט א מאָרדע פון א בולדאָג און מיט א גרויען ברעזענטענעם דאָך. לעבן דער מאַשין זיינען געשטאַנען עסעסאָווצעס אין הויכע געבויגענע היטלעך, אין שוואַרצע גלאַנצנדיקע רעגנמאַנטלען, מיט אויטאָמאַטן און מיט פאַנאַנדערגעשפּיליעטע קאַבורעס.

ס'האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן. עס איז געגאַנגען א רעגן. אין הויף זיינען געשטאַנען קאַליוזשעס.

מע האָט אונדז באַזוכט און איינציקווייז אריינגעלאָזט אין קוזאָוו. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אַף די זייטיקע בענק, נאָר דער וואַכמאַן, וואָס האָט זיך באַלד נאָך אונדז אופגעהויבן אַף דער מאַשין, האָט אונדז אראָפּגעטריבן פון די בענק און וועקגעשטעלט אַף די קני — מיטן פּאָנעם צו דער קאַבינע. ער האָט אונדז געהייסן אָנעמען זיך מיט די הענט פאַר דעם שטאַנג, צו וועלכער ס'איז געווען צוגעפעסטיקט דער ברעזענט. ער האָט פאַרווערט אראָפּלאָזן די הענט און זיך אומקוקן אַף צוריק.

איבערן ברעזענט האָט געקלאַפּט א רעגן, און איך ווייס ניט וויאַרום, נאָר הינטערן קאַלנער זיינען מיר אריינגערונען טראָפּנס. איך האָב זיך אָבער ניט אָפּגערוקט. אין דער קאַמערע זיינען קיין טראָפּנס הינטערן קאַלנער מיר ניט גערונען און אַף קיין שפּאַצירן האָט מען אונדז ניט געפירט. און ביכלאַל, אין די לעצטע מינוטן דאַרף מען זיך פון קיין זאַך ניט אָפּזאָגן, אפילו פון רעגן־טראָפּנס. „אַף וועמען וואַרטן זיי?" — האָב איך א טראַכט געטאָן. די מינוטן האָבן זיך לאַנג געצויגן. איך האָב באַשלאָסן: עס מאַכט ניט אויס, מירן צוּוואַרטן, עס קאַפּעט אַף אונדז ניט... און א שמייכל געטאָן — עס האָט דאָפּקע געקאַפּעט.

עס האָבן גענומען כליופּטשען די קאַליוזשעס. מע האָט נאָך עמעצן געבראַכט צו פירן. אַבע — ער איז געשטאַנען לעבן מיר — האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, נאָר באַלד האָט זיך דערהערט: „האַלט!" — און א שטיוול האָט אים א זעץ געטאָן אין דער פּלייצע.

אין קוזאָוו האָט מען אריינגעלאָזט נאָך אַכט מענטשן און זיי אויך וועקגעשטעלט אַף די קני. באַלד נאָך זיי האָבן זיך אופגעהויבן די עסעסאָווצעס. די מאַשין האָט זיך גערירט פון אָרט.

ארויסגעפאָרן פון טויער, האָט די מאַשין אָנגעהויבן דונערן אַף דעם שטיינערנעם וועג. די קני האָבן אָנגעהויבן אונטערטאַנצן, נאָך אין קאַרצער זיינען מיר די פיס געשוואָלן געוואָרן. איך האָב זיך אונטערגעצויגן און איבערגעטראָגן די שווערקייט פון קערפּער אַף די הענט. עס האָט געהאָלפן.

קאַונאַס איז א גרויסע שטאָט, נאָר אַבע, וואָס איז דאָ אויסגעוואַקסן, וואָלט זי געקאָנט דורכגיין מיט פאַרבונדענע אויגן. מיר האָבן ניט געזען, ווו מיר פאָרן און וווהין מיר פאַרקערעווען, נאָר אַבע האָט אַלץ דערקענט און ער האָט מיר געשעפּטשעט אין אויער די נעמען פון די גאַסן. מיטאַמאָל איז ער שטיל געוואָרן, ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס צוהערן. די מאַשין איז ארופגעפאָרן אַף א בריק. נאָר וועלכע בריק איז עס? די קאַונאַסער בריקן האָב איך אַליין אויך געוווּסט. א שטורמאַן קען די בריקן פון זיין טראַסע. קאַונאַס ליגט אַף דעם צונויפגוס פון דעם ניעמאַן און דער ווילִיע, אָדער נעריס, ווי עס זאָגן די ליטווינער, און בריקן, ווי עס דוכט מיר, ניט רעכענענדיק די אייזנבאַן־בריקן, זיינען דאָ פאַראַן צוויי. איינע איבערן ניעמאַן און די צווייטע איבער דער ווילִיע. נאָר איבער וועלכער בריק פאָרן מיר און וווהין פירט מען אונדז?

אַבע האָט מיר אריינגעשעפּטשעט אין אויער די שווידערלעכע ווערטער:

— נייַנטער פאָרט...



עטלעכע קילאָמעטער פון קאָונאַס, בישכיי־נעס מיט דער פאָרשטאָט ווילִיאַמפּאָל, וואָס ליגט באַם ברעג פון טײַך, געפינט זיך דער נײַנטער פאָרט. די צווייִשטאָקיקע פעסטונג מיט אירע צע־צווייַגטע טונעלן, באַהעלטענישן און לאַגערן, איז אַרײַנגעבויט אין אַ באַרג, וואָס איז אַרומגע־רינגלט מיט אַ טיפן ריוו. די קורצע געשיכטע פונעם פאָרט איז אַזאַ.

אין 1887 יאָר, בײַ דער הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער דעם III, האָט די ליטווישע שטאָט קאָוונע זיך אַרומגערינגלט מיט אַ סיסטעם פון אַרטילעריסטישע פּאָזיציעס און פעסטונגען, וועלכע זײַנען אויסגעבויט געוואָרן לויטן לעצטן וואָרט פון דער דעמאָלטיקער מיליטערישער טעכ־ניק. דער אוואַנפּאָסט פון דער דאָזיקער פעסטונג איז געוואָרן די אַזויגערופענע לינקאָוו־באַטאַריי, וועלכע מע האָט שפּעטער אָנגערופן דער נײַנטער פאָרט.

אין אויגוסט טויזנט נײַן הונדערט פופצעטן יאָר, ווען די דײַטשן זײַנען אַרײַן קיין ליטע, האָבן לעבן קאָוונע זיך אָנגעהויבן שלאַכטן. נאָר דער צאַרישער גענעראַל גריגאָריעוו האָט פאַר־לאָזט די שטאָט, אַנטלאָפן פון קאָוונע און די פע־סטונג האָט קאַפּיטולירט. פון יענעם טאָג איז דער נײַנטער פאָרט געשטאַנען פוסט. אופגעלעבט האָט ער, נאָר שוין גאָר אַף אַן אַנדער אויפן, אין פיר־און־צוואַנציקסטן יאָר. די רעגירער פון דער בורזשואַזער ליטע האָבן דאָרט אײַנגעאָרדנט אַ טורמע פאַר קאַטאָרזשאַנעס, פאַר באַזונדערס גע־פערלעכע פאַרברעכער, דאָס הייסט פאַר קאָמו־ניסטן. זיי האָבן באַשלאָסן, אַז דער פאָרט איז דאָס סאַמע צוגעפּאַסטע אָרט פאַר דעם. קיין באַ־זונדערע אײַנריכטונגען האָט מען ניט געדאַרפט מאַכן. מע האָט אַרומגעצוימט דעם קאַזעמאַט מיט אַ הויכער ציגלנער וואַנט, אַף וועלכער עס זײַנען געשטאַנען צוויי וואַך־טורעמס; אינווייניק האָט מען צעוואָלגערט די קאָרידאָר־ווענט און פאַר־ביטן זיי מיט גראַטעס, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דעם דיל ביז דער סטעליע, און אײַנגעאָרדנט פערצן קאַמערעס — נײַן אַפן ערשטן שטאָק און פינף אַפן צווייטן...

הונדערטער פּאָליטאַרעסטירטע, מענער, פרויען, זײַנען איבערגעוואָרן אין די קאַמערעס פון דעם נײַנטן פאָרט מיט די גרויע נאַסע ווענט. פּאָ־ליטאַרעסטירטע האָט מען דאָרט געהאַלטן ביז דעם פערציקסטן יאָר, ביז אין ליטע איז דער־קלערט געוואָרן ראַטנמאַכט. דער קאַזעמאַט האָט אָבער ניט לאַנג געפּוסטעוועט.

מיטן אָנקומען פון די היטלעריסטן איז דער נײַנטער פאָרט פאַרקאָדירט געוואָרן און באַקומען דעם נאָמען „אונטערנעמונג נומער 1005־ב“. דער פאָרט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טויט־פאַבריק. עמעס, לויט די מאַס־שטאַבן פון דריטן רײַך איז דאָס געווען אַ קאַר־

ליקאָווע, א האלב־קוסטארישע פאבריק, וועלכע איז פון אָנפאנג אויסגערעכנט געוואָרן אף 50—60 טויזנט מענטשן. נאָר דאָך האָט עס עפּעס באטײַט פארן באלאנס פונעם רײַכספירער הימלער.

אין יול פון טויזנט נײַן הונדערט איין־און־פערציקסטן יאָר האָט מען אין פאָרט געבראכט צו טרײַבן טויזנט קריגסגעפאנגענע. באנאכט האָט מען זיי געהאלטן אין קאזעמאט, באטאָג — ארויסגעפירט אין פעלד, ווו עס האָבן אמאָל זיך געפּאשעט די ארטילעריסטישע פערד, און דאָרט, אונטער דער אויפזיכט פון עסעסאָווצעס האָבן זיי אויסגעגראָבן פערצן אלצײַנע גריבער: די לענג — 200 מעטער, די טיף — 4 מעטער, די ברייט — 3 מעטער. דערנאָך האָט מען די גרעבער, נײַן הונדערט נײַנציק נעפאשעס, אוועקגעשטעלט לעבן די גריבער און זיי צעשאָסן. איינער איז צופעליק לעבן געבליבן. וועגן אים וועל איך דערציילן.

די ערשטע אקציע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג, און די „אונטערנעמונג 1005־ב" האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן.

פון אָנפאנג האָט די פאבריק, ווי געוויינלעך א נײַע אונטערנעמונג, געארבעט מיט איבערשלאָגן: פאר די ס. ד. און דער געסטאפּאָ איז עס קארג געווען. 100—120—150 מענטשן א מעסלעס האָט ניט אײַנגעאָרדנט די זאָנדערקאָמאנדע. וואָס איז די פּולע, וואָס עס מאכן זיך צווישן זיי באוווסטע מענטשן, ווי דער ליטווישער פּאָעט וויטאוטאס מאָנטווילא, די דעפּוטאטן פון אויבערראט פון פסםר און ליטע יאדוויגא בודזשינסקענע און פראנאס איידוקײַטיס, דער ווונדערלעכער קינסטלער טאדאָס לאָמסארגיס און א סאך — א סאך אנדערע. מע האָט געדארפט אָנפילן די גריבער, און יעדע גרוב איז אויסגערעכנט געווען אף דרײַ מיט א האלבן — פיר טויזנט מייסים. די פראקטיק האָט באוויזן, אז אין די גריבער קאָן מען באגראָבן א סאך מער. און ס'איז פארשטענדלעך: מענטשן זײַנען ניט קיין שוועבעלעך... דארע גייען ארײַן מער ווי דיקע, קינדער פון שול־עלטער — נאָך מער. און אייפּעלעך פארנעמען אינגאנצן ניט קיין אָרט, ביפראט נאָך, אז די מאמעס באהאלטן די קינדער, דריקן זיי צו צו זיך, ווען מע נעמט אין זיי שיסן.

קורץ געדעדט, פאר די פערצן גריבער האָט מען באדארפט ניט קיין 50, נאָר מינימום 70 טויזנט מייסים. אינדערעמעסן האָבן די עסעסאָווצעס איבערגעשטיגן דעם פּלאן און האָבן באקומען דערפאר אַרדענס, געלט־פּרעמיעס, אויסעראָרדנטלעכע אורלויבן אהיים, צו זייערע לעבעדיקע און גליקלעכע מאמעס, ווײַבער און קינדער.

סאָפּקאָלסאָף איז פאר דער פאבריק געקומען דער לאנגדערוואַרטער טאָג — דער צוועלפטער אָקטיאבער פון 1941 יאָר.

פארטאָג האָט די קאונאסער מיליטערישע קאָמענדאטור, די ס. ד. און די געסטאפּאָ מאָביליזירט די פּאָליצייִשע און מיליטערישע טיילן, ווי אויך די אזויגערופענע באטאליאָנען פון דער ליטווישער „זעלבשוץ", ארומגערינגלט וויליאמפּאָל, די פאָרשטאָט פון קאונאס, וואָס איז פארוואנדלט געווען אין א געטאָ, און גענומען טרײַבן צום נײַנטן פאָרט אן אומענדלעכע קאָלאָנע פון פרויען, מענער און קינדער — 12 טויזנט מענטשן. דאָס איז געווען א שווער, נאָר אן עכט שטיקל ארבעט. אָפּגעטאָן געוואָרן איז עס אזוי: די קאָלאָנע האָט מען טיילנווײַז ארײַנגעלאָזט אינעם אינערלעכן טורמע־הויף און אין קאזעמאט. יעדע צען—פופצן מינוט האָט מען מיט פארשיידענע אויסריידן אָדער אָן שום אויסריידן ארויסגעפירט פון דאָרטן 100—150 מענטשן און זיי אוועקגעפירט אין פעלד און ניט ווײַט פון די גריבער זיי באפוילן זיך אויסטאָן. עס זײַנען אוועק אין גאנג ביקסן־קאָלבעס, שטעקנס, קאנטשיקעס. האלב־נאקעטע, אין אונטערשטן וועש, האָט מען די פארורטיילטע צוגעפירט צו א גרוב. אויב די גרוב איז געווען א פּוסטע, האָבן זיך די אומגליקלעכע געלייגט אף דער ערד. אויב טיילווײַז פארפולט — אף די פריִער צעשאָסענע, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אָפט געטראָפן נאָך לעבעדיקע מענטשן.

אייניקע האָבן געשוויגן, אנדערע האָבן געוויינט און געשריגן. גלייביקע האָבן געטײַנעט צו גאָט. מאמעס האָבן צוגעדריקט צו זיך די קינדער. קיינער האָט ניט געהערט די אייגענע געשרייען. די שיסערײַ פון די קוילנוואַרפערס איז פארהילכט געוואָרן דורך דעם געהויל פון דיזעלמאָטאָרן, וועלכע מע האָט אומיסטן ניט פארהלושעט. עס האָט געטראָגן מיט רויך און טשאד. עס האָט געשמעקט מיט סאָליארקע. נאָר אלע רייכעס האָט פארשלאָגן דער פריקרע־זיסלעכער גערוך פון בלוט.

ווען די גרוב איז אָנגעפילט געוואָרן ביז די ראנדן, האָט מען זי פארשאָטן. אז די ערד וועט זיך ארויפזעצן, וועט מען צושיטן נײַע — ערד וועט דאָ קלעקן. דערנאָך וועט מען זי אויסגלײַכן, צעדרויבלען און פרילינג־צײַט פארזייען גראָז.

קיין שום גריבער זײַנען דאָ ניט געווען.

גראָז...

בלעזעלעך...

בינען...

נאָר ביז פרילינג איז נאָך געווען זויַט. און ארבעט איז געווען א סאך. בלויז פאַר צוויי טעג פון נאָיאַבער איין־און־פערציקסטן יאָר האָבן די היטלעריסטן צעשאָסן, דערמאָרדעט, פארגראָבן לעבעדיקערהייט נאָך 22 טויזנט אומשולדיקע מענטשן. די ערד האָט זיך געוויגט, די טויטע קערפערס האָבן זיך ענגער צוגעדריקט איינס צום צווייטן, און די ערד האָט זיך אראָפּגעזעצט. איבער די פארשאָטענע גריבער האָט זיך אָנגעזאמלט פארזשאווערטע וואסער. נאָר עס מאכט ניט אויס. פרילינג וועט אף די פארשאָטענע גריבער אויסוואקסן קלעווער און די בינען וועלן דאָ צונויפזאמלען האָניק...

דאָס נייַע, צוויי־און־פערציקסטע יאָר האָט די „אונטערנעמונג 1005־ב" באגעגנט מיט גלענצנדיקע רעזולטאטן — אין די טראנשייען און אין די גריבער זייַנען שוין געלעגן 40—45 טויזנט דערמאָרדעטע. נאָר מענטשן־מאטעריאל איז אָנגעקומען אלץ מער און מער, אפילע אימפּאָרטירטער פון פראנקרייַך, עסטרייַך, טשעכאָסלאָוואקיע, פוילן, בעלגיע, האָלאנד און פון דייַטשלאנד גופע. איז אויסגעקומען אויסגראָבן נייַע גריבער, שוין אויסער דעם פּלאַן...

אין קאזעמאט, אין דער קאמערע, ווו מיר זייַנען געזעסן, האָב איך אליין געלייענט די אויטאָגראפן פון די אומגעבראכטע, וואָס זייַנען אויסגעקריצט געווען מיט א צוויאָק אָדער מיט א נאָגל. אָט זייַנען אייניקע:

„סאָלאָגובאָוו און פראָקאָפּיעוו. גיט איבער קיין מוראווי".

„S. Kool., fr. Amsterdam".

„שליאמאָווסקיס ליאָנאס — אומגעקומען דאָ".

„Harri et Felix Klein, de Paris".

„איך שטארב אומשולדיק פון די הענט פון די דייַטשישע הענקערס — וועליטשקאָ סטאסיק".

„Hilaire Roro, de Nice."

און אָט איז אן אופשריפט: „דאָ קומען אום 900 פראנצויזן".

און וויפל פאמיליעס און ווערטער האָבן די עסעס־לייַט אראָפּגעריבן, פארשמירט?

אייַנגעשלונגען ניט ווייניקער פון 80 טויזנט מענטשן — טויזנט מער, טויזנט ווייניקער — וואָס פאר א באדייַטונג האָט עס? — האָט די „אונטערנעמונג 1005־ב" אין אָסיען פון דרייַ־און־פערציקסטן יאָר גענומען זיך צומאכן. ניט מיטן אייגענעם ווילן, מע וואָלט „געארבעט" ווייַטער. נאָר ס'איז צייַט געווען פארניכטן די שפורן פון די פארברעכנס. ניט נאָר דאָ — אין אנדערע טויט־לאגערן אויך. עס האָבן שוין אָפּגעהילכט די שלאכטן הינטער מאָסקווע, סטאלינגראד און אף דער אָריאָלער־קורסקער דוהע. עס האָט זיך דערנעענטערט די רויטע ארמיי, און די מערדער האָבן זיך אָנגעהויבן באומרויִקן. אף זיי איז אָנגעפאלן א פּאכעד.

דעם 1 אָקטיאבער 1943 יאָר האָט מען אין נייַנטן פאָרט אָנגעהויבן עפענען די גריבער, אויסגראָבן דאָס צעפוילטע מענטשלעכע געביין און עס פארברענען. די דאָזיקע ארבעט האָט מען געצוווּנגען צו טאָן די פארורטיילטע צום טויט סאָוועטישע קריגסגעפאנגענע, ארעסטירטע קאָמוניסטן און פארטיזאנער.

אָט דאָס איז די געשיכטע פון דעם אָרט, וווּהין מע האָט אונדז געבראכט.

מיר זייַנען דורכגעפאָרן די ווילייע צי עפשער דעם ניעמאן. עס האָט אונדז געשלייַדערט, געוואָרפן פון איין זייַט אין דער אנדערער, און מיר האָבן צענעריקט די קני. נאָך דער בריק האָט זיך אָנגעהויבן א בארג. די מאשין האָט גענומען גיין פאמעלעכער. עס האָט גערעוועט דער מאָטאָר.

איבערן ברעזענט האָט געקלאפּט דער רעגן, נאָר געקאַפּעט האָט שוין אף מיר ניט. די מאָשין האָט פארקערעוועט אף לינקס. צוויי מאָל האָט די וואך קאָנטראָלירט די דאָקומענטן בא אונדזערע באגלייטער, דערנאָך זייַנען מיר אליין געבליבן שטיין, און דער שאָפער האָט גענומען הודיען מיטן קלאקסאָן.

— דער פאָרט, — האָט אבע מיר א שעפּטשע געטאָן.

עס האָט א גרילץ געטאָן דער אייַזערנער טויער. דורכגעפאָרן נאָך עטלעכע מעטער, זייַנען מיר געבליבן שטיין... און איך האָב דערפילט עפּעס א מאָדנע רייעך... א רייעך — ניין, דאָס איז ניט דאָס וואָרט...

מיר זייַנען נאָך ניט ארויס פון דער מאשין, ווי די הענט, די פיס, דער קאָפּ זייַנען שוין דורכגעזאַפּט געווען מיט עפּעס אן איבלדיקן שטאנק. אלע האָבן אים דערפילט — ניט איך איינער, און אלע האָבן זיך באמיט ניט צו עטעמען. דער רייעך האָט זיך פארקליבן אין די נאָזלעכער, אין די לונגען, אין מויל. איך וואָלט געוויס גענומען ברעכן, נאָר עס האָט זיך דערהערט א קאָמאנדע:

— ראוס!

מיר זיַינען אופגעשטאנען פון די קני, אראָפּגעשפּרונגען פון דער מאשין און דערזען אַ גרויסן שטיינערנעם קאזעמאט מיט שמאָלע טיפע פענצטער, ווי אמבראזורעס, אַ פאַראָסטעטע אײַזערנע טיר.

מע האָט אונדז אויסגעשטעלט אין א ריי. עס איז נאָך געווען ליכטיק, נאָר אף די סטויפּעס האָבן שוין געברענט לאמטערנס און אף די וואך־טורעמס האָבן געלויכטן פּראָזשעקטאָרס. דער רעגן האָט ווי פריִער געזיפּט זיך. אן אײַנגעגעסענער ליטווישער רעגן — מע ווייסט ניט, ווען האָט ער זיך אָנגעהויבן און ווען וועט ער זיך ענדיקן, די ליטווינער רופן אזא רעגן „לִיִע".

אן אומדערטרעגלעכער געשטאנק! שוין זשע באגראָבן זיי ניט די געהארגעטע? ס'וואָלט געווען א גליק, מע זאָל אונדז גלײַך צעשיסן, מיר זאָלן פארשפּאָרן צו עטעמען מיט דעם שרעקלעכן געשטאנק. נאָר וויִאזוי האלטן עס אויס די וועכטער? זיי האָבן דאָך מײַלער און נעזער. ניט שוין זשע זיַינען זיי צוגעווינט געוואָרן? איך האָב ניט געוווּסט, אז איך וועל אליין אויך אינגיכן צוגעווינט ווערן צו דעם. איך האָב ניט געוווּסט און זיך ניט אָנגעשטויסן, אז דאָ באגראָבט מען שוין ניט, אז דאָ שלעפּט מען ארויס די באגראָבענע און מע פארברענט זיי.

פון דער קאראולקע איז ארויסגעקומען א גרופּע אָפיצערן אין דער שפּיץ מיט א הויכן בלאָנדן יונג אין א קונציק געבויגן היטל, אָן א רעגנמאנטל, אָן א שינעל. דער שווארצער מונדיר, וואָס איז פארצויגן געווען מיט א רימען, איז געלעגן אף אים ווי אויסגעגאָסן. די אָנגעוועקסטע שטיוול האָבן געגלאנצט. עס גייט אים ניט אָן דער רעגן, און דער געשטאנק גייט אים ניט אָן. ער האָט אונדז אופמערקזאם באקוקט פון קאָפּ ביז די פיס... אייניקע האָט ער געהייסן באוויַיזן די הענט. ער האָט באטאפּט זייערע מוסקולן. באזונדערס איז אים געפעלן קראקאָווסקי: „גוט! גוט!" צו וואָס דארף ער אונדזערע הענט? שוין זשע וועלן מיר דאָ ארבעטן? ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צו זיַינע באגלייטער און אויסגעשריגן:

— אפּריל!

פון הינטער דער גרופּע אָפיצערן האָט זיך ארויסגערוקט א קליינינק מענטשל מיט א האָרבאטע נאָז, אין א פארשמאָלצעוועטער ראָבע, אין א היטל מיט לאנגע אויערן און א גרויסן דאשעק. ער איז געבליבן שטיין לעבן הויכן עסעסאָוועץ און האָט צו אונדז געזאָגט:

— מיט אײַך וועט ריידן דער קאָמענדאנט פונעם פאָרט, — און ער האָט וואָרט נאָך וואָרט גענומען איבערזעצן דעם קאָמענדאנטס רייד: — דאָ, אין דעם נײַנטן פאָרט, האָבן די באָלשעוויקעס און די סאָוועטן צעשאָסן א סאך מענטשן. די ליאלקעס שטינקען, — דער איבערזעצער האָט איבערגעזעצט ריכטיק, דער קאָמענדאנט האָט געזאָגט אף דײַטש: „פופען". — איר פילט דעם ריִעך? זיי פוילן און פארסאמען די וואסערלייטונג פון קאונאס. איר וועט דאָ ארבעטן. איר וועט ארויסשלעפּן פון די טראנשייען די מייסים און זיי פארברענען אף צוויי שײַטערס. וויִאזוי מע טוט עס, וועלן אײַך וויַיזן די מײַסטערס פון אײַער וואך. אופשטיין וועט איר זעקס פארטאָג. זעקס אזייגער, ווען ס'ווערט טונקל, פארענדיקט זיך די ארבעט. פארן ארויסגיין אף דער ארבעט וועט מען אײַך אָנטאָן קייטן. אף באנאכט וועט מען זיי אראָפּנעמען. די טעגלעכע נאָרמע איז — זעקס הונדערט ליאלקעס. ארבעטן דארף מען גוט. אויב ניט, וועט איר אליין ווערן ליאלקעס. איר האָט פארשטאנען?

מיר האָבן פארשטאנען.

— מע וועט אײַך גוט קאָרמעווען. אן ארבעטער דארף עסן, אנדערש איז ער קיין ארבעטער ניט, און נאָך גוטער ארבעט און זאט עסן באדארף א מאנצבל א פרוי, — דער קאָמענדאנט האָט אָנגעקוועלט פון זיַינע אייגענע רייד. — וועגן דעם אויך זיך געזאָרגט. איר וועט האָבן פיר מיידעלעך. דאָס איז ניט קיין סאך פאר זעכציק מאן, נאָר זיי זיַינען געשיקט אין זייער פאך — זיי וועלן אלעמען באדינען...

אָט אן אויסוואורף! נאָר פארוואָס עפּעס זעכציק? מיר זיַינען דאָך נאָר צוועלף... הייסט עס, אז אין קאזעמאט געפינען זיך נאָך אכט און פערציק מאנצבלען און פיר מיידלעך.

— באטאָג, — האָט דער קאָמענדאנט פאָרגעזעצט, — וועלן זיי אײַך קאָכן עסן, וואשן און לאטען דאָס גרעט, און אין אָוונט... — ער האָט ווידער זיך צעשמייכלט, באוויזן מיט די פינגער, וואָס אין אָוונט וועט פאָרקומען, און זיך פארגאנגען אין א געלעכטער; די מײַסטערס, וועלכע זיַינען געשטאנען הינטער אים, האָבן אונטערגעכאפּט זיַין געלעכטער. דער קאָמענדאנט האָט וויַיטער געזאָגט: — ווי איר זעט, באציִען מיר זיך צו אײַך מענטשלעך, א סאך בעסער, ווי מע דארף, נאָר איך וואָרן: פאר סאבאָטאזש, סימוליאציע אָדער פאר א פרווו צו אנטלויפן וועט איר צעשאָסן ווערן אפן אָרט. און פאר ערלעכער, געוויסנהאפטער ארבעט וועל איך פארהיטן אײַער לעבן. נאָך דער לעצטער ליאלקע וועט מען אײַך איבערפירן אין א לאגער פאר קריגסגעפאנגענע.



אונדזער גרויסער פירער האָט געזאָגט: „אַרבעט מאַכט פֿרײַ“. הײַל היטלער! — דער קאָמענדאַנט האָט אויסגעשטרעקט די רעכטע האַנט. די סוויטע האָט אויך באַלד אויסגעצויגן די הענט.

מיר איז געוואָרן שרעקלעך. ניט דער קאָ־מענדאַנט האָט מיך געשראָקן, ניין, פֿאַר אים האָב איך קיין מוירע ניט געהאַט. דאָס איז געווען די שרעק פֿאַר אָט דעם פֿאַרפּעסטעטן אָרט מיט די גריבער, מיט די ליאַלקעס, מיט דער נאָרמע און מיט די מיידעלעך.

פֿון דער דאָזיקער מינוט בין איך אַליין גע־וואָרן אַ מעס. און געדויערט האָט עס לאַנג — צען טעג, צען אומענדלעכע טעג, ביז אַבע האָט מיר ניט אַ שעפּטשע געטאָן:

— קאַליאַ־ליאַטשיק, פֿונדאַנען קאָן מען אַנטלויפֿן...

נאָר דאָס איז געווען שפּעטער...

מע האָט אונדז אַוועקגעפֿירט אין קאַזעמאַט...

אין אײַזערנע, צווייענדיקע, פּאַרניטעווע טיר. די צווייטע טיר איז אויך פּונקט אַזאַ, און אָף ביידע — שלעסער. אַ ברייטער האַלב־פֿינצטערער קאָרידאָר. אין אָנהייב פֿון דעם קאָרידאָר — אײַ־זערנע טרעפּ, און הערנאָך נאָך אַין קאָרידאָר — אין דער קווער, אַ לאַנגער, מיט קײַלעכדיקע הרובעס און מיט שוואַרצע גראַטעס, וואָס ציִען זיך פֿון דעם דיל ביז דער סטעליע. הינטער די גראַטעס — קאַמערעס. אין די קאַמערעס — צווישטאָקיקע נאַרעס, אַ הילצערנער טיש און צוויי בענק. אין עק פֿון דעם קאָרידאָר — ווידער אײַזערנע טרעפּ.

ס'איז וואַרעם, אַפֿילע דושנע, און דער זעל־בער געשטאַנק, ווי אין דרויסן, נאָר דאָ איז ער נאָך געדיכטער, אײַנגעשטאַנענער — ער האָט זיך אײַנגעזאַפּט אין די ווענט, אין צעמענטירטן דיל, אין דעם געוועלבטן סופּיט. באַזונדערס טראָגט פֿון דער לאַנגער וואַש־מולטער, לעבן וועלכער מיר שטייען. מיר כאַפּן אַ קוק אָף אונד־זערע קאָלעגן, אָף די אַסירים. די ראַבאָטיאַגעס עסן וועטשערע. זיי זיצן בײַ די טישן, קײַען, זופּן עפּעס פֿון אַליומינעווע שיסעלעך, לעבן יעדערן פֿון זיי ליגט אַ היפּשע פּײַקע ברויט, פֿון אַ צוויי־דרײַ הונדערט גראַם. נאָר וויאַזוי קאָנען זיי דאָ עסן?

ניין, איך וועל דאָ ניט עסן, שוין בעסער פּײַ־גערן פֿון הונגער.

די דרײַ וואַכמענער, וואָס האָבן אונדז אַהער געבראַכט, ריידן עפּעס צווישן זיך. מיר וואַרטן. איך, אַבע, קראַקאָווסקי און קוניק האַלטן זיך צו־זאַמען. עס ווילט זיך, מיר זאָלן אַרײַנפֿאַלן אין איין קאַמערע. און אונדז גליקט אָפּ.

פֿון דער אַנטקעגנדיקער קאַמערע איז אַרויס־געגאַנגען דער איבערזעצער, דער זעלבער, וואָס האָט איבערזעצט דעם קאָמענדאַנטס רעדע, און שטיל געפֿרעגט:

— א רוסישער?

איך האָב א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— פון מאָסקווע?

איך האָב ווידער א שאָקל געטאָן.

— שוין לאנג?

— ניין. ניט לאנג, — ריידן מיט אים האָט זיך ניט געוואָלט.

— איך בין אויך פון מאָסקווע, — האָט ער געזאָגט. — וועסט גיין אין מײַן קאמערע...

הייסט עס, אז ער איז אויך אן ארעסטאנט. פארשטייט זיך, אָט דאָס היטעלע מיטן דאשעק, די ראָבא. עמעס, ער טראָגט גוטע שטיוול, יאלאָווע, אויסגעפוצטע...

— איך בין ניט איינער, — האָב איך געזאָגט און אָנגעוויזן אף די כעוורע.

— זיי זײַנען אויך פון מאָסקווע? — האָט געפרעגט דער איבערזוצער.

— ניין, — האָב איך געענטפערט... ער דארף נאָר מאָסקווער!

— ווארט צו, — האָט ער געזאָגט, גלײַך ווי איך וואָלט זיך געקליבן ערגעץ אוועקגיין. ער איז צוגעגאנגען צו די וואכלײַט, אָנגעוויזן אף אונדז און זיך באלד אומגעקערט.

— קומט, — האָט ער אונדז א רוף געטאָן.

אָט אזוי האָב איך זיך באקענט מיט סאשע קאשטאָיאנצן, מיט דעם סטאראָסטע און סאמע עלטסטן ארעסטאנט פונעם פאָרט, מיט אָט דעם ווונדערלעכן באָכער... נאָר לאָמיר ניט פארלויפן פאָרויס.

ער האָט אונדז אוועקגעפירט אף רעכטס, אין דער פאָרלעצטער קאמערע. זי איז געווען קימאט פוסט. באם טיש איז געזעסן איין מענטש, א צעפּאטלטער, מיט א פארוואקסן פּאָנעם; ער האָט רויִק און באדאכט געגעסן, אונטערשטעלנדיק א שטיקל ברויט אונטערן לעפל. ער האָט אף אונדז אפילע קיין קוק ניט געגעבן און פאָרגעזעצט עסן. דער איבערזעצער מיט דער האָר־באטע נאָז האָט אונדז געהייסן פארנעמען די מיטלסטע נארעס. אליין איז ער געשלאָפן באם פענצטער, און דער צעפּאטלטער מיט דער באָרד — בא דער קאָרידאָר־גראטע. נאָר אף די אונטערשטע נארעס וואָלטן זיך געקאָנט אויסלייגן א מענטשן פופצן—צוואנציק, אָבער מער איז אין דער קאמערע קיינער ניט געווען. אײַנגעאָרדנט אונדז, האָט דער איבערזעצער פאָרגעלייגט, מיר זאָלן אָפּעסן וועטשערע. באלד וועט ער ברענגען סופּ, — האָט ער געזאָגט, שיסעלעך, לעפל. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, די כעוורע — אויך. נאָר ער איז דאָך אוועקגעגאנגען.

מיר האָבן זיך צוגעזעצט אף די נארעס, און אין א מינוט ארום בין איך שוין געלעגן, אינעם אָנטאָן, אין די שיך. קראקאָווסקי און קוניק האָבן אויך אזוי געטאָן. אבע האָט געכאפּט א קוק אין קאָרידאָר און איז ערגעץ פארשוווּנדן.

איך האָב פארוואָרפן די הענט איבערן קאָפּ, געלעגן און געקוקט אין איין פּינטל און געטראכט וועגן דעם, אז איצט איז שוין געקומען דער סאָף מײַנער און עפּעס צוקלערן איז אומעגלעך. די הענט און די פיס האָבן זיך אָנגעגאָסן ווי מיט בלײַ, און דער קאָפּ איז געוואָרן שווער, ווי א שטיק אײַזן. דאָס איז פון דער שווערער לופט, וואָס האָט זיך דורך דעם אָנטאָן דורכגעשלאָגן און זיך אײַנגעזאפּט אין דער הויט און זיך צעגאָסן איבער די אָדערן, זיך צעמישט מיטן בלוט און עס פארהאלטן.

עס האָט זיך גאָרנישט ניט געוואָלט — ניט עסן, ניט שלאָפן, עס האָט זיך וועגן גאָרנישט ניט געוואָלט טראכטן. נאָר ליגן, ליגן און ליגן, אז קיינער זאָל דיך ניט טשעפּען, אז קיינער זאָל מיט דיר ניט ריידן.

דער סטאראָסטע האָט זיך אומגעקערט און געבראכט ברויט, סופּ, שיסעלעך און גערופן אונדז גיין עסן. נאָר איך בין ניט אופגעשטאנען, די כעוורע אויך ניט.

דערנאָך — איך ווייס ניט אין וויפל צײַט ארום — האָב איך דערהערט דעם דײַטשישן אויסרוף:

— אאוף!

פיניע, וואָס איז געלעגן לעבן מיר, האָט מיך אָנגעהויבן טאָרקען:

— אן איבערוף.

מע האָט געמוזט זיך אופהייבן. איך האָב געמיינט, אז ס'איז שוין טאָג, נאָר ס'איז נאָך געווען אָוונט־צײַט. דער איבערוף האָט זיך גיך געענדיקט — מיר זײַנען דאָ געווען נאָר זעקס מענטשן. די וואך איז אוועקגעגאנגען און פארשלאָסן די קאמערע.

איך האָב זיך צוריק אוועקגעלייגט, נאָר קראקאָווסקי האָט מיך ווידער גענומען טאָרקען, — ער האָט מיך ניט געלאָזט רוען, איך זאָל זיך אויסטאָן. איך האָב נאָר אויסגעטאָן די שיך.

די נאכט האָט זיך לאנג געצויגן. ווײַזט אויס, אז געשלאָפן בין איך ניט: אז דו שלאָפסט, גייט די צײַט גיך אדורך. נאָר וואך געווען בין איך אויך ניט. דערנאָך האָט זיך נאָכאמאָל דערהערט:

— אאוף! אאוף!
איצט איז שוין געווען פארטאָג.

ס׳איז נאָך פרי. הינטערן שמאָלן פענצטער איז פינצטער. פאר דער נאכט איז אין קאמערע קאַלט און פײַכט געוואָרן. די אַרעסטאַנטן זײַנען ארויסגעגאנגען אין קאָרידאָר, זיך געשוועקט בא דער האנטפאס און זיך געזעצט עסן. אַף פרישטיק האָט מען געגעבן סופּ, קאשע, אָקרעפּ — א גאנצן וואַרמעס. דאָס אַלץ האָט מען געבראַכט צו טראָגן אין גרינע סאָלדאַטישע טערמאָסן. אָפּגעגעסן, האָבן די אַרעסטאַנטן זיך געשטעלט אין דער ריי צו דעם שלאָסער, דעם קאַנדאַל־שטשיק.

איבער די קייטן האָט באַלעבאַטעוועט אונדזער בערדיקער שאָכן. אין א שיינער קאָמפּאַניע זײַנען מיר ארײַנגעפאַלן! איינער — אַן איבערזעצער און א סטאַראָסטע, און דעם אַנדערן האָט מען אַנגעטרויט די קייטן. ער זיצט אַף א נידעריק בענקעלע, לעבן אים ליגט א הויפן פאַראָסטעטע קייטן, אַן אײַזערנע פּושקע מיט ניטלעך. עס שטייט א קליינע קוואַלדע, וואָס איז ענלעך אַף א געשטעל צו פּוצן שיך. אָט איז געקומען מײַן ריי. איך האָב גענומען פון דעם הויפן א קייט, אָנגעטאָן אַף די פיס צוויי בראַסלעטן. דער האַמער האָט זיך אופגעהויבן. פון דעם ערשטן קלאַפּ האָט דער פוס א שטאַרקן ציטער געטאָן, פון דעם צווייטן — שוין ווייניקער. און אָט זײַנען די קייטן שוין פאַרניטעוועט. אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, וועט ער, אונדזער שאָכן, אַרויסקלאַפּן די ניטלעך. אין קאַזעמאַט זײַנען די קייטן ניט נייטיק. פונדאַנען וועסטו ניט אַוועק.

די קייט צווישן די בראַסלעטן איז א לאַנגע, א מעטער אַנדערהאַלבן־צוויי. עמעצער גיט מיר א שטריקל, איך סילעווע עס דורך דער קייט און בינד עס צו צום גאַרטל. אַזוי קאָן מען שוין גיין — די קייט וועט זיך ניט שלעפּן איבער דער ערד. נאָר ס׳איז אַלצײַנס ניט באַקוועם: זי פאַרהאַלט דעם שפּאַן — זי וועגט עפּשער א פיר קילאָגראַם, און יעדער שפּאַן ווערט באַגלייט מיט א קלינגערײַ. די בראַסלעטן רײַבן אָן די פיס. פון ניט־געוווינטקייַט דאַכט זיך, אַז באַלד וועסטו זיך פאַרפּלאָנטערן און אומפאַלן. ס׳איז מיר קיינמאָל אפן זינען ניט געקומען, אַז איך וועל אַמאָל טראָגן קייטן. אַז ביסכאַקל האָב איך געזען קייטן בלויז אין קינאָ און אין מוזיי. עס פלעגט טרעפן, אַז אָוונטצײַט אין א שלעכטן וועטער, ווען פליִען האָט מען ניט געקאָנט, האָבן מיר, די פליִער, געזונגען די אַלטע באַרימטע ליד:

דין־דאָן, דין־דאָן
קלינגען ערגעץ קייטן,
דין־דאָן, דין־דאָן
קלינגט דער טויט־באַגלייטער.

דין־דאָן, דין־דאָן
אין דער לופט זיך טראָגט —
אונדזערן א כאַווער
אַף קאַטאָרגע מע יאָגט...

א שיינע ליד, נאָר אין לידער איז אַלץ שיין, און אין לעבן ניט אַלץ. מײַנע קייטן און די קייטן פון מײַנע כאַווירים האָבן ניט אויסגעקלונגען דין־דאָן, זיי האָבן פּאַשעט געקלימפּערט, געדונערט, נאָר איך בין צו דעם גיך צוגעוווינט געוואָרן. א מענטש ווערט צו אַלץ צוגעוווינט, נאָר צו איין זאַך קאָן ער ניט געוווינט ווערן — צו טורמע.

מע האָט אונדז אויסגעשטעלט און אַרויסגעפירט פון דעם קאַזעמאַט אין דעם אינערלעכן הויף, און פון דאָרט דורך דעם קאָנטראָל־בײַדל — אין אויסערלעכן, דערנאָך אַף רעכטס — אין דער טיף פון פּאָרט. מיר זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען א ווײַסע וואַנט, וואָס איז ארײַנגעבויט אין א בערגל, די וואַנט איז דורכויס געשטופּלט — סימאָנים פון קוילן. ווײַטער זײַנען מיר פאַרבײַגע־גאַנגען פאַרבײַ צוויי אונטערגעפאַליעטע שטיקער פלאַץ, וואָס זײַנען געדיכט באַשאָטן געווען מיט אַש. פונקט ווי נעכטן, האָט מאַראַקעט א רעגן און פון דעם אַש האָבן אַרויסגעגלאַנצט שפּלי־טערס פון צעדרויבלטע מענטשישע ביינער. די ביינער האָט מען ניט פאַרברענט: מע האָט זיי צע־דרויבלט און דערנאָך ערגעץ אַוועקגעפירט. דאָ, לעבן די אויסגעברענטע פלעצער, האָבן פון דער קאָלאָנע זיך אָפּגעטיילט פיר מענטשן: א הויכער דאַרער זאַקן — דאָס איז געווען אונדזער דאָק־טער, וואָס האָט איינצײַטיק אויסגעפילט די פליכטן פון א בראַנדמײַסטער, ער איז אויך געווען אַן אַרעסטאַנט, און זײַן אַרבעט איז געווען אָנצינדן די שײַטערס און די גאַנצע צײַט אונטערהאַלטן אין זיי דאָס פײַער; די איבעריקע דרײַ מענטשן זײַנען דעם בראַנדמײַסטערס געהילפן — האָלצ־העקער, האָלצזעגער.

אונדז האָט מען אוועקגעפירט ווײַטער, אַף אַ גרויס פעלד, צו צוויי גריבער — איינע אַן אָנגעהויבענע און די אַנדערע נאָך אַ פולע. מע האָט אונדז צעטיילט אַף צוויי ניט גלײַכע גרופּעס. אייניקע האָבן גענומען ווילעס און האַקנס, אַנדערע — הילצערנע טראָגבעטלעך. אונדז, די נײַיִנקע, האָט מען דערוויַיל געגעבן טראָגבעטלעך: אין דער גרוב וועט אַ פרישער מענטש ניט אויסהאַלטן — צו די ליאַלקעס דאַרף מען געוווינט ווערן.

און זי האָט זיך אָנגעהויבן — דער טײַוול זאָל זי נעמען, די אַרבעט. די טאָגטעגלעכע שווערע קאַטאָרגע! צוויי מיט אַ האַלבן כוידעש, טאָג נאָך טאָג. אויסגעליידיקט איין גרוב, זײַנען מיר איבערגעגאַנגען צו אַ צווייטער. אַ שרעקלעכע, זינלאָזע אַרבעט. אַמאָל וועלן מענטשן זיך דערוויסן וועגן דעם און עס וועט זיי אַרומכאַפּן אַ שוידער. עס ווילט זיך ניט דערציילן, נאָר איך וועל פאָרט דערציילן, קעדיי מער זיך ניט אומקערן צו דעם.

די גרוב איז נאָך אַ פולע. ערשט נעכטן האָט דער בולדאָזער אַראָפּגענומען פון איר דעם אייבערשטן שיכט ערד. אין דער גרוב זײַנען צונויפגעפּרעסט די מייסים. זיי ליגן דאָ שוין פון לאַנג, פונעם איין־און־פערציקסטן יאָר, און זײַנען שוין איבערגעפוילט געוואָרן. זיי שטעכן זיך גרינג אָן אַף דער ווילע און טיילן זיך גרינג אָפּ איינער פונעם צווייטן. עמעס, ניט אַלע. די מאַמעס און די אייפּעלעך זײַנען זיך צונויפגעוואַקסן אַף אייביק. מע לייגט זיי אַפן טראָגבעטל צוזאַמען. די ליאַלקעס לייגט מען צו צוויי אַף אַ טראָגבעטל — אַזאַ איז די נאָרמע, צוויי ליאַלקעס. די קינדער רעכנט מען ניט, זיי וועגן גאָרניט.

דערקענען די מענטשן איז אומעגלעך. די פּנעמער זײַנען אמערסטן צעגעסן. די הויט איז צעפוילט, די נעזער און די באַקן — אײַנגעפאַלן. גאַנץ געבליבן זײַנען די האָר, פאַרשטייט זיך, פאַרהעלטנסמעסיק, נאָר דעם קאָליר דערקענט מען — גראָווע, געלע, שוואַרצע. דאָס אָנטאָן און דאָס וועש איז איבערגעפוילט (ניט אַלעמען האָט מען אויסגעטאָן). די שיך האָבן זיך פאַרהיט. עטלעכע ווערטער וועגן שוכוואַרג.



מיר האָבן אין פאָרט געטראָגן הילצערנע קלומפּעס. ווען דו גייסט, זינגען זיי — קלאַק־קליק, קליק־קלאַק. מײַנע שיך זײַנען פאַר אַ וואָך צײַט צעפליקט געוואָרן אַף פּיק־פּיצלעך, און איך האָב אויך אָנגעטאָן קלומפּעס. אַף די פיס האָב איך אָנגעוויקלט וואָס מער שמאַטעס. קעדיי די קלומפּעס זאָלן ניט אַראָפּפאַלן, האָב איך זיי צוגעבונדן מיט שטריקלעך. נאָר גיין איז געווען שווער, באַזונדערס מיר, מיט מײַנע קראַנקע פיס. ווען איך בין געפלויגן דאָס לעצטע מאָל, האָב איך זיי צעשעדיקט און אַ ביסל אונטערגעהונקען, און דער קאַרצער האָט אויך מיר צוגעדינט. נאָר דאָ גייט אַ רייד וועגן עפּעס אַנדערש, וועגן די שיך.

אין די קלומפּעס איז אַלעמען געווען שווער, און אייניקע האָבן אַראָפּגענומען שיך פון די ליאַלקעס. מע האָט אויסגעקליבן שטאַרקע שיך און זיי געטראָגן. נאָר אויסטאָן אַ מענטשן, וואָס איז צוויי יאָר אָפּגעלעגן אין דער ערד, איז ניט פון די גרינגע זאַכן. די שיך האָט מען אַראָפּגע־

האקט צוזאמען מיט די פיס. מע האָט די שיך געבראַכט אין קאַזעמאַט, געוויקט אין עמערס, אויסגעשאָבן זיי און אָנגעטאָן.

איך בין זיך בעסער באַגאַנגען מיט די קלומפּעס. ניט דערפאַר, וואָס איך האָב זיך געמיִעסט. די עסעסאָווצעס האָבן אונדז הערפון אָפּגעווינט. איך האָב פּאָשעט ניט געקענט. נאָר דערנאָך, פאַר דעם אַנטלויפן, האָב איך אויך אָנגעטאָן פרעמדע שיך — אין קלומפּעס וואָלסטו ווײַט ניט אַנטלאָפן.

דו וואָלסט זיך כידעשן, ווי רויִק איך דערצייל וועגן דעם... יאָ, עמעס, אין די ערשטע טעג וואָלט איך ניט דערציילט. די ערשטע טעג בין איך אַליין געוועזן א טויטער. איך האָב ניט געקאָנט אַרבעטן, אַפילו גאָרנישט ניט געקאָנט קוקן און ניט געקאָנט טראַכטן, ניט געקאָנט עסן און טרינקען, ניט געקאָנט שלאָפן און ניט געוואָלט אופשטיין.

שפּעטער האָב איך זיך אָנגעהויבן צוגעווינען. איך בין געוווינט געוואָרן צו די, וועמען כ׳האָב געטאַסקעט אַף דעם טראַגבעטל, און זיי זײַנען צוגעוווינט געוואָרן צו מיר. אַנטקעגן זיי בין איך רײן געווען. כ׳האָב געוווסט, אַז אויב מע זאָל גלייבן, אַז נעשאָמעס זײַנען אומשטערבלעך, וויסן זיי, אַז נאָך דעם, ווי די לעצטע ליאַלקע וועט פאַרברענט ווערן, וועט מען אונדז, די ברע־נער, ארײַנוואַרפן אין דעם זעלבן שײַטער, צעשאָסענע אָדער ניט קיין צעשאָסענע, אַז מיט אונדז וועט געשען דאָס זעלבע, וואָס מיט זיי איז געשען.

און דאָך איז די דאָזיקע שווערע, אויסמאַטערנדיקע האַרוואַניע געווען פאַר מיר דעמלט זייער וויכטיק. נאָך דער צען־צוועלפשאָעדיקער אומזיניקער קאַטאָרגע האָט דער באַוווסטזײַן זיך אינגאַנצן אויסגעשלאָסן. האָסט זיך אָנגעפּרעסן און אַוועקגעפאַלן שלאָפן. נאָר איינצײַטיק איז אַזאַ צושטאַנד געווען געפערלעך. איך האָב אופגעהערט צו טראַכטן, און אַ מענטש איז אַ מענטש, ביז ער טראַכט.

אַ מענטש דאַרף טראַכטן. און זיי, אונדזערע מײַסטערס, אין די ברוינע און שוואַרצע מונ־דירן, אין די הויכע געבויגענע היטלעך און אין די שוואַרצע גלאַנצנדיקע רעגנמאַנטלען, האָבן אין אַ געוויסן מאָמענט אופגעהערט צו טראַכטן. זיי האָבן באַשלאָסן, אַז פאַר זיי טראַכט דער פיורער, און זיי האָבן אופגעהערט צו זײַן מענטשן. זיי האָבן פאַרגעזעצט צו עסן און טרינקען, געגאַנגען אין קינאָ, געשלאָפן מיט די ווײַבער, זיי האָבן געבלעטערט זשורנאַלן און צײַטונגען, נאָר גײַסטיק און מאָראַליש זײַנען זיי טויט. און ווען מע האָט זיי באַפוילן „הײַל, זיג!״, האָבן זיי אָנגעהויבן אומברענגען מענטשן.

עמעס, דאָס איז דער ערגסטער מין גײַסטלאָזיקײַט, אַ פאַרברעכערישע, אַ סאָציאַל געפער־לעכע, נאָר זיי האָבן זי אַליין געוּמען אַף זיך, פרײַוויליק. עס איז אויך פאַראַן אַן אַנדער מין גײַסטלאָזיקײַט, אַ געצוווּנגענע, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון הונגער, קעלט, טורמע, פון אויסוועג־לאָזיקײַט, פון פאַרגוואַלדיקונג, פון קאַטאָרגע־אַרבעט, — אָט אַזאַ, ווי מײַן גײַסטלאָזיקײַט.

דער נײַנטער פאָרט האָט אָפּגעסאַמט, אָפּגעטעמפּט, געמאַכט פונעם מענטשן אַ טאַם. כ׳האָב אַרײַנגעקוקט אין די גריבער, מיט די אייגענע אויגן געזען, אין וואָס עס ווערט פאַרוואַנדלט דער מענטש, די בעסטע שאַפונג פון דער נאַטור. דער מענטש, וואָס וואָלט געקאָנט לעבן, ליבן, אַר־בעטן, גיין און פליִען, באַגעגענען און באַגלייטן די זון, לייענען לידער און פרילינג הערן זינגען דעם סאָלאָוויי — איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מענטשישן סילאָס... ניין, קיין סילאָס טאָר מען דאָס ניט אָנרופן. איך האָב דאָס דערזען און געקומען צום אויספיר, אַז אויב מע קאָן אַזוי פראָסט און פּאָשעט אויסלייגן אין די טויט־גריבער צו צען, צו דרײַסיק, צו אַכציק טויזנט מענטשן, האָט דעם מענטשנס לעבן קיין שום ווערט ניט, איך האָב באַשלאָסן, אַז אַלץ איז אומזיניק און אויס־גאַנגסלאָז, אַז דאָס איז די נאַכט, נאָך וועלכער קיין טאָג וועט שוין ניט קומען, און אַז ביכלאַל קאָן זײַן, איז קיין לעבן גאָר ניט פאַראַן, ס׳איז פאַראַן בלויז טויט...

און איך האָב אַליין אָנגעהויבן ווערן אַ לעבעדיקער מעס. כ׳בין אופגעשטאַנען, זיך אָנגעטאָן, געגעסן, צוגעבונדן צום רימען די קייט, געטאַסקעט אַף דעם טראַגבעטל די ליאַלקעס — בא מיר זײַנען זיי שוין אויך געוואָרן „ליאַלקעס״. כ׳האָב זיך אומגעקערט אין קאַזעמאַט, געגעסן ווע־טשערע, געשלאָפן... און קימאַט וועגן גאָרנישט ניט געטראַכט...

•

די ערשטע צוויי מיט אַ האַלבן טאָג, ריכטיקער, די ערשטע דרײַ טעג, האָב איך ניט גע־געסן. כ׳האָב ניט געקאָנט. אָפּן דריטן טאָג האָב איך עפּעס אַ קײַע געטאָן, דערנאָך — נאָך, און עס איז אַוועק: כ׳האָב געגעסן, און דאָס האָט נאָך מער געווירקט, אַז איך זאָל אָפּגעטעמפּט ווערן, און מעגלעך, אַז איך זאָל ווערן אויס מענטש...

אָט אַזוי, אַנושקע, איז דער שטורמאַן קאָווּשאָוו, דער קאָמוניסט, דער אָנטיילנעמער פון צוויי קריגן, פון דעם שפּאַנישן און דעם גרויסן פּאַטערלענדישן קריג, דער מענטש, וועמען מע האָט געהאַלטן פאַר אַ שטאַרקן און געוואַגטן, אַרײַנגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון גלײַכגילט און טעמפּ־

קײַט... און אַרויסגעפֿירט האָט מיך פֿון דעם דאָזיקן צושטאַנד, אומגעקערט מיך צום לעבן און צו זיך אַליין — אַ זיבעצניאָריק ייִנגל, מײַן טורמע־פֿרײַנט, ריכטיקער מײַן זון, אבע וויסקאַנט, — און געמאַכט האָט ער עס מיט איין פֿראַזע:

— פֿונדאַנען קאָן מען אַנטלויפֿן...

אַ שוואַרצער קאָפּ האָר. אַ קרעפּטיקער יונג מיט צוויי בערגלעך אויפֿן שטערן איבער די פֿליִענדיקע ברעמען און בלאָווע אויגן. אַ גלײַכע נאָז און פּילבאַרע, ווי בײַ אַ לאָשעקל, נאָזלעכער. אויף דער אייבערשטער ליפּ דינע הערעלעך — ער האָט זיך נאָך ניט געגאָלט. דאָס פּנים — אָן אויסדריקלעכס, ווי אַ געטאָקטס. און איבער אַלץ זײַן שמייכל — אַ פֿריילעכער, אַ ליכטיקער... אַזאַ איז ער געווען, אבע וויסקאַנט.

מע האַלט, אַז דער אויסערלעכער אויסזען פֿון אַ מענטשן איז פֿאַרפֿירעריש. דאָס איז ניט אַזוי. אַ פּנים זאָגט זייער אַ סך — אויפֿן פּנים איז פֿיל אָנגעשריבן, נאָר אין געגעבענעם פֿאַל איז דער טאָך ניט אין דער אויסערלעכקײַט. אבע איז געווען אַ לעבעדיקע דינאַמאָ־מאַשין, וואָס האָט אָן אויפֿהער אויסגעאַרבעט ענערגיע און אָנגעשטעקט מיט איר די מענטשן. עפּעס האָט ער פֿאַרמאָגט אין זיך פֿון די קאָמיוגיסטן פֿון די צוואַנציקסטע יאָרן, און עס איז פֿאַרשטענדלעך: אין קאָמסאָמאָל איז ער אַרײַנגעטראָטן נאָך אין די בורזשואַזע צײַטן, ער איז דאַן אַלט געווען פֿופֿצן יאָר. דערנאָך האָט מען אים אין געטאָ צוגעצויגן צו דער אונטערערדישער אַרבעט, שפּעטער — אַ פּאַרטיזאַן.

אויך דאָ אין דעם בײַנטן פּאָרט האָט ער זיך ניט פֿאַרלוירן, ניט אַראָפּגעפֿאַלן בײַ זיך. דאָס האָט זיך גענומען פֿון זײַן יונגקײַט, פֿון דער אונטערערדישער דערפֿאַרונג. שוין דעם ערשטן אָפּדערנאַכט, ווען מיר זײַנען צוגעפֿאַלן צו די נאַרעס, איז ער ערגעץ אַנטרונען געוואָרן. אין די ווײַטערדיקע אָוונטן פֿלעגט ער אויך ערגעץ פֿאַרשווינדן. ער האָט אָנגעהויבן נעמען מיט זיך פּיניע קראַקאָווסקין און מוישע קוניקן... איך האָב געפֿרעגט, וווּהין זיי גייען. מע האָט מיר געענטפֿערט — אין די שכייניעסדיקע קאַמערעס, צו באַקאַנטע כעווריע... צו באַקאַנטע איז צו באַקאַנטע.

זייער אָפֿט פֿלעג איך בלײַבן אין דער קאַמערע מיטן בערדיקן שווײַגער, מיטן שלאָסער. אונדזער צווייטער שאָכן, דער סטאַראָסטע, פֿלעגט אויך אַוועקגיין, ער איז ביז דעם סאַמע איבערוף געווען בײַ די מיידלעך. ווי דען, ער איז דאָך דאָ אַ שטיקל נאַטשאַלניק, קומט עס אים לויטן ראַנג. ער האָט, עמעס, געפּרוווט מיט מיר פֿאַרפֿירן אַ געשפּרעך, נאָר עס האָט זיך ניט באַקומען, איך האָב ניט געוואָלט ריידן מיט אים. כ׳האָב מיט קיינעם ניט געוואָלט ריידן, אַפֿילו מיט מײַנע כעווריע.

אין דער צײַט, ווען איך האָב אַפּאַטיש געשוויגן, געוואַלגערט זיך אויף דער נאַרע, האָט אבע, ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, דאָ געקערט וועלטן. שוין דעם ערשטן אָפּדערנאַכט האָט ער באַגעגנט אין די קאַמערעס זײַנע צוויי נאָענטע פֿרײַנט, זײַנע כאַווירים פֿון דער ווילנער אונטערערד יאַשע וואָלאָוויקאָוון און גרישע רײַטעלזאָנען. אין געטאָ האָט מען געמיינט, אַז די דאָזיקע כעווריע זײַנען שוין פֿון לאַנג אומגעקומען. בײַ זיי האָט ער זיך דערוווּסט אַ דערשיטערנדיקע נײַס. די דאָזיקע צוויי כעווריע האָבן זיך געגרייט צו אַנטלויפֿן... ערגעץ אין אַ טויבן ווינקל פֿונעם קאַזעמאַט האָבן זיי אַנטדעקט אַ ברונעם. ווײַזט אויס, אַז מע האָט אים אַמאָל געגראָבן אויפֿן פֿאַל, אויב דער פּאָרט וועט באַלאַגערט ווערן. זיי האָבן זיך אַהין אַראָפּגעלאָזט און באַשטימט מאַכן אין דער וואַנט פֿונעם ברונעם אַ דורכגאַנג און אַזויאַרום אַרויס אויף דער פֿרײַ.

אבע האָט זיך גלײַך אָנגעכאַפּט אין דעם פּלאַן און צוגעצויגן קראַקאָווסקין און קוניקן. אָבער אויף דער פּראַקטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער איניען איז ניט אַזאַ פּראָסטער, און דעריקער — אַ שווערער און אַ לאַנגדויערנדיקער. עס זײַנען באַלד אויפֿגעשווומען פֿיל פּראָבלעמען.

ווען זיך אַראָפּלאָזן אין ברונעם? באַטאָג האָט מען אַלעמען אַוועקגעיאָגט צו די גריבער, און באַנאַכט האָט מען אונדז פֿאַרשפּאַרט אין די קאַמערעס. הייסט עס, אַז עס זײַנען געבליבן געציילטע שאָען — פֿון דער וועטשערע ביז דעם איבערוף, צוויי־דרײַ שאָ. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט אויך עפּעס אַ ווערט, נאָר די דאָזיקע צײַט איז ניט קיין באַקוועמע. קיין איין איבעריקער נעפֿעש טאָר ניט וויסן, אַז דו געפֿינסט זיך אין ברונעם. און די אַרעסטאַנטן שפּאַצירן אַרום אין אָט דער צײַט פֿון איין קאַמערע אין דער צווייטער, דרייען זיך אין די קאָרידאָרן. עמעס, אין יענעם ווינקל גייען זיי ניט, זיי האָבן דאָרט ניט וואָס צו טאָן, נאָר דאָך... פּלוצעם וועט דיך עמעצער דאַרפֿן, און דו ביסט אין ערגעץ ניטאָ, וועט זיך אויפֿהייבן אַ טומל: אַ מענטש איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. מיר זײַנען דאָך ניט קיין סאַך — זעכציק נעפֿאָשעס, און אַלע קענען זיך. און אויב די וואַך וועט זיך פּלוצעם אַרײַנשטעלן פֿאַר דער צײַט? פֿאַרשטייט זיך, אַז כאַווירים וועלן דיך סטראַכירן, דיר געבן צו וויסן, דיך אַרויסשלעפּן פֿון ברונעם. נאָר מע קאָן אַמאָל ניט באַווײַזן —

דער ברונעם איז סאַמע בײַ דער טיר. און וווּהין טוט מען אַהין די אויסגעגראָבענע ערד? שיטן זי אין ברונעם קאָן מען ניט, די וואַסער וועט זיך דאָרט אופֿהייבן; הייסט עס, אַז די ערד דאַרף מען אַרויסטראָגן אין דרויסן, צו די גריבער. איז אין וואָס טראָגט מען זי אַרויס? אין די קעשענעס, אין טאָרבעלעך, וואָס מע וואָלט געקאָנט באַהאַלטן אין די ראָבעס, וועסטו קיין סאַך ניט אַרויסטראָגן. נו, זאָל שוין זײַן אַזוי. און מיט וואָס גראָבן? קיין זאַסטעפּ איז ניטאָ און עס וועט ניט זײַן. הייסט עס, מיט אַ לעפֿל, מיט אַ מעסער, מיט אַ גאָפּל — די דאָזיקע כּפּייצים פֿלעגן מיר געפֿינען אין דעם איבערגעפּוילטן אָנטאָן פֿון די ליאַלקעס. מיט מעסערס און מיט לעפֿל קאָן מען גראָבן, מע קאָן אויך מאַכן לאָפּעטקעס פֿון קאָנסערוון־פּושקעס.

די כעוורע האָבן אַ שפּײַ געטאָן אויף אַלע שוועריקײַטן און זיך גענומען גראָבן. אָנטיילנעמער פֿון דער וויליאַמפּאָלער אונטערערד, זײַנען זיי אַלע געווען דערפֿאַרענע ערדגרעבער. יעדערער פֿון זיי וואָלט זיך געקאָנט פֿאַרמעסטן מיט אַ מוילוואָרף. נאָך דער ערשטער מאַסן־אַקציע אין געטאָ האָט וויליאַמפּאָל זיך גענומען פֿאַרגראָבן אין דער ערד, מע האָט אויסגעבויט די אַזויגערופֿענע „מאַלינעס". און בײַ די כעוורע איז אַוועק אַ גאַנג. מע האָט געאַרבעט אין די אָפּדערנאַכטן. פֿאַר אַ וואָך האָבן זיי זיך אַ רוק געטאָן קימאַט אויף זעקס מעטער. זיי זײַנען זיכער געווען, אַז זיי וועלן מיט דערפֿאָלג אָפּטאָן דאָס שטיקל אַרבעט, און... זיך אָנגעשלאָגן אין אַ וואַנט. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען דער פֿונדאַמענט פֿון דעם קאַזעמאַט צי אַ בעטאָנענע טרויב פֿון איינעם פֿון די טונעלן. אַזוי איז דער פּלאַן דורכגעפֿאַלן — קיין שטיין וועסטו מיט די הוילע הענט ניט נעמען און מיט קיין לעפֿל אויך ניט.

— הייסט עס, — האָב איך געזאָגט אַבען, — אַז איר האָט געוואָלט אַוועק אָן מיר?

— קאָליע־ליאָטשיק!

— פֿאַרוואָס זשע האָסטו ערשט איצט מיר דערציילט וועגן דעם? איך וואָלט אײַך אויך געהאָלפֿן.

— איר האָט אונדז העלפֿן ניט געקאָנט. דער ברונעם איז ניט קיין טיפֿער, מיר האָבן זיך אַהין אַראָפּגעלאָזט אײנצווייען. איינער האָט געגראָבן און דער צווייטער האָט צוגענומען די ערד. די איבעריקע האָבן סטראַכירט. אויסער דעם זײַט איר געווען קראַנק...

וואָס עמעס, איז עמעס. איך בין ווירקלעך געווען קראַנק. איך האָב זיך אָפּגעסאַמט מיט דער לופֿט פֿון פֿאָרט, נאָר איצט, הערנדיק אַבען, בין איך געקומען צו־זיך.

— נו, און ווײַטער? — האָב איך געפֿרעגט. — דערצייל, — איך האָב געפֿילט, אַז דאָס איז נאָך ניט אַלץ.

און ווײַטער איז געווען אַזוי.

אָפּשטעלן זיך האָבן זיי שוין ניט געקאָנט. דערמיט, וואָס זיי זײַנען געקראָכן ביז דעם גאַרטל אין וואַסער פֿון דעם טורמע־ברונעם, האָבן זיי זיך ווי צוגערירט צו דער פֿרײַהײַט, זיי האָבן אַרײַנגעלייגט אין איר זייער מי. די וואַנט, אויף וועלכער זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן, האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטעלן דעם וועג צו דער פֿרײַהײַט. און די כעוורע האָבן צוגעטראַכט אַ נײַעם פּלאַן, וויאַזוי צו אַנטלויפֿן. דעם עמעס גערעדט, האָט עס געשמעקט מיט אַוואַנטיורע, נאָר געווען איז דאָס אַ געוואַגטער פּלאַן, אַ ריזיקאַלער, מע קאָן זאָגן, אַפֿילו אַן אומזיניקער — ער איז מיר באַלד געפֿעלן געוואָרן.

אַ גרויסע גרופּע אַרעסטאַנטן האָט זיך געדאַרפֿט באַוואָפֿענען מיט מעסערס, שטיינער, מיט ציינדלעך פֿון ווילעס און בײַס דעם אָפּדערנאַכטיקן איבערוף אָנפֿאַלן אויף די וואַכמענער, זיי דערהארגענען און זיך איבערטאָן אין זייערע קליידער. דערנאָך האָט אַ גרופּע געדאַרפֿט זיך אַרײַנכאַפּן אין דער קאַראַול־געבײַדע און טאָן דאָס זעלבע מיט דער איבעריקער וואַך און אַרויס אויף דער פֿרײַ. אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע אָפּעראַציע איז געגליכן צו זעלבסטמאָרד און אַז אויף נײַן און נײַנציק פּראָצענט איז דאָס אַ זיכערער דורכפֿאַל. נאָר מיר האָבן געטראַכט: פֿאַרלירן האָבן מיר סײַוויסײַ ניט וואָס, זאָל זײַן, אַז מיר וועלן דערשטיקן צוויי, זעקס, אַכט הענקער, איז דאָס אויך אַ זאַך. אויסער דעם — מאַלע וואָס עס מאַכט זיך. און ווען דער אומזין גיט זיך אײַן, איז דאָס שוין ניט קיין אומזין. איצט איז עס שוין אָפּהענגיק געווען נאָר פֿון די מענטשן, פֿון די, וואָס דאַרפֿן פֿאַרווירקלעכן דעם פּלאַן. הייסט עס, אַז פֿון זעכציק אַרעסטאַנטן האָט אַ העלפֿט געדאַרפֿט זײַן מיט אונדז, נאָר דער קערן פֿון אָט דער גרופּע האָט געדאַרפֿט באַשטיין פֿון קריגסגעפֿאַנגענע, און דאָ איז שוין נייטיק געווען מײַן הילף.

העכער אַ העלפֿט פֿון די אַרעסטאַנטן זײַנען געווען קריגסגעפֿאַנגענע קאָמאַנדירן, פּאָליטטוער און רויטאַרמייער. זיי האָבן זיך שוין אַ לאַנגע צײַט געפֿונען אין געפֿענקעניש — פֿון דעם אייך־און־פֿערציקסטן יאָר, און זײַנען דורכגעגאַנגען דורך אַלע געגעמס: הונגער, קעלט, דערנידעריקונג. זיי זײַנען געווען אין פֿאַרשיידענע לאַגערן און פֿאַר פֿילמאָליקע פּרווון צו אַנטלויפֿן אַרײַנגעפֿאַלן אין נײַנטן פֿאָרט. דאָס זײַנען געווען גײַסטיק שטאַרקע מענטשן — קיין שוואַכלינג וועט ניט לויפֿן.

זיי זײַנען געווען אויך פיזיש געזונט — א שוואכער וועט ווײַט ניט אוועק. נאָר די ביטערע לאגער־דערפארונג האָט זיי פארוואנדלט אין פארשלאָסענע, פאַרזיכטיקע מענטשן: זיי האָבן זיך געהאלטן איינייגעם און מיט די ציווילע ניט געהאט צו טאָן, באזונדערס מיט די אַרטיקע. זיי האָבן געוווסט, אז אפילע צווישן די קריגסגעפאנגענע זײַנען פאראן קלוימערשטע קריגסגעפאנ־גענע, פארקויפטע נעשאָמעס, וואָס ווערן ארײַנגעשיקט אף נאָכצושפירן.

אָט פארוואָס אבע מיט זײַנע כאווירים האָבן מיך געבעטן פארבינדן זיך מיט די קריגסגע־פאנגענע: אייגענע מענטשן ווען שטענדיק זיך צונויפריידן. דערבײַ האָבן זיי מיך אופמערקזאם געמאכט אף צווי קריגסגעפאנגענע, וועלכע האָבן טאָפלטע פאמיליעס: טשערניאווסקי־טווער־סקאָי און סירקין־סקליארענקאָ. ס'איז באוווסט געווען, אז ביידע זײַנען זיי קאָמיסארן, איינער פון א פאָלק, דער צווייטער פון א באטאליאָן, און אז די צווייטע פאמיליעס האָבן זיי זיך גענומען, ווען זיי זײַנען אנטלאָפן פון עפעס א לאגער. ריידן האָט מען גערארפט מיט איינעם פון זיי.

די כעוורע האָבן געקלערט, אז די קריגסגעפאנגענע האָבן אן אָרגאניזאציע, און אויב אן אָרגאניזאציע איז פאראן, זײַנען די אָנפירער פון איר אָט די צווי כאווירים. דערבײַ האָט אבע מיך געבעטן זײַן זייער געהיט, איך זאָל גלײַך ניט ארויסלייגן פאר זיי דעם פלאַן און בעשום־אויפן ניט דערציילן וועגן דעם ברונעם; איך זאָל פריִער א טאפ טאָן אין וואָגן און ערשט דאן זיי פאַרלייגן זיך אָנשליסן אין דעם דאָזיקן איניען.

און נאָך איין זאך האָט מיך געבעטן אבע: איך זאָל באזונדערס זיך היטן פאר מײַנע שכיינים פון דער קאמערע, פאר קאשטאָיאנצן און טשערנאָוון. אלע זאָגן, אז זיי זײַנען פארווערבירטע.

איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין קאָנספיראטאָר און קיינמאָל ניט געווען פאַרזיכטיק מיט מענטשן. איך האָב געהאלטן, אז פאַרזיכטיקײַט גרענעצט מיט פאכדאָנעס. און פאר מיר איז נאָך א פראגע, וואָס איז בעסער — א פאַרזיכטיקער געווינס צי א ריזיקאלישער דורכפאל... און דעם זעלבן אָוונט האָב איך פארפירט א געשפרעך מיט טשערניאווסקי־טווערסקאָי.

אן אײַנדרוק האָט ער געמאכט פון א שטרענגן מענטשן: אָנגעכמורעטע ברעמען, ברייטע קינבאקן, וואָס האָבן מיט עפעס דערמאָנט א בולדאָג. סירקין־סקליארענקאָ האָט אויסגעזען פאָשע־טער, סימפאטישער, עס וואָלט עפשער גלײַכער געווען זיך ווענדן צו אים, נאָר איך האָב זיך דערמאָנט, אז מיט עטלעכע טעג צוריק האָט טשערניאווסקי בא די גריבער מיר עפעס געזאָגט, נאָר איך האָב דעם שמועס ניט אונטערגעהאלטן. ער האָט שוין דעמלט געוווסט, ווער איך בין. ער האָט מיך געפרעגט, ווו איך האָב מילכאָמע געהאלטן, וואָס הערט זיך אפן פראָנט און ווײַטער פונעם פראָנט. נאָר אין טורמע ווײַזן די מענטשן ניט ארויס זייער נײַגעריקײַט, אויב זיי זײַנען ניט קיין פראָוואָקאטאָרס. שווײַגט דער מענטש — הייסט עס, אזוי דארף ער...

איצט, ווען איך בין אליין צו אים צוגעגאנגען, האָט ער מיט א שמייכל געפרעגט:

— עס איז דערעסן צו ליגן, מאיאָר?

— דערעסן, — האָב איך אויך א שמייכל געטאָן.

און ס'איז אוועק א שמועס. אין א האלבער שאָ ארום האָב איך שוין פארגעסן אין יעדע מין פאַרזיכטיקײַט און האָב אים אלץ אויסדערציילט. ער האָט אופמערקזאם געהערט, נאָר ער איז געווען פאַרזיכטיקער פון מיר און ניט געענטפערט ניט יאָ, ניט ניין, ער האָט געזאָגט, אז וועגן אזא זאך דארף מען ערנסט א קלער טאָן און זיך האלטן אן אייצע מיט וועמען ס'איז נייטיק. נאָר גע־פרעגט האָט ער: צי בין איך זיכער אין די מענטשן, מיט וועלכע איך האָב צו טאָן? לויט דער פראגע האָב איך פארשטאנען, אז מײַן פאָרשלאָג האָט אים פארינטערעסירט.

דערנאָך בין איך געלעגן אף דער נארע, נאָר געשלאָפן בין איך ניט. דאָס מאָל האָב איך ניט דערלערנט די שטרײַפעלעך און די שפאלטן פון די נארע־ברעטער, וואָס זײַנען געהאנגען איבער מיר, — איך האָב געטראכט. ניט פאָשעט געטראכט — איך האָב געטראכט וועגן דיר, אנושקע. איך האָב פארשטאנען: וויבאלד איך טראכט וועגן דיר, רייד מיט דיר — הייסט עס, אז איך לעב ווידער.

מיט אָט די מונטערע געדאנקען בין איך שנעל אנשלאָפן געוואָרן...

נאָך דעם, ווי איך בין, אזוי צו זאָגן, פון טויט לעבעדיק געוואָרן, האָב איך זיך איבערצײַגט, אז דאָס לעבן אין קאזעמאט ווערט פאָרגעזעצט. טאקע גופע אין קאזעמאט. ווײַל אויסער אים, בא די גריבער און בא די שײַטערס, איז קיין לעבן ניט געווען. דאָרט האָט געוועלטיקט דער טויט. און די עטלעכע צענדליק ארעסטירטע, וועלכע האָבן באדינט דעם טויט, זײַנען אליין אויך גע־וואָרן מייסים.

מיר האָבן זיך באוועגט, געטאסקעט די ליאלקעס, זיך געטיילט מיט די אָפשניצלעך פון א ציגאר — איין אָפשניצל אף צען, געוואָרעמט די פארפרוירענע הענט בא די שײַטערס, זיך אי־

בערגעוואָרפן מיט אַ וואָרט און אויסגעזען, ווי עס האָט זיך געקאָנט דאכטן, ווי לעבעדיקע מענטשן. נאָר אינדערעמעסן זײַנען מיר געווען טויט, פונקט ווי די ליאַלקעס.

און די עסעס־מײַסטערס, וועלכע זײַנען געשטאַנען אויף זייערע פּאָסטנס, אין ווארעמע אָנגעדרוקטע קאַרטענע היטלעך, מיט די אויפגעשטעלטע קעלנער, אין וועלכע זיי האָבן באַהאַלטן די בלוי־רויטע נעזער, זײַנען אויך געווען מייסים, נאָך מער ווי מיר. דאָס האָט זיי, עמעס, ניט געשטערט פון צײַט צו צײַט אַ געשריי טאָן: „אימער בעוועגונג!‟, זיך אַליין באַוועגן הין און צוריק. נאָר דער עלטער וועלכער און מײַסטער איז דאָ געווען גופא דער טויט... און נאָר אין קאַזעמאַט, אין די קאַמערעס, האָבן מיר זיך אויף עטלעכע שאָ אומגעקערט צום לעבן.

אין דעם דאָזיקן קליינעם, פאַרשלאָסענעם און פאַרורטיילטן מענטשלעכן קעמערל האָבן געקאָכט, ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, לײַדנשאַפטן, עס האָבן זיך צונויפגעשטויסן כאַראַקטערן. דאָ האָט מען זיך געפרײַנדעט און זיך געקריגט, ליב געהאַט און געהאַסט, געזאַמלט גאָלד און געזונגען לידער, געמאָלט און אין דימיען געשריבן בריוו, נאָר דעריקער — געוואָלט אַנטלויפן, געוואָלט לעבן.

איך וועל נאָך דערציילן וועגן איין לײַדנשאַפט — ניט וועגן האַס און גיריקייט, אַזעלכס איז אויך געווען, — איך וועל דערציילן וועגן ליבע. ווײַל ניט קיין אַנדער זאַך, נאָר זי איינע, האָט אונדז ארויסגעפירט פון דעם פאָרט... אָבער ביז דעם איז נאָך געווען אַזוי ווײַט, ווי פון דער ערד ביז דער לעוואָנע...

די זאַך האָט דערוויײַל זיך אַ רוק געטאָן פון אָרט. די קריגסגעפאַנגענע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אינעם איניען, און אין עטלעכע טעג ארום איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַרייניקטער קאָמיטעט פון באַפרײַונג, אין וועלכן עס זײַנען אריין: דער קאָמיסאַר טשערניאַווסקי־טווערסקאָי — ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס פאָרזיצער, זשיליאַוויטשוס און קאָוושאָוו — פאַרטרעטער פון דעם פאָרזיצער, און די מיטגלידער פון קאָמיטעט — דער באַטאַליאָן־קאָמיסאַר סירקין־סקליאַרענקאָ, אַבע וויסקאַנט, ריטמאַן און רײַטעלזאָן — אינגאַנצן זיבן מענטשן, פון וועלכע זשיליאַוויטשוס און ריטמאַן זײַנען געווען קאָנאַסער קאָמוניסטן, אונטערערדישע טוער. אַזויארום האָט אַבעס פאַרטראַכט, זײַן צווייטער וואַריאַנט פון אַנטלויפן, פאַרייניקט אַלע אַרעסטאַנטן פון דעם פאָרט, די קריגסגעפאַנגענע און די ציווילע.

מיר האָבן ביסלעכווײַז זיך אָנגעהויבן באַוואָפענען מיט מעסערס, מיט ציינדלעך פון ווילעס. איינער אַזאַ צאָן האָט מיך שיר ניט געקאָסט דאָס לעבן. און דאָך — אַ גרויסן דאַנק אים, דעם צאָן! דאָס האָט ער אַ קערעווע געטאָן אונדזער געדאַנק גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג, אין אַ סאַך אַ בעסערער.

אָט וויאַזוי עס איז פאָרגעקומען.

איך האָב איינמאָל געבראַכט צו טראָגן אַן אויסגעצייכנטן צאָן פון אַ ווילע. דעם דאָזיקן טאָג האָט מען אונדז נאָך דער אַרבעט באַזוכט. די וואַך האָט געזוכט גאָלד. נאָר ניט קיין גאָלד, וואָס איך האָב ניט געהאַט, ניט דעם צאָן, וואָס איך האָב יאָ געהאַט, האָבן זיי ניט געפונען. אין קאַזעמאַט האָב איך דעם צאָן ארונטערגערוקט אונטער דער קישן, ס'הייסט אונטער דעם זאַק מיט שטרוי. איך האָב געקלערט ביז דעם איבערוף אים באַהאַלטן אין אַן אַנדער אָרט, נאָר איך האָב ניט באַוויזן. בייסן איבערוף האָבן די וואַכלײַט, וואָס האָבן אַלץ געזוכט גאָלד — דעם דאָזיקן טאָג זײַנען זיי ארײַנגעפאַלן אין גרימצאָרן, — גענומען טרייסלען די געלעגערס, און איך בין דורכגעפאַלן.

— וואָס איסט דאַס? — האָט געפרעגט דער דײַטש, וואָס האָט געפונען דאָס ציינדל.
אַלע האָבן געשוויגן. וואָס האָט מען געקאָנט ענטפערן? ס'איז קלאָר, וואָס דאָס איז...
— וועם געהערט דאַס? — האָט געפרעגט דער דײַטש.
איך האָב געשוויגן, ניט געוווּסט, וואָס איך זאָל טאָן. איך האָב זיך שוין געקליבן צו אָנערקענען, אַז דאָס ציינדל איז מײַנס, נאָר אומגעריכט האָט אָנגעהויבן ריידן מײַן שאָכן, דער סטאַראָסטע.

דײַטש האָב איך אַ ביסל פאַרשטאַנען, נאָר דאָ האָב איך גאָרנישט ניט פאַנאַנדערגעקליבן... עס האָבן זיך פאַרגעדענקט די ווערטער „שטיפעל... מיט דיזען צאַן... הערױסקראַצען‟ און נאָך עפּעס. קאַשטאַיאַנץ האָט אָנגעוויזן אויף מיר...
„שוין! — האָב איך באַשלאָסן. — איך בין פאַרטיק. קאַיוק...‟
— איסט דאַס וואַר? — האָט געפרעגט דער דײַטש.
איך האָב ניט געענטפערט, נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — פאַרשטייט זיך, דאָס ציינדל איז מײַנס.
דעמלט האָט קאַשטאַיאַנץ נאָכאַמאָל גענומען ריידן. ער האָט געזאָגט צו מיר:

— דער הער מײַסטער פרעגט, צי ס'איז עמעס, אז דעם צאָן האָסטו געבראַכט אַף אויסצו־שאָבן די שיך, וואָס דו וויקסט אָפּ.

קיין שום שיך האָב איך ניט אָפּגעוויקט, ערשט ניט לאַנג האָב איך אָנגעטאָן קלומפּעס. איך האָב פאַרשטאַנען: דער סטאַראָסטע וויל מיר העלפן. איך האָב געענטפערט:

— יאָ.

דער עסעסאָווועץ האָט מיט עקל אַ וואָרף געטאָן דעם צאָן אַפן דיל און געזאָגט:

— צוליב וואָס זשע, שווײַן אײנער, האָלטסטו אַזאַ שמוץ אונטער דער קישן? — און ער האָט באַפוילן קאַשטאַיאַנצן אַרויסוואַרפן דאָס ציינדל.

קאַשטאַיאַנץ האָט עס אַ כאַפּ געטאָן און אַרויסגעטראָגן אין קאָרידאָר.

דער עסעסאָווועץ האָט געוואָרנט, אַז אַף ווײַטער וועלן די שולדיקע פאַר אַזעלכע זאַכן דער־שאָסן ווערן. ער האָט זיך אויסגעדרייט, אַרויסגעגאַנגען און פאַרשלאָסן די קאַמערע... איך און מײַנע כעווורע, אַבע, קוניק און פּיניע, זײַנען געשטאַנען ניט טויט ניט לעבעדיק...

איך האָב אַפילע ניט באַדאַנקט קאַשטאַיאַנצן. אַ דאַנק פאַר ראַטעווען דאָס לעבן זאָגט מען ניט. אָבער וויאַזוי אים אָפּדאַנקען, האָב איך ניט געוווּסט. די צונג איז מיר אָפּגענומען געוואָרן. אַזאַ זאַך קאָסט טײַער... איך האָב זיך צוגעלייגט, נאָר אַנשלאָפן ווערן ניט געקאָנט. איך האָב זיך געדרייט פון איין זײַט אַף דער אַנדערער, געקוקט אַהין, וווּ עס איז געלעגן דער סטאַראָסטע. באַמערקט, אַז ער שלאָפט אויך ניט, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— שלאָפסט ניט?

ער האָט געענטפערט:

— ניין.

קאַשטאַיאַנץ איז געלעגן לעבן פענצטער. איך האָב זיך אַריבערגעקליבן צו אים, און מיר האָבן געשמועסט ביז פאַרטאָג. אָט דער שמועס האָט איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף אַלע אונדזערע פּלענער. ניין, ריכטיק וועט זײַן צו זאָגן — געשטעלט זיי אַף די פיס... נאָר פריִער עטלעכע ווערטער וועגן דעם, וויאַזוי סאַשע קאַשטאַיאַנץ האָט אויסגעזען.

עס טרעפן זיך אַזעלכע ציבעקעס, וועלכע זײַנען אויסגעשניצט ווי מענטשעלעך מיט האָר־באַטע בעזער און שפּיציקע בערדעלעך... איז אָט, ווען מע זאָל באַ אָט אַזאַ הילצערן מענטשעלע אָפּגאָלן דאָס בערדעלע, וואָלט זיך באַקומען קאַשטאַיאַנץ. פון אָנפאַנג האָב איך אים געשאַצט באַ די דרײַסיק, דערנאָך האָט ער מיר אויסגעדאַכט צו זײַן עלטער — דער קאָפּ איז פול מיט גרויע האָר, און פון דעם גאַנצן סטולע דאַרן פיגורל האָט געעטעמט מיט אַלטקײַט. אינדערעמעסן איז אים אין דרײַ־און־פערציקסטן, אין דעם יאָר, ווען מיר האָבן זיך באַקאַנט, געוואָרן פיר און צוואַנציק יאָר. דאָך איז ער באַ זײַן קליינעם וווּקס געווען אַ קרעפּטיקער, אַ ברייטבּרוסטיקער, מיט לאַנגע שטאַרקע הענט... מיט איין וואָרט, אויסערלעך האָט ער אויסגעזען מאָדנע, אַפילע קאַריקאַטוריש... ניט געקוקט דערוף, איז ער מיר געפעלן געוואָרן, און נאָך עמעצן נאָך מער...

— דו האָסט, ברודערקע, מיך אָפּגעראַטעוועט, — האָב איך געזאָגט קאַשטאַיאַנצן און אַ טראַכט געטאָן: באַלד וועט ער מיך פרעגן, צוליב וואָס האָב איך באַדאַרפט דאָס ציינדל. נו, און וואָס זאָל איך זאָגן? נאָר ער האָט ניט געפרעגט, ער האָט זיך אומגעקערט צום געשפּרעך, וועלכן מיר האָבן אָנגעהויבן מיט צוויי וואָכן צוריק.

— ווו האָסטו געוווינט אין מאָסקווע? — האָט ער געפרעגט.

— אַפן גאָגאָל־בולוואַר, לעבן דער קראָפּאָטקין־גאַס, דו ווייסט?

— ניט ווײַט פון דאָרט האָב איך זיך געלערנט, אַף מעטראָסטראָיעווסקע.

— ווו?

— אין איניאַז... אין מאָסקווע האָט מען אים גערופן דער אינסטיטוט פון ווילגעבירטיקע פרײַלנס. באַכערים זײַנען דאָרט געווען ווייניק, אײנע מיידלעך... און געוווינט האָב איך אַף דער קראָסין־גאַס, באַאַנאַנד מיט דער פאַבריק „סאָיוז". דו ווייסט?

— כ'ווייס. דו ביסט שוין לאַנג פון מאָסקווע?

— שוין לאַנג, פון אָנהייב קריג.

— עמעצער פון דײַניקע איז געבליבן אין מאָסקווע?

— די מאַמע, צוויי שוועסטער און אַ קליין ברודערל... ס'איז עמעס, אַז מאָסקווע האָט מען צעבאָמבירט?

— ווער האָט עס דיר געזאָגט?

— איך האָב געלייענט אין די דײַטשישע צײַטונגען.

— זיי לײַגן. אין איין־און־פערציקסטן האָבן זיי זיך נאָך דורכגעריסן, באָמבאַרדירט. מער האָבן זיי זיך שוין ניט באַוויזן. זי איז גאַנץ.

— דאָס איז עמעס?

— צוליב וואָס דאַרף איך דיך אָפּנאַרן?
— איך גלייב דיר, — האָט ער געזאָגט און אַנשוויגן געוואָרן.

אין קאַמערע איז געווען שטיל, אַלע זײַנען געשלאָפן. לויט דעם ווי טשערנאָוו האָט גע־כראָפעט, איז אַ סימען געווען, אַז ער שלאָפט אויך. געכראָפּעט האָט ער לײַדנשאַפטלעך. ער האָט אײַנגעזעטעמט די לופט דורך דער נאָז מיט אַ מין רולאַדע פון זשאַבע־קלאַנגען און זי אַרויסגע־לאָזט דורכן מויל מיט אַ הוקען פון אַן אוהו. אַזאַ מין כראָפּען האָב איך קיינמאָל ניט געהערט. די רולאַדעס זײַנע און דאָס הוקען האָבן זיך געטוישט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פּינקטלעכקײַט. נאָר אין דעם כראָפּען איז געווען עפּעס אָנגענעמס, היימישס, וואָס האָט פאַרוואַנדלט אָט דעם פּײַכטן קיוועך אין אַ געוויינלעכער מענטשלעכער צוזאַמענוווינונג.

— ער שנאָרכט פײַן, — האָב איך געזאָגט.
סאַשע האָט אַ שמייכל געטאָן.
— און דאָ ביסטו שוין לאַנג?
— לאַנג, — האָט געענטפערט קאַשטאַיאַנץ.

איך האָב שוין געוווּסט, כאָטש אין אַרמיי ווײַזן די מענטשן ניט אַרויס זייער נײַגעריקײַט, דאָך ווייסט מען איינער וועגן אַנדערן אַלץ: איך האָב געוווּסט, אַז ער איז פון דעם ערשטן טויזנט קריגסגעפאַנגענע, וואָס האָבן דאָ געגראָבן די גריבער, און ער איז דער איינציקער לעבן געבלי־בענער. עס האָט זיך געוואָלט אים פרעגן: „וויאַזוי זשע ביסטו גאַנץ געבליבן?" נאָר איך האָב באַשלאָסן, אַז ס'איז ניט באַקוועם, און געפרעגט עפּעס אַנדערש:

— אינטערעסאַנט, וואָס וועלן זיי טאָן מיט אונדז?
— דאָס זעלבע, וואָס מיט אַלעמען. צעשיסן און אַרײַנוואַרפן אין שײַטער.
— און דיך אויך?
— פון מיר וועט מען אָנהייבן.
— פאַרוואָס? דו ביסט דאָך דאָ שוין פון לאַנג. און דיך האָבן זיי ניט געטשעפּעט...
— דערפאַר טאַקע וועלן זיי פון מיר אָנהייבן. איך האָב צופיל געזען.
מיר זײַנען ווידער שטיל געבליבן.
— דו ווילסט שלאָפן? — האָב איך געפרעגט.
— ניין. און דו?
— איך וויל אויך ניט... זאָג נאָר, פאַרוואָס האָט דער קאָמענדאַנט דיך אָנגערופן אַפּריל, מע רופט דאָך דיך סאַשע. צי עפּשער האָב איך אַ טאָעס? — איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר איך האָב זיך פּלוצעם דערמאָנט, וויאַזוי דער קאָמענדאַנט האָט אים אָנגערופן, ווען מע האָט אונדז געבראַכט אַהער.

— יאָ, ער האָט מיך טאַקע אַזוי אָנגערופן. דאָס איז מײַן נאָמען. עמעס, ניט אַפּריל, נאָר אַפּרעל... נאָר ביכלאַל רופט מען מיך סאַשע.
— וואָס איז עס פאַר אַ נאָמען אַפּרעל? כ'האָב אַזאַ קיינמאָל ניט געהערט.
— אַן אײַסאָרישער. איך בין אַן אַסירער. אין מאָסקווע רופט מען אונדז אָפּטער אײַסאָרן. מײַנע אָוועס האָלטן, אַז זיי שטאַמען פונעם פאָלק, וואָס האָט אַמאָל באַוווינט דאָס אַשוריש־באַוולשע קיניגרײַך. נאָר דאָס איז ניט קלאָר. ס'איז באַוווּסט, אַז מיר קומען אַרויס פון טערקײַ. מיר זײַנען אַ קליין הײַפעלע — עטלעכע טויזנט, און אַלע האָבן קימאַט איין פּראָפעסיע: שוכפוצער. מערסטנטייל זײַנען מיר קרוווים, נאָענטע אָדער ווײַטע. כאַסענע האָט מען נאָר מיט אייגענע, און דער אויסוואַל איז ניט קיין גרויסער. אין מאָסקווע האָב איך אַ גאַנצע איידע פעטערס, מומעס, פּלעמעניקעס, שוועסטערקינדער...
— אינטערעסאַנט, — האָב איך געזאָגט.

— מײַן טאַטע און מײַן זיידע זײַנען אויך געווען שוכפוצער, און ווען דער טאַטע איז גע־שטאָרבן, האָט די מאַמע זיך גענומען פאַר די בערשטלעך. מיך האָט זי אויך פון קינדווײַז צוגעוווינט צו דער דאָזיקער אַרבעט. איך קום צו לויפן פון דער שול און נעם מאַכן קונצן מיט די בערשטלעך. אָפן ראָג פון וואַסיליעווסקע און דער גאָרקי־גאַס איז אונדזער אָרט. איך האָב גוט געפוצט, ניט ערגער פון דער מאַמען. און די כעוורע פון מײַן קלאַס, וואָס האָבן געזען, ווי איך זיץ באַם קעסטל, פלעגן מיר אָוועקגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט — מאַרקעס, קנעפּלעך, צוקערקעס, ראָ־גאַטקעס, געלט, — אַבי איך זאָל זיי געבן די בערשטלעך. דערנאָך, פון קינע צי פאַשעט אַזוי, האָבן זיי מיר אַ נאָמען געגעבן „אַרמיאַשקע"; איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר פיל האַלטן אונדז, אײַ־סאָרן, פאַר אַרמענער. די כעוורע פלעגן מיר נאָכשרײַען: „פּוצער, פּוץ מיר אויס די שיך!" די לערערקע פלעגט מיר מאַכן באַמערקונגען פאַר די שמוציקע נעגל, פאַר די פלעקן אָפן העמדל, און דערפאַר, וואָס פון מיר האָט געשמעקט מיט גוטאַלין, האָט זי אַרויסגערופן די מאַמע. די

מאמע מײַנע איז ניט קיין גראַמאַטנע, אף רוסיש רעדט זי שלעכט... נאָר אײַך איז עס געוויס ניט אינטערעסאַנט? — מיטאַמאָל האָט ער מיך אָנגעהויבן אירצן.

— פאַרקערט, זייער אינטערעסאַנט. — מיר איז עס אפּאַנעמעסן געווען אינטערעסאַנט.

— איך האָב זיך אָנגעהויבן צו שעמען, וואָס איך בין א פּוצער און וואָס מײַן מאַמע איז א שוכפּוצערן, נאָר אַלציינס בין איך געזעסן באַם קעסטל — איך בין געווען דער עלטערער, און מע האָט געדאַרפט העלפן. געלערנט האָב איך זיך גוט, אף איינע פינפן. באַזונדערס האָט זיך מיר אײַנגעגעבן די ענגלישע שפּראַך. דערפאַר בין איך נאָכן פאַרענדיקן די שול, אין אכט־און־דרײַ־סיקסטן, אַרײַנגעטראָטן אין איניאַז... נאָר פאַרענדיקט האָב איך ניט. ניט באַוויזן. נאָכן דריטן קורס בין איך אַוועק אפן פראָנט.

— און פאַרוואָס האָסטו ניט פאַרענדיקט? סטודענטן האָט מען דאָך אפן פראָנט ניט גענומען.

— איך בין געגאַנגען פרײַוויליק. דורכן ראַיקאָם. מע האָט געדאַרפט איבערזעצער. עמעס, דײַטש איז געווען באַ מיר די צווייטע שפּראַך, אָבער איך האָב דײַטש שוין אויך געקענט. נאָר שלאָגן זיך האָב איך ניט באַוויזן — איך בין גלײַך אַרײַנגעפאַלן אין געפענקעניש.

ער איז אַנשוויגן געוואָרן.

— נו, און דאָרט? — האָב איך געפרעגט.

— דאָרט איז געווען ביטער — איר ווייסט אַליין. באַזונדערס אין איין־און־פערציקסטן. איך בין געווען דער קאַמסאָרג פון אויסשפּיר־ראָטע און עס ניט אויסבאַהאַלטן. און ווען איך האָב געמאָלדן, אַז איך בין אַן אײַסאַר, האָבן די דײַטשן ניט געגלייבט און געזאָגט, אַז איך בין א ייִד. זיי האָבן זיך איזדעקעוועט: „אַסיריש־וואַווילאָנישער יודע...” און איך האָב זיך שטאַרק ניט געזאָמ־פערט... פון אָנפאַנג בין איך אַרײַנגעפאַלן אין זעקסטן פאָרט, אויך הינטער קאָונאַס. איר האָט געהערט?

איך האָב א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— פון דאָרט האָט מען אונדז איבערגעטריבן אַהער, אינעם נײַנטן, גראָבן גריבער. איך בין געווען אין דעם ערשטן טויזנט.

ער איז ווידער שטיל געבליבן. נאָר שלעפּן אים פאַר דער צונג האָב איך ניט געוואָלט. ער וועט אַליין אַלץ דערציילן. וויבאַלד ער האָט אָנגעהויבן, וועט ער שוין דערציילן...

— און דאָ האָט זיך אַזוי באַקומען. ווען מע האָט אונדז אַהערצו געבראַכט צו טרײַבן, האָט דער קאָמענדאַנט געפרעגט: „ווער שפּריכט דויטש?” איך האָב געענטפערט: „איך שפּרעכע”, און ער האָט מיך געמאַכט פאַר זײַן איבערזעצער. נאָר געדאַרפט האָט ער ניט אַזוי קיין איבערזעצער, ווי אַן אָרדינאַרעץ, וואָס קען די שפּראַך. איך האָב געוואַשן די דילן אין דער קאַראַולקע, באַדינט אים און אַנדערע אָפיצערן, געראַמט, געוואַשן. אָנגעשניטן בעזעמלעך פאַר דער באָד און געפּוצט זייערע שטיוול. שפּעטער האָט מען אַלע, וואָס האָבן געאַרבעט באַ די גריבער, צעשאָסן. מיך האָט מען געלאָזט... די שטיוול, ווײַזט אויס, האָבן מיך געראַטעוועט...

— פאַרוואָס עפּעס די שטיוול? — האָב איך ניט פאַרשטאַנען.

— איך שפּאַס, — האָט סאַשע א שמייכל געטאָן. — נאָר די שטיוול אויך. די שטיוול זייערע זײַנען שטענדיק געווען אײַנגעשמירט אין בלוט און אין שמוץ — אַלע טאָג האָט מען געשאָסן מענטשן, און איך האָב געפּוצט זייערע שטיוול, און ניט שלעכט געפּוצט. זיי האָבן גוטע בערשטלעך און גוטאַלין איז גוטער. ניט ערגער פון דעם, וואָס מײַן מאַמע פלעגט מאַכן. פאַר דער מאַמעס גוטאַלין האָט מען אין מאָסקווע זיך געשלאָגן. דעם עמעס זאָגנדיק, האָב איך געפּוצט מיט פלײַס. אָפט פלעג איך אין אַלץ פאַרגעסן און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך זיץ ווידער אף אונדזער אָרט, אפן ראָג פון וואַסיליעווסקע און דער גאָרקי־גאַס, און איך האָב נאָר געפילט דעם רייעך פון גוטאַלין, דעם רייעך פון דער היים, און ער האָט פאַרשלאָגן אַלע אַנדערע רייכעס. דעמלט איז נאָך, עמעס, אַזוי ניט געווען. נאָר אַלציינס האָט געשמעקט מיט טויט. איך האָב זיך געסטאַרעט ניט באַמערקן דאָס בלוט אף די שטיוול. איך פלעג זיי אַזוי אויספּוצן, אַז זיי האָבן געגלאַנצט ווי נײַע, נאָך בעסער פון נײַע, און די דײַטשן איז עס געפעלן געוואָרן, באַזונדערס דעם קאָמענדאַנט. ער איז א צוכט. ער שטאָפּט אָן א פולע גרוב מיט מענטשן, באָדט זיך אויס אין בלוט, און דערנאָך גייט ער אין באָד אַרײַן זיך וואַשן און פאַרען. און דאָ דאַרף ער מיך ווידער — איך האָב אים גע־פאַרעט, געריבן די פּלייצע. דערנאָך האָט ער געטרונקען. אָנגעהויבן טרינקען האָט ער אין באָד און פאַרגעזעצט אין קאַראַולקע. און ווידער דאַרף ער מיך — איך דערלאַנג עסן, נעם צו פון טיש. דערפאַר האָט ער מיך געלאָזט באַ זיך.

— וואָס זשע ווילסטו — ס׳איז גאָר ניט אַזוי שלעכט... — וואָס נאָך האָב איך אים געקאָנט זאָגן?

— איר מיינט טאַקע אַזוי?

ווײַזט אויס, אַז ער האָט דערפילט, אַז איך בין ניט אופריכטיק, און ער האָט געזאָגט:

— וואָס איז דאָ די גוטסקייט. איך האָב באַדויערט, וואָס איך בין לעבן געבליבן. נאָר איך האָב דען געלעבט? איך האָב געזען אַזעלכס, וואָס דערציילן איז אומעגלעך. עמעס, בייס די גרויסע אַקציעס פּלעגן זיי מיך פאַרשליסן אין קאַזעמאַט, אין אַ טויבן קאַרצער, נאָר אויך אַהין זײַנען דערגאַנגען די געשרייען, די שיסערײַ. איך האָב געוויינט, אַליין געשריגן, געביסן זיך די פינגער, געשלאָגן זיך מיטן קאָפּ אין דער וואַנט, איך האָב געמיינט, אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען, נאָר פונעם זינען בין איך ניט אַראָפּ, בלויז גראָו געוואָרן... נאָר איצט איז שוין געבליבן ניט קיין סאַך. מער וועט מען מיך שוין ניט לאָזן. מע וועט מיך צעשיסן אײנינעם מיט אַלעמען. מיר וועלן אויסרייניקן די גריבער, פאַרשיטן זיי — און אויס.

איך האָב געפרעגט:

— נו, און אוועק פונדאַנען האָסטו ניט געפּרוווט?

— נײן, פונדאַנען וועסטו אין ערגעץ ניט אַוועק. דער נײַנטער פאָרט — דאָס איז אַ קייוועך.

„אַ קייוועך, — האָב איך אין זיך איבערגעכאַזערט, — ער האָט אים אָנגערופן, דעם פאָרט, אַזוי ווי איך — אַ קייוועך. קיין אַנדער וואָרט וועסטו ניט צוטראַכטן".

— איר ווייסט, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ מינוט שווײַגן, — איך האָב דאָ קיינמאָל ניט באַגעגנט קיין מאָסקווער. כאָטש גוט, וואָס צום סאָף. אַ מאָדנע זאַך, אַז דו ווייגסט אין מאָסקווע, איז דיר אַלציינס, ווער עס רינגלט דיך אַרום — מאָסקווער צי ניט מאָסקווער. ס'איז אפילו בעסער, אַז ניט קיין מאָסקווער, — מע שטופּט זיך ניט אַזוי. אָבער אין אַזאַ אָרט, ווי דאָ, איז יעדער מאָסקווער ווי אַ קאָרעוו, ניט עמעס?

— ריכטיק, — האָב איך געענטפערט.

איך ווייס ניט, עפּשער איז בא מיר געווען אַזאַ שטימונג, נאָר איך האָב אים געהערט מיט פאַרגעניגן, טאַקע ווי אַן אייגענעם מענטשן. ניט דערפאַר, וואָס ער האָט מיך אויסגעלייזט, כאָטש דאָס האָט אויך געהאַט אַ באַדײַטונג. ווען ער וואָלט זײַן אַ פאַרעטער, אַן אויסוווּרף, ווי מע האָט מיך געוואָרנט, וואָלט ער דאָס ניט געטאָן. אַ גרויסע זאַך — אַ מאָסקווער, אַ לאַנדסמאַן! פאַר אַ פאַסקודניאַק זײַנען ביטאָ ניט קיין לאַנדסלײַט, ניט קיין קרויווים. אַ פאַרעטער וועט די אייגענע מאַמע פאַרקויפן... ער האָט דאָך געוווּסט, פונקט ווי איך, אַז קיין שום שיך האָב איך ניט געוויקט, אַז דאָס ציינדל, אָט דאָס געוואָר, וועט מיר צוניץ קומען אָף עפּעס אַנדערש... און האָט אַפילו ניט געפרעגט, צוליב וואָס איך דאַרף עס... און עפּעס האָט מיך ווידער אַ צי געטאָן פאַר דער צונג — אַ לאַנגע צונג בא מיר. און ניט כאַראַטע האָבנדיק, האָב איך נאָכאַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— הייסט עס, אַז אוועק פונדאַנען איז אומעגלעך?..

— אומעגלעך.

און דער געשפּרעך האָט זיך דערמיט פאַרענדיקט.

— נו, גוט, — האָב איך געזאָגט, — מע דאַרף כאַפּן אַ דרעמל. אַ גוטע נאַכט, אַפּרעל.

— אַ גוטע נאַכט, — האָט ער געענטפערט.

איך ווייס ניט, צי קאַשטאַיאַנץ איז געשלאָפן, נאָר איך בין ניט געשלאָפן. ער האָט מיך אינ־גאַנצן צערודערט מיט זײַן דערציילן. איך האָב אופגעשטעלט אין זיקאָרן דעם געשפּרעך און אין דימיען זיך פאַרגעשטעלט דעם ראָג אָף וואָסיליעוווסקע און גאָרקי־גאַס — זײַן אָרט... וויפל מאָל בין איך געפאָרן אָף דער דאָזיקער גאַס, ווען איך האָב געלערנט אין דער זשוקאָווסקי־אַקאַדעמיע. וויפל מאָל בין איך פאַרבײַגעגאַנגען דאָס אָנגעגלייזטע בודקעלע, אין וועלכער עס איז געזעסן קאַשטאַיאַנצס מאַמע. מיר האָט זיך אַפילו אויסגעוויזן, אַז איך ווייס, וויאַזוי זי זעט אויס: אַ שוואַרצהאַריקע דיקע פּרוי מיט גרויסע שוואַרצע אויגן און מיט אַ היפּשער נאָז, ווי בא סאַשען, אין אַ שטײַפן ברעזענטענעם פאַרטעך, מיט שוואַרצע סאַטינענע האַלבע אַרבל, וואָס האַלטן זיך אָף גומעלעך... ווער ווייסט, עפּשער האָב איך אַפילו געפוצט בא איר די שטיוול, כאָטש כ'האָב ניט ליב געהאַט, אַז פרויען זאָלן מיר פוצן די שטיוול, כ'האָב זיך געשעמט. איך האָב בעסער ליב גע־האַט זיך צוזעצן אָפן הויכן בענקעלע פון אַ מאַנצבל אַ פוצער מיט דיקע וואָנצעס און מיט אַ שטים, וואָס גייט פון האַלדז... יאָ, ער איז געוועקט — אין מאָסקווע קוקסטו ווירקלעך ניט אָף קיין מאָסקווער. דו זעצסט זיך, לאָמיר זאָגן, לעבן אַזאַ פאַרשויק, און דו זעסט אים אַפילו ניט, פונקט ווי פאַר דיר וואָלט געווען אַ פּוסט אָרט, און אויב דו זעסט אים, איז אין אַ מינוט אַרום, באַלד, ווי דו צעצאָלסט זיך, פאַרגעסטו אין אים. און ער, דער דאָזיקער מענטש, האָט זיך זײַן וועלט, זײַנע דײַגעס, זײַן געשיכטע. ער מאַכט דיר אַ גלאַנץ אָף די שטיוול, און דו קלערסט אַפילו ניט, אַז ער שטאַמט פון אַסיריע, און אַז מיט אַ יאָר אָדער מיט פינף יאָר שפּעטער וועט זײַן פּלעמעניק, זײַן זון אָדער זײַן שטיפזון זיך אַרײַנמישן אין דײַן גורל, דיר אַרויסהעלפן אין אַ שוועדער מינוט און וועט עפענען פאַר דיר דעם וועג צו דער פרײַהײַט...

אױף מאָרגן האָט דער קאָמיטעט באַהאַנדלט מײַן אומפּאַרזיכטיקײַט און די ניט־פֿאַרשטענדלעכע אופֿירונג פֿון קאַשטאַיאַנצן, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר מיר. נאָר אױף וויפֿל דאָס זעלבע, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר, האָט געקאָנט טרעפֿן מיט יעדן אײנעם — איך האָב דאָך ניט געקאָנט אין דער אָנוועזנהײַט פֿון טשערנאָוון איבערלייגן אױף אַן אַנדער אָרט דאָס צײנדל, — איז דעריקער געגאַנגען אַ רייד וועגן קאַשטאַיאַנצן.

איך האָב אײנגאַנצן פֿאַרגעסן צו דערציילן, וויאַזוי מיר האָבן דורכגעפֿירט אונדזערע זיצונגען. פֿאַרזאַמלען זיך עפֿנטלעך האָבן מיר ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט, און זיך אָפּזונדערן ערגעץ האָבן מיר ניט געקאָנט — אין קאַזעמאַט קומט אַלץ פֿאָר פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. עדוואַרדאַס זשיליאַוויטשוס, דער ליטווישער קאָמוניסט, וואָס איז געזעסן אין פּאָרט נאָך אין סמעטאָנעס צײַטן, האָט פֿאָרגעלייגט זיך באַנוצן מיט דער דערפֿאַרונג פֿון די פּאָליטאַרעסטאַנטן פֿון די בורזשואַזע צײַטן. זיי איז נאָך שווערער געווען זיך פֿאַרנעמען מיט אונטערערדישער אַרבעט, ווי אונדז, זיי האָט מען קעסיידער געהאַלטן אין די קאַמערעס, און די קאַמערעס זעט די וואַך אױף דורך און דורך.

אין די קאָרידאָרן פֿלעגן זיך שטענדיק אַרומדרייען אופֿזעער, האָבן די אַסירים צוגעטראַכט: מע נעמט זיך צונויף רעדלעכווײַז און מע זינגט לידער — זינגען האָט מען דערלויבט. הינטער די פּלייצעס פֿון די זינגער האָבן צוויי־דרײַ מענטשן אַרומגערעדט זייערע ענינים, איבערגעשריבן פֿלוגבלעטלעך, אַרויסגעלאָזט אַ שריפֿטלעכן זשורנאַל... מיר האָבן נאָכגעפֿאָלגט זייער בײַשפּיל.

אונדזערע זינגער פֿלעגן זיך געוויינלעך פֿאַרזאַמלען אין דער לעצטער קאַמערע פֿון לינקס, אין וועלכער עס האָבן זיך געפֿונען בלויז קריגסגעפֿאַנגענע, אונדזערע מענטשן. מיטן כאָר האָט אָנגעפֿירט אַ באָכער, וועלכן מע האָט אין פּאָרט גערופֿן מישקע מאָריאַק. איך ווייס ניט, צי איז ער טאַקע געווען מישע און צי ער איז געווען אַ מאַטראָס, נאָר ער האָט גוט געזונגען און אויסגעצייכנט געטאַנצט. ער איז געווען אַ באָכער אַ ברען. איך האָב אויך געהאַט אַ קיילעך אין כאָר. איך האָב אויסגעלערנט מישקען לידער, וועלכע ער האָט ניט געקענט — ער איז שוין לאַנג געווען אין געפֿענקעניש — „דער הייליקער קריג“, „די פֿינצטערע נאַכט“, „דאָס טיכעלע“, „לאָמיר פֿאַררייכערן“. אין אַ שלעכטן וועטער, ווען פֿליִען האָט מען ניט געקאָנט, האָבן מיר די דאָזיקע לידער אָפּט געזונגען אױפֿן אַעראָדראָם.

נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלץ. אונדזער זינגען האָט באַגײַסטערט די נאַטשאַלסטווע אַליין. אײנמאָל זײַנען אונדזערע כעוורע אַזוי אַרײַן אין קוראַזש, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי מע איז געקומען מאַכן אַן איבערוף. דערזען די וואַך, איז מען, פֿאַרשטייט זיך, אַנשוויגן געוואָרן, נאָר דער קאָמענדאַנט, וואָס האָט דאָס געזאַנג געהערט נאָך פֿון יענער זײַט טיר, האָט געזאָגט: „גוט! גוט!“ ער האָט פֿאַרהאַלטן דעם איבערוף און געהייסן נאָך עפּעס זינגען, און די כעוורע האָבן מיט געפֿיל אים אויסגעזונגען „דעם הייליקן קריג“ — די ווערטער האָט ער, פֿאַרשטייט זיך, ניט פֿאַרשטאַנען.

נאָר איך וויל זיך אומקערן צום קאָמיטעט.

מיר האָט מען געמאַכט אַן אויסרייד פֿאַר ניט־פֿאָרזיכטיקײַט, פֿאַר פֿאַרלירן די וואַכזאַמקײַט. נאָר דעריקער האָט זיך געהאַנדלט, ווי איך האָב שוין געזאָגט, וועגן קאַשטאַיאַנצן און וועגן זײַן אײַנשטעלן זיך פֿאַר מיר. שטיצנדיק זיך אױף זײַן פּיליאָריקער אונטערערדישער דערפֿאַרונג, האָט זשיליאַוויטשוס אויסגעטײַטשט קאַשטאַיאַנצעס אופֿירונג ווי אַ טיפּישן פּראָוואָקאַטאָרישן טריוק. דאָס, וואָס דער בריגאַדיר האָט זיך אײַנגעשטעלט, האָט ער דערקלערט, וואָלט ניט געהאַט קיין שום באַדײַטונג, ווען די וואַך זאָל זיך מיט אים ניט רעכענען, און אַזויווי מע רעכנט זיך מיט אים, הייסט דאָס, אַז ער איז זייערער אַ מענטש, פּונקט אַזוי ווי טשערנאָוו, דער קייטן־מײַסטער, צו וועלכן די דײַטשן הערן זיך אויך צו. אַפֿילו פֿאַר אַ קינד דאַרף זײַן קלאָר, האָט זשיליאַוויטשוס געזאָגט, אַז קאַשטאַיאַנץ וויל זיך צו אונדז צושאַרן; דערפֿאַר דאַרפֿן מיר אױף קיין אײן מינוט ניט אַרויסלאָזן קאַשטאַיאַנצן פֿון אויג. וואַכזאַמקײַט און ווידעראַמאָל וואַכזאַמקײַט!

מיט זשיליאַוויטשוסעס אויספֿירן איז שווער געווען ניט מסכּים צו זײַן. דאָך האָט דער נעכטיקער שמועס מיט קאַשטאַיאַנצן מיך געצוווּנגען אַ קוק טאָן אױפֿן סטאַראָסטע גאָר אַנדערש, פֿון אינעווייניק, דערשפּירן אין אים אַ מענטשן, אַן אָפּגעריסענעם פֿון דעם היימלאַנד, אַ פֿאַרווּרטיילטן, אַ דורכגעזאַפּטן מיט דעם מייסים־גיפֿט פֿונעם נײַנטן פּאָרט, נאָר דאָך אַ מענטשן... און איך האָב געהאַלטן פֿאַר נייטיק דערציילן די כאַווירים וועגן מײַן באַנאַכטיקן געשפּרעך מיט אים.

בעסער וואָלט איך דאָס ניט געטאָן. קעגן מיר האָבן זיך אופֿגעהויבן אַלע — אי זשיליאַוויטשוס, אי טשערניאַווסקי־טווערסקאָי, אונדזער פּאָרזיצער. זיי האָבן קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז קאַשטאַיאַנץ איז אַ טיפּישער פֿאַשיסטישער אַגענט, אַפֿילו ניט קיין פֿאַרמאַסקירטער, אַז קיין שום באַציִונגען טאָר מען מיט אים ניט האָבן און קיינע שמועסן טאָר מען מיט אים ניט פֿירן, אַז ריכטיקער פֿון אַלץ וואָלט געווען אים ליקווידירן, נאָר דאָס איז, צום באַדויערן, אוממעגלעך. און וואָס איז שײַעך מיר, — האָבן זיי בײדע אין אײן קאָל געזאָגט, — קאָן איך טראַכטן וועגן קאַשטאַיאַנצן, וואָס איך וויל, נאָר די באַציִונגען מיט אים דאַרף איך איבעררײַסן. אויב ניט, וואָרענען זיי מיך,

טשערניאַווסקי און זשיליאַוויטשוס, אַז אונדזער פּלאַן איז פאַרורטיילט אויף אַ דורכפאַל און זיי נעמען אַראָפּ פון זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט...

די כאַווירים האָב איך צוגעזאָגט זײַן פאָרזיכטיקער מיט קאַשטאַיאַנצן. איך האָב נאָך ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן די ווערטער, ווי אין דער טיר פון דער קאַמערע, וווּ מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט, האָט ער זיך באַוויזן, דער פאַרשויך, פונקט ווי מיט אונדזערע רייד וואָלטן מיר אַרויסגערופן אים אָדער זײַן גייסט. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט און גענומען באַטראַכטן די זינגער.

דער כאָר איז שטיל געבליבן. אַן אַנדער ניט געבעטענעם גאַסט, ווער דאָס וואָלט ניט געווען, וואָלטן די כעוורע גלײַך אַרויסגעשטעלט פון יענער זײַט טיר, נאָר קאַשטאַיאַנץ איז געווען אַ נאַטשאַלניק...

— וואָס וועט עפּעס זאָגן דער סטאַראָסטע? — האָט מישקע מאַריאַק געזאָגט.

— קאָווּשאָוּ איז דאָ? — האָט געפרעגט קאַשטאַיאַנץ.

— דאָ, — האָב איך געענטפערט און אַ טראַכט געטאָן: איצט וועלן טווערסקאַי און זשיליאַוויטשוס מיך אײַנגאַנצן אויפעסן.

— קום, — האָט געזאָגט קאַשטאַיאַנץ, — וועסט מיר העלפן איבערטראָגן די שינעלן.

„וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַס, וועלכע שינעלן?.. — האָב איך ניט פאַרשטאַנען. — וואָס בין איך עס באַ אים פאַר אַ געהילף...“ נאָר געגאַנגען בין איך — מע האָט אים געדאַרפט פונדאַנען אָוועקפירן.

ער האָט זיך געלאָזט צום צווייטן עק פון קאָרידאָר, צו אונדזער קאַמערע, נאָר ער איז זי פאַרבײַגעגאַנגען, צוגעקומען צו די טרעפּ, וואָס פירן אויפן צווייטן שטאָק, זיך אומגעקוקט, מיר אַ ווונק געטאָן — גיי, הייסט עס, נאָך מיר, און גענומען זיך אויפהייבן אויף די טרעפּ — די אַלטע פאַרזשאַווערטע טרעפּ האָבן געסקריפּעט און געכריפּעט אויף הונדערטער קולעס.

איך האָב ניט פאַרשטאַנען, וווּהין ער פירט מיך. אויפן צווייטן שטאָק איז אונדז פאַרווערט געווען צו גייך, און אינדערעמעסן האָבן מיר דאָרט ניט געהאַט וואָס צו טאָן — פוסטע פאַרשלאָסענע קאַמערעס און שטשורעס... נאָר ער גייט און איך גיי. אויפן צווייטן שטאָק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, צוגעוואַרט, ביז איך בין צוגעקומען. ער איז צוגעגאַנגען צו דער הילצערנער פאַרצוימונג, אויפגעעפנט ניט קיין גרויסן שלאָס, וואָס איז געהאַנגען אויף דער טיר, און אַרײַן אינווייניק. ער האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע און אָנגעצונדן אַ שטיקל ליכט. נאָכדעם האָט ער מיך אַרײַנגעלאָזט און פאַרשפּאַרט די טיר פון אינווייניק.

מיר האָבן זיך געפונען מיט אים אין אַ געוועלבטן טונעל. דער טונעל איז געווען אַ גערעמער, אַ מעטער דרײַ מיט אַ האַלבן די ברייט און אַ מעטער צוויי צי צוויי מיט אַ האַלבן די הייך. די לענג האָב איך ניט געקאָנט אָפּשאַצן. עס האָבן געשטערט די פּעק, וואָס זײַנען געלעגן איינער אויפן אַנדערן קימאַט ביז דער סטעליע. אײַנגיכן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זײַנען דײַטשישע אַלטע שינעלן, פאַרלעגערטע, פײַכטע. ניט וועגן דעם טונעל, ניט וועגן די שינעלן האָב איך ביז אַהער ניט געהאַט קיין אַנונג.

קאַשטאַיאַנץ האָט מיך געלאָזט זיך אַרומקוקן, אַ צײַט געשוויגן און ווידער מיר אַ ווונק געטאָן. איך בין אַרויפגעקראָכן אויף די פּעק...

וווּהין שלעפּט ער מיך? אויב ער דאַרף שינעלן, קאָן ער זיי נעמען אָט דאָ באַם אַרײַנגאַנג. נאָר לויט זײַנע אויגן, לויט זײַן אויסזען האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז עס גייט דאָ ניט אין די שינעלן, אַז באַלד וועל איך זיך עפּעס דערוויסן...

די סטעליע פונעם טונעל איז געווען אַ קײַלעכדיקע, און די טיוקעס זײַנען געלעגן אין גלײַכע שטאַבעלען, דערפאַר האָט זיך צווישן דער סטעליע און די אייבערשטע פּעק אויסגעבילדעט אַ פרײַ אָרט. איך בין אַרופגעקראָכן אין דער הייך און גענומען פויזען נאָך קאַשטאַיאַנצן אין דער טיף פונעם טונעל.

געקראָכן זײַנען מיר אַ מינוט צוויי, נאָר מיר האָט זיך עס אויסגעדאַכט זייער לאַנג. סאָפקאָלסאָף האָבן די שינעלן זיך געענדיקט, און דער טונעל האָט זיך געענדיקט. אין עק פונעם טונעל, באַ דער בלייכער שײַן פון דער ליכט, האָב איך דערזען אַן אײַזערנע טיר די גרייס פון אַ טויער, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן.

קאַשטאַיאַנץ איז אַראָפּגעקראָכן פון די שינעלן, איך — נאָך אים. איך האָב געשוויגן. דאָך האָט ער צוגעטראָגן אַ פינגער צו די ליפּן, נאָר די ליכט ניט פאַרלאָשן. ער האָט צוגעלייגט דעם אויער צו דעם טויער. איך האָב געקוקט אויף אים, אויפן טויער, און דאָס האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט.

דער טויער איז געווען גוט פאַרשפּאַרט און פאַרניטעוועט מיט אַן אַ צאָל ניטלעך. קיין שלעסער האָט מען ניט געזען. אָנשטאָט דעם — צוויי גראָבע אײַזערנע פּרענטעס, וועלכע זײַנען אויף אייביק אײַנגעמויערט אין די בעטאָנענע ווענט פון טונעל. ניט קיין שלעכטער טויער...

און קאַשטאַניאַנץ האָט זיך נאָך אַלץ צוגעהערט. עס איז געוווען שטיל. זייער שטיל. און דעמאָלט האָט ער, שעפּטשענדיק, ווי ער וואָלט געענטפערט אויף מײַן נעכטיקער פראַגע, געזאָגט:

— דורך דעם טויער קאָן מען אַוועק...

זײַנע ווערטער, האָט זיך געדאַכט, זײַנען געבליבן הענגען אין דער לופט. זיי האָבן ניט אויפגעהערט צו קלינגען בײַ מיר אין די אויערן און מיר דערמאָנט אַבעס ווערטער: „פונדאַנען קאָן מען אַנטלויפן". נאָר די זעלבע ווערטער האָבן זיך דעמאָלט אויף גאָרנישט ניט באַזירט, און סאַשעס ווערטער „דורך דעם טויער קאָן מען אַוועק" זײַנען געוווען מאַמאַשעסדיקע. איך האָב געזען דעם טויער. געשטאַנען לעבן אים.

און דער סטאַראָסטע האָט קורץ, נאָר פּינקטלעך מיר דערקלערט, אַז הינטערן טויער געפינט זיך נאָך איין טונעל, וואָס גייט אַרויס אין איינעם פון די אינערלעכע הויפן פונעם פאַרט, פון דאָרט קאָן מען אַרויס אויף ניט קיין גרויס פעלד, וואָס פירט צו די גריבער; פון רעכטס איז אַ בערגל צי אַ מין ערד־אָנשיט, וואָס איז פאַרוואַקסן מיט קוסטעס. אַז מע זאָל גיין לענגאויס אָט דעם בערגל, איז ווײַטער מיט אַ מעטער הונדערט — הונדערט דרײַסיק פאַראַן אַן אַרײַנגאַנג אין אַ דריטן טונעל, וואָס גייט אַרויס ניט אין קיין גרויסער פאַרטיפעלונג. און דאָרט ביסטו שוין אויסער דעם פאַרט: פון יענער זײַט וואַנט איז די פרײַהייט.

איך קאָן שווערן, אַז איך האָב גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען פון דעם, וואָס ער האָט מיר אַרײַנגעשעפּטשעט. נאָר אין אַ שאָ אַרום, ווען איך בין שוין געלעגן אויף דער נאַרע, וואָלט איך מיט פאַרמאַכטע אויגן דורכגעגאַנגען אָט דעם שווערן וועג. פון טונעל צו טונעל, דורך די בערגלעך און וועגנט. נאָר בייס איך האָב געהערט קאַשטאַניאַנצן, האָט מיך אינטערעסירט אַן אַנדער זאַך: וויאַזוי עפענען אָט דעם פאַראָסטעטן, געקאָוועטן טויער? און איך האָב אים געפרעגט:

— און וויאַזוי עפנט מען אים?

— עפענען קאָן מען ניט, — האָט געזאָגט קאַשטאַניאַנץ, — נאָר מע קאָן אויסזעגן אַ פענצטערל, אַז אַ מענטש זאָל דורכקריכן. מער קאָן מען גאָרנישט ניט טאָן, און קיין אַנדער אַרויסגאַנג פון קאַזעמאַט איז ניט פאַראַן.

— איך פאַרשטיי, — האָב איך געזאָגט.

נאָר איך בין געוווען צו אויפגערעגט, איך זאָל עפּעס קאָנען פאַרשטיין אָדער שטעלן פראַגן. איך וועל דערנאָך פרעגן. און קיין צײַט איז ניט געוווען, מע האָט געדאַרפט זיך אומקערן.

סאַשע איז אַרופגעקראָכן אויף די טיקעס און גענומען פויזען צום אַרויסגאַנג, און איך — נאָך אים, נאָר אינמיטן וועג האָב איך אים אָפּגעשטעלט, זיך צוגערוקט צו אים און שטיל געזאָגט אים אין אויער:

— סאַשע, — איך האָב דאָס ערשטע מאָל אים אָנגערופן סאַשע, — דו ווייסט, אַז דאָס איז אַן ערנסטע און שווערע זאַך. דו פאַרשטייסט עס ניט ערגער פון מיר. נאָר מיר געפעלט דער פּלאַן. עמעס, איך האָב נאָך אים גוט ניט באַטראַכט, און דו וועסט מיר נאָך דאַרפן אים דערקלערן. אָבער זאָג מיר: מיט וועמען ווילסטו דאָס מאַכן, נאָר מיט מיר, צי נאָך מיט עמעצן? — און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: „ניין! ניין! זאָלן טווערסקאָי און זשיליאַוויטשוס זאָגן, וואָס זיי ווילן, ער איז ניט קיין פאַשיסט, ניט קיין פאַרעטער. ער וויל אויך אַרויס אויף דער פרײַ, קיין מאָסקווע, אויפן ראָג פון וואַסיליאַווסקע און גאָרקי־גאַס".

— איך ווייס ניט, — האָט סאַשע געזאָגט, — בעסער וואָלט געוווען אינצווייען — ווײניקער טומל... נאָר אינצווייען וועלן מיר עס ניט מאַכן...

— איך פאַרשטיי, — האָב איך געזאָגט, נאָר איך האָב נאָך גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען.

מיר האָבן גענומען פויזען ווײַטער. איצט בין איך געוווען פון פאָרנט. איך בין אַראָפּ פון די שינעלן, צוגעוואַרט אויף קאַשטאַניאַנצן און זיך געלאָזט צו דער טיר, נאָר ער האָט מיך פאַרהאַלטן און געפרעגט:

— און די שינעלן?

— וועלכע שינעלן?

— מע דאַרף נעמען מיט זיך שינעלן. איך האָב געזאָגט דעם קאָמענדאַנט, אַז די אַרבעטער זײַנען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, פרירן און דערפאַר אַרבעטן זיי ערגער. זיי קאָנען קראַנק ווערן. איך האָב אים פאַרגעלייגט אַרויסגעבן שינעלן. ער האָט דערלויבט און מיר געגעבן דעם שליסל פון דעם סקלאַד. איך בין פריִער אויך געגאַנגען אהער, — ער האָט זיך ווי פאַרענטפערט, — נאָך אַנטשעס, נאָך געוואַנט אויף צו פוצן די שטיוול. די שינעלן דאַרפן זיי ניט. איר פאַרשטייט?

אַן אויסזען האָב איך מיסטאָם געהאַט פון אַ דולן. איך האָב נאָך גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען, און עפּשער האָב איך שוין עפּעס פאַרשטאַנען.

— איך פאַרשטיי, — האָב איך געזאָגט.

מיר האָבן גענומען פֿונעם שטאַבעל אַן איבערגעבונדענעם פּאַק און אים אַרויסגעטראָגן אַף די טרעפּ. קאַשטאַיאַנץ האָט פֿאַרלאָשן די ליכט, פֿאַרמאַכט די טיר, אַרויסגענומען פֿון דער קע־שענע דעם שלאָס און אים אופֿגעהאַנגען, און מיר האָבן אַראָפּגעטראָגן די שינעלן.

עס איז שוין געווען שפּעט, און אינגיכן איז מען געקומען מאַכן אַן איבערוף. מע האָט אונדז איבערגעציילט, פֿאַרשפּאַרט די קאַמערעס, און מיר האָבן זיך געלייגט... מעגלעך, אַז אַבע, פּיניע אָדער קוניק האָבן מיך עפּעס געפֿרעגט, מעגלעך, אַז איך האָב זיי געענטפֿערט, נאָר מײַנע געדאַנ־קען זײַנען געווען ווײַט — אין טונעל, לעבן דעם אײַזערנעם טויער און ווײַטער פֿון אים. עס זײַנען אופֿגעשווומען אַ סך פֿראַגן, נאָר קיין ענטפֿער האָב איך דערווײַל ניט געפֿונען — אַלץ איז געווען פֿאַרנעפּלט, ניט קלאָר.

ווער, אַשטייגער, וועט אויסזעגן אַ לאָך אין טויער, און מיט וואָס וועט מען אויסזעגן? און וויאַזוי מאַכט מען עס ביכלאַל?..

אויסזעגן, ריכטיקער — אויסבויערן, דאַרף מען, פֿאַרשטייט זיך, מיט אַן עקבויער, איז וווּ נעמט מען אים?

לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן — מיר האָבן אים געקראָגן... און ווען זאָל מען בויערן אָדער אויסזעגן?.. באַטאָג זײַנען מיר בײַ די גריבער, אַף באַנאַכט פֿאַרשפּאַרט מען אונדז אין די קאַ־מערעס. הייסט עס, אַז אויסזעגן דאַרף מען אין די שאָען פֿאַר דעם אָפּדערנאַכטיקן איבערוף, און דאָס איז אַזוי ווייניק צײַט... און דער גרילץ פֿון דעם דרעל? אַן אַרבעט איז עס אַ רוישיקע — מע וועט דערהערן... נו, גוט, מע האָט שוין אויסגעזעגן, אויסגעבויערט... איז ווען לויפֿט מען? באַ־נאַכט? נאָר אַף באַנאַכט פֿאַרשליסט מען די קאַמערעס.

נאָר איך האָב אויסגעמיטן די שווועריקײַטן און זיי איבערגעשפּרונגען, ווי די מיידעלעך די „קלאַסן", וואָס זיי צייכענען אַף די טראָטואַרן.

נו, לאָמיר זאָגן, עס איז שוין אויסגעזעגט, מע איז שוין אַרויס פֿון די קאַמערעס, שוין אַדורך די טונעלן, איז וויאַזוי ספּראַוועט מען זיך מיט דער אויסערלעכער וואַנט? וויאַזוי נעמט מען זי אײַן? מע דאַרף אַ לייטער, און מינאַסטאַם אַ הויכן. וויפֿל מעטער האַלט די וואַנט?.. דאָס האָט קאַשטאַיאַנץ ניט געזאָגט...

ניין, דאָס איז אַלץ נאַרישקײַטן!.. ניין! און ווידער ניין!.. און עפּשער איז עס טאַקע אַ פּראָוואָ־קאַציע. טווערסקאָי און זשיליאַוויטשוס זײַנען גערעכט — סאַשע איז אַ געפֿערלעכער מענטש. ער האָט מיר דערציילט אַ מײַסע ניט געשטויגן ניט געפֿלויגן און איך האָב אָנגעשפּיצט די אויערן.

דער קאָפּ האָט ווי געטאָן, און די געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט. נאָר וועגן עפּעס אַנ־דערש האָב איך טראַכטן ניט געקאָנט, און איך האָב זיך געזאָגט: „סטאָפּ! הייב אָן פֿון אָנהייב. אויב עס וועט זיך ניט באַקומען — איז נאָכאַמאָל פֿון אָנהייב. ביז עס וועט זיך באַקומען".

פֿריִער פֿון אַלץ דאַרף מען באַשליסן — ער איז אַ פֿאַרעטער צי ניט קיין פֿאַרעטער, דאָס איז דאָס וויכטיקסטע. דאָס איז דער יעסאָד פֿון אַלע יעסוידעס... און דאַך איז ער ניט קיין פֿאַרע־טער... פֿאַרשטייט זיך, אַז זײַן אָרנטלעכקײַט איז נאָך ניט דערוויזן געוואָרן, נאָר דאַך איז בעסער צו גלייבן אין אָרנטלעכקײַט.

אַ פּראָיעקט איז דאָס אַ שווערער. קימאַט ניט קיין מעגלעכער. נאָר אַן אינטערעסאַנטער, מע דאַרף טראַכטן און טראַכטן. עס טאָרן ניט זײַן קיין שום צופֿעליקײַטן, קיין שום בלויזן. ניט אַזוי די צופֿעליקײַטן — דאָס איז אומפֿאַרמײַדלעך, — ווי די בלויזן. אַלץ דאַרף זײַן אויסגערעכנט און אויסגעצעכשבנט, ווי דער סאַמע קאָמפּליצירטער מאַרשרוט. צו אַלץ דאַרף מען זײַן גרייט. און אָפּלייגן אין דער לאַנגער באַנק טאָר מען ניט. אויב זיך נעמען דערפֿאַר, דאַרף מען עס טאָן גלײַך זיך אָפּזאָגן און אויספּילן דעם צווייטן וואַריאַנט...

איך האָב דורכגעטראַכט, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, די הויפּט־פֿראַגן, נאָר איך האָב גאָר ניט געוווּסט, וויפֿל מאַכלויקעס, רייד און צווייפֿל עס וועט אַרויסרופֿן יעדע פֿראַגע! איך האָב זיך גענומען צוהערן, צי סאַשע שלאָפֿט... מײַנע כעווירע זײַנען געשלאָפֿן. טשערנאָוו האָט געכראָפּעט, נאָר צי איז ער געשלאָפֿן — האָב איך ניט געוווּסט, אין סאַשעס ווינקל איז געווען שטיל.

איך האָב ניט געוואָלט גיין צו אים. איך האָב געוואָלט אַ טראַכט טאָן, זיך האַלטן אַן אייצע מיט די כאַווײרים. נאָר עס איז מיר דורכגעלאָפֿן אַ געדאַנק: אויב ער איז אַ הונט, שלאָפֿט ער. אויסגעפֿילט די פֿאַרגעבונג פֿון קאָמענדאַנט און שלאָפֿט. אַזעלכע פֿאַרשווינען מאַטערט ניט דער געוויסן. אויב ער איז אַ מענטש, אויב ער וויל אַוועק און אונדז אַרויספֿירן — וועט ער ניט אײַנשלאָפֿן. נאָך אַזאַ עקסקורסיע קאָן מען גלײַך ניט אַנשלאָפֿן ווערן...

און איך האָב באַשלאָסן: איך וועל אַ קוק טאָן, צי שלאָפֿט ער צי ניט, און שטילערהייט צוגע־פֿויזעט צו זײַן ווינקל, דער אומגעדולד — מײַן פֿײַנט — האָט ווידער באַזיגט די פֿאָרזיכטיקײַט...

ער איז ניט געשלאָפֿן, און איך האָב זיך דערפֿרייט. זיך צוגעלייגט לעבן אים, און אַלע פֿראַגן,

וואָס האָבן מיך געמאַטערט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר איבעריק — ער האָט אַליין מיר אָפ אַלץ געענטפערט: דער קאָפּ האָט בא דעם באָכער געאַרבעט.

פון זײַנע ערשטע ווערטער האָב איך פאַרשטאַנען: די דאָזיקע זאַך האָט ער צוגעטראַכט שוין פון לאַנג און פון לאַנג אַלץ באַקלערט, נאָר קײנעם ניט געזאָגט, ווײַל אײנער אַלײן האָט ער גאָרניט געקאָנט מאַכן. די פראַגע מײַנע — צי קאָן מען פונדאַנען ניט אַנטלויפן? — האָט אים אופגערודערט... הערנדיק סאַשעס רײד, האָב איך געטראַכט: „מאָלאָדיעץ! מאָלאָדיעץ!"

דעם טויער, האָט ער דערקלערט, דאַרף מען דורכבויערן, און מאַכן דאָס קאָן נאָר אַ געניטער שלאָסער. דאָס אײַזן איז גראָב, דאַרפן די אויסגעבויערטע לעכלעך זיך לייגן איינס אָפן אַנדערן. נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלץ: אין די ווינקלען — אין דעם אייבערשטן צי אין דעם אונטערשטן — דאַרף מען לאָזן צוויי ניט קײן דורכגעבויערטע עקן, אַנדערש וועט דאָס פענצטערל אַרויספאַלן פאַר דער צײַט.

„ריכטיק!"

הייסט עס, דאַרף מען אַ דרעל, און אַ שלאָסער דאַרף מען. אַ דרעל קאָן מען קריגן בא טשערנאָוון, בא אונדזער קייטן־מײַסטער. צי קאָן מען אים געטרויען? קאָן זײַן, אַז ניט אינגאַנצן, נאָר קײן אַנדער ברײרע איז ניטאָ. טשערנאָוו האָט ליב גאָלד. ער קלײַבט גאָלד שטילערהייט. מע דאַרף אים געבן גאָלד. ער, סאַשע, האָט אַ ביסל, און מע דאַרף נאָך קריגן. נאָר טשערנאָוו וועט אַליין דעם טויער ניט בויערן, ער איז אַ פאָרזיכטיקער, און די דײַטשן האָבן אים שטענדיק אין אויג — זײַן וואַרשטאַט געפינט זיך אין קאַראַול־געבײַדע. אָפ באַטאָג פאַרשליסט מען אים דאָרטן. הייסט עס, דאַרף מען אַ שלאָסער...

„איך וועל קריגן אַ שלאָסער, — האָב איך אין געדאַנק געזאָגט צו זיך אַליין. — פיניע קראַקאָווסקי איז ביז דעם קריג געווען אַ שלאָסער..."

— אַרבעטן וועט זײַן בעסער באַטאָג, — האָט סאַשע פאָרגעזעצט, — ווען אין קאַזעמאַט איז קײנער ניטאָ. הייסט עס, אַז דער שלאָסער דאַרף זיך מאַכן קראַנק, נאָר דאָס איז זייער געפערלעך. אויב מע וועט באַמערקן, אַז איין און דער זעלבער אַרעסטאַנט איז אַ לאַנגע צײַט קראַנק, וועט מען אים צעשיסן. קײן קראַנקע אַרבעטער דאַרפן זיי ניט. עמעס, זיי קוקן זיך שטאַרק ניט צו, ווער עס קרענקט, אַבי עס זאָלן ניט פעלן אָפ דער אַרבעט מער ווי צוויי מענטשן. הייסט עס, אַז דער שלאָסער וועט קאָנען בלײַבן. מעגלעך, אַז ניט יעדן טאָג, נאָר ער וועט קאָנען, אויב, פאַרשטייט זיך, וואָשטשין, אונדזער דאָקטער און בראַנדמײַסטער, וועט אים לאָזן. נאָר עס איז פאַראַן נאָך איין שוועריקײַט: מיטן שלאָסער דאַרף מען לאָזן אין קאַזעמאַט אַ מענטשן אָפ סטראַכירן.

„ריכטיק! אַלץ איז ריכטיק..." — האָב איך געכאַזערט אין זיך.

— לאָמיר זאָגן, אַז דאָס פענצטערל איז פאַרטיק, — האָט סאַשע גערעדט. — איז וויאַזוי גייט מען אַרויס פון די קאַמערעס? דאַרף מען אַ שליסל. נאָר די שלעסער זײַנען ניט פון אינוויייניק, פון אויסן זײַנען זיי, אין די קאָרידאָרן. הייסט עס, אַז מע דאַרף אַרײַנדרינגען אין קאָרידאָר ניט דורך דער טיר. נאָר צוליב דעם וועט געוויס אויסקומען אונטערזעגן אין דער קאָרידאָר־גראַטע איין שטאַנג, אויסבייגן אים און אַרויס אין קאָרידאָר, נאָר אויך דאָ וועט מען זיך ניט באַגיין אָן טשערנאָוון. דעם שטאַנג קאָן ער אַליין אונטערזעגן אָדער געבן אַ זעגעלע. אַזויאַרום איז טשערנאָוו אין דעם גאַנצן איניען דער וויכטיקסטער מענטש. אויב ער וועט זיך אָפזאָגן, דאַרף מען זיך אַפילע ניט נעמען. מע דאַרף אים געבן גאָלד.

„מיר וועלן אים געבן גאָלד! מיר וועלן אים פאַרשיטן מיט גאָלד!" — האָב איך געטראַכט, נאָר געשוויגן. איך האָב בלויז געהערט.

— נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלץ, — האָט סאַשע פאָרגעזעצט. — עס וועלן זײַן נאָך אַנדערע שוועריקײַטן. אַשטייגער — אַ לייטער. מע דאַרף אַ זעקס־זיבנמעטערדיקן לייטער, וועלכן מע זאָל קאָנען צושטעלן צו דער וואַנט. איז וווּ נעמט מען אים? און וויאַזוי שלעפט מען אים אַרויס דורכן טונעל? הייסט עס, אַז דער לייטער דאַרף זײַן אַ צונויפגעשטעלטער פון דרײַ צי פיר טיילן. דערבײַ קאָן ניט זײַן קײן רייד וועגן צוועקעס און וועגן אַ האַמער — דאָס מאַכט אַ טומל. דעם לייטער דאַרף מען צונויפבינדן. די שטאַפלען צובינדן צו די זײַטיקע לײַסטלעך און דערנאָך — איין לייטער צום צווייטן.

„מאָלאָדיעץ! דו ביסט אַ כאָכעם! די אײַסאָרן זײַנען גרויסע מענטשן!" — האָב איך זיך געפרייט, נאָר אַלץ נאָך אין זיך.

— הייסט עס, — האָט סאַשע אונטערגעפירט אַ סאַכאַקל, — איז דאָס וויכטיקסטע — טשערנאָוו, אַ דרעל, אַ שלאָסער, אַ זעגעלע און אַ לייטער, דאָס איבעריקע וועט מען שוין זען.

ער איז אַנשוויגן געוואָרן. אין אַנטקעגנדיקן ווינקל, בא דער קאָרידאָר־גראַטע, האָט געכראָפעט טשערנאָוו און זיך ניט אַנגעשטויסן, וואָס פאַרא האָפענונגען מיר לייגן אָפ אים.

און פּיניע קראַקאָווסקי איז געשלאָפן — ער האָט ניט געוווּסט, וואָס איך קלײַב זיך אים פאַרלייגן.

עס זײַנען געשלאָפן און גאָרנישט ניט געוווּסט אַבע, קוניק און אַלע איבעריקע אסירים פון פאַרט.

נאָר מיר זײַנען ניט געשלאָפן. איך האָב געפרעגט:

— און פאַר וועמען ווילן מיר דאָס אַלץ מאַכן, פאַר אַלעמען צי נאָר פאַר די, וואָס ווילן צו־גרייטן דאָס אַנטלויפן? — ניט ווילנדיק האָב איך אים נאָך אַלץ אויסגעפּרוּווט.

— פאַר די, וואָס ווילן אַנטלויפן, — האָט סאַשע געענטפערט. ער איז שטיל געבליבן, דער־נאָך צוגעגעבן: — איך פּערזענלעך טו דאָס פאַר סטאַסיען.

— פאַר וועלכער סטאַסיע?

— איר קענט זי, אַ מיידל פון דער פּרויען־קאַמערע...

יאָ, איך האָב זי געקענט, סטאַסיען. אַ בלאָנדע, מיט געשוירענע האָר, ווי בײַ אַ יינגל. אַ בלוי־אויגיקע, קוקט אויף דיר, ווי אַ כײַעלע, און האַלט דעם קאָפּ עטוואָס אויף אַ זײַט. אויפן האַלדז איז בײַ איר אַ דינער שניט, ווי אַ רויט בײַוועלע...

סאַשע האָט פאַרבראַכט מיט איר. זיי זײַנען געזעסן באַנאַנד אין קאָרידאָר אָדער אין אונדזער קאַמערע און וועגן עפּעס געשמועסט. זי אויף פּויליש, ער — אויף רוסיש. נאָר ס'ווײַזט אויס, אַז זיי האָבן פאַרשטאַנען איינס דאָס אַנדערע.

סטאַסיע איז געווען איינע פון די פיר מיידלעך, אויף וועלכע דער קאָמענדאַנט האָט אַרופגע־לייגט דרײַפאַכע פליכטן — קאָכן, וואַשן און באַפרידיקן די מענערישע באַדערפענישן פון די אַרעסטירטע... נאָר אין געגעבענעם פאַל איז עס, דאַכט זיך, געווען ליבע... ליבע בלײַבט ליבע. אפילו אין אַזאַ אָרט. אין אַזעלכע ערטער איז זי נאָך שטאַרקער. די געפילן ווערן שאַרף אַנט־בלויזט, ווי געעפנטע אָדערן און ווי די געעפנטע גריבער, אָדער גאָר פאַרקערט, ווערן אָפּגע־טעמפּט און פאַרוועלקן.

— פאַר וואָס איז זי אַהער אַרײַנגעפאַלן?

— פאַר דעם, וואָס אַלע, — האָט סאַשע געענטפערט.

סטאַסיעס געשיכטע האָב איך זיך דערוווּסט שפּעטער מיט אַ צײַט, נאָר דערציילן זי וועל איך איצט. נאָכדעם וועט מיר דער קאָפּ ניט זײַן דערבײַ.

סטאַסיע קאַכאַנאָוויטש איז אויסגעוואַקסן אין גראָדנע, אין אַ שטילער שטאָט באַם ניעמאַן. סטאַסיעס טאַטע איז געווען אַ דאָקטער, די מאַמע — אַן אַקושערן. די איינציקע טאָכטער, זייער ליבלינג, איז אין נײַן־און־דרײַסיקטן יאָר, נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע, אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, אין אוניווערסיטעט דערלערנען, לויט דער מישפּחה־טראַדיציע, מעדיצין. און דאָ איז אויסגעבראָכן די מלחמה.

מע האָט באָמבירט וואַרשע. קיין וואַרשע האָבן זיך געריסן די דײַטשן, און אָפּשטעלן זיי האָבן די פּאָליאַקן ניט געקאָנט... און סטאַסיע איז אַ ביסל צופּוס, אַ ביסל מיטן צוג געקומען אַהיים קיין גראָדנע. נאָר דאָ זײַנען אויך פאַרגעקומען ענדערונגען. די רויטע אַרמיי. סאָוועטנמאַכט. אָנשטאָט דעם בורזשואַזן פּוילן — סאָוועטיש ווײַסרוסלאַנד. אייניקע איז עס געפעלן, אַנדערע ניט געפעלן, נאָר סטאַסיעס מישפּחה האָט געלעבט, ווי פריִער: דער פאָטער האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל, די מוטער אין געבורט־הויז.

דעם האַרבסט פון פערציקסטן יאָר האָט סטאַסיע פאַרבראַכט אין ווילניוס, סאָפּקאָלסאָף איז ווילניוס אויך אַן אוניווערסיטעט־שטאָט, דער דאָרטיקער אוניווערסיטעט איז, דאַכט זיך, אַפילו עלטער פון דעם וואַרשעווער... נאָר לערנען איז איר דאָרט ניט אויסגעקומען. ווידער אַ מלחמה. קיין גראָדנע זײַנען אַרײַן די דײַטשן.

און דאָס לעבן האָט זיך פאַרענדיקט.

באַם פאָטער אין דער אָפּטיילונג זײַנען געלעגן זיבן אָדער אַכט פאַרוווּנדעטע רויטאַרמייער. זיי זײַנען אָט ערשט אָפּערירט געוואָרן, און דער טאַטע האָט זיי ניט אויסגעגעבן. ער האָט זיי איבערגעביטן די פאַמיליעס אויף פּוילישע און פאַרגעזעצט היילן. נאָר מע האָט אים געמאַסערט. עס זײַנען געקומען עסעסאָווצעס און די גאַנצע מישפּחה — דעם פאָטער, די מוטער, סטאַסיען — אַוועקגעפירט אין געסטאַפּאָ און זיי אַרײַנגעזעצט אין פאַרשיידענע קאַמערעס.

שוין אויפן ערשטן פאַרהער האָט דער אויספאָרשער, אַ באַיאָרטער פליכטוואָטער מאַנצבל, וואָס האָט גוט גערעדט פּויליש, איר געזאָגט, אַז זי איז אַ שיין מיידל און איר געמאַכט אַ קאָמפּלי־מענט: ער האָט באַמערקט, אַז זי איז ענלעך אויף זײַן טאָכטער. ער האָט איר געשטעלט עטלעכע ניט וויזנטלעכע פראַגעס און איר צוגעזאָגט עפּעס־וואָס טאָן פאַר איר און פאַר אירע עלטערן אויך.

סטאַסיע האָט ניט געגלייבט... און אין א וואָך ארום — די וואָך איז געווען א הונגעריקע, א שלאָפלאָזע — האָט מען זי ווידער צו אים געבראַכט.

ער האָט זי באגעגנט מיט א שמייכל. אופגעשטאנען. זי באזעצט אין א פאָטעל און איר גלײַך דערלאנגט א בריוו פון די עלטערן... הייסט עס, ער האָט זי ניט אָפּגענאַרט... זייער גוירל, האָבן זיי געשריבן, איז אדאנק דער ארײַנמישונג פון דעם הער האופטמאן פיל גרינגער. מע וואָלט זיי צעשאָסן, נאָר אָנשטאָט דעם וועלן זיי ארבעטן אין טורמע־שפּיטאָל, און קאָן זײַן, אז מע וועט זיי אינגיכן באפרײַען. זיי האָבן געבעטן די טאָכטער, זי זאָל זײַן א קלוגע, א גוט מיידל און זי זאָל זיך אָפּהיטן. זיי האָבן געבעטן נאָכאמאָל באדאנקען דעם הער האופטמאן פאר דער גרענעצלאָזער גוטסקײַט זיינער, פאר זײַן אופמערקזאמקײַט.

סטאַסיע האָט באגאָסן מיט טרערן דעם בריוו און געדאנקט, ווידער געלייענט און ווידער געוויינט. און ער האָט זי בארויקט. געשטאנען איבער איר און איר אײַנגערעדט.

זי איז פרײַ, האָט ער געזאָגט. זי קאָן גיין אהיים. ער האָט, פארשטייט זיך, ריזיקירט, נאָר וואָס טוט מען ניט צוליב אזא טײַער מיידל... און ער האָט איר דערלאנגט די שליסל פון איר שטוב — דער מאמעס שליסל, אָנגעסילעטע אף א פידקאָווקעלע. זי האָט אויך דאָס פידקאָווקעלע באגאָסן מיט טרערן.

אים האָט זיך אײַנגעגעבן, האָט איר דערקלערט דער האופטמאן, ראטעווען פון קאָנפיסקאציע זייער הויז און דאָס פארמעגן. עמעס, צוליב דעם, נאָר צוליב דעם, האָט ער באשלאָסן וווינען בא זיי, אין איין צימער, אין קאבינעט פונעם דאָקטער. אויב זי האָט ניט קעגן, אויב ער וועט ניט ענג מאכן דער יונגער באלעבאָסטע, וועט ער צײַטווײַליק דאָרט וווינען. שוין אָפּגערעדט דערפון, אז דאָס וועט זי פארהיטן פון קאָלערליי אָנגריפן מיצאד דער פאָליציי.



ביטע! ביטע! זאָל ער וווינען!.. זאָל ער וווינען וויפל ער וויל!.. ער האָט אזוינס געטאָן פאר אירע עלטערן און פאר איר זעלבסט!.. זי האָט זיך גאָר ניט געקאָנט גלייבן, אז ער איז א געסטאַ־פּאָוועץ, א דײַטש... צווישן זיי זײַנען אויך פאראן מענטשן!

נאָר אף דער גאס, האָט געוואָרנט דער הער האופטמאן, איז בעסער, זי זאָל זיך ניט באווײַזן. זאָל זי זיצן אין שטוב. אין שטאָט קומען פאָר אונטערזוכונגען. מע זוכט באָלשעוויקעס, דעזער־טירן. מע שיקט אוועק די יוגנט קיין דײַטשלאנד. און אויב מע וועט זי א צווייט מאָל ארעסטירן, איז ווער ווייסט, צי וועט ער איר קאָנען העלפן. צום באדויערן, איז ער נאָר א האופטמאן...

געוויס, געוויס! זי פארשטייט, און זי וועט זיצן אין שטוב. זי איז אים אזוי דאנקבאר, אזוי דאנקבאר, אז זי האָט גאָר ניט קיין ווערטער דאָס אויסצודריקן!

די שטוב האָט אָנגעוואָרפן אף איר א פּאַכעד. א פוסטע, א פארומערטע. דאָס וועש און דאָס אָנטאָן — אפן דיל. נאָך דער אונטערזוכונג האָט קיינער ניט צוגעראַמט. אפן מעבל — שטויב,

און אפן דיל — שטויב. בא דער מאמען האָט אַלץ געפינקלט. בלויז אין קאַבינעט פילט זיך, אַז עמעצער לעבט דאָרט, נאָר ניט דער טאַטע — א פרעמדער.

אָן איינגעשטאַנענער רייעך פון טויטן... דאָס בעטגעוואַנט ליגט אפן דיוואַן... דער אַש־בעכער איז פול מיט אָפּשניצלעך... אָן אָנגעהויבן פלעשל ווײַן... טונקל געוואָרענע טריסקאַווקעס, וואָס האָבן שוין געלאָזט דעם זאַפּט... און דײַטשישע גאַלעטן...

עס האָט זיך איר שטאַרק געוואָלט נעמען א גאַלעט. זיך אויסגעהונגערט אין טורמע... נעמען? ניין... דאָס זײַנען פרעמדע גאַלעטן, זײַנע גאַלעטן. נו, און איינעם? נאָר איינעם... איינעם וועט זי נעמען — ס'איז דאָ א סאַך... זי האָט גענומען. אופגעגעסן... און זיך א צי געטאָן נאָך א צווייטן, דערנאָך נאָך א דריטן... זי האָט זיך געכאַפּט, ווען דער טעלער איז שוין געווען פוסט... מיילע, זי וועט זיך אַנטשולדיקן און ער וועט איר מויכל זײַן.

און וואָס וועט זײַן, אויב מע וועט די עלטערן ארויסלאָזן ניט אין א וואָך ארום און ניט אין א כוידעש ארום, נאָר אין א שאָ אָדער צוויי ארום? אַלץ קאָן זײַן. זי האָט מען דאָך ארויסגעלאָזט. און די מאַמע האָט ניט ליב קיין אומאָרדענונג. מע דאַרף אופראַמען, איינהייצן די וואַנע, זיי זאָלן זיך קאָנען ארומוואַשן — אין טורמע איז שרעקלעך שמוציק. נאָר פריִער וועט זי זיך אַליין אויסבאָדן, און דער קוואַרטיראַנט וועט געוויס נעמען א וואַנע.

זי האָט צעעפנט די פענצטער — זיי זײַנען ארויסגעגאַנגען אין סאָד. אופגעראַמט. אָנגעריסן בלומען פון די בייטן. און אין שטוב האָט זיך אַלץ געענדערט — די שטוב איז געוואָרן ווי פריִער, ליב און אייגן. זי האָט מיט פאַרגעניגן זיך אויסגעבאָדן אין דער וואַנע. זיך איבערגעטאָן. אוועקגעזעצט זיך אין א ווייכן שטול, גענומען א ניט־דערלייענטן בוך. נאָר ס'האָט זיך ניט געלייענט. זי האָט זיך צוגעהערט. דער טאַטע מיט דער מאַמע קאָנען פּלוצעם קומען...

זיי זײַנען ניט געקומען. געקומען איז דער הער האופטמאַן. און נאָך פון דער שוועל גענומען זי לויבן. אָט וואָס עס באַטײַטן פרויִישע הענט! ס'איז שווער זיי אָפּצושאַצן... סאַרא ריינקײַט! פאַר א דײַטש איז ריינקײַט איבער אַלעס. אין רוסלאַנד איז שמוציק. עמעס, דאָ איז פוילן צי ווײַסרוסלאַנד, נאָר „דאַס איסט עגאַל — וושיסטקאָ יעדנאָ...” אָ, ווי ער איז גליקלעך, וואָס ער האָט אומגעקערט די פרײַלן סטאַסיע אהיים!

ער האָט געבראַכט א סאַך געשמאַק עסן. דער האופטמאַן איז אוועק זיך וואַשן, און זי האָט צוגעגרייט צום טיש. ארויסגעלייגט פון די פּאַקעטן אף די טעלער קעז, וווּרשט, אוגערקעס, פּאַשטעט, און איר האָט זיך ווידער שרעקלעך פאַרוואָלט עסן. נאָר זי האָט ניט געגעסן. ניין, אָן אים וועט זי ניט נעמען עסן זײַנע געשמאַקע זאַכן.

פון דער וואַנע איז ער ארויסגעגאַנגען ווי א היימישער, אין א פּיזשאַמע און אין א כאַלאַט, און האָט אינגאַנצן אופגעהערט ענלעך זײַן אף א דײַטש. אין איר פאָרשטעלונג זײַנען זיי אַלע געווען מיליטעריש. אין מונדירן, מיט רימענס, אין שטיוול. און אף קיין געסטאַפּאָוועץ איז ער אינגאַנצן ניט ענלעך געווען. א ראָזשוועך, א גוטער, א לויכטנדיקער. ווי דער עלטסטער פון א מישפּאָכע, וואָס רוט אָפּ נאָך דער ארבעט.

נאָר עפּעס האָט זי געקימערט. דאָרט, אין געסטאַפּאָ, ווען ער האָט געטראָגן דעם שרעקלעכן שוואַרצן פרענטש, האָט זי ניט מוירע געהאַט פאַר אים, און דאָ, אין דער היים, אין דער פּיזשאַמע, אין כאַלאַט, אין די שטעקשיך האָט זי זיך עפּעס געשראָקן פאַר אים. זי האָט עס ניט ארויסגעוויזן, נאָר מוירע געהאַט, און ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס. דער קאַפּיטאַן איז צופרידן געווען, און דער שמייכל האָט זיך געשמאָלצן אף זײַן פּאָנעם.

ער האָט געבראַכט פון קאַבינעט ווײַן. יענץ אָנגעהויבענע פלעשל און נאָך צוויי, ניט קיין אָנגעהויבענע. ער האָט לײַכט און געניט זיי געעפנט, אָנגעגאָסן איר און זיך און פאָרגעלייגט אויסטרינקען פאַר איר אומקערן זיך... „פון אזא אָרט פונוואַנען מע קערט זיך געווײנלעך ניט אום...” און צוגעגעבן, אז ער וועט מיט פאַרגעניגן אינגיכן אופהייבן דעם באָקאַל פאַרן אומקערן זיך פון אירע עלטערן, פון דעם פאַן דאָקטער און זײַן פרוי.

סטאַסיע האָט קימאַט ניט געטרונקען, און געגעסן האָט זי ניט קיין סאַך. זי וואָלט געגעסן מערער, נאָר זי האָט זיך געשעמט, און דער הונגער איז געשטילט געוואָרן. איר האָט זיך פאַרוואָלט שלאָפן. די אויגן האָבן זיך אזש פאַרמאַכט, אזוי האָט זיך געוואָלט שלאָפן. דאָס איז מינאַסטאַם איבער די שלאָפלאָזע נעכט אין טורמע.

א גרויסער שאָד, — האָט באַדויערט דער הער האופטמאַן, — דאָס קינד פאַלט פון די פיס. און ער האָט נאָך געוואָלט אויסטרינקען מיט איר קאַווע. עמעסע „באָנען קאַפע”, און א ביסל קאָניאַק, דעם בעסטן, פראַנצויזישן, נאָר אויב זי וויל אזוי שלאָפן, זאָל זי זיך לייגן. און ער וועט נאָך זיצן, א טראַכט טאָן, א טרויִם טאָן. ער איז געוווינט צו איינזאַמקײַט — אזא איז שוין דאָס סאָלדאַטישע לעבן... „דאַבראַ נאָץ! גוט שלאָפען, פרוילײַן!”

א דאנק! מינאסטאם איז ניט גוט, וואָס זי גייט אוועק, נאָר איר ווילט זיך אינדערעמעסן שטארק שלאָפן. א גוטע נאכט! און נאָכאמאָל א דאנק פאר אלץ, וואָס ער האָט געטאָן פאר דער מאמען, פארן טאטן און פאר איר, פארשטייט זיך, א גוטע נאכט!

זי איז ארײַן צו זיך. פארמאכט די טיר. ניט אָנציינדנדיק די שײַן, האָט זי זיך אויסגעטאָן און זיך ארונטערגעגליטשט אונטער דער קאָלדרע. זי האָט ווי געוויינלעך אונטערגעצויגן די קני. ס'איז גוט בא זיך אפן געלעגער... און גלײַך אנשלאָפן געוואָרן.

געשלאָפן איז זי שטארק. נאָר, דאכט זיך, ניט לאַנג. זי האָט זיך אופגעכאפּט פון עפּעס א שווערקײַט... און פון דעם, וואָס עמעצער האָט זי געגלעט מיט א גרויסער הייסער האנט. ס'איז איר געוואָרן שרעקלעך.

זי האָט אָנגעהויבן שרײַען און אינגאנצן זיך אופגעכאפּט.

זי האָט זיך א ריס געטאָן, געפּרוווט זיך אופזעצן און ווידער געשריגן, נאָר א צווייטע האנט האָט איר פארמאכט דאָס מויל...

דאָס איז ער. ער! ער עטעמט הייס איר אין פּאָנעם.

אופהייבן זיך האָט זי ניט געקאָנט — ער איז געווען א שווערער, און שרײַען האָט זי ניט געקאָנט — ער האָט איר שטארק פארמאכט דאָס מויל. און בײַסן אים האָט זי ניט געקאָנט. גאָר־ניט, גאָרניט האָט זי ניט געקאָנט. בלויז וואַרפן זיך. אָבער אירע פיס, וועלכע זײַנען פון אָנפאנג שטארק געווען, זײַנען אָפּגעשוואכט געוואָרן, געוואָרן ווי פרעמדע, און זי האָט אופגעהערט זיך צו וואַרפן...

דערנאָך האָט זי לאַנג און ביטער געוויינט. ביז בלוט געביסן די ליפּן און ניט אופגעהערט צו איבערכאַזערן איינס און דאָס זעלבע: פארוואָס האָט ער עס געטאָן? שרעקלעך, שרעקלעך! ער האָט דאָך אַזוי געהאָלפן איר און אירע עלטערן. ער איז דאָך א מענטש, ניט קיין כײַע.

זי איז געלעגן אף דער לינקער זײַט און געוואָלט ארײַנוואַקסן אין דער וואנט, נאָר די וואנט האָט אין זיך ניט ארײַנגעלאָזט. אראָפּגיין האָט זי אויך ניט געקאָנט. מע האָט געדאַרפט אריבער־קריכן איבער אים, און ער וועט ניט לאָזן, ער וועט זי ווידער כאפּן מיט די שווייסיקע הייסע לאַפּעס. און קיין קויעך איז ניט געווען.

ער האָט זיך פארענטפערט. זי איז גערעכט. אַזוי טאָר מען ניט. נאָר ער האָט זי ליב. ער האָט זי ליב באקומען פון דער ערשטער מינוט. דערפאר האָט ער זי געראַטעוועט און וועט ראַטע־ווען אירע עלטערן. פארשטייט זיך, ער איז אף א סאך עלטער פון איר, ער וואָלט געקאָנט זײַן איר פאָטער. נאָר ער איז א מאנצבל און א סאָלדאט — צוויי יאָר איז ער אף דער מילכאָמע...

נייך! נייך! זאָל ער שווײַגן. זי וויל ניט הערן. דאָס, וואָס ער האָט געטאָן, איז מיִעס, שרעקלעך, שוידערלעך, זי וועט זיך הענגען אָדער זיך אופשנײַדן די אָדערן — זי ווייסט, וויאַזוי מע טוט עס. און אף זײַן געוויסן וועט עס בלײַבן... און ווידער און ווידער געוויינט.

זי האָט זיך ניט אופגעהאנגען. און ניט צעשניטן די אָדערן. נאָר ניט דערפאר, וואָס זי האָט געוואָלט לעבן, — צוליב די עלטערן. זיי וועלן זיך אומקערן, און דאָס וועט זיי הארגענען. די עלטערן וועט ער ארויסלאָזן — זי האָט אים נאָך געגלייבט. ער האָט דאָך ניט אָנגעשריבן זייער בריוו...

באטאָג איז געווען גרינגער — ער איז ניט געווען. נאָר עס איז געקומען דער אָוונט, די נאכט.

זי האָט מער ניט געוויינט, ניט געשריגן. זי האָט שטײַף פארמאכט די אויגן, פארפרעסט די ליפּן און זיך געסטאַרעט ניט עטעמען. עס האָט געעקלט פון דעם שווייסיקן האופטמאַן.

אַזוי האָט געדויערט א וואָך. זיבן טעג און זעקס נעכט. פון שאבעס ביז שאבעס. זי האָט אופגעהערט צו עסן, בלאַס געוואָרן, זי האָט אפילע ניט געראַמט די שטוב. און דער הער האופט־מאַן האָט ווי פריִער געלויכטן און געגלאַנצט, געהאט א ווונדערלעכע שטימונג.

שאבעס איז ער געקומען פרי און ניט אליין — מיט א ברייטפּאָנעמדיקן, ברייטפּלייציקן אָפיצער אין א שווארצן פרענטש און אין א ווײַס אָנגעקראָכמאַליעט העמד, וואָס האָט אונטערגע־שפּארט זײַן קוואַדראַטן קין. זי האָט ניט געוווּסט, ווער יענער איז לויטן ראַנג, נאָר לויט דעם, ווי דער הער האופטמאַן האָט זיך געהאַלטן מיטן גאסט, לויט דעם, ווי ער האָט זיך געבייגט און גע־שפּרייט פאר אים, האָט זי פארשטאַנען, אַז דאָס איז א וויכטיקע פּערזאָן.

זיי זײַנען געזעסן אין קאַבינעט בא דעם נידעריקן טישעלע און געטרונקען. דער הער האופט־מאַן איז געזעסן אין פאָטעל, דער גאסט — אף דעם דיוואַן. זי האָט ניט געטרונקען און זיך באמיט ניט קוקן אף זיי. זי האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן און אינגאנצן זיך צונויפגעצויגן.

דער גאסט האָט געשוויגן, נאָר א סאך געטרונקען, און דער האופטמאַן האָט געשפּאַסט און געלאַכט.

אומגעריכט האָט דער האופטמאַן זיך אופגעהויבן און געזאָגט, אַז אַף עטלעכע טעג פאַרט ער אוועק קיין קאָוונע. נאָר זי דאַרף זיך ניט באומרויִקן. אַליין וועט ער זי ניט לאָזן. זײַן קאָלעגע און פרײַנט וועט אכטונג געבן אַף איר. אויסער דעם, — האָט ער איר אײַנגערוימט א סאָד, — איז דאָס זייער א ווירקזאַמער מענטש, און פון אים איז אינגאַנצן געווענדט דער גורל פון די עלטערן. אַזוי, אַז זי דאַרף פאָלגן דעם גאַסט און ניט טאָן קיין נאַרישקײַטן. אין קיין פאַל ניט!

ניין, ניין, זי וועט דאָ ניט פאַרבלײַבן, זי וועט גיין נעכטיקן צו די שכיינים...

דער הער האופטמאַן איז געוואָרן אין כּעס, געוואָרן רויט און אָנגעכמורעט. פון זײַן פּאָנעם איז פאַרשוווּנדן די גוטמוטיקײַט.

זי וועט אין ערגעץ ניט גיין! קיין שום שכיינים. אַף דער גאַס איז איצט די קאָמענדאַנטן־שאָ. זאָל זי ניט טאָן קיין נאַרישקײַטן!

דער גאַסט האָט געשוויגן, ווי ער וואָלט גאָרנישט געהערט, צי עפּשער האָט ער ניט פאַרשטאַנען קיין פּויליש. ער האָט ווי פריִער געטרונקען.

דער קוואַרטיראַנט איז אוועקגעגאַנגען. און זי איז געבליבן. און דערנאָך...

זי איז געזעסן, ווי אַף נאָדלען. און שוין פאַרשטאַנען, געוווּסט, אַז באַלד וועט פאָרקומען דאָס סאַמע ערגסטע... און עס איז פאָרגעקומען.

ער האָט זי געכאַפּט פאַר א האַנט און זי א שלעפּ געטאָן צו זיך. אויסרײַסן זיך האָט זי ניט געקאָנט. זי האָט אים א ביס געטאָן, זיך אײַנגעקלאַמערט מיט די ציין אין לעפל פון זײַן אויער. ער האָט זי אוועקגעשלײַדערט פון זיך. זי איז אומגעפאַלן אַפן דיל, זיך א קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ, אופגעשפרונגען, אַנטלאָפן אין פאָדערהויז און א שלעפּ געטאָן די אַרײַנגאַנג־טיר.

זי איז געווען פאַרשלאָסן. און קיין שליסל איז ניט געווען. זי איז א ווײַלע געשטאַנען, זיך א לאָז געטאָן לינקס, אין דעם וואַנע־צימער, און זיך פאַרשלאָסן, פאַרוקט דעם פאַרוקער.

אין וואַנע איז געווען פינצטער. דער שאַלטער איז געווען אין קאָרידאָר, נאָר אַזוי איז געווען בעסער — די פינצטערניש האָט זי אויסבאַהאַלטן.

פון אָנפאַנג האָט מען גאָרנישט ניט געהערט. דערנאָך איז ער אַרויסגעגאַנגען אין פאָדער־צימער און גענומען אַרומשפּאַנען איבער די צימערן, קלאַפּן מיט די טירן. ער האָט זיך אומגע־קערט, פאַרבײַגעגאַנגען דעם וואַנע־צימער און אוועק אין קיך, ער האָט א שטופּ געטאָן די טיר פון דעם קלאָזעט, זיך דאָרט פאַרהאַלטן, אַראָפּגעלאָזט די וואַסער, אַרויסגעגאַנגען און א פּרווו געטאָן די טיר פון דעם וואַנע־צימער.

— ראוס!

זי האָט געשוויגן.

— אויב דו וועסט גלײַך ניט אַרויסגיין, — ער האָט גערעדט אַף דײַטש, — וועל איך אַרויס־זעצן די טיר צוזאַמען מיטן קייטל.

זי האָט זיך געבעטן בא אים:

— מע דאַרף ניט... צוליב וואָס טוט איר עס? דער הער האופטמאַן וועט אינגיכן זיך אומ־קערן. אויב ער וועט זיך דערוויסן...

דער גאַסט האָט זי איבערגעשלאָגן. גענומען ריידן אַף פּויליש. ער האָט געזאָגט אַזוינס, אַז זי איז פאַרגליווערט געוואָרן.

— באָק! דער האופטמאַן האָט דיך אָפּגעגעבן מיר — פאַרשטייסט? אַף הײַנט, אַף מאָרגן, אַף וויפל איך וועל וועלן. קום אַרויס, אָדער איך וועל אַרויסזעצן די טיר!

— ס'איז א ליגן! א ליגן! — האָט זי גענומען שרײַען. — איר זײַט א מיִעסער, עקלהאַפטער, שרעקלעכער מענטש. איר זײַט א כײַע... און דער הער האופטמאַן איז א כײַע, נאָר ער האָט געראַטעוועט מײַנע עלטערן, און איך בין אים דאַנקבאַר, און אײַך פאַרהאַס איך! אַלע דײַטשן פאַרהאַס איך... אַלע, אַלע!

ער האָט זיך צעלאַכט:

— געראַטעוועט די עלטערן!? מיט דײַנע קרעטינען האָב איך אַליין זיך באַשעפטיקט. איך! פּערזענלעך איך! איך האָב זיי אָפּגעשיקט קיין אוישוויץ. דו ווייסט, וואָס אַזוינס איז אוישוויץ? בא אײַך הייסט דאָס אָשווענצים. זיי זײַנען שוין אַרויסגעפלויגן דורכן קוימען, און אויב זיי זײַנען נאָך ניט אַרויסגעפלויגן, וועלן זיי אַרויספליִען... קום אַרויס, פּוילישע פּעל!

עס האָבן זיך א שאָט געטאָן שרעקלעכע ווערטער, און די טיר האָט געדונערט אונטער די קלעפּ פון זײַנע שטיוול. די טיר האָט געקרעכצט, נאָר זיך ניט אונטערגעגעבן. דאָס מיידל האָט זי אונטערגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע, מיט די הענט. די קלעפּ האָבן אָפּגעקלונגען אין דער ברוסט. זי האָט געמיינט: אָט־אָט וועט ער זיך אַרײַנרײַסן. און זי האָט זיך דערמאָנט — איבער דער האַנטפּאַס אַף דעם פּאָליטשקעלע ליגט דאָס ראַזיר־געצײַג פון דעם קוואַרטיראַנט, א בערשטעלע, א ניקלירט בעכערל, א טעצעלע און א גאָל־מעסער מיט א ווײַס ביינערן הענטל.

זי האָט גלײַך געפֿונען דאָס גאָל־מעסער און עס אופֿגעעפֿנט.
וועגן קיין זאך האָט זי מער שוין ניט געקלערט.
די טיר איז געגאנגען כּאַדראָם. ער האָט זי ארויסגעזעצט צוזאמען מיטן פּאַרוקער.
די שײַן האָט א שניט געטאָן אין די אויגן.
דאָס גאָל־מעסער — דעם האלדז...
און פֿונעם האלדז האָט א פּליס געטאָן בלוט...

דער געסטאַפּאָוועץ האָט זיך דערשראָקן. ניט פֿאַר איר, — פֿאַר זיך. אין געסטאַפּאָ האָט ער געקאָנט טאָן מיט איר, וואָס ער האָט געוואָלט, נאָר דאָ, אין א פּריוואַטער קוואַרטיר, האָט עס געשמעקט מיט א סקאַנדאַל. ער האָט זי אוועקגעפירט אין שפּיטאָל און איבערגעלאָזט א פּראָ־טאָקאָל: „א פּרווו באַגיין זעלבסטמאָרד בײַסן אַרעסטירן".

מע האָט זי געראַטעוועט. אויסגעהיילט. דערנאָך איבערגעפֿירט אין טורמע. פֿון דאָרט — הינטער פּאַניעוועזש, אין א קאַרליקאַוון קאָנצלאַגער. באַטאָג האָבן דאָ די קאַצעטניקעס געאַרבעט אַף אַן אַעראָדראָם, אַף באַנאַכט האָט מען זיי פֿאַרשפּאַרט אין א קײַלעכדיקן באַראַק אָן פֿענצטער. זי האָט צוויי מאָל געפּרוּווט אַנטלויפֿן. מע האָט זי געכאַפּט, אוועקגעפֿירט קיין קאָוונאָס און פֿון דאָרט אין דער „אונטערנעמונג 1005־ב".

אין דעם בײַנטן פֿאָרט האָט סטאַסיע קאָכאַנאָוויטש באַגעגנט סאַשע קאַשטאַיאַנצן, און זיי האָבן זיך ליב באַקומען.

מע זאָגט, אַז ליבע איז שטאַרק, ווי דער טויט.

איך האָב געזען דעם טויט. יאָ, ער איז שטאַרק, נאָר מיט קיין ליבע וואָלט איך אים ניט פֿאַרגלײַכט. איך וואָלט געזאָגט אַנדערש: די ליבע איז שטאַרק ווי דאָס לעבן...

(סאָף קומט)

ייִדיש — א. זינגער

יויסעף קאַטליאַר

# ליבע־לידער

## ווּ ביסטו?

אָן אפדערנאַכט אָן ליכט, אָן קלאַנגען.
צופוס מיט דיר בין איך געגאַנגען
פון דובלטי ביז מאַיאָרי[1].
ווּ ביסטו איצטער, טײַערע?

פונווײַטנס האָט דער יאַם אָן לאָשן
דעם ברעג געקושט, זײַן דאָרשט געלאָשן,
די גלוטן אומגעהײַערע
פון דובלטי ביז מאַיאָרי.

פון רעכטס און לינקס האָבן די טאַנען
געזיפּצט: „גענוג אײַך שוין צו שפּאַנען
פון דובלטי ביז מאַיאָרי.
שטילט אײַן די הערצער אײַערע!"

— — — — — — — — — — — — — —

ווּ ביסטו איצטער, טײַערע?

## דאָס בעסטע

ליבסטע, צווישן טאָג און נאַכט
וועגן דיר האָב איך געטראַכט.
ביסטו טאַקע אָנגעקומען
און דאָס בעסטע מיר געבראַכט.

און דאָס בעסטע — איז דײַן בליק.
אויגן — ברונעמלעך פון גליק.
ווען איך זע זיי, ווען איך זע דיך —
קערט מײַן יוגנט זיך צוריק.

און דאָס בעסטע — דײַנע הענט,
זייער צאַרטקײַט, זייער בלענד,
זייער שטאַרקײַט, וואָס וואָלט, דאַכט זיך,
איבערטראָגן בערג געקענט.

ליבסטע, צווישן טאָג און נאַכט
וועגן דיר האָב איך געטראַכט,
און ס'האָט אַלץ אין מיר געזונגען,
און ס'האָט אַלץ אין מיר דערוואַכט.

## די שאָ פאַר דײַן קומען

דו האָסט דען צו טאָן מיט א טויבן?
איך הער, ווי עס וואָרקען די טויבן,
פאַרנאַכט־צו זיי פליִען אין פּאָרן,
און ס'לויכט זיי אין הימל אין קלאָרן
א שטעגל — א זוניקס, א גאָלדנס...
ווען וועל איך דערהערן דאָס קאָל דײַנס?!

דו האָסט דען צו טאָן מיט א בלינדן?
איך זע, ווי די שטערן זיך צינדן
און קוקן זיך איבער מיט שטראַלן:
„ווּ ווערט עס דײַן טרײַע פאַרפאַלן?
ס'פּאַסירן דאָך מײַסעס־געשיכטעס!.."
ווען וועל איך שוין זען דאָס געזיכט
דײַנס?!

דו האָסט דען צו טאָן מיט א שטומען?
די שאָ, ווען דו דאַרפסט צו מיר קומען, —
די טײַערסטע ווערטער אין לעבן
אף ליפּן אף מײַנע זיך וועבן,
זיך בינדן אין קייטעלעך, רינגען...
קום, כ'האָב דיר אַזויפיל צו זינגען...

---

פון דער ליטעראַרישער ירושה

1 קוראָרט־שטעטלעך אין לעטלאַנד.

## דערמאָנונג

אין טיפן וואַלד, ווו ס׳דרעמלען די בערעזעס
און גראָזן וויאַנען געל, האָט אומגעריכט
פאַר מיר א בלענד געטאָן דײַן שײן געזיכט,
געטאָן א קלונג די שרעק דײַנע: — אָ, יעזוס!

איך האָב פון הויכער הייך דיך אומגעקערט,
דערוואַרעמט און דערפרייט דײַנע כאַלוימעס
און דיר דערוויזן, אַז דער שענסטער טרוים איז
אָט דער, וואָס האָט א שײַכעס צו דער ערד.

דער טאָג איז מער אומזיסט שוין ניט פאַרגאַנגען,
געזונגען דער ארום האָט שוין ניט סטאַם.
עס האָבן אונדז געווידמעט די געזאַנגען
די נאַכט, דער וואַלד בישכיינעס מיטן יאַם...

## ליכט

זיצסט אין שאָטן, פול מיט זאָרגן,
פול מיט קנייטשן דײַן געזיכט,
וואָס באַהאַלטן זיי, פאַרבאָרגן,
דעקן צו אזוי געדיכט?

פּלוצעם האָט דײַן פּאָנעם, מיידל,
זיך צעשמייכלט אומגעריכט
און געוואָרן לויטער, איידל,
פריילעך פון... א ביסל ליכט.

• • •

אין לאַנגע ווינטער־נעכט, אין זומער־טעג
געזען האָב איך איין וועג — צו דיר דעם וועג.

אין קלאָרע הויפנס שניי, אין ביימער־צוויט
האָסטו פאַר מיר געגליכטן און געבליט.

גערעדט כ׳האָב צו דעם ווינט און דיך געמיינט,
כ׳האָב אלע מײַנע לידער אויסגעלייענט

דער שטערן־הייך, די שאָטנס אָף דער ערד,
און זיי האָבן פאַרשטאַנען מיך, אַפּאָנעם.
פון דיר געבראַכט מיר גרוסן און סימאָנים,
דײַן נאָענטקייט פון ווײַט מיר אומגעקערט.

## צוגאַסט

פאַרגעסן גאָר, אז ס׳איז נאָך האַלבער נאַכט,
א יונגע פאָר הינטער מײַן פענצטער לאַכט
און ווערט נאָר אָף מינוטן בלויז אנשוויגן,
אָף די מינוטן, וועדליק איך געדענק,
ווען ס׳שליסן זיך צונויף די ליפּן ענג
און ס׳הארץ פאַרשטילט, גייט אויס פון
פאַרגעניגן.

כ׳ווער ניט אין קאַס, איך צינד ניט אָן די ליכט,
איך קלאַפּ ניט אָן אין פענצטער אומגעריכט.
שטיי, פאָרל, שטיי ביז טאָג ארומגענומען!..
דו פאַסט אזוי צו מײַן געמיט, דו פאַסט!
מיר דוכט זיך, אז מײַן יוגנט איז צוגאַסט
צו מיר הײַנט אָף א ביסעלע געקומען...

• • •

דער קאָליר פון דײַנע אויגן
שפּיגלט זיך אין רעגנבויגן,
דו בא אים, צי ער בא דיר
האָט גענומען דעם קאָליר?..

דעם געשמאַק פון דײַנע ליפּן
האָבן רויזן אויסגעקליבן
צו פאַרשיקערן די בין...
איך ווייס אויך ניט, ווו איך בין!

גיי איך צו דעם טײַך — די שטראָמען
זינגען, כאַזערן דײַן נאָמען,
ווי א ניגן, ווי א ליד.
כ׳האָב א ברירע? זינג איך מיט!

לאָז איך זיך אין וואַלד — די קלאַנגען
מיט דער שלאַנקײַט דיך דערמאָנען,
און די שאָטנס, שטריך נאָך שטריך,
וועמען מיינסטו מאָלן? דיך.

ס׳זאָל דײַן בילד כאָטש זײַן דערגעבן!
אײַנגעגעבן, ווי אין לעבן,
איינע מײַלעס, כיין אָף כיין —
ווילסט א קוק טאָן? קום צו גיין!

# מעכוטאָנים גייען...

עס מעג הוליען אַ שטורעם, עס מעג רעגענען מיט שוועבל, נאָר דער אַלטער מידער כאַנקיִער וועג רוט ניט. ער פירט, דער וועג, צום הויף פון ראַשיד אַמידאָוו. באַ אים זײַנען טיר־און־טויער אָפן סײַ באַטאָג און סײַ באַנאַכט. און יעט־ווידן גאַסט טראָגט ער אַנטקעגן, אָט דער האַדרעספּאָנעמדיקער אוזבעק, דרײַ זאַפטיקע ווערטער:

— סאַלאַם אַלייקום, אָרטאָג... — סע הייסט: שאָלעם־אַלייכעם, כאַווער!..

און פאַר יעטווידן נײַ־געקומענעם פאַרנייגט ער זיך דרײַ מאָל ביז צו דער ערד און דרײַ מאָל גלעט ער זיך די צעפּאַלאָשעטע סיווע באָרד און שאַמקעט דורך די שטשערבאַטע ציין זײַנע:

— מערכעמעט... נאַן יעיִן... — עס דאַרף הייסן: איר אַלע, וואַנדערער און גייער, מידע און פאַרשטויבטע, הונגעריקע און דאָרשטיקע, שלעפעריקע און פאַרמאַטערטע, וואָס איר קומט פון ווײַטע וואָגל־וועגן, זעט, טיר־און־טויער זײַנען צעפּראַלט, איז קומט אַרײַן און לעשט אײַער דאָרשט און שטילט אײַער הונגער און רוט אָפּ אין שאָטן פון מײַן געצעלט.

דורך דעם אָפענעם טויער שפּאַנט אַרײַן מיט פאַמעלעכדיקע מעיושעוודיקע טריט אַ הויכער ייִד, אַ דאַרער ווי אַ צאַם־שטעקן, איטשע־מייער יאַבלאָנסקי פון ביאַליסטאָק. ער פאָכט זיך מיט זײַן צעקנייטשטן קאַפּעליוש, און דער ווינט שויבערט זײַנע גרויע קאָלטענעס, וועלכע זײַנען באַדעקט מיט שטויב.

מיט זײַן פאַרקוילט פּאָנעם און זײַנע צעבאַרשטענע האָר דערמאָנט ער אין אַ פאַרצײַטיקן שאָליִעך־מעיוכעד, וואָס פלעגט אַוועקפאַלן אַ פאַרכאַלעשטער באַם לעצטן טרעפּל פונעם קיניגס טראָן, לײַמויר, אַזוי צו זאָגן: „אַדויני מעלעך, האַר מײַנער, ניט קיין גוטע בסורע האָב איך דיר הײַנט געבראַכט”... ער שטרעקט אויס, דער ביאַליסטאָקער, זײַן מאָגערע האַנט און שמייכלט טרויעריק:

— איר ווייסט, פּאַני לאַפּושנער, מע זאָגט, אַז אָנזאָגן אַ שלעכטע בסורע דאַרף מען זיך ניט אײַלן, מיקאָלשקן, אַז מע האָט נאָך אָנצוזאָגן אַזאַ בסורע, ווי מײַנע...

דערבײַ איז דאָס קאָל באַ איטשע־מייערן אַ צעבראָכנס, אַן אָנגעשפּאָלטנס. די פאַרווירטע בליקן זײַנע בלאָנקען פאַרומערטע אין אַלע זײַטן...

— זיי האָבן שוין פאַרכאַפּט קיִעוו אויך, פּאַניע לאַפּושנער. און אויב זיי וועלן אַזוי גיין, די ראָצכים, ייִמאַך שמאָם וועזיכראָם, ווײַטער, איז מאָסקווע אויך פאַרבײַ... און דעמלט מעגן מיר זיך שוין באַצײַטנס נייען טאַכריכים.

מײַן מיריעמל גיט אַ שפּרונג אויף פון אָרט, ווי עס וואָלט גערעגנט אויף איר מיט פײַער. זי גיט זיך אַ לאָז צו יאַבלאָנסקין מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי זי וואָלט אים גרייט געווען דוי־רעס צו זײַן...

— שווײַגט, איך בעט אײַך, שווײַגט... איר ווייסט דאָך, אַז אַ וואָרט איז אַ טהאָם און אַ וואָרט איז אַ יאַם... אויב איר האָט ניט קיין ראַכמאָנעס אויף זיך, זײַט זיך כאָטש מעראַכעם אויף אונדזערע קינדער, — כליפּעט זי מיט אַ טכינע־קאָל.

זי לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ערד, מיריעמל, און שלוכצט אינדערשטיל, ווי נאָך אַ גרויסן בראָך. דאָס קלייד איז באַ איר צעכראַסטעט און די צעפּאַטלטע האָר האָבן זיך צוגעקלעפּט צום פאַרשווייסיקטן שטערן, אַזוי, אַז מע זעט נאָר קוים אַרויס אירע קאַרע אויגן.

— נאַרעלע, — שפּרייט ער אויס, דער ביאַליסטאָקער, זײַנע בלייכע הענט איבער מײַן ווײַבס קאָפּ, עפּעס טאַקע נאָר, ווי ער וואָלט זי וועלן בענטשן, — מע טאָר ניט אַזוי אײַנלייגן וועלטן... מאַלע וואָס מע רעדט און וואָס מע זאָגט... און אַז איך זאָג, מיינט איר שוין, אַז עס איז עק וועלט? אָט בין איך אײַך גאָר געקומען פאַרבעטן אויף אַ כאַסענע, — נעמט ער זי אײַן, איטשע־מייער, מיריעמלען, ווי מע נעמט אײַן אַ קליין קינד, — מיר קומט גאָר אַ מאַזלטאָוו, מײַן זון, מײַן בעניאָכיד, מײַן אוורעמעלע האָט כאַסענע פאַר אײַער שײַקע ברינזאַרס טאָכטער, שעוועלע.

ער איז א טויגער, יאבלאָנסקי, ער ווייסט, מיט וואָס מע קאָן ווייך מאכן א באטריבט ווייַ־בערש הארץ. וועהאָריַיע, דערהערט דאָס וואָרט כאסענע, גיט זיך מייַנע הענדעם־פענדעם א הייב אוף פונעם אָרט, לויפט אריַין אין דער קיביטקע, און עס קומט ארויס פון דאָרטן א ציכטיקע יידישע טאָכטער מיט מאמע־כיין אין די טרויעריקע קאָרע אויגן. זי זעצט זיך אוועק אף א שטיין, מיט די הענט פארלייגט אפן בויך, גלייַך דאָרט וואָלט געווען די שאצקאמער פון איר פאָלק, מיט אָפענע מויל־און־אויערן, גרייט צו הערן א טשיקאווע מייַסע, ווי אלע ווייַבער פון דער גאָרער וועלט.

ניט ווייניק בושעס האָבן מיר, די נייַ־אָנגעקומענע, זיך אָנגענומען מיט אָט דעם שייַקע ברינזאר אונדזערן. שוין אין סאמע אָנהייב, ווען ראשיד אמידאָוו האָט אונדז אלע ברייט אויסגע־זעצט אף דעם מיט ווערעטקעלעך פארשפרייטן דיל און דערנאָך אוועקגעלייגט א גאנצע פאטשיילע מיט לעפיאָשקעס, פארנייגנדיק זיך בעשאס־מייַסע אין אלע זייַטן און שמייכלענדיק:

„מערכעמעט — פאָזשאלוסטע... נאן יעין... לעפיאָשקא קושאיעם“, — האָט שייַקע ברינזאר באוויזן, וואָס ער קאָן.

דער קוטנער, קעמינהעג האָארעץ, האָט אָפגעקרישלט פון דער לעפיאָשקע א קעזאיִסל, אזוי־פיל, וויפל א פרומער ייִד דארף האָבן אף א מויצע, און געטאָן האָט ער עס שטיל און געהיט, דערבייַ אייַנגעטונקען דאָס ברעקעלע לעפיאָשקע אין א ציירעלע זאלץ, וואָס ער האָט ארויסבא־קומען פון איינער פון זייַנע פילצאָליקע בוזעם־קעשענעס, און, פארשטייט זיך, ניט פארזאמט צו מאכן דערבייַ א בראָכע אף דער שיינער מידע פון האכנאָסעס־אָרכים... מייַנע האָט אָפגעבראָכן צוויי דרויבעלעך, נאָר אף צו געניסן, און איר דרויבעלע האָט זי אויך שטילערהייט אוועקגעגעבן אונדזער טעכטערל, אזוי אז דער אוזבעק זאָל ניט זען.

אָבער דאָס סאמע געדיכטע איז געקומען ערשט דעמלט, ווען שייַקע ברינזאר, א ייִד א דעמב, פון ערגעץ א פארוואָרפן מאָלדאוויש דאָרף דאָמבראָוועני, האָט געגעבן א שטרעק אויס זייַן באָ־האָריקטע האנט און פאר איין פינטל מיטן אויג מאמעש צעמאָלט די לעפיאָשקע, טאקע נאָר עפעס ווי ער וואָלט געהאט א מילכל צווישן די ציין.

— פאניע ברינזאזשע, נעכייַ וואָלט איר זיך אפריִער כאָטש געוועזן אויסגעשווענקט דאָס מויל מיט א פאָסעק, — האָט אים איידל א טאָרקע געטאָן באם ארבל דער ביאליסטאָקער. — וואָס מיינט איר, סע איז דאָ א בעסאראבער לעקעך־ביסן?.. איר מאכט דאָך אונדז צו לייַטיש געלעכטער.

— מע וועט אונדז באשטעקן מיט פעדערן, — האָב איך אונטערגעהאלטן דעם ביאליסטאָקער מיט א שלאבעריקן טאָן פון איינעם, וואָס ווייסט, אז סע זייַנען ארויסגעוואָרפן די רייד.

איך קוק אף מייַן לאנדסמאן און זע, אז ער איז אייש־לעהאָווע.

— ברע אָמוליִע[1], — גיט ער זיך א קער צו מיר, — מיילע די־אָ זייַנען קירישע פלאכטאַ־נעס, זיי האָבן דען געוווסט פון א לעבן האָבן זיי דען? שטענדיק געסיוויעט באם רעבנס טיש, געזונגען איישעך, מיילעך, קאטשקע דריילעך און געגעסן קאדאָכעס אפן זייגער... און סע איז זיי אויך געווען גוט. אָבער אייַך, אָן אונדזעריקן, דארף איך דערציילן, אז בא אונדז האָט מען אָי געהאָרעוועט, אי געגעסן... עפשער בא אייַך אין דעם קעקעלע, וואָס הייבט זיך אָן מיט א פיי און ענדיקט זיך מיט א צאדיק (דאָס איז ער מעראמעז אף מייַן שטעטל פערליץ), איז מען געזעסן מיט פארלייגטע הענט. אָבער בא מיר, אין דאָמבראָווען, פלעג איך מיך אופכאפן אין די זאָרעס, ווען גאָט אליין איז נאָך געשלאָפן, און פארטיק מאכן א מאמעליגע מיט א באָרשטש און ערשט דערנאָך ריִען מיט דער נאָז די ערד, אזש ביז אין דער זינקענדיקער נאכט אריַין...

קענטיק, אז עס טוט אים אליין האנאָע פון אָט דעם שיינעם מייַנעלאָשן זייַנעם, מאכמעס מיטאמאָל לייגט ער אזוי גוטברודעריש אוועק זייַן רעכטע האנט אף דעם ביאליסטאָקערס אקסל און מיט דער לינקער שפארט ער זיך אזוי קונציק אָן אין מיר, אז סע וואזשעט אונדז אזש אראָפּ צו דער ערד.

— איר ווייסט, וואָס כ'על אייַך זאָגן, — ווערט ער שוין א ביסל ווייכער, — כ'האָב געהאט א זיידן האָב עך געהאט... האָט ער געלעבט הונדערט יאָר. א וואָך פאר זייַן ניפטער ווערן האָט ער געזאָגט, אז ווען דער בודזשאק[2] זאָל ווערן א כאלע און דער ניעסטער א ראָסל, וואָלט ער אייַנגע־טונקען די כאלע אין ראָסל... ווילט איר, אז איך זאָל זאט ווערן ווי איר, מיט א שמעק און א לעק? ס'מיינט איר, איך בין א מעלופּם־קינד בין איך, הא?!

— פארגעסט ניט, רעב שייַקע, אז מיר זייַנען דאָ געסט, — פרוווט אים צוימען דער קוט־

[1] מענטש איינער.

[2] א בארג אין מאָלדאוויע.

נער, — און סע איז נאָך א לאַנגס און א ברייטס... און דעריקער טאָר מען ניט פאַרשעמען דעם שטאָם, ווייל דאָ זייַט איר ניט איר, דאָ זייַנען מיר אַלע מיר...

— אייסעך וואָס, ברודערצו, פייַפט אייַך אויס פון די אַלע כקירעס. הייַנט לעבט מען, מאָרגן שטאַרבט מען... וואָסי, איך דאַרף מיך עפּעס איינקויפן בא זיי אין ייִכעס דאַרף איך מיך?..

ווער ווייסט, וויפל אָט דער היציקער שמועס וואָלט נאָך געווען אָנגעהאַלטן, ווען סע לויפן ניט אָן פאַרסאָפּעטע און פריילעכע, זיך האַלטנדיק בא די הענט, שעוועלע ברינזאַר און אורעמעלע יאַבלאָנסקי,ביידע באַשאָטענע פון קאָפּ ביז די פיס מיט בוימוואָל־קווייטעלעך, ביידע אַזעלכע לויכטנדיקע און גליקלעכע, גלייַך די גאַנצע וועלט וואָלט געווען זייערע.

דערזען איר טאַטן אַזא צעקאָכטן, האָט שעוועלע א קוק געטאָן צוערשט אַף אים, דערנאָך אַף אונדז אַלע, ווי איינער זאָגט: „באַלד וועט איר הערן, וואָס א בעסאַראַבער מיידל קאָן". דערנאָך האָט זי מיט א פעסטער, געלאַסענער שטימע א זאָג געטאָן געציילטע קיילעכדיקע ווערטער, עפּעס טאַקע נאָר, ווי זי וואָלט אָנגעסיליעט פּערעלעך אַף א שנירל:

— טאַטע, סע האָט זיך שוין באַנייַס צעשפּילט אין דיר דער פויער... נאָך קענסטו זיך ניט צוימען די געפילן, טאַטע?..

בא די ווערטער „פויער" און „געפילן" האָט זיך שייַקע אויסגעראַסטיעט, געוואָרן נאָך העכער, מענערישער און... אָנגענומען א פול מויל מיט וואַסער...

ער האָט פון שטענדיק אָן גרויס דערעכערעץ, דער ברינזאַר, פאַר דער טאָכטערס „געהויבענער שפּראַך", און כוץ דעם ווייסט ער, אַז דאָ דאַרף מען האַלטן צונג, ווייל דאָס פּאָרל האָט זיך פאַרקאָכט נאָך אַף דער באַרזשע אין טשאַרדזשאַו, ווען מע האָט די פּוילישע און בעסאַראַבישע פּלייטים אוועקגעשיקט אהער, קיין כאָרעזם, און מיט א ליאַדע קרום וואָרט קאָן ער אַלץ קאַליע מאַכן.

ער וואָלט, נעבעך, שטאַרק כיישעק געהאַט, שייַקע, אָנעמען זייַן שעוועלען בא דער האַנט, אָט אַזוי ווי זי שטייט און גייט, זי צופירן צו איטשע־מייערן און אים א זאָג טאָן:

— וואָס זאָגט איר עפּעס, רעב איטשע־מייער, אַף אייַער שנירל? גיט נאָר, זייַט זשע מויכל, א קוק אַף דעם פּענעמל... אַף די פּאָסטעמקעס... הייַנט דאָס פּיסקעלע אירס וויפל האָט די ווערט? יענע וועט אייַך דעקן דעם גרעסטן אָראָטאָר אין דער וועלט...

און נאָך וואָלט ער אים געזאָגט:

— און אייַערער, כ׳בעט איבער אייַער קאָוועד, זעט מיר אויס צו זייַן א שטיקל טאַמעליעטיע... עפּעס איינגאַנצן א באַנומענס, גלייַך ווי אין יענעם יאָר, ווען ער איז געבוירן געוואָרן, איז געווען אָן אויספּאַל אַף רעגן.

א רעגע קראַצט ער זיך אין דער פּאָטיליצע, שייַקע, פונקט סע וואָלטן אים צעביסן מילימיליאָסן כאָרעזמער קאָמאַרן, דאָס הייסט, אַז ער נעמט זיך אין די הענט. און טאַקע, אָט גייט ער צו צו איטשע־מייערן, קוקט אים מיט שאָפּענער האַכנאָע אין די אויגן און שמייכלט אים אין פּאָנעם אַרייַן:

— ס׳געפעלט אייַך עפּעס ס׳צווייטל אונדזערס? סע איז אַזא וועלט, פּאַניע יאַבלאָנסקי, קינדער דאַרף מען אַוואַזשען דאַרף מען... מ׳עט עס נאָך דערציילן אין פריידן, — שרייַט ער יענעם אַרייַן אין סאַמע אויער אַרייַן, גלייַך דער ביאַליסטאָקער מעכוטן זייַנער וואָלט געווען א טויבער.

— עס זאָל נאָר בלייַבן כאָטש עמעצער, ווער עס זאָל דערציילן, — קרעכצט דער ביאַליסטאָקער און קוקט מיט פאַרגאַפטע אויגן אַף דעם פּאָרל, וואָס האַלט זיך בא די הענט, עלעהיי סע וואָלט געווען נאָכן מאַבל און דאָס זייַנען זיי אָקאָרשט אַרויסגעקומען פון נויעכס טייווע, אָט אַזוי, ווי זיי זעען איצט אויס — בלייכע, הונגעריקע, פריילעכע און פאַרליבטע.

ביידע צדאָדים ראַשן זיך. מע גרייט זיך געשמאַק צו דער כאַסענע...

עס זייַנען שוין פאַרגעסן געוואָרן די אַלע טערפּקע פאַריבלדיקע רייד, אַז כאַסענע מאַכן א בעסאַראַבער פאַר א פּוילישן איז גלייַך ווי מע זאָל צונויפירן א קאַץ מיט אַן אינדיק, און אַז בא א פאַרליבטן זעט א קאַטשקע אויך אויס ווי א מאַלעך...

פאַרקערט, איצט איז גאָר א נאַכעס צו קוקן, ווי ביידע ווייַבער — ביילע ברינזאַר און פרומעעטל יאַבלאָנסקי — גייען אַרום אַפן כאַנקיִער מאַרק און זוכן מעציִעס. זיי פירן זיך ביידע אונטערן אָרעם, די מעכוטענעסטעס, און מע שמועסט גאָר נאַכעסדיק וועגן די קינדער. אַלעמאָל, ווען עס באַגעגנט זיי א היימישע ייִדענע און פרעגט זיי, וואָס האָבן זיי שוין פאַרגרייט צו דער כאַסענע, ענטפערט שוין ביילע פאַר ביידע.

זי איז א האָפערדיקע און באַריידעווודיקע, די ברינזאַריכע. זי זאָגט אַף זיך אַליין, אַז זי איז געבוירן געוואָרן אין א באַריידעווודיקער שאָ. דאַקעגן פרומע־עטל איז א פאַריאָמערטע שוויַיגעריקע, עפּעס טאַקע נאָר ווי פון דער טכינע אַרויסגענומען, ראַק זי וויינט און ראַק זי קרעכצט.

— וואָס מיר האָבן, פרעגט איר? — מאַכט ביילע אַ לאָז־מיך־געמאַך־מינע. — וואָס מיר האָבן, דאַרפן מיר ניט, און וואָס מיר דאַרפן, האָבן מיר ניט.

און קעדיי די פרעגערקע זאָל ניט צושטיין און ניט געבן, כאַס־וועכאָלילע, קיין גוט־אויג, פּאַטערט זי ביילע אָפּ מיט אַ דאָמבראָווענער זאָג:

— היי און שטרוי און ראַכעוועס... דאָס האָבן מיר.

זיי זייַנען אַזוי פאַרטאָן אין די פאַרבערייטענישן, די מעכוטענעסטעס, אַז זיי באַמערקן גאָר ניט, ווי שייַקע פאָרט אַרייַן מיט זייַן אַרבע און קעמל אַפן מאַרק. אויגנבליקלעך שפּרינגט ער אַראָפּ פון זייַן „רייַטוואָגן", גיט אַ שפּיַי אָף דער פּוזשאַלע און טוט זיך אַ לאָז צו ביידע ווייַבער, פאַר וועלכע ער גיסט אויס זייַן ביטער האַרץ.

— עס איז דיר ניט דער דאָמבראָוועגער שאַראַבאַן, — פּעסטעט זיך שייַקע, — און ניט דער געפלעקטער אָגער. דאָרטן פלעג איך אים געבן אַ שפּאַן אייַן און אַ יאָג צו דער פּאָסעסיע, אַז ס׳ פלעגט אַזש ציטערן די ערד. און דאָ שלעפּ איך מיך אַרום אין דעם סדאָם־בעטל, אייַנגע־שפּאַנט אין אוזראָם אָווינוס האַרבאַטער פּעגירע...

עמעס, ער ווייסט, שייַקע, אַז אַלע עוואַקוירטע זייַנען אים מעקאַנע, וואָס ער איז שוין, קיין אייַנהאָרע, אָף אַ דערעך, פאַרמאָגט שוין אַן אייגענעם „וויִעזד", מיט וועלכן ער פירט בוימוואָל פונעם סטעפּ צום פאַרגרייט־פּונקט און אַלע טאָג אַרבעט ער אויס דרייַ־פּיר „טרודאָדני"...[1]

ס׳איז אַ שיינע געשיכטע מיט אָט דעם „וויִעזד", וועלכע ער האָט שוין דערציילט אַ מאָל צען און ער וועט גאַרנישט מיד צו דערציילן.

אין איינעם אַ קאַיאָר לאָזט זיך שייַקע אַרויס אָף אַ שפּאַציר איבער די כאַנקיִער פעלדער. ער שפּאַנט זיך עס אַזוי אַ באַדאַכטער און אַ פאַרטראַכטער און עס ווייַנט דאָס האַרץ אין אים: „אַ שיינעם טאַכלעס האָסטו געמאַכט פון אונדז, ריבוינע־שעל־אוילעם, אַזאַ יאָר אָף היטלערן, האָסט געגומען אַזאַ פעטע, געבענטשטע ערד, אין וועלכער מיר האָבן אַרייַנגעלייגט מאַמען און דאַמים, און זי איבערגעגעבן אין גאַזלאָנישע הענט", — טייַנעט ער זיך אויס מיטן אַלמעכטיקן.

ערשט אָף די רייד, זעט ער, יאָגט אָן אַ רייַטער אָף אַ פערד... עס רעדט זיך אַזוי אַפן פערד. מאַלט אייַך, אַז דאָס פערד איז געלאָפן פייַל־אויסן־בויגן און דער רייַטער האָט זיך שוין טעלע־בענדעט צווישן זייַנע פיס.

דערזען, אַז אַ מענטש הענגט צווישן טויט און לעבן, האָט שייַקע פאַרגעסן אין זייַן קידער־ווידער מיטן ריבוינע־שעל־אוילעם, געגעבן אַ פאַרסטאָפּעוועט דעם פערד דעם וועג, עס אָנגע־כאַפּט באַם צייַמל און געטאָן ניט מיט זייַן קאָל אַ רעווע „טפּר־רו־ו", דער סוס איז אַזש פאַר־הילצערט געוואָרן אַפן אָרט.

אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער, דער רייַטער איז טאַקע געווען ער אַליין, דער פּאָרזיצער פונעם כאַנקיִער קאָלווירט — „קיזיל יולדו"[2], אַגיזבעקאָוו אַטאַביי. זעט אויס, אַז שייַקע האָט שטאַרק נויסע־כיין געווען בא אַגיזבעקאָוון, מאַכמעס אַפן צווייטן טאָג האָט ער אים געשיקט עקסטרע רופן, אים געגעבן אַן אַרבע מיט אַ קעמל און געמאַכט פאַרן עלטסטן איבער אַלע קעמלען, פערד און אייזלען פונעם קאָלווירט, אַ מין „סטאַרשי קאָניוך", דערבייַ האָט ער אים אַזוי גוט־ברודעריש אַ פרעג געטאָן:

— סקאַזשי, פּאַזשאַליעסטע, ברינזאַר עקע, קורסאַק ניע פּראָפּאַל בודיעש?

אין שייַקעס איבערטייַטשונג האָט עס אַזוי געקלונגען:

— זאָג נאָר, שייַקע־ברודער, אין מאָגן איז דיר ניט סקוטשנע?

שייַקע איז אַזאַ מענטש, וואָס די צונג דאַרף מען אים ניט פּיקן, ער האָט אים זייער שיין דערקלערט, דעם „טאָוואַרישטש פּרעדסעדאַטעל", אַז דער „קורסאַק" איז שוין באַלד קיין „קור־סאַק" ניט, נאָר אַ מין געדרילעוועט זעקל, אין וועלכן מע מעג שיטן פּאָלאָווע...

פון דעמלט אָן פאָרט שייַקע אַרויס אין אַן אוזבעקישער אַרבע מיט אַ קעמל. דעם קעמל האָט ער אַ נאָמען געגעבן מעסושעלעך, ווייַל פון דעם ביסל, וואָס ער האָט געלערנט אין כיידער, גע־דענקט ער, אַז מעסושעלעך האָט געלעבט אַ סאַך יאָרן, און ער מאָלט זיך אים אַ הויכן, מיט אַ לאַנגן האַלדז און אַ האָרב אָף די פּלייצעס...

איצט פאָרט ער אַרייַן גאָר ברייטלעך אַפן מאַרק, שייַקע... ער פאָרט אַרייַן מיט אַ לאַנג־צעצויגענעם הילכיקן „וויאָ, וויאָ", ווי אַמאָל אין די טיפע אָסיען־נעכט אַפן טראַקט דאָמבראָווען—סאַראַקע, ווען די קרעטשמע איז שוין געווען אונטער דער נאָז, דער רייעך פון די געוווּרצלטע פּאָטראָוועס האָט שוין געקיצלט די נאָזלעכער, און די פולבוזעמדיקע יעיצערהאָרעדיקע קרעטש־מערקע איז שוין געשטאַנען מיט אַ לאָמטערן אָף דער שוועל.

---

[1] אַרבעטס־טעג.

[2] „רויטער שטערן".

ער קוועלט אָן, שײַקע, וואָס ביידע ווײַבער, סײַ די ביאַליסטאָקער מעכוטענעסטע, האָבן זיך אוועקגעשטעלט מיט די הענט פּידבאָקעס און קוקן פאַרגאַפטע, ווי ער פּײַפט מיטן בײַטשל און יאָלעט אַף מאַמעלאַשן, פאַרגעסנדיק, אַפּאַנעם, אַז דער קעמל פאַרשטייט זיך נאָר אַף אוזבעקיש. סע געפעלט אים אויך דאָס געזעמל אוזבעקן — אַלטע, יונגע און קליינוואַרג, וואָס האָבן פאַרכידעשט ארומגעסטאַמפּעוועט זײַן ארבע און טשמאָקען מיט די ליפּן פון גרויס נאַכעס, וואָס אַ יאַברע פילט זיך אין זייער ארבע, ווי בא זיך אין דער היים.

שײַקע איז געקומען אָנזאָגן ביידע מעכוטענעסטעס, אַז עס גייט אים, קיין אײַנהאָרע, דורך טיר און דורך טויער. אָט האָט ער געכאַפּט אַ גרויסע מעציע... דער פּרעדסעדאַטעל זעלבסט האָט אים געגעבן צו דער כאַסענע אַ געקוילעטן אייזל...

— ס׳אַפּאַנעם, אַ באַשערטע זאַך, — דערציילט שײַקע, — דער אייזל איז ארײַנגעפאַלן אין אַ גרוב און זיך צעבראָכן רוק־און־לענד. האָט אים אַגיזבעקאָוו געגעבן דאָס פלייש אָן אוואַנס אַף די „טרודאָדנעס“...

נישקאָשע, ער איז אַ באָטועך, שײַקע, ער וועט אָפּארבעטן, באַרויִקט ער זיי.

ער איז אויסער זיך, שײַקע, וואָס ביידע ווײַבער שטייען עפּעס נאָר אַזוי, ווי פּריטשמעליעטע פון דער בסורע זײַנער. פרומע־עטל דערמאָנט זיך, וואָס פאַרא פּאַלומעסעקס מיט פיש, פונעם מיילעכס אויצער, זײַנען געווען בא איר אַף דער כאַסענע. און ביילע הערט ניט אויף צו ריידן וועגן די טישן, וואָס האָבן זיך בא איר אַף די טנאָים געבראָכן אונטער די געבראָטענע אינדיקעס און גענדז.

אָן אַנדערשמאָל, טראַכט זיך שײַקע, וואָלט ער זיי געגעבן דעם שיינעם גאָב פאַר זייער יאַכמערן, נאָר איצטער וויל ער ניט פאַרשטערן די סימכע.

— קריכט ארײַן אין נויעכס טייווע, — וויצלט זיך דער ברינזאַר און העלפט ביידע ווײַבער זיך אופזעצן אַף דער ארבע מיט אַלע זייערע באַכצויצרעס און קלומעקלעך און פאַרקערעוועט אהיים מיט אַ לאַנג־צעצויגענעם באַלעגאָלישן „וויאָ!“.

אַלעמאָל דרייט ער אויס דעם קאָפּ צו די יידענעס, און עס פאַרקלעמט אים באַם האַרצן, וואָס ביידע זיצן זיי עפּעס אַזעלכע פאַרדײַגעטע און פאַרומערטע און טוליען זיך איינע צו דער אַנדע־רער טאַקע נאָר ווי קוואָטשקעס בייס אַ געוויטער.

ער פּרוווט אָנקניפּן מיט זיי אַ שמועס, נאָר עס קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט... און דאָ מיטאַמאָל, גאָר אומגעריכט, וואַקסט אויס סאַמע אונטער דעם קעמלס גאָמבע אַ שוואַרצכיי־נעוודיק אוזבעקל, אַפּן רוקן בא אים — אָן אומגעהייער גרויסער טאַש, פון אונטער וועלכן מע זעט אים קוים ארויס.

— אַ קליין וואָלעכל מיט אַ גרויסער קוטשמע, — לאָזט זיך שײַקע בעסאַראַביש ווילגיין איבער דעם קליינינקן בריוטרעגער.

— איי, סעלושײַ, כאַשים, מאַלענקי פּיסמאָ יעסט טיעביע מאַלטשיק, — דראַפּעט זיך פלינק ארוף דאָס אוזבעקל אַף די ארבע־רעדער, פּאַכענדיק מיט דעם גרויסן קאָנווערט איבער פרומע־עטלס קאָפּ.

— וואָס דאַבערט ער, דער אוזבעקישער שטאָפּעט? — רײַבט זיך פרומע־עטל די אויגן, גלײַך ווי די בלענדנדיקע זון וואָלט איר קאַליע מאַכן די ריִע.

— זײַט זשע מויכל, פרומע־עטל־לעבן, לאָזט איכ׳ל לייענען, — רײַסט שײַקע מאַמעש ארויס דעם קאָנווערט פונעם צעטומלטן אוזבעקלס הענט, — מע קען, דאַנקען גאָט, אי יידיש, אי ריסיש, אי וואַלעכיש, און מיט אַ לאָשנקוידעשדיק וואָרט ספּראַוועט מען זיך יאַקאָש אויך, — שטעלט ער זיך אויס פאַר דער ביאַליסטאָקער מעכוטענעסטע.

און מיט עפּעס אַזאַ בעהאַרכאָוועדיקער מינע שלעפּט ער פּאַמעלעך ארויס דאָס קורצע בריוול פונעם קאָנווערט, זאָטלט אָן אַף דער נאָז די ברילן מיטן איין־און־איינציקן שײַבל און נעמט זיך לייענען צוערשט אינדערשטיל, פאַר זיך, מיטן געדאַנק, אַז ערשט דערנאָך, ווען ער וועט בײַקו־מען די האַרבע רוסישע איווורע, וועט ער עס איבערזאָגן אַף אַ קאָל.

נאָר אַפּן קאָל לייענט ער שוין ניט... עפּעס הייבט ער אָן, שײַקע, גאָר מאָדנע צו פינטלען מיט די אויגן, ווי אַ האָן פאַר קאַפּאַרעס שלאָגן, און ווישן די פאַרהוכקעטע ברילן מיט זײַן מאָל־דאַווישער געקוויטלטער פאַטשיילע, דערנאָך גיט ער זיך אַ ווענד מיט אַ געבראָכן קאָל צו די מעכוטענעסטעס:

— וואַרט צו אַ מינוטקעלע, טײַבעלעך מײַנע, דאָ, און איך וועל זיך צוכאַפּן זאָגן עפּעס די קינדער. ס׳איז זייער אַ וויכטיק מיכטעוול, און איך אַליין קאָן עס ניט מויצע־פּויצע זײַן. — און ריידן רעדט ער צו זיי, שײַקע, מיט דער פלייצע, גלײַך ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז ווי נאָר זיי וועלן געבן איצט אַ קוק אַף אים, וועט פון זיי ביידע ווערן צוויי שטיקער זאַלץ, ווי, לעהאַוודל, פון לאָטס פלוינעסטע.

ער גייט ניט, דער ברינזאַר, נאָר עפּעס שלײַנדערט ער מיט זײַנע צעריסענע שטיוואַלעס אין שטויב, גלײַך ער וואָלט פאַרהרוזניעט געוואָרן אין אַ טיפער קלעפּיקער דאַמבראָווענער בלאָטע... אין וועג דערזעט ער, ווי עס שטאַרצט אַרויס פון צווישן אַ רעדל אוזבעקן זײַן ביאַלי־סטאָקער מעכוטן, וועלכער שטייט באַם ראַדיאָ־הילכער אַ פאַרטראַכטער און, קענטיק, אַ זויערער. ער הערט די לעצטע סוואָדקע...

אַ רעגע שלאָגט זיך שײַקע מיט דער דייע: אים זאָגן אָדער ניט זאָגן. דערנאָך גיט ער אַ טראַכט: „כאָטש אַ פּוילישער ייִד, אָבער אַ מאַנצבל איז פאָרט ניט קיין ייִדענע". און ער נעמט זיך אָן מיט האַרץ:

— איר הערט, מעכוטן־לעבן, — איז דאָס קאָל באַ אים אַ צוגעלעגערטס, — מע רופט שוין אונדזער אוורעמלען אויכעט אָף דער שיינער כאַסענע... — טײַטלט ער מיט דער האַנט אָפן קאָנ־ווערט און וואַרגט זיך מיט די רייד.

— איר ווילט זאָגן אָף דער מיצווע־מילכאָמע, — איז באַ איטשע־מייערן דאָס קאָל אויסגע־לאָשן, ווי באַ איינעם, וואָס האָט שוין קיין קויעך ניט צו ריידן. — כ'האָב געוווסט... פריִער־שפּע־טער... סע וועט אים ניט אויסמײַדן.

איצט שפּאַנען זיי שוין ביידע איבער דעם שמאָלן קישלאַקישן טראַקט. איטשע־מייער אָנגע־שפּאַרט אָף זײַן אײַנגעבויגענעם שטעקן, און שײַקע מיט דער פּושעלע אין האַנט. זיי גייען און פילן ניט, ווי די סאַרפּענדיקע זון טשמעליעט זיי איבער די קעפּ און דער בריִענדיקער שטויב פאַרפּאָראָשעט זיי די אויגן.

אָט זײַנען זיי שוין הינטערן קישלאַק, דאָרט, וווּ עס שפּרייטן זיך ווײַס־ראָזע פּערלדיקע בוימוואָל־פּעלדער. אַלץ נעענטער דערגייט צו זיי אַ געזאַנג. דאָס געזאַנג איז אַ האַפּערדיק־פריי־לעכס, אפילע אַ פאַרשײַטס.

— די וועלט גייט אָפּ אין בלוט, און זיי זינגען גאָר, — רעדט שײַקע ווי פאַר זיך אַליין.

— עס איז פאַראַן אַ מעדרעש, אַז די וועלט וועט געהאָלפן ווערן דורך אַ ניגן... ווער ווייסט, עפּשער איז דאָס דער ניגן?.. — ווענדט איטשע־מייער זײַנע בליקן צום קופּערנעם הימל.

איצט שטייען שוין ביידע מעכוטאָנים הינטער אַן אָנגעהורבעט בערגל בוימוואָל־בלימעלעך און, דערשטוינטע, קוקן זיי צו, ווי שעוועלע און אוורעמל, אַרומגערינגלטע פון אַ כאָפּטע אוזבעקן, פירן אָן מיטן געזאַנג.

באַ איטשע־מייערן באַוועגן זיך קוים די בלויע ליפּן.

— וואָס זאָגט איר עפּעס, רעב איטשע־מייער, — קוקט שײַקע אַ דערשראָקענער אָף זײַן מעכוטן, וואָס זעט אים איצט אויס ווי גאָר ניט פון דער־וועלט.

— איך זאָג, סע איז אַ גרויסע אווירע, אַז מע רײַסט איבער אַזאַ דוויקעסדיקן ניגן.

און אָט פלייצט שוין דאָס געזאַנג ווי אַ פרילינגדיק וואַסער, און עס דוכט, נאָך אַ רעגע, און עס וועט פאַרכלינען באַרג און טאָל:

פאַרטאַ, פאַרטאַ, טעראַמיז, טעראַמיז<br>
אַשולאַ, ביז, איטאַמיז, איטאַמיז...<br>
בוימוואָל, בוימוואָל קלײַבן מיר, קלײַבן מיר,<br>
לידער, לידער זינגען מיר,<br>
זינגען מיר... זינגען מיר...

— מע דאַרף, מעכוטן, האָבן אַ האַרץ פון אַ גאַזלען אָנצוזאָגן אַזאַ בסורע, — צערײַבט שײַקע מיטן צעריסענעם אַרבל פון זײַן באַלעגאָלישן ראָק אַ פּאָר דריבנע טרערעלעך.

— קומט, מירן גיין, מע דאַרף זיי גאָרנישט זאָגן, זיי וועלן זיך אַליין דערוויסן, פריִער צי שפּעטער... אַלצייִנס... — דער אויסגעבויגענער שטעקן גיט זיך אַ ריר פון עפּעם אָרט, ווי ער וואָלט וועלן נאָכשלעפּן נאָך זיך איטשע־מייערן...

און ביידע מעכוטאָנים גייען אוועק מיט מידע שלאָבעריקע טריט פּאַזע די ווײַס־ראָזע פּערלדיקע הרודעס בוימוואָל, וועלכע בערגלען זיך אָפן כאַנקיִער סטעפּ. זיי גייען, און אין די אויערן קלינגט נאָך אַלץ דאָס האַפּערדיקע געזאַנג, וואָס האָט, דוכט זיך, ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סאָף!..

# אין אזא מין שאָ

## די דריטע אשמורע

איבערגענומען האָט אָקאָרשט די שליטע
איבערן סאָד די אשמורע די דריטע.
נאָך דויערט די נאכט.
נאָר באם הימלשן זוים
טוט עפּעס גאָר דינס א בייַט זיך אין רוים.
א ריר זיך אין כוישעך, א גלי און א צאפּל,
און א פויגל דערוואכט, טוט עפּעס א פּלאפּל,
פּרוווט זיך די שטים ווי א טענאָר: מי־מי!
און כאפּט זיך צוריק. מאשמאָעס, נאָך פרי,
צו פרי פאר זייַן קונציקן טרעל נאָך דערווייַל איז,
און ווידער נאָך שטיל אף א מייַל איז.
נאָר באלד אויך דאָס ווינטל, וואָס קאָרנדיק שמעקט,
מיט מיאטע און שיקערן זאפט אָנגעלעקט,
כאפּט אוף זיך,
שפּיצט אָן צו דער שטילקייַט דעם אויער,
און שלאָפט אייַן צוריק
אף דער ערד לעבלעך־רויער,
קיין שאָרך פון די גרעזלעך.
קיין ריר פון א בלאט.
מיט די שנאָרנדע נעזלעך
די ברוִמלעך מאט
אין די שפּארונעס צונויפגעדרייט ליגן.
און פּלוצעם — עס זינגט שוין דער סאָד דעם פּילשטימיקן
ניגן,
באלד וועט זיך דער נאכט־פּארהאנג טאָן א צעפּראל,
און דאָס גרויסע געזאנג וועט, ווי לויט א סיגנאל
(צעשריבן פון ברייישיס איז די פּארטיטורע),
א הילך טאָן אין אים
פול צארטקייַט,
פול גוורע...

## אין אלטן פּארק

ווי פון וויַיסן מירמל א געשניצטע גרופּע,
אין דעם אלטן פּארק, אונטער דער צווייַגן־כופּע,
דאָס זעלבע פּאָרל כ'זע ארומגענומען שטיין
יעדן אוונט, ווען איך קום אהין צו גיין
דערפרישן זיך מיט די גערוכן שארפע.

און ער מיט שלאנקן קערפּער
פון א דיסקן־וואָרפער
רירט קוים זי מיט די פינגער־שפּיצן אָן,
ווי עס רירט א שפּילער אָן זייַן הארפע
צו פארנעמען איר ניט־געפּעלשטן טאָן.

און זי? א געצקעלע א פאַרצעלײַענס,
א וואָלקנדל, א פלאַטערדיקס, וואָס קאָן
פון הייסן אָטעם זײַנעם נאָך צעטײַען
אין דורכזיכטיקן קאָפּטל פון ניילאָן...

קינדעריש, פאַרוווּנדערט שטייען זיי און הערן,
ווי ס׳באַהעפטן זיך די אומקלאָרע באַגערן
מיט סוידעספולער און צוזאַמענשמעלצנדיקער
שײַן,
וואָס דער אָוונט קישעפט אין די גלידער
זיי אַרײַן...

און דאָרט,
אנטקעגן,
פון זײַן הויכן פּיעדעסטאַל,
אונטער פײַערלעכן שטערן־פאַל,
קוקט אַראָפּ אַף זיי דער דיכטער אומפאַרביטן,
ווי ער האָט געקוקט אַמאָל אַף מיר,
דעם ייִנגל ערשט־צעבליטן,
וואָס אין אַזאַ מין שאָ, אונטער דעם זעלבן בוים,
אַרומגענומען כ׳האָב מײַן ערשטן טרוים...

## איך האָב נאָך ניט געוווּסט

איך האָב נאָך ניט געוווּסט פון יענעם
אָנהייב־לעבן,
וואָס האָט זיך פאַרקניפּט אין דײַנע לײַב־געוועבן.

דעם סאָד האָסטו מיר דעמלט ערשט פאַרטרויט,
ווען צוגעטראָטן נאָענט ס׳איז צו אונדז דער טויט
מיט געברום פון „מעסערשמידט" און
היטלעריש געהויל.

און געלעגן זײַנען מיר, צוויי קנוילן גרויל,
אונטער הימל אויפגעריסענעם, אין דרויסן,
מיט די קעפּ אין זאַמד פאַרניוועט,
ווי די שטרויסן.

האָסטו דעמלט מיר דעם סאָד דעם הייליקן
פאַרטרויט, —
און ס׳האָט א הייסע וועל פון צאַרטקײַט
מענלעכער געשטאַרקט מיך,
און אַף די הענט כ׳האָב דיך געוואָלט א כאַפּ טאָן,
אַרויסטראָגן פון אומגליק־איגל ראַפּטאָם
און דיך באַהאַלטן — דיך און יענעם צאַרטן
צוויט,
דעם קנאָספּעדיקן אָנהייב־לעבן,
וואָס פאַרקניפּט עס האָט זיך, ווי דאָס וואָרט
אין ליד,
מיט דײַנע צאַפּלדיקע לײַב־געוועבן...

## עטעלע

*הערץ ריווקינס אָנדענק*

מיטן אויסדרוק און בליק פון פאַריבל,
מיטן צאַר, ניט געשטילטן ביז הײַנט,
דרייט זי אַרום זיך אין שטיבל,
וווּ אַלץ נאָך דערמאָנט אין איר פרײַנט,

וווּ פון זײַן שטייגער דער שטעמפּל
און פון וואַרעמען אָטעם דער שפּור
ליגט אַפן טיש, אַפן לעמפּל
מיטן גרינבלעכן אַבאַזשור.

ליגט אַפן הויפן מיט ביכער,
אין וועלכע עס האָט באַם ראַנד
פיל צייכנס
מיט פּערל־קסאָוו זיכער
געלאָזט אַף די זײַטלעך זײַן האַנט...

אָפט וועקט דער אַמאָליקער טומל
זיך אויף אין האַרצן בא איר:
ס׳פלעגט קומען דאָס שרײַבערשע רומל
צו אים אין דער „שטאַבס־קוואַרטיר",

און געאַמפּערט זיך מ׳האָט דאָ אין שטיבל,
פון וויקוכים קיינמאָל ניט מיד,
אין דער ענגשאַפט, וווּ ס׳וואָרט
האָט געווירבלט,
געזעסן איז ער אין דער מיט.

און ווען דורך די דינע גאַרדינען
די שקיִע־שײַן אַף דער וואַנט
פלעגט נעמען גאָלדיק זיך שפּינען
און ער האָט צום טיש צוגעשפּאַנט, —

האָט זי, ווי א שאָטן אין צימער,
זײַן רו מיט צאַרטקײַט געהיט,
אַז פון זײַן נעשאָמע דער שימער
זיך אײַנהעפטן זאָל אין א ליד.

נאָר ער האָט די ליד ניט דערזונגען,
עס האָט אים דאָס לעבן פאַרזען.
איך וויל ניט אַצינד אַרײַנדרינגען
אין דעם, וואָס עס איז געשען...

פון דעמלט האָט זיך אין די זיטן
און אין שטייגער געענדערט א סאַך,
אויך מיר האָבן שטאַרק זיך געביטן
אין יעדן, אין יעדן פאַך.

נאָר ס׳איז ניט געמינערט געוואָרן,
וואָס זי האָט דורך יאָרן פאַרהיט —
זײַן שמייכל בא זיך אין זיקאָרן,
זײַן ניט־דערזונגענע ליד.

## זײַ ווי געווען

זײַ ווי געווען, ווען איך האָב דיך דערקענט,
פּאַוועלע מײַנס, ווען צו מיר אין די הענט
אַליין דו ביסט ווייליק געקומען צו שוועבן,
קעדיי געבן א זין מײַן צעשויבערטן לעבן.

זײַ ווי געווען, ביז די נויט איז געשען,
וואָס קיינער פון אונדז האָט פּאָרויס ניט געזען, —
מיט דײַן מונטערן גאַנג,
מיט דײַן גלויביקײַט פעסטער,
וואָס אינמיטן פון גלײַכגילט,

פון מיסטרוי, פון לעסטער
און קלוימערשטע פרײַנט
האָסט אין הארצן פארהיט...

מיט דער לײַכטקײַט און לויטערקײַט פון געמיט,
מיט געפיל פאר דעם שיינעם,
דערהויבן־גערעכטן, —
זײַ ווי געווען, זײַ ווי געווען,
איך וויל היינט ווידער, ווי דעמלט, דיך זען
מיט ניט־וועלקנדן רייץ מיט עכטן.

## דער שײַטער

נאכט נאָך נאכט, ביז עס נעמט שאַריען,
באַ מײַן הויכן שײַטער כ׳הער ניט אויף זיך מיִען.

בינטלעך טרוקן היי איך נעם צונויף און שפּענער,
ס׳זאָל דער פלאַם צעפּעכערן זיך שענער.

פון צעפוילטן בוים די הארטע קאָרע שייל איך
אָפּ מיט הוילע הענט, אז קנאַקנדיק און פריילעך
און זיך ניט שטיקנדיק אין רויך
זאָל דער פלאַם א שלאָג טאָן אין דער הויך
מיט זײַן גוטן, פלאַטערדיקן שלייער.
און זאָלן פונעם שליאך פארקערעווען די גייער,
אופקאָכן באם פײַער אָקרעפ זיך א קוואָרט
און פון מײַן שײַטער די ווארעמקײַט געניסן,
אויך די ווארעמקײַט ניט קארגע פון מײַן וואָרט,

וואָס פאר זיי כ׳האָלט גרייט,
ווי ווארעם ברויט א ביסן.

שפּעטער, ווען ניסיוינעס פיל
וועלן ווײַט שוין זײַן ארונטער,
דערמאָנען וועלן זיי, איך גלייב, מיט דאנק־געפיל
דעם שײַטער אפן וועג,
וואָס האָט געפלאַקערט מונטער.
דערמאָנען עפּשער מיך, וואָס האָט באשיידן־שטיל
נאכט נאָך נאכט צעשאַרט דעם זשאר
און אופגעהאַלטן עס, דאָס הויכע, גוטע פײַער.

און אָ־די דאנקבארקײַט — זי איז מײַן
בעסטער סכאר.
און אָ־דער לוין איז מער פון אַלץ מיר טײַער.

## דאָס פארוווּנדעטע גענדזל

אין הויכן סכאך באם אָזערע־ברעג,
אָף ווײַסע פליגל מיט בלוט־רויטן פלעק,
א גענדזל ליגט אין הוילער שרעק,
געטראָפן פון בלײַענעם שפּליטער.
פארטײַעט אין שטילקײַט, אין קראַמפּיקן ציטער,
הילפלאָז דאָס קעפּל ארוף עס פארײַסט.
די ווײַסע כאוועריעס־סטײַע דאָרט קרײַזט
אין דער הייך דער בלויער און גראָמער,
זיי רופן, זיי רופן מיט פארצווייפלט געיאָמער,
אז ס׳ווילט זיך די פליגל אזש טאָן א צענעם,
א צופלוס פון קרעפטן דערפילן,
זיך האַסטיק א ריס טאָן פון ווונדיקן קלעם
אין הימל דעם שאַלוועדיק־שטילן...

נאָר די אָפענע ווונד — זי בריט און זי בראָט
הינטער פאכווע, אין פלייש אין דעם רויען.
די פליגל — פארשטאַרט, ווי געבונדן מיט דראָט.
און פארבלײַבן אַליין... און אָף וועמעס באראָט?..
אָף וועלכן שווערן ניסאָיען?..

עמעס, דער יעגער אוועק איז אהיים
מיט צעוואַקלטע טריט אין דער קלעפּיקער ליים.
אָבער דאָס גענדזל — עס טרויט ניט דעם שיסער,
עס טרויט ניט דער שטילקײַט דער
אָוונטיק־זיסער,
ס׳ליגט אויסגעשעפּט,
מאַכטלאָז,
ווי אין א פענט,
אין סכאך דעם געדיכטן, אַליין אין דער פרעמד.




## די שאנדע פון דייטשלאנד

מאקס קרייסלער האָט זיך אומגעקערט פון זיין וויטער קאָוואליוקע קיין בערלין. עסטער־קען האָט אים זיך איינגעגעבן איינאָרדענען אין א קליניק לעבן לוואָוו. ער האָט אהין אָפּט געשריבן. זיך נאָכגעפרעגט, וואָס דארף מען נאָך פאר איר טאָן. אָבער פון דער קליניק זיינען צו אים אָנגעקומען שווערע יעדיעס: עסטערקעס קרענק איז ניט אויסצוהיילן. ניט אנדערש, ווי ער האָט זיך מיט עפּעס פארזינדיקט, און וווהין ער טוט זיך ניט א קער, גייט עס אים שלים־שלימאזל.

און אף דער וועלט איז געווען ניט פריילעכער. דער מאניאק היטלער מיט זיין בלוטיקער באנדע איז געקומען צו דער מאכט.

א כוואליע פון שוידערלעכן טעראָר האָט זיך דורכגעטראָגן איבער דייטשלאנד. טאָג ווי נאכט זיינען געגאנגען אונטערזוכונגען, ס'האָט זיך אָנגעהויבן א געיעג אף קאָמוניסטן, אנטיפאשיסטן, יידן. טויזנטער, צענדליקער טויזנטער מענטשן זיינען אריינגעוואָרפן געוואָרן אין די טורמעס און קאָנצלאגערן. אף די שטאָט־פלעצער האָבן, ווי אין מיטלאלטער, געפלאקערט שייטערס פון ביכער. פון עק ביז עק — אומעטום אין לאנד — האָט געוועלטיקט שרעק, אומגליק, אומרעכט, טויט. געלערנטע, קינסטלער, שריפטשטעלער האָבן פארלאָזט דאָס לאנד, געלאָפן אין דער וועלט אריין.

מאקס קרייסלער האָט אויך זיך געקליבן טאָן דאָס זעלבע. נאָר זיגפריד האָט אים אָפּגעהאלטן.

— עס גייט דערצו, — האָט ער געזאָגט צו מאקסן, — איך זאָל אויך פארלאָזן דאָס דאָזיקע מעשוגאָים־הויז, און איך וועל פאָרן מיט דיר, נאָר עפּעס גלייבט זיך מיר ניט, אז ס'זאָל לאנג אזוי דויערן! אויב אין דייטשלאנד וועלן זיך ניט געפינען קיין קרעפטן קעגן די פאשיסטן, וועט די וועלט ניט שווייגן. עס קאָן דאָך ניט זיין, אז מע זאָל אזוינס דערלאָזן אין סאמע הארץ פון אייראָפּע!.. עפשער וועלן מיר נאָך א ביסל צוווארטן?..

ליינארדס טעאטער האָט נאָך דערווייל געשפּילט. קיינמאָל איז מאקסן ניט געווען אזוי שווער צו שפּילן, ווי איצט. אין די ערשטע רייען זיינען געווינלעך געזעסן אָנגעפרעסענע, זעלבסטצופרידענע ביורגער און מיט האס און פאראכטונג געקוקט אף אים. זיי האָבן אים בעשום־אויפן ניט געקאָנט מויכל זיין, וואָס ער געהערט ניט צו דער גרויסארטיקער ראסע ריינע אריער. סארא ווילדקייט! צו וואָס מע האָט זיך דערטראכט אין צוואנציקסטן יאָרהונדערט! ער האָט זיך באמיט זיי ניט צו באמערקן. ער האָט געקוקט אף יענע, וואָס הערן אים מיט א פארטייעטן אָטעם, ווי אמאָל. אזעלכע זיינען געווען א סאך מער, און פאר זיי האָט מאקס געשפּילט. אָט קומט זי, די

---

סאָף. אָנהייב פון דריטן טייל זע „סאָוועטיש היימלאנד" נום. 5, ה. י.

געגאַרטע מינוט, וואָס אַף איר קוקט ער אַרויס מיט אַזאַ אומגעדולד. די מינוט, ווען ער דערפילט ווידער, אַז ער טרעט אַרויס פאַר עכטע מענטשן, וואָס הערן זיך אײַן אין זײַנע ווערטער מיט ליבשאַפט. זיי גייט ווייניק וואָס אָן, צו וואָס פאַר אַ ראַסע ער געהערט און ווער איז געווען זײַן זיידע און זײַן עלטערבאָבע. זיי זעען אין אים דעם גרויסן שוישפילער.

ער האָט אײַנגעבעטן זיגפרידן, מע זאָל ווידער באַווײַזן דעם „סויכער פון ווענעדיק". דאָס איז געווען געפערלעך, דאָך איז זיגפריד אײַנגעגאַנגען דערויף. ער האָט פאַרשטאַנען זײַן פרײַנטס צושטאַנד. און אָט איז מאַקס ווידער אַף דער בינע. ער איז אין די קליידער פונעם ווענעציאַנער סויכער, אָבער פאַר זײַנע אויגן שטייען די שײַטערס פון ביכער, וואָס ברענען אַף די פּלעצער פון בערלין, יענע שײַטערס, וואָס די פאַשיסטישע מענוואָלים האָבן אָנגעצונדן. ער זעט, ווי עס ברענט דער רייכסטאַג, ווי די פּאָגראָמשטשיקעס טראָגן זיך אַרום איבער די גאַסן, שלאָגן אומשולדיקע מענטשן, שאַנעווען ניט קיין זקיינים און קיין קינדער. ער הערט, ווי מע שרײַט אים אַרײַן אין טעלעפאָן־טרײַבל זידלווערטער, מע דראָעט אים מיט טויט. אַ גרויל כאַפּט אים אַרום. נאָר ער איז אַף דער בינע. ער מוז שפּילן. ס'קומט די צײַט, און ער זאָגט שײַלאָקס ווערטער. דאָס זײַנען אָבער אויך זײַנע ווערטער און זײַן קאָל קלינגט מעכטיק:

„...ער האָט מיך געמאַכט צו שאַנדע... זיך אויסגעלאַכט פון מײַנע פאַרלוסטן, געשפּעט איבער מײַנע פאַרדינסטן, געזידלט מײַן פאָלק, געשטערט אין מײַנע געשעפטן, אָפּגעקילט מײַנע פרײַנט, צעהיצט מײַנע סאָנים; און וואָס פאַר אַ סיבע האָט ער געהאַט דערצו? דאָס, וואָס איך בין אַ ייִד. האָט דען דער ייִד קיין אויגן ניט, האָט דען דער ייִד ניט קיין הענט, קיין כושים, קיין איוורים, קיין געפילן, קיין סימפּאַטיעס, קיין לײַדנשאַפטן? צי ניט די זעלבע שפּײַז נערט אים, צי ניט דאָס זעלבע קלײזײַען פאַרווונדעט אים... צי היילן אים ניט די זעלבע רעפועס? צי דערוואַרעמען אים ניט אָדער פרירן אים ניט די זעלבע זומערס און ווינטערס, וואָס דעם קריסט? און אַז מע שטעכט אונדז — רינט דען בא אונדז קיין בלוט ניט? און אַז מע קיצלט אונדז — לאַכן מיר דען ניט? און אַז מע סאַמט אונדז אָפּ — שטאַרבן מיר דען ניט? און אַז מע באַליידיקט אונדז — צי דען דאַרפן מיר ניט נעמען קיין נעקאָמע? אויב מיר זײַנען מיט אַלץ ענלעך אַף אײַך, טאָ ווילן מיר זײַן אַף אײַך ענלעך אויך דערמיט..."

דער זאַל איז אויפגעריסן געוואָרן פון אַפּלאָדיסמענטן. און מאַקס איז געשטאַנען בא דער ראַמפּע. ער האָט פאַרנייגט דעם קאָפּ פאַר די מענטשן, וואָס האָבן אים באַגריסט פּונקט אַזוי ראַשיק און וואַרעם, ווי דעמלט, דאָס ערשטע מאָל, ווען ער האָט אַרויסגעבראַכט אַף דער בינע שײַלאָקס מאָנאָלאָג. מאַקס זעט פאַר זיך לויכטנדיקע פּנעמער. די מענטשן, וואָס אַפּלאָדירן, שעצן זײַן טאַלאַנט, זיי זײַנען מיט אים. און ער האָט שוין געמיינט, אַז אַלץ גייט אונטער, אַלץ גייט צו אַלדי רוכעס. הייסט עס, ניט אַלעמען האָט די פאַשיסטן זיך אײַנגעגעבן אָנשטעקן מיט מענטשן־סינע, מיט ראַסן־האַס. הייסט עס, איז טאַקע גערעכט געווען זיגפריד ליינאַרד, ווען ער האָט אים אָפּגערעדט פאַרלאָזן דײַטשלאַנד. דער נאַציזם קאָן דאָ לאַנג ניט הערשן, אינגיכן וועט צום שיי־דים־טאַנץ פון די פאַשיסטן נעמען אַ סאָף.

פּלוצעם האָט אין עק זאַל עמעצער אַ פײַף געטאָן. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל. אין אַ רעגע אַרום האָט אַ ווילד פײַפערײַ זיך דערהערט פון פאַרשיידענע זײַטן. אַ כאָפּטע פאַרשוינען אין ברוינע העמדלעך מיט שוואַרצע האַקנקרייצן אַף די אַרבל איז אַרוף אַף דער בינע און גענומען אַראָפּרײַסן פון מאַקסן די קליידער, דעם פּאַריק.

— גענוג, פאַרפלוכטער יודע!

אין זאַל האָט זיך אופגעהויבן אַ מוירעדיקער טומל. מענטשן האָבן זיך געלאָזט צו דער בינע. נאָר די נאַציסטן האָבן אהער קיינעם ניט צוגעלאָזט און געטריבן אַלעמען צו די טירן. צווישן די, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, האָט מאַקס דערקענט בערגלייטערן, שמערלינגן... אין צווייטן עק בינע האָט ער דערזען עלזע קריץ. ער איז דערשטוינט געוואָרן. ער קען דאָך די מענטשן, זיי קענען אים. וואָס טוען זיי?

— ער זאָל ניט פאַרגעסן, ווער ער איז, דאַרף מען אים באַלוינען מיט אַן אָרדען!.. — האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער בערגלייטער און אַרויסגעכאַפּט פון דער קעשענע אַ געלע לאַטע. עט־לעכע געזונטע פאַרשוינען האָבן פאַרדרייט מאַקסן די הענט אַף הינטן.

— באַנאַנד מיט אַריער זאָלסטו זיך מער ניט באַווײַזן, פאַיאַץ!

פונוואַנען האָט זיך גענומען צו מאַקסן אַזאַ רויקײַט? מיט אַ פאַרניכטנדיקן בליק האָט ער אָפּגעמאָסטן בערגלייטערן פון קאָפּ ביז די פיס:

— ניט איך, נאָר איר זײַט פאַיאַצן. איר אַלע מיט אײַער פירער צוזאַמען. — זײַן שטים האָט הויך אָפּגעקלונגען אינעם זאַל, וואָס איז שוין געווען קימאַט פוסט.

עטלעכע נאַציסטן האָבן זיך אַרופגעוואָרפן אַף אים, גענומען שלאָגן.

— וואָס קומט דאָ פאָר? שטעלט זיך אָפּ! מענטשן זײַט איר צי ווילדע כײַעס?! — דאָס האָט

זיך אהער דורכגעשלאָגן זיגפריד ליינארד. זײַנע גראָווע האָר זײַנע געווען צעשויבערט, דאָס אויבערהעמד צעכראַסטעט.

— איך פרעג אײַך: וואָס קומט דאָ פאָר? — האָט ווידער אויסגעשריגן זיגפריד, און ס'איז געשען עפּעס וווּנדערלעכס: די יונגען האָבן זיך אָפּגערוקט אָף עטלעכע שפּאַן. — וואָס שווײַגט איר? איך פרעג: ווער האָט אײַך אַרײַנגעלאָזט אין טעאַטער? ווער האָט אײַך דערלויבט איבער־טרעטן דאָ די שוועל?

יאָ. ער איז דאָ געווען דער באַלעבאָס, זיגפריד, און קיינער פון דער צעבושעוועטער כאַפּטע האָט ניט געהאַט קיין מוט אויסריידן קעגן אים א וואָרט.

— קום, מאַקס, — האָט זיגפריד אָנגענומען זײַן פרײַנט בא דער האַנט.

— זיגפריד! ווייסט האָבן זיין סאָף, — האָט היסטעריש אויסגעשריגן עלזע קריץ. די נאַציסטן זײַנען ווי געקומען צו־זיך. עס האָבן זיך דערהערט אויסרופן:

— טוט אים אויך אָן אזא אָרדען, ווי דעם ייִדן.

— עפּשער ווילסטו, זיגפריד, מיר זאָלן דיר אויך צוטשעפּען די געלע לאַטע?

— יאָ! — האָט זיגפריד אויסגעשריגן. — טוט מיר אויך אָן די געלע לאַטע. איך, זיגפריד ליינאַרד, בין א דײַטש, נאָר איר צווינגט מיך זיך שעמען דערמיט. מאַקס קרייסלער איז מײַן פרײַנט, מיט זײַן טאַלאַנט האָט ער באַשײַנט אונדזער טעאַטער, אונדזער קונסט, אונדזער קולטור. דאָס, וואָס איר טוט, איז א פאַרברעכן קעגן דער קולטור און קעגן דער מענטשהײַט. איר האָט קרייסלערן צוגעטשעפּעט די געלע לאַטע, נאָר דאָס איז ניט זײַן שאַנד. דאָס איז די שאַנד פון דײַטשלאַנד.

די גאַנצע טעאַטער־טרופּע איז געווען אָף דער בינע. די נאַציסטן האָבן זיך ניט דערוועגט אָנרירן ליינאַרדן. אָט אַזוי, ווי מאַקס איז געווען, אין גרים, אין די קליידער פון שײַלאָקן, האָט זיגפריד אים אַרויסגעפירט פון טעאַטער.

— מײַן גאָט! וואָס איז געשען? — האָט אויסגעשריִען עמיל שולץ, ווען זיגפריד מיט מאַקסן זײַנען אַרײַן אין שטוב. זיי האָבן ביידע קוים געהאַלטן זיך אָף די פיס. זיגפריד האָט עפּעס גע־וואָלט ענטפערן שולצן. ער האָט אים געוואָלט באַרויִקן. נאָר פּלוצעם האָט ער דערפילט, ווי עמע־צער וואָלט אָנגעכאַפּט זײַן האַרץ אין דער דלאָניע און עס צונויפגעדריקט.

עמיל און מאַקס האָבן קוים באַוויזן אים אונטערכאַפּן אָף די הענט און אוועקגעטראָגן צום דיוואַן.

מאַקס האָט אָנגעקלונגען עריך שטוטבאַכן.

■

וויפל צײַט איז אַוועק פון יענער נאַכט? שווידערלעכע געשעענישן האָבן זיך אָנגערוקט אָף מאַקסן איינע נאָך דער אַנדערער מיט אזא שנעלקייט, אז ער האָט אופגעהערט פילן דעם לויף פון די טעג. זיגפריד איז געווען געפערלעך קראַנק. מאַקס האָט געלעבט מיט איין פאַרלאַנג — אים ראַטעווען. צוזאַמען מיט עמיל שולצן, מיט עריך שטוטבאַכן און אייניקע טרײַע און דרייסטע פרײַנט, וואָס האָבן נאָך געוואַגט אַריבערטרעטן די שוועל פון זיגפרידס וווינונג, איז ער ניט אָפּגעטראָטן פונעם קראַנקנס בעט.

„יאָ, — האָט מאַקס געטראַכט, — איצט וועט אונדז שוין, זעט אויס, ניט אײַנגעבן זיך אַרויס־רײַסן פון דעם נאַציסטישן געצעם. איך וועל ניט איבערלאָזן זיגפרידן אין אזא שווערער שאָ. בלויז דער טויט קאָן אונדז צעשיידן...״

נאָר עריך שטוטבאַך האָט נאָך געהאַט א האָפענונג.

דער פּראָפעסאָר פלעגט קומען צום קראַנקן ליינאַרדן אַלע טאָג און אָפּזיצן בא זײַן בעט שאָענלאַנג. ער איז געגאַנגען אהער מיט א שטאַלץ פאַרהויבענעם קאָפּ, און אָף זײַן אַלטן מילי־טערישן מונדיר האָט ער אופגעהאַנגען אַלע זײַנע קרייצן, מעדאַלן, אויסצייכענונגען, מיט וועלכע מע האָט אים באַלוינט בייס דער וועלט־מילכאָמע. ער האָט עס געטאָן אפּצולאָכעס די נאַציסטן. זאָלן זיי זען, ווער עס האָט פאַרגאָסן בלוט פאַרן לאַנד!

אייגנטלעך, איז דאָס געווען די איינציקע אַרבעט דעם פּראָפעסאָרס — קומען אהער, צו זיג־פרידן. פון זײַן קליניק האָט מען אים אַרויסגעשלײַדערט. זײַן אָרט אַלס דירעקטאָר האָט פאַרנומען עלזע קריץ.

אויך אָף זיגפרידס אָרט האָט זיך געפונען פונקט אזא ווירדיקער פאַרטרעטער. בערגלייטער האָט אָנגעהויבן צונויפשלאָגן א נײַע טרופּע. קורץ און שמערלינג האָבן זיך געגרייט שפּילן אין דעם טעאַטער הויפּט־ראָלן.

יאָ, ניט געקוקט אָף זיגפרידס שווערן צושטאַנד, האָט עריך שטוטבאַך געגלייבט, אז ער וועט אים שטעלן אָף די פיס.

דעריקער האָט דער קראַנקער געדאַרפט רו, אָבער אין דײַטשלאַנד איז איצט קיין רו פאַר אַזעלכע, ווי לײנאַרד, ניט געווען. אין איינער אַ נאַכט האָבן זיך אַהער, אין לײנאַרדס ווילע, אַרײַנגעריסן באַוואָפנטע שטורמאַוויקעס, איבערגעקערט אַלץ אין שטוב, צעוואָרפן, צעשלײַדערט, צעקלאַפּט. זיי זײַנען צוגעשפּרונגען צו זיגפרידס געלעגער:

— אַנו, מאַך זיך ניט פאַר קיין קראַנקן, אויפגעשטאַנען! פאָרווערטס! מיט אונדז קום!..

מאַקס איז צוגעלאָפן און אָפּגעשטויסן די ראָצכים.

— איך וועל ניט דערלאָזן! דער מענטש איז קראַנק! ווי דערלויבט איר זיך אַזוינס?

אייגנטלעך, האָבן זיי איצט טאַקע געדאַרפט ניט זיגפרידן, נאָר מאַקסן.

די שטורמאַוויקעס האָבן אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, אָנגעטאָן אויף זיי שטאָלענע בראַס־לעטן. איינער פון די באַנאַכטיקע געסט, אַ פּאַרשוין מיט רויטע, ראָצכישע אויגן, האָט אַ ברום געטאָן:

— נו, יודע, איצט האָט זיך געענדיקט דײַן צײַט! מער וועסטו קיין טעאַטער ניט שפּילן!.. וועסט באַקן בולקעלעך אין לאַגער... מיר האָבן שוין דאָרטן פאַר דיר צוגעגרייט אַ בעקער־פאַרטעך!

זיגפריד לײנאַרד האָט קוים אונטערגעהויבן דעם קאָפּ. ער האָט דערזען מאַקסן מיט פאַר־שמידטע הענט און מיט די לעצטע קויכעס אויסגעשריִען:

— שטעלט זיך אָפּ, אויסוואורפן! איר טאָרט אים ניט אָנרירן, איר הערט! וועלף זײַט איר, ניט קיין מענטשן! רירט ניט אָן מאַקס קרייסלערן.

„שטאַרק זיך, זיגפריד, מיר וועלן נאָך...“ — האָט מאַקס געוואָלט זיך געזעגענען מיט זײַן לערער און פרײַנט, נאָר מע האָט אים מער ניט געלאָזט אַרויסברענגען קיין וואָרט. פון אַלע זײַטן האָט מען זיך אויף אים אַרופגעוואָרפן, צעמיימעסט און אַ צעבלוטיקטן אַרײַנגעוואָרפן אין טורמע־פורגאָן, וואָס האָט געוואַרט באַם טויער.

דער מאָטאָר האָט זיך צעברומט, און דער פורגאָן האָט זיך אוועקגעטראָגן אין דער פינצטערער נאַכט אַרײַן, וועקנדיק די טויטע שטאָט מיטן גרילץ פון דער סירענע. נאָר זיגפריד לײנאַרד האָט דאָס שוין ניט געקאָנט הערן. יענע נאַכט האָט ער ניט איבערגעלעבט. ווען עריך שטוטבאַך איז געקומען אויף שולצס קלונג, האָט שוין זיגפריד לײנאַרדן קיין מענטש ניט געקאָנט ראַטעווען.

■

די ערשטע טעג נאָך דעם, ווי מע האָט אים אַרײַנגעשלײַדערט אין קאָנצלאַגער, איז מאַקסן באַפאַלן אַ מוירעדיקער גלײַכגילט צום לעבן. ער האָט באַ זיך באַשטימט, אַז פאַר אים איז שוין אַלץ געענדיקט, און געטראַכט, צי זאָל ער ניט נאָכפאָלגן דעם בײַשפּיל פון אַנדערע אַרע־סטאַנטן — זיך אַ וואָרף טאָן אויף די שטעכדראָטן, וואָס צוימען אַרום דעם לאַגער, און זאָל דער עלעקטרישער שטראָם אַ סאָף מאַכן צו אַלע ליידן.

אַלע טאָג, ווען מע טרײַבט די קאַלאָנעס לעבעדיקע מייסים אויף אַרבעט אין די שטיין־קאַריערן, לייענט מאַקס די ווערטער, וואָס זײַנען אָנגעשריבן אויפן טויער פונעם לאַגער: „בלויז דורך ערלעכער אַרבעט וועסטו פאַר זיך דעראָבערן די פרײַהײַט“. פון יענער זײַט טויער הייבט זיך אָן אַ בעסוילעם, וואָס וועט מיט יעדן טאָג אַלץ גרעסער. אָט דאָס איז דאָס אָרט, וווּ ער וועט ווירקלעך פרײַ ווערן.

דאָך עפּעס אַ פאַרנעפּלטע האָפענונג האָט ערגעץ טיף אין זײַן נעשאָמע געלעבט און אים ניט געלאָזט פאַרלירן דעם מוט. עס קאָן דאָך ניט זײַן, אַז דאָרט, פון יענער זײַט דראָטן, האָט מען אָן אים שוין אינגאַנצן פאַרגעסן. צי דען וועלן זיך אין דײַטשלאַנד ניט געפינען קיין מענטשן, וואָס וועלן זיך קעגנשטעלן די הענקער? אַז מאַקס האָט אַ ביסל זיך אַרומגעקוקט, וואָס טוט זיך אַרום אים אין לאַגער, האָט ער דערזען, אַז אויך דאָ האָבן ניט אַלע זיך אונטערגעגעבן. מענטשן גלייבן, האָפן... און ער האָט זיך געהאַלטן נעענטער צו די דאָזיקע מענטשן, זיך געשטאַרקט און געפונען קויכעס אונטערצומינטערן כאַווירים, מיט וועלכע ער האָט באַוויזן דאָ זיך צו באַקאַנען און באַפרײַנדעט ווערן.

צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע אַרעסטאַנטן האָט מען מאַקס קרייסלערן אַלע קאַיאָר גע־טריבן אין דער שטיינהאַקערײַ, וואָס האָט זיך געפונען עטלעכע קילאָמעטער פון לאַגער. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט ער מיט אַ גרויסן האַמער געהאַקט דעם האַרטן גראַניט און די ברוכשטיקער צונויפגעלייגט אין גלײַכע אויסגעווירעטע שטאַבעלעך. אַ הונגעריקער, אַ ניט־אויס־געשלאָפענער, פלעגט ער צום סאָף טאָג זיך אַרויסשלאָגן אינגאַנצן פון די קויכעס. איין געדאַנק, איין טרוים האָט אים געוואַרעמט — ס'וועט זיך געפינען אַ וועג און ער וועט זיך אַרויסרײַסן פון אָט דעם לעבעדיקן גענעם, קעדיי דערציילן דער וועלט, וואָס עס טוט זיך דאָ, ווי מע ברענגט

אום טויזנטער אומשולדיקע מענטשן. ער האָט געהאַקט די שטיינער און געטראַכט וועגן זײַנע פרײַנט, וואָס זײַנען געבליבן אויף דער פרײַ: צי האָט מען געשטעלט אויף די פיס לייאָנאַרדן, און וואָס איז מיט עריך שטוטבאַכן, מיט עמיל שולצן? אָפט פלעגט זיך אים דאַכטן, אַז מע האָט זיי אויך אַלעמען פאַרטריבן, ווי אים, אין קאָנצלאַגער. און ס׳פלעגט אים אַרומכאַפּן אַן אײמה. שווער איז געווען אָפּטרײַבן פון זיך די שרעקלעכע מאַכשאָװעס. די טעג האָבן זיך געצויגן, ווי די פאַרדשאַ־ווערטע שטעכדראָטן אַרום די באַראַקן, און ער האָט שוין פאַרלוירן זייער כעזשבן, ניט געוווּסט, וויפל צײַט ער מאַטערט זיך שוין דאָ — פאַר די שווערע לאַנגע כאָדאָשים האָט ער זיך שטאַרק געענדערט, אויסגעדאַרט און אויסגעטריקנט געוואָרן, און די אייגענע מאַמע וואָלט אים שוין, דאַכט זיך, ניט דערקענט. די באַקן אײַנגעפאַלן, פאַרוואַקסן. בלויז די גרויסע שוואַרצע אויגן ברענען.

און די שטאַבעלן שטיינער זײַנען געוואַקסן. עס איז שוין ניט געווען ווו צו דורכגיין. ערשט שפּעט אין האַרבסט האָבן אָנגעהויבן קומען אַהער לאַסטמאַשינעס אויף אַרויספירן די שטיינער. מיט וואָס פאַר אַ קינע האָט ער געקוקט אויף די שאָפערן, וואָס האָבן געוואַרט, ביז מע וועט אָנלאָדן די מאַשינעס!

יאָ, מאַקס האָט אויף זיי געקוקט מיט קינע. ער האָט געוווּסט: איבער אַלעמען געוועלטיקט איצט פּאַכעד און שרעק. דאָך וועלן אָט די יונגען אין אַ האַלבער שאָ אַרום, אין אַ שאָ אַרום אַרויספאָרן פונדאַנען, פונעם לאַגער... ווען ער קאָן איצט זײַן אויף זייער אָרט!

דער האַרבסט איז געווען אַ ווינטיקער, מיט אַ סאַך רעגנס. דאָס איינציקע גליק איז געווען, וואָס מע טרײַבט ווידער אַרײַן אין באַראַק און מע קאָן זיך אויסציִען אויף דער נאַרע, זיך אָפּרוען, אַ ביסל זיך פאַרגעסן.

אין איינעם אַ קאַלטן האַרבסטיקן טאָג האָט מאַקס אָנגעלאָדן אַ מאַשין. ער האָט געטראָגן אויף די פּלייצעס די שווערע שטיינער און זיי געוואָרפן אין אַווטאָמאָביל־קאַסטן. ער האָט פאַר זיך גאָרנישט ניט געזען, אויסער די שטיינער און די בלאָטיקע סטעזשקע, וואָס האָט געפירט צו דער מאַשין. ער האָט שוין ניט געקוקט אויף די שאָפערן, וואָס זײַנען געזעסן אין די קאַבינקעס און גע־רייכערט אָדער האָבן זיך געפּאָרעט בײַ די מאָטאָרן. מיט זיי האָט מען ניט געטאָרט אויסריידן קיין וואָרט, דאָס איז געווען געפערלעך סײַ פאַר די שאָפערן, סײַ פאַר די קאַצעטלער. און פּלוצעם, ווען ער איז דורכגעגאַנגען לעבן דער קאַבינע, האָט ער דערהערט פון דאָרט אַ שטיל קאָל. דער שאָפער האָט אים אָנגערופן בײַם נאָמען. פון אומדערוואַרטקייט האָט מאַקס אַ צאַפּל געטאָן. דאָס טירל פון דער קאַבינקע איז געווען עטוואָס אָפן, און מאַקס האָט דערזען דעם שאָפער, אַ בלאָנדן יונג מיט אַ דאַר לענגלעך פּאָנעם און בלויִלעכע טרויעריקע אויגן. דער שאָפער האָט אַ וואָרף געטאָן אויף דער סטעזשקע אַ שטיקל פּאַפּיר.

— קאַמעראַד קרייסלער... לייענט עס שנעל איבער און פאַרניכטעט... — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — האָט ניט מוירע פאַר מיר... שטוטבאַך... עמיל שולץ... גריסן אײַך...

מאַקס האָט זיך פאַרהאַלטן בלויז אויף איין אויגנבליק. די הענט און די פיס האָבן בײַ אים געציטערט. וואָס איז דאָס? אַ פּראָוואָקאַציע? דאַכט זיך, אַז ניין! ער האָט אויפגעהויבן דעם בליק אויף דעם שאָפער, נאָר יענער האָט שוין אין זײַן זײַט ניט געקוקט. זאָל זײַן, זאָל זײַן, ס׳איז אַ פּראָוואָקאַציע. ער האָט שוין ניט וואָס מוירע האָבן. ערגער, ווי אים איז, וועט שוין ניט זײַן... מאַקס האָט אַ שלײַדער געטאָן אין קאַסטן פון דער מאַשין דעם שטיין, און צוריקוועגס, פאַרבײַ־גייענדיק לעבן פּאַפּירל, וואָס איז געלעגן אויף דער סטעזשקע, איז ער ווי ניט אומיסטן אומגעפאַלן און עס פאַרכאַפּט מיט דער האַנט.

דאָס האַרץ האָט מוירעדיק שנעל געקלאַפּט. צווישן די שטאַבעלן שטיינער, פאָרזיכטיק אַרומ־קוקנדיק זיך, צי שפּירט אים קיינער ניט נאָך, האָט מאַקס זיך אײַנגעבויגן, קעדיי נעמען אויף די פּלייצעס אַ שטיין און אין דער זעלבער צײַט כאַפּן אַ קוק אינעם צעקנייטשטן צעטעלע.

זײַנע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טרערן. ער האָט דערקענט עריך שטוטבאַכס האַנט־שריפט. די ערשטע ידיִעה פון דער פרײַ! ניט אַנדערש, דאָס איז אַ כאָלעם. פון יענער זײַט דראָטן האָט מען אָן אים ניט פאַרגעסן. מענטשן טראַכטן וועגן אים. זיי שטעלן אײַן דאָס לעבן, קעדיי אים ראַטעווען. ער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע אויף צו פאַרייכערן און דערמיט פאַרברענט דאָס שטיקל פּאַפּיר, וואָס איז אים געווען טײַער, ווי דאָס לעבן. ווען מאַקס האָט ווידער גענומען אויף די פּלייצעס אַ שווערן שטיין און זיך געלאָזט צו דער מאַשין, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דאָס מאָל איז דער שטיין עפּעס ניט אַזוי שווער, ווי יענע שטיינער, וואָס ער האָט געשלעפּט אויף זיך פריִער. ער האָט געזוכט מיט די אויגן דעם בלאָנדן באָכער, וואָס האָט אים אַרויסגעוואָרפן דאָס צעטעלע.

עריך שטוטבאַך האָט געשריבן, אַז מאַקס זאָל זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן אויף דעם שאָפער. טאָן אַלץ, וואָס ער וועט הייסן...

מאקס האָט זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, וויאַזוי וועט מען אים קאָנען העלפֿן. ער האָט געאַרבעט ווי געווײנלעך. קיינער טאָר ניט באַמערקן, אַז ער איז אופֿגערעגט, אַז מיט אים איז עפּעס געשען. ער קאָן דאָך אונטערפֿירן זיך און אָט דעם באַכער, וואָס רייכערט דאָרטן, אין קאַבינקע, און מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז בייז אפֿן אַרעסטאַנט, לעמיי לאָדט ער פֿאַמעלעך אָן די מאַשין...

מאַקס האָט געפֿילט, ווי עס דערנענטערט זיך די אַנטשיידנדע מינוט. צוקומענדיק צו דער מאַשין, האָט ער פֿאַרלאַנגזאַמט דעם שפּאַן. קיינער פֿון די אַרעסטאַנטן איז נאָענט ניט געווען. דער שאָפֿער האָט זיך אָנגערופֿן:

— אין צוויי שאָ אַרום זאָלט איר זײַן גרייט... — ער האָט מיט דער האַנט אָנגעוויזן אַפֿן אָרט לעבן זיך, — איר וועט אַרײַנקריכן אַהער, אין קעסטל, און איך וועל אײַך אַרויספֿירן... די וואַכטע באַם טויער וועט זיך בײַטן...

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מאַקס געזען, ווי די מאַשין האָט זיך גערירט פֿון אָרט און, אָן אָנגעלאָדענע מיט שטיינער, אַרויסגעפֿאָרן אַפֿן שאָסיי.

דאָס, וואָס ער האָט נאָרוואָס געהערט פֿונעם שאָפֿער, האָט אים אופֿגעטרייסלט. אין צוויי שאָ אַרום!.. ווער איז ער, דער באַכער, וואָס האָט צוליב אים באַשטימט אײַנשטעלן דאָס לעבן? עס זײַנען נאָך, הייסט עס, דאָ אין דײַטשלאַנד מענטשן, אַזעלכע, ווי דער באַכער — דער בלאָנדער שאָפֿער, וואָס האָט אים געבראַכט שטוטבאַכס צעטעלע אַהער, אין לאַגער.

מאַקס איז ווידער געשטאַנען אַף זײַן אָרט און מיטן גרויסן, שווערן האַמער געהאַקט דעם שטיינערנעם פֿעלדז, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון אונטער דער דורכגעווייקטער ערד. פֿונקען זײַנען געפֿלויגן פֿון אונטער דעם האַמער. מאַקס האָט זיך געשטאַרעט. ער האָט זיך געהיט ניט כאַפּן קיין פֿאַרוואָרף פֿונעם אופֿזעער. עמעס, יענער האָט זיך פֿאַרקליבן אין אַ לאָך, באַהאַלטנדיק זיך פֿונעם רעגן. נאָר אַלציינס דאַרף מאַקס ניט אַרויסרופֿן באַ אים קיין פֿאַרדאַכט.

דאָס העמד איז געווען דורכגעווייקט פֿון שווייס און רעגן, ס׳האָט זיך צוגעקלעפּט צום לײַב. נאָך צוויי שאָ... אינגאַנצן צוויי שאָ צײַט! אין פֿאַרגלײַך מיט די שווערע כאַדאָשים, וואָס ער געפֿינט זיך דאָ, איז דאָס ניט מער ווי אַן אויגנבליק. נאָר פֿאַרוואָס זשע ציט זיך אַזוי לאַנג די צײַט? ס׳איז שוין דורך, דאַכט זיך, אַן אייביקײַט. דער נעפּל ליגט נאָך אַלץ אַף דער ערד, און דער פֿוילער רעגן הערט ניט אויף. מאַקס ווייסט ניט, צי דאָס איז בעסער אָדער ערגער פֿאַר אים. ער ווייסט ניט, וויפֿל קאָן איצט האַלטן דער זייגער. ער האָט זיך ביכלאַל אָפּגעווינט פֿון נאָכשפּירן נאָך דער צײַט. די אופֿזעער וועלן ניט דערלאָזן, דו זאָלסט פֿאַרשלאָפֿן אפֿילע אַן איבעריקע מינוט, זיי וועלן דיך פּינקטלעך צו דער צײַט אופֿוועקן צו דער אַרבעט... נאָר גראָד איצט האָט זיך געוואָלט, אַז די צײַט זאָל גיין גיכער. און מאַקס האָט גענומען ציילן די סעקונדעס. ער האָט פֿאַר זיך געציילט ביז טויזנט, ביז דרײַ, ביז פֿינף טויזנט, זיך פֿאַרפּלאָנטערט, און אָנגעהויבן נאָכאַמאָל פֿון סאַמע אָנהייב. גאָטעניו, וויפֿל דאַרף מען ציילן, ס׳זאָלן דורך צוויי שאָ? נו, און וואָס וועט זײַן נאָך די צוויי שאָ?..

אין קאָפּ איז אויך געווען אַ נעפּל. דער קאָפּ האָט זיך געדרייט. טויזנטער מאַכשאָוועס האָבן אופֿגעריסן דעם מויעך: און אַז דו וועסט שוין אַרויס פֿון יענער זײַט דראָטן, וווהין ווועסטו זיך אַהינטאָן מיט דײַן רעקל אין די שוואַרצע פּאַסן? מיט דעם גרויסן נומער אַף דײַן פּלייצע, מיטן נומער, וואָס מע האָט דיר אויסגעברענט אַף דער האַנט, דיך געשטעמפּלט, ווי אַן אָקס...

עס איז אים באַפֿאַלן אַ מוירעדיקער אומגעדולד. וואָס עס זאָל ניט געשען, נאָר זאָל דאָס געשען גיכער!

■

צו אַלץ קומט אַ סאָף! די צוויי שאָ האָבן זיך אויך אויסגעלאָזט, און אַ קאָלאָנע מאַשינעס איז ווידער אַרײַנגעפֿאָרן אין דער זאָנע פֿון דער שטיינהאַקערײַ.

עס איז געוואָרן אַ גערודער. די אַרעסטאַנטן האָבן אָנגעהויבן שלײַדערן די שטיינער אין די קאַסטנס פֿון די אַוטאָמאָבילן. אופֿזעער האָבן זיי אונטערגעטריבן.

מאַקס האָט זיך געלאָזט מיט אַ שטיין אַף די פּלייצעס צו דער מאַשין, וווּ עס איז געזעסן דער בלאָנדער שאָפֿער.

יענער איז אַראָפּגעשפּרונגען אַף דער בלאָטיקער ערד, אַ הייב געטאָן דעם קאַפּאָט און זיך גענומען פּאָרען אין מאָטאָר. ער האָט פֿון דער זײַט געקוקט אַף מאַקסן.

דאַכט זיך, ווען איז דאָס געווען? מיט אַ כאַדאָשים אַכט-נײַן צוריק. ליינאַרדס טעאַטער האָט נאָך געשפּילט, און ער, וואַלטער, איז געקומען צוגאַסט צו זײַן שטיפֿפֿאָטער עמיל שולצן, יענער האָט אים אוועקגעפֿירט אין טעאַטער זען אָטעלאָ. אָט דער מענטש, וואָס גייט איצט אַהער און אויסגעמוטשעטער, אַ פֿאַרוואַקסענער, אײַנגעבויגן אונטער דער לאַסט פֿונעם שטיין, איז געווען אַף דער בינע. מיט וואָס פֿאַר אַ ליבע האָבן אים באַגעגנט די מענטשן, וואָס האָבן פֿאַרפֿולט דעם זאַל! אַזאַ טאַלענטירטער אַקטיאָר, און איצט האַקט ער שטיינער אין אָט דעם שוידערלעכן לאַגער!

וואלטער האָט זיך באומרוּיִקט ניט ווייניקער פון מאקסן. דאָס, וואָס ער האָט פארטראכט, איז געפערלעך. כאָטש באַם טויער וועט שטיין אויך אַן אייגענער מענטש, אַ וואכמאַן, וואָס וועט ניט שטרענג באזוכן די מאשין, ווען זי וועט ארויספאָרן פון לאגער, דאָך קאָן אַלץ טרעפן...

אָט האָבן די ארעסטאנטן שוין פארענדיקט אָנלאָדן די מאשינעס. מאקס האָט זיך אַ ביסל געזאמט.

וואלטער האָט אופגעהויבן דאָס דעקל איבערן געצײַג־קעסטל אין דער קאבינע, וואָס דינט פאר אַ באנק דעם שאָפער און צוויי פאסאזשירן, ער האָט אַ ווונק געטאָן צו מאקסן, ער זאָל זיך שנעל ארײַנרוקן אינעם אויסגעליידיקטן קעסטל. אין איין אויגנבליק האָט מאקס אויסגעפילט דעם באפעל. קעדיי ער זאָל ארײַן אין קעסטל, האָט ער געמוזט זיך אײַנקאָרטשען אינדרײַען. וואלטער האָט אראָפּגעלאָזט איבער אים דאָס דעקל. מאקס איז געלעגן אין געהאקטע ווונדן. עס איז געווען שווער צו עטעמען. די לופט איז אהער ארײַנגעדרונגען בלויז דורך די שפּארונעס, וואָס וואלטער האָט, זעט אויס, פארפריִער געמאכט אינעם זײַטיקן ווענטל.

די מאשין איז שווער געשפרונגען איבער די אָנגעוואָרפענע שטיינער און פארקערעוועט צום טויער. מאקס האָט דערהערט אויסגעשרייען פון די וואכלײַט. ווײַזט אויס, מע האָט קאָנטראָלירט די מאשינעס, וואָס פאָרן ארויס פון לאגער. נאָר קיין ווערטער האָט מאקס ניט פאנאנדערגע־קליבן. אָט זײַנען די וואכלײַט, דאכט זיך, צוגעגאנגען צו דער מאשין. איין שפאַן טיילט אים אָפּ פון זיי. מאקס פילט, ווי וואלטער זיצט אומרוּיִק אויף זײַן אָרט, עפּעס רעדט ער צו יענע, וואָס באזוכן די מאשין. עמעצער איז ארוף מיט איין פוס אויף דער ראָד און קוקט, אפּאָנעם, ארײַן אין אויטאָמאָביל־קאסטן. ווען וועט זיך דאָס ענדיקן?..

נאָר אָט האָט די מאשין זיך אַ רוק געטאָן פאָרויס. יאָ, די מאשין האָט זיך געלאָזט פאָרן ווײַטער! וואלטער האָט מיטן פוס אַ קלאַפּ געטאָן אין ווענטל, דאָס האָט געזאָלט באטײַטן: מיר זײַנען מיט דיר געראטעוועט... די ערשטע פעסטונג אײַנגענומען.

די מאשין איז געגאנגען וויכערדיק־שנעל איבערן אספאלטירטן שאָסיי. צוזאמען מיט דער לופט, וואָס איז ארײַנגעדרונגען אין קאסטן, איז אהער געקראָכן דער רויך פונעם מאָטאָר. עס איז שווער געווען אײַנליגן, נאָר מאקס האָט זיך געשטארקט.

עטלעכע קילאָמעטער פונעם לאגער האָט וואלטער אָפּגעשטעלט די מאשין באַם ראנד וועג, אראָפּגעשפרונגען אויף דער ערד און גענומען זיך פאָרען אין מאָטאָר.

— איך וועל אײַך דעריאָגן, — האָט ער אַ געשריי געטאָן צום עלטסטן פון דער קאָלאָנע.

ווען די לעצטע מאשין איז פארבײַגעפאָרן, האָט וואלטער אופגעהויבן דאָס דעקל פונעם געצײַג־קעסטל און האָט אַ ווונק געטאָן צו מאקסן, ער זאָל ארויסקריכן פון זײַן באהעלטעניש. ער האָט ארופגעוואָרפן אויף מאקס׳ פלייצעס אַ רעגנמאנטל און געזאָגט:

— פארדעקט אײַער אוניפאָרם... און דעם קאָלפּאק נעמט אויך אראָפּ... אָט איז אַ היטל...

— אַ דאנק!.. — האָט מאקס בלויז געקאָנט ארויסברענגען, ארומקוקנדיק זיך אין אַלע זײַטן.

וואלטער האָט דערקלערט:

— איר וועט זיך באהאלטן אָט דאָרט, צווישן די פעלדזן, — ער האָט אַ ווײַז געטאָן אין דער רעכטער זײַט פון וועג. — ווען עס וועט ווערן גוט טונקל, וועל איך קומען נאָך אײַך...

וואלטער האָט אָפּגעפירט מאקסן ביז צו אַ סטעזשקע און אָנגעוויזן אויף אַ גרוב, וווּ ער זאָל זיך אויסבאהאלטן. אויף יענעם אָרט, וווּ זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָט וואלטער אויסגעשאָטן טאבאק, די הינט זאָלן ניט קאָנען געפינען דעם שפור, אויב מע וועט זיך לאָזן זוכן דעם אנטלאָפענעם.

עס איז נאָך ניט געווען אינגאנצן פינצטער, ווען מאקס האָט ניט ווײַט פון יענעם אָרט, וווּ וואלטערס מאשין האָט פריִער מיט אַ שאָ־אָנדערהאלבן זיך אָפּגעשטעלט, דערזען די שײַן פון אויטאָמאָביל־פארעס. די פארעס האָבן זיך אויסגעלאָשן, אָנגעצונדן און ווידער זיך אויסגעלאָשן. דאָס איז געווען דער סיגנאל, וועגן וועלכן זיי האָבן מיט וואלטערן אָפּגערעדט. מאקס האָט זיך פאָרזיכטיק ארויסגערוקט פון זײַן באהעלטעניש. דער שאָפער האָט פון דער קאבינקע געמאכט צו אים מיט די הענט. אין אַ מינוט ארום איז מאקס שוין געזעסן באנאנד מיט וואלטערן, און די מאשין האָט מיט אַ גוואלדיקער שנעלקײַט זיך געלאָזט יאָגן אין דער נאכט.

— אין אַ שאָ ארום וועלן מיר קומען אויפן אָרט... — האָט וואלטער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך פארענטפערן. — דאָרטן ווארט מען אויף אײַך מיט אומגעדולד...

וואלטער האָט אָנגעשטרענגט זיך אײַנגעקוקט אויפן נאסן וועג, וואָס האָט זיך געשפרייט פאר דער מאשין. מאקס איז געזעסן שטום. ער האָט ווי פארלוירן דאָס לשון, ס׳האָט זיך אים נאָך אַלץ ניט געגלייבט, אַז ער איז פרײַ.

ארום זײַנען געלעגן פעלדער. שווארצע, אויסגעווייקטע פון דעם רעגן. פונדערווײַטנס האָבן זיך באוויזן איינצלנע פײַערלעך. דער וועג איז געווען פוסט, און וואלטער האָט אויסגעלאָשן די פארעס. עס האָט זיך דערנעענטערט דאָס דאָרף, וווהין זיי האָבן געײַלט.

— נו, אָט איז דאָס! — האָט וואלטער געזאָגט. ס'איז אים אראָפ א שטיין פונעם הארצן.

ער האָט אויסגעשלאָסן דעם מאָטאָר. די מאשין איז געבליבן שטיין לעם עטלעכע אלטע ווערבעס, אָנגעבויגענע איבער א שמאָלינק טײַכל, באם ראנד פון א דאָרף, וואָס האָט געקוקט אף דער גרויסער וועלט מיט בלינדע ווענט. זיי זײַנען ביידע ארויס פון דער קאבינע אף דער נאסער ערד. וואלטער האָט גענומען מאקסן פאר דער האנט, אריבערגעפירט איבערן טײַך־בריקל און פארקערעוועט אין א שמאָל געסל, צו א פויערישער שטוב, וואָס איז, ווי א פעסטונג, געווען ארומגערינגלט מיט א הויכן שטיינערנעם פארקן.

עס האָט א סקריפע געטאָן א קאליטקע. עס האָט זיך געעפנט די טיר, און אָט איז שוין מאקס אין די אָרעמס פון עריך שטוטבאך און עמיל שולץ.

## צו א נײַעם ברעג

קנאפע צוויי וואָכן האָט זיך מאקס געפונען אין זײַן באהעלטעניש. בלויז טיף אין דער נאכט, ווען אלץ און אלע זײַנען געשלאָפן, פלעגט ער ארויסגיין פון דער שטוב אן אָטעם טאָן מיט פרישער לופט.

עריך שטוטבאך, עמיל שולץ און די באלעבאטים פון דער שטוב, אן עלטערער פויער און זײַן פרוי, האָבן געציטערט איבער מאקסן, ווי איבער א קליין קינד, זיי האָבן געטאָן אלץ, ער זאָל זיך אָנעמען מיט קרעפטן. עס איז אים נאָך פאָרגעשטאנען א שווערער און ווײַטער וועג.

אין איינער פון די סאָפהארבסטיקע נעכט, ווען ס'איז שווער דערגיין א טאָלק, צי פונעם אָנגעכמורעטן הימל זיפט זיך א רעגן, צי עס שיט א נאסער נימעסער שניי, האָט מאקס קרייסלער זיך אָפגעזעגנט מיט דער גאסטפרײַנטלעכער שטוב, מיט זײַנע אלטע און נײַע פרײַנט און זיך געלאָזט מיטן רוקזעקל אף די פלייצעס צום שטילן וועג, ווו אונטער די באקאנטע ווערבעס האָט שוין געווארט אף אים וואלטער מיט זײַן מאשין.

צײַט איז געווען ווייניק. ביז עס וועט אָנהייבן טאָגן, האָט מען געדארפט זיך דערקלײַבן צו א דערפל ניט ווײַט פון דער גרענעץ. וואלטער האָט באגעגנט מאקסן מיט צעעפנטע אָרעמס. טרײַבנדיק האסטיק די מאשין איבער זײַטיקע וועגן און שטעגן, האָט ער דערציילט, וואָס פאר א טומל עס האָט זיך אופגעהויבן אין לאגער נאָך זײַן פארשווונדן ווערן. מע האָט ארויסגערופן אין געסטאפאָ אלע שאָפערן, וואָס האָבן געפירט שטיינער אין יענעם טאָג. אים, וואלטערן, נאַטירלעך, אויך. אָבער קיינער האָט ניט געוווסט פון עפעס צו זאָגן. מע האָט געביטן די וואך אין דער שטיינהאקערײַ, עטלעכע טעג קיינעם ניט ארויסגעטריבן אף דער ארבעט.

אָן אופהער האָט געארבעט דער ווישער און גערייניקט פונעם פאָדערשטן גלאָז די גרויסע רעגן־טראָפנס. דער רעגן איז געוואָרן שטארקער און געפײַקלט איבערן דעכל פון דער קאבינקע, ווי שרויט, און אונטער די רעדער האָט געכליופעט וואסער, ווי א פאָנטאן, געשפריצט אין אלע זײַטן.

אלץ ארום און ארום איז געשלאָפן, אײַנגעהילט אין פינצטערניש און שרעק. וואלטער האָט אָנגעשטרענגט אײַנגעקוקט זיך אין דער ווײַט, געטאפט מיטן בליק דעם וועג. ער האָט די גאנצע צײַט קימאט ניט אָנגעצונדן די פארעס. אלעמאָל נאָר האָט ער געוואָרפן א בליק אפן ספידאָמעטער, ארויסגעשטעקט דעם קאָפ פון דער קאבינקע. ניט ווײַט פון א דערפל, וואָס איז געלעגן פאנאנדערגעוואָרפן אף קרומע בערג און אין א טיפן טאָל, האָט ער אָפגעשטעלט די מאשין.

זיי זײַנען ארויס פון דער קאבינע. וואלטער האָט גוט צוגעשלאָסן די טירלעך, און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין מיט דעם בלאָטיקן, ניט־ברוקירטן וועג. א שטארקער צאָפן־ווינט האָט דורכגענומען דאָס לײַב אף דורך און דורך. דער רעגן האָט ניט געטראכט שטילער צו ווערן.

א מעשוגענער וועג! דאָס לאָזט ער זיך אראָפ, דאָס פליט ער ארוף אינדערלופטן, און דו גייסט ווי באם ראנד פון א טהאָם. עס איז געווען שווער צו גיין, גליטשיק, מע האָט זיך געדארפט אָנהאלטן איינער אָן אנדערן. די הייזעריקע הינט האָבן דערפילט מענטשן, זיך אופגעכאפט און גענומען קערן וועלטן.

ענדלעך האָבן זיי זיך אראָפגעלאָזט אין טאָל, ווו עס זײַנען געשטאנען אין גלײַכע רייען הײַזער, ארומגעצוימטע מיט הויכע פלויטן, נאָר וואלטער האָט געפירט מאקסן ווײַטער, ביזוואנען זיי זײַנען צוגעקומען צום היגן בעסוילעם. פון יענער זײַט פארקן האָט ארויסגעקוקט א שטיבל אונטער א דאך פון טשערעפיצע. אין איין פענצטערל האָט קוים געבלינצלט א פײַערל.

וואַלטער האָט איבערגעלאָזט מאַקסן באַם פּאַרקן. אַליין איז ער אַוועק צום וועכטער פון בע־סוילעם. מאַקס האָט זיך ארומגעקוקט אין אַלע זײַטן. עס איז געווען זייער אומעטיק צו שטיין אַזוי אײַנמיטן דער נאַכט לעבן די צלאָמים און מאָנומענטן, וואָס האָבן, ווי לעבעדיקע, אַרויסגע־קוקט פון איבער דעם פּאַרקן. דאָס דאַרף איז געשמאַק געשלאָפן, קיינעם האָט ניט געאַרט, וואָס די הינט האָבן זיך אַזוי צעבילט. עך, פּאַרוואָס קומט עס אים, מאַקסן, אַרומשלעפן זיך אַזוי איבער דער ערד, פאַרוואָס יאָגט מען זיך נאָך אים, ווי די היצליעס? בייזע מאַכשאָוועס האָבן געגומען עגבערן אין מויעך. און אַזויפיל מענטשן אַרום אים און איבער אים שלאָפן אויך ניט, זאָרגן פאַר אים, שטעלן אײַן דאָס לעבן. נאָך גוט, וואָס ס׳זײַנען דאָ אַזוינע מענטשן. וואָס פאַר א פּאָנעם וואָלט געהאַט די וועלט אָן זיי?

די טיר פונעם וועכטערס הויז אין עק בעסוילעם האָט זיך אופגעעפנט, צוויי פיגורן האָבן זיך פון דאָרטן אַרויסגערוקט און זיך געלאָזט אַהין, ווו מאַקס איז געשטאַנען. ווען זיי זײַנען צוגעגאַנגען נאָענט, האָט מאַקס דערזען וואַלטערן און א דאַרן וווקסיקן אַלטן מאַן.

— און דער הער פּראָפעסאָר פאַרוואָס איז ניט געקומען מיט אײַך? אים וואָלט אויך ניט געשאַט זיך אַריבערפּעקלען אַהין... — האָט דער אַלטער זיך אָנגערופן מיט א פּאַרקילטער שטים. — וואָס מיינט ער, די נײַע רעגירער וועלן אים שאַנעווען? אַזוינע מענטשן, ווי עריך שטוט־באַך, זײַנען אין דײַטשלאַנד פאַרבליבן ניט קיין סאַך... גאָרניט קיין סאַך. מיט פינף יאָר צוריק האָט ער געראַטעוועט פון טויט מײַן פרוי. אַלע דאָקטוירים אין בערלין האָבן שוין געהאַט אָף איר א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און עריך שטוטבאַך האָט זי אָפּערירט און אָפּגעראַטעוועט...

ער האָט מיט דער האַנט א ווײַז געטאָן אָף מאַקס׳ רוקזאַק.

— דאָס איז אײַער גאַנצער באַגאַזש?

— יאָ... דער גאַנצער...

— נו, דאָס איז גוט!.. אונדז וועט אויסקומען זיך דראַפּען איבער די בערג, דאַרף מען זײַן א לײַכטער פּאַטאַזשיר... איבער בערג קאָנט איר קלעטערן? שוין אַמאָל אויסגעקומען?..

— איך בין געבוירן געוואָרן אין די קאַרפּאַטן... — האָט ווייטעקלעך א שמייכל געטאָן מאַקס. — כ׳וועל א פּרווו טאָן... עפּשער זיך ניט אָפּגעווווינט.

— נו, איז געגאַנגען!

מאַקס האָט אַרומגענומען און צוגעדריקט צום האַרצן וואַלטערן. ער האָט א סאַך געהאַט צו זאָגן אָט דעם טײַערן יונגן מענטשן, וואָס האָט אים געראַטעוועט פון טויט, נאָר אין האַלדז האָט געשטיקט עפּעס א ביטערער קנויל און ער האָט נאָר געזאָגט:

— א דאַנק, טײַערער פרײַנט... איך גלייב, אַז מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען... צום ווידער־זען, טײַערער!

ער האָט זיך געלאָזט גיין נאָכן וווקסיקן אַלטן, וואָס האָט שוין געשפּאַנט ארוף־באַרג.

■

ווער זײַנען זיי און ווי רופט מען זיי, די מענטשן, וואָס האָבן אים געפירט דורך בערג און טאָלן, דורך האַסטיקע טײַכלעך און פאַרוואָרפענע שטעגן? ווער זײַנען די מענטשן, וואָס האָבן אים אַרײַנגעלאָזט צו זיך אין שטוב, אָנגעהאָדעוועט, דערלויבט איבערזיצן, ביז די גרענעץ־וואַך וועט פאַרבײַגיין און ער וועט זיך קאָנען לאָזן ווײַטער אין וועג?..

מאַקס איז אײַנגעקשנט געגאַנגען פאָרויס. איין באַגלייטער האָט געפירט דעם געיאָגטן און געפּלאָגטן עטלעכע קילאָמעטער און אים איבערגעגעבן א צווייטן, יענער א דריטן, א פערטן. אַזוי האָט זיך געצויגן דער וועג און די צײַט.

עס איז שוין געווען ניט ווײַט צו דער פראַנצויזישער גרענעץ. דאָ האָט מען באַזונדערס גע־דאַרפט זײַן פאָרזיכטיק, קעדיי ווידער ניט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון די נאַציסטן.

ניט זעלטן פלעגט זיי אויסקומען זיך אויסבאַהאַלטן אין א שטיבל, וואָס איז געשטאַנען ער־געץ אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט. די פויערים האָבן מיט מיטלײַד געקוקט אָף דעם אויסגעמוטשעטן, גראָוון מענטשן, וואָס לויפט פונעם פאַשיסטישן דײַטשלאַנד. וויפל אַזעלכע מענטשן זײַנען שוין דאָ דורכגעגאַנגען מיט אָט די געדרייטע, שווערע וועגן און שטעגן זינט יענער צײַט, ווען די ברוינע בעסטיע האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין דײַטשלאַנד.

און אָט איז געקומען א טאָג, ווען ער האָט זיך אופגעהויבן אָף א בערגל און ענדלעך דערזען דעם געגאַרטן בערג. עס האָט זיך באַוויזן א פראַנצויזיש דערפל, און מאַקס האָט פרײַ אָפּגע־אָטעמט. ער האָט זיך האַרציק געזעגנט מיט זײַן לעצטן וועגווײַזער און באַגלייטער. נאָך איידער די זון איז אופגעגאַנגען, איז ער שוין געווען אָף א קליינער באַן־סטאַנציע, וואָס איז מיט עפּעס

שטאַרק געווען ענלעך אַף דער סטאַנציע לעבן זײַן קאַוואַליוקע. פונדאַנען וועט אים דער צוג אָפּפירן קיין פּאַריזש.

אים האָט זיך דערמאָנט אַן אַנדער אָסיען, ער איז דעמלט אויך געפאָרן קיין פּאַריזש. וואָס פאַר אַ גאָלדענע צײַט איז דאָס געווען! ער איז געווען יונג, געזונט, פול מיט טרוימען און האָפע־נונגען. באַנאַנד מיט אים איז געווען פרידע. פּאַריזש האָט דעמלט געוואַרט אַף מאַקסן. ער איז געפאָרן אַף זײַנע ערשטע גאַסטראָלן... און איצט?.. האָט אים דען יענץ מאָל אַפּילע געקאָנט קו־מען אין קאָפּ, אַז אַלץ וועט זיך אַזוי איבערקערן און ער וועט דאַרפן מיטן רענצל אַף דער פּלייצע גאַנוועגען די גרענעץ, ציטערן פאַר יעדער שאָטן, היטן זיך פאַר אַ זײַטיקן בליק? און וואָס וואַרט אַף אים אין פּאַריזש? ווער געדענקט אים אין יענער גרויסער, רוישיקער שטאָט?

אַפן שטילן וואָקזאַל האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פּאַסאַזשירן, אַנגעזאָטלטע מיט רוקזעקלעך און טשעמאָדאַנעס. מאַקס האָט איצט מוירע געהאַט פאַר מענטשן, אים האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז מע טשאַטעוועט אים נאָך. וואָס קוקן אַף אים די מענטשן מיט אַזוינע פאַרוווּנדערטע אויגן? צי דען שטויסן זיי זיך אָן, פונוואַנען ער קומט איצט?

זעט אויס, ער ציט צו די אופמערקזאַמקײַט מיט זײַן אויסגעריבענעם מאַנטל, מיט די בלאָ־טיקע צעהאַרגעטע שיך און מיטן זעלנערשן רוקזעקל. דאָס איז דער טאַליסמאַן זײַנער. עריך שטוטבאַך האָט אים מיטגעגעבן אין וועג אַרײַן דאָס דאָזיקע זעקל, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פון דער מילכאָמע. אין איין אָרט איז עס דורכגעלעכערט פון אַ קויל. די קויל האָט דעמלט ניט פאַרטשעפּעט דעם דאָקטער, און דאָס זעקל איז פאַר אים געוואָרן הייליק און טײַער. ער האָט קימאַט אַף אַן עמעס געגלייבט, אַז דער דאָזיקער טאַליסמאַן וועט אויך אויסהיטן מאַקס קרייסלערן פון אַלע געפאַרן, פונקט ווי ער האָט אַמאָל אים, עריך שטוטבאַכן, אויסגעהיט פון דער קויל.

אין אָט דעם זעקל האָט איצט מאַקס געהאַלטן אַ פּאָרל וועש, אַן איבערהעמדל און זײַן לאַגער־מאַלבעש. יאָ, דאָס רעקל מיט די שוואַרצע פּאַסן און מיט די לאַגער־נומערן און דעם קאַלפּאַק פון אַן אַרעסטאַנט.

ער האָט גוט געוווּסט, מאַקס, אַז ווען ער פאַלט אַרײַן אין די הענט צו דער גרענעץ־וואַך, איז אָט דאָס רעקל ווי אַ טויט־אורטייל. און דאָך האָט ער ניט געוואָלט זיך צעשיידן מיט דעם „מונדיר", וואָס איז איצט אַזוי פאַרשפּרייט אין דײַטשלאַנד. ער וועט אים נאָך אָפּדינען, אָט דער מונדיר.

דורך די כמאַרעס האָט זיך געגומען דורכשלאָגן די זון. מאַקס האָט אויסגעקליבן אַן אָרט אונטער די זון־שטראַלן. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל, פאַרזשמורעט די אויגן. ער וואָלט אַזוי געשטאַנען שאָענווײַז און זיך געוואַרעמט אַף דער זון. דער רועך זאָל דאָס נעמען, ווי שיין די וועלט איז און ווי שיין וואָלט געקאָנט זײַן דאָס לעבן!

ס'איז אָנגעקומען דער צוג. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די וואַגאָנעס. אַף אַ ווײַלע האָט מאַקס זיך פאַרהאַלטן. ס'האָט זיך אים פּלוצעם אויסגעוויזן, אַז ער איז אַן אַרעסטאַנט. ער טאָר קיין שפּאַן ניט מאַכן אָן דעם באַפעל פונעם אופזעער... צי דען וועט ער, וויפל ער וועט לעבן, פילן אַף דער פּלייצע אַן אָנגעצילטע רער פון אַ ביקס? צי דען וועט ער שוין מער ניט קאָנען לאַכן, שפּאַסן, טאַנצן? און ווי וועט ער אַרומגיין אַף דער בינע? מיט פאַרלייגטע הענט, ווי מע האָט געפּאָדערט פון אים אין לאַגער? ער איז אַרײַן אין וואַגאָן. מאָדנע — ער קאָן גלײַך מיט אַלעמען זיך אוועקזעצן און פאָרן. מאָדנע! זייער מאָדנע! ער האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט גלייבן, אַז ער איז אַף דער פרײַ, אַז ער פאָרט קיין פּאַריזש.

אין קופּע איז ער צוגעפאַלן צום פענצטער. פאַר די אויגן זײַנען געלאָפן שטעטלעך, סטאַנ־ציעס, וועלדלעך. די ביימער זײַנען געשטאַנען הוילע, אָן בלעטער, די ערד, נאָך דעם, ווי זי האָט אָפּגעגעבן איר גערעטעניש, האָט אויך אויסגעזען אומעטיק. נאָר אים איז געווען ליב צו קוקן אַף דער לאַנדשאַפט. ס'האָט אים געמאַטערט דער געדאַנק: ווי וועט זײַן אין פּאַריזש? מאַקס האָט געוווּסט בלויז אַן אַדרעס פון עריך שטוטבאַכס באַקאַנטע אין פּאַריזש. לויט דעם דאָזיקן אַדרעס האָט שטוטבאַך דורך געהיימע קאַנאַלן אויך איבערגעגעבן די ידיִע, אַז ס'איז געלונגען אַרויס־רײַסן מאַקסן פונעם לאַגער. ניט שטוטבאַך און ניט מאַקס האָבן ניט געקאָנט וויסן, אַז דאָס איז גענוג, אַז אין פּאַריזש זאָל מען אַף מאַקסן וואַרטן.

און דער צוג איז דערווײַל אָן אופהער געלאָפן. מאַקס איז אָפּגעגאַנגען פון פענצטער, פאַר־נומען זײַן אָרט. פון מידקײַט האָבן אים אָנגעהויבן זיך קלעפּן די אויגן און ער איז אײַנשלאָפן געוואָרן. ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, איז ער ווידער אוועק צום פענצטער. איצט זײַנען פאַרבײַ דעם צוג געלאָפן געבײַען, הויכע קוימענס, דער צוג האָט זיך דערנעענטערט צו פּאַריזש.

אַפן פּעראָן האָט געווימלט מיט מענטשן. מע איז געלאָפן אַנטקעגן דעם צוג, געשריגן, גע־לאַכט, עמעצן געזוכט. אהער, אין וואַגאָן, האָבן זיך דערטראָגן אויסגעשרייען. דאָס, וואָס עס האָט זיך געטאָן אַפן פּעראָן, איז געווען זייער ענלעך אַף דעם, וואָס מאַקס האָט געזען, ווען ער איז

געקומען אהער דאָס ערשטע מאָל צוזאמען מיט פרידען, און דאָס הארץ זייַנס האָט עפּעס א קלעם געטאָן.

ער האָט געקוקט מיט קינע אַף זייַנע שכיינים, וואָס האָבן געייַלט צום ארויסגאנג. אַלע האָבן געייַלט, נאָר ער, מאַקס, האָט ניט געהאט וואָס צו אייַלן. קיינער באַגעגנט אים ניט, — מעג ער ארויסגיין פונעם וואגאָן דער לעצטער. עס איז אפילע א ביזאָיען ארויסגיין אין אזעלכע בגאָדים, ווי בא אים, אין די צעהארגעטע שיך, ווען אזא יאָמטעוודיק־אופגעלייגטער אוילעם רוישט פון יענער זייַט וואגאָן.

ער וועט זיך אוועקלאָזן אין דער פרעמדער שטאָט, ווו קיינער וואַרט ניט אַף אים, צו פרעמדע מענטשן. אים וועט אויסקומען אָנהייבן דאָס לעבן פונסנייַ, אים, דעם אויסגעמאַטערטן ארעסטאנט, וואָס האָט זיך אלפּי־נעס ארויסגעריסן פון דער מוירעדיקער טפיסע, וואָס הייסט דייַטשלאנד. מיט יאָרן צוריק האָט ער זיך ארויסגעריסן פון דער היים, געלאָפן אין דער גרויסער וועלט אריין. דעמלט האָט דאָס לעבן פאר אים זיך אָנגעהויבן. נאָך אזויפיל יאָרן שטייט ער ווידער באם אָנהייב, א מידער, אן אויסגעמאַטערטער, נאָך דעם ווי ער האָט פארזוכט, וואָס הייסט מענטשלעכע נישטיקייַט, ווילדקייַט, פארברעכן.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. באם ארויסגאנג איז געוואָרן א שטופעניש. מאַקס איז נאָך אַלץ געזעסן אַף זייַן אָרט. פון יענער זייַט וואגאָן איז דער טומל אָנגעוואקסן. אַלץ מער מענטשן לויפן ארום און זוכן עמעצן, קוקן אריין אין די ברייטע וואגאָן־פענצטער. עס קומען אָן יוגנטלעכע מיט פענדלעך און פּלאקאטן. „וואָס פאר א יאָמטעוו איז הייַנט, וואָס זיי זייַנען אזוי אופגעלעבט? — האָט געטראכט מאַקס. — וועמען באַגעגנט מען דאָס?“

ער האָט גענומען זייַן רוקזעקל און זיך געלאָזט צום ארויסגאנג. ער האָט זיך אָבער באַלד אָפּגעשטעלט, ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז פון יענער זייַט וואגאָן שרייַט מען „מאַקס קרייס־לער! מאַקס קרייסלער!“...

וואָס הייסט דאָס? וואָס קומט מיט אים פאָר?

ער האָט א קוק געטאָן אין פענצטער און איז דערשיטערט געוואָרן. ער האָט דערזען א פּלאַ־קאַט: „א ברודערלעכן גרוס מאַקס קרייסלערן!“ פונוואנען האָט מען זיך דערוווּסט, אז ער קומט אָן און ווער האָט עס צוגעגרייט אזא קאבאלעס־פּאָנעם? ווער האָט איבערגעגעבן, אז ער פאָרט מיט דעם צוג? ניט אנדערש, אז יענע, וואָס האָבן אים באגלייט אין זייַן שווערן וועג, זייַנען אויך איצט געוועז מיט אים.

מאַקס איז געווען אין טיפער פארלעגנהייַט.

ער וועט באַלד דארפן עפּעס זאָגן אָט דעם אוילעם. וואָס וועט ער זאָגן? ער וועט דערציילן, וואָס עס טוט זיך איצט אין דייַטשלאנד. נאָר ווו וועט ער נעמען די ווערטער, קעדיי דערציילן וועגן דעם, וואָס דאָרטן קומט פאָר? ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין רעדנער...

און פּלוצעם איז אים אופגעקומען א געדאנק. אין איין אויגנבליק האָט מאַקס אראָפּגענומען פון זיך דעם מאנטל, דאָס היטל, אפגיך ארופגעשלעפּט אַף זיך דאָס לאגער־רעקל מיט די שווארצע פאסן, מיט דער שרעקלעכער געלער לאטע, מיט דעם נומער אַף דער פּלייצע. ער האָט אָנגעטאָן אפּן קאָפּ דעם קאלפּאַק און ענערגיש זיך געלאָזט צום ארויסגאנג.

די מענטשן אפּן פּעראָן זייַנען דערציטערט געוואָרן, ווען זיי האָבן אים דערזען אין די ארעסטאנטישע קליידער. אַלע זייַנען געשטאנען, ווי פארשטיינערט. ערשט ווען דער אוילעם איז געקומען צו־זיך, האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען:

— צי דען איז דאָס מאַקס קרייסלער?..

— וואָס פאר א רעקל!

— זעט נאָר, א געלע לאטע!

— פארשאָלטן זאָלן זיי ווערן, די גאַרגלשנייַדער!

פון אַלע זייַטן זייַנען אהער געלאָפן מענטשן זען דעם גאסט אין דער שרעקלעכער אוניפאָרם פונעם דריטן רייַך. דער קרייַז ארום מאַקסן איז מיט יעדער מינוט ברייטער געוואָרן. און אָט האָט שוין עמעצער געבראכט אפן וואקזאל־פּלאץ עטלעכע קאסטנס, געמאכט דאָרט אן אימפּראָוויזירטע טריבונע און אהין אוועקגעפירט מאַקס קרייסלערן.

די מענטשן האָבן געוואַרט אַף זייַן וואָרט.

מאַקס קרייסלער איז צוגעגאנגען צום ראנד פון דער אומגעווייַנלעכער טריבונע:

— ברידער און שוועסטער, בירגער פון פאריזש, איך בין א געווייַנלעכער שוישפּילער. דאָס גאנצע לעבן בין איך געוווינט צו ריידן מיט דער שפּראך פונעם דראמאַטורג. קיין רעדעס קאָן איך ניט האלטן. אָבער איצט ווילט זיך מיר אייַך זאָגן: ניט ווייַט פון אייַערע גרענעצן האָט זיך אָנגעהויבן א שרעקלעכע מאגייפע. זי קאָן קומען אויך צו אייַך, און איר מוזט זייַן וואך. דאָרטן, אין פאשיסטישן דייַטשלאנד, שמאכטן אונטער די שטעכדראָטן און אין די טורמעס צענדליקער

טויזנטער אומשולדיקע קאָרבאָנעס. די פאַשיסטישע בעסטיע איז געקומען צו דער מאַכט דורך טעראָר, בלוט, שווידער. די פאַשיסטן האָבן צעטראָטן דאָס געזעץ, אָפּגעשאַפן די מענטשן־רעכט, די ציוויליזאַציע. זיי האָבן פאַרלאָשן די זון, און אַ גרויזאַמע פינצטערניש, שרעק, פאַכעד האָט באַהערשט דאָס לאַנד, דאָס פאָלק. זיי פאַרברענען אַף די פּלעצער ביכער, בילדער, און בא דער שיַין פון אַט די שיַיטערס טאַנצן זיי זייער שיידים־טאַנץ...

פריַינט, ברידער, זיי האָבן מיך אָנגעטאָן אין אַט דעם רעקל מיט די שוואַרצע פּאַסן, צוגע־טשעפּעט געלע לאַטעס... אויסגעברענט אַף דער האַנט אַ שטעמפּל... — מאַקס האָט פאַרקאַטשעט דעם אַרבל און באַוויזן די אַנטבלויזטע האַנט מיטן נומער... — זיי האָבן געמיינט, אַז דערמיט וועלן זיי דערשטיקן אין מיר דעם מענטשן־גייַסט... — ער האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, דערזען טרערן אין די אויגן פון די מענטשן, וואָס זיַינען געשטאַנען אַרום אים, און ער האָט פאַרגעזעצט:

— מענטשן, פאַרגעדענקט און דערציילט אייַערע אייגענע, אייַערע פריַינט, באַקאַנטע, אַז אַ מוירעדיקע געפאַר רוקט זיך אָן אַף דער גאָרער וועלט. אַ שרעקלעכע כייַע גרייט זיך דערשטיקן אומעטום די קולטור, די דעמאָקראַטיע, די פריַיהייַט, דאָס לעבן און פאַרוואַנדלען די וועלט אין אַ טויט־לאַגער. צו טייַער האָבן מיר באַצאָלט פאַר אונדזער פאַסיווקייַט. מיר האָבן לייַכטזיניק געקוקט אַף דער געפאַר, וואָס האָט געלויערט איבער אונדז. אַלע מוזן זיך פאַראייניקן אין קאַמף קעגן בלוטיקן פאַשיזם. כאַזערט ניט איבער אונדזערע פעלערן, וואַרט ניט, ביז דער גרויסער אומגליק וועט קומען צו אייַך אין שטוב! קאָלזמאַן היטלער מיט זיַינע באַנדעס געוועלטיקט אין דייַטשלאַנד, טאָר קיינער פון אונדז ניט בלייַבן רויִק... דאָס זאָגט אייַך אַ מענטש, וואָס איז געווען אין די בלוטיקע נעגל פון דער ברוינער בעסטיע, אַ לעבעדיקער איידעס, וואָס איז געקומען פון גענעם!

דער מענטש אינעם געשטרייַפטן רעקל פונעם דייַטשישן קאָנצלאַגער האָט מיט זיַין רעדע אופגערודערט דעם אוילעם. פון אַלע זייַטן האָבן זיך געטראָגן אויסגעשרייען, צאָרנדיקע ווערטער. אַף מאַקס׳ אָרט זיַינען שוין געשטאַנען אַנדערע רעדנער — מענער, פרויען, און אַלע האָבן גע־פאָדערט, גערופן זיך אייַנשליסן אין קאַמף.

אַפן פּלאַץ האָט זיך אויסגעשטעלט אַ לאַנגע קאָלאָנע. זי האָט זיך געלאָזט גיין איבער די הויפּט־גאַסן פון שטאָט. אין וועג איז זי אויסגעוואַקסן. הונדערטער מענטשן האָבן זיך פאַראייניקט צו דער אומגעוויינלעכער מאַניפעסטאַציע, וואָס איז געגאַנגען צו דער דייַטשישער אַמבאַסאַדע פּראָטעסטירן, מאָנען, רופן.

■

דאָס הויז פון שטוטבאַכס באַקאַנטע, ווו מאַקס האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן באַלאַגערט קאָ־רעספּאָנדענטן, פאָטאָגראַפן... מע האָט דעם אומגעוויינלעכן גאַסט ניט געלאָזט רוען. מע האָט אים אייַנגעלאַדן אַף מיטינגען און פאַרזאַמלונגען. ער האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט. אומעטום האָט גע־קלונגען זיַין הייסער רוף, מע זאָל ניט פאַרגעסן די פאַשיסטישע הענקער פאַר זייערע מוירעדיקע פאַרברעכנס, מע זאָל שטיין אַף דער וואַך, ניט דערלאָזן, אַז דער פאַשיזם זאָל זיך פאַנאַנדער־שפּרייטן, אַריבערגיין נייַע גרענעצן...

ער האָט גערעדט ניט בלויז אין זיַין נאָמען, נאָר אין נאָמען פון הונדערטער טויזנטער, וואָס שמאַכטן אונטער די שטעכדראָטן און וואַרטן אַף רעטונג.

## די סרייפע צעפלאַקערט זיך

מענטשן דערציילן, אַז מאַרסעל דיוראַסאָ איז געווען אַמאָל באַוווסט אין דער פּראָווינץ ווי ניט קיין שלעכטער קאָמיקער. ער האָט עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד געמאַכט פרייד מיט זיַינע וויצן דאָס געערטע טעאַטער־פּובליקום.

מע גיט איבער, אַז ער האָט אַמאָל אַזוי צעקיצלט די צושויער, זיי אַזוי געמאַכט לאַכנדיק, אַז צווי געהויבענע דאַמעס האָבן ניט אויסגעהאַלטן און אָפּדערעמעסן געפּלאַצט פון געלעכטער. ווען די נעשאָמעס האָבן שוין אָט־אָט געזאָלט אַרויסשפּרינגען פון זייערע גופים, האָבן זיי דאָך געפונען אין זיך קויכעס אויסצושרייַען: „בראַוואָ, מאַרסעל!“

און נאָך דערציילט מען, אַז איינמאָל, ווען מאַרסעל דיוראַסאָ האָט געשפּילט דעם לעץ אין אַ פּראָווינציזשן וואָדעוויל, האָט אַ מעובערעסע מאַדמואַזעל מאַפּל געווען פון געלעכטער. אין דער לעצטער מינוט האָט די מאַדמואַזעל באַוויזן אויסקוויטשען „וויוואַט, דיוראַסאָ!“, און גלייַך האָט דאָס נייַגעבאָרענע קינד אַ פּישטשע געטאָן שוין אַף דער־וועלט. אַנדערע זאָגן אַפילו, אַז דאָס



קינד האָט ניט געפּישטשעט, נאָר געלאַכט. אָבער אַלץ, וואָס מע דערציילט וועגן מאַרסעלן, איז ניט איבערצודערציילן.

אַמאָל האָט מען אים פּאָרויסגעזאָגט אַ גלענצנדיקע טעאַטראַלע קאַריערע. ער איז געווען אַ געבוירענער, אַ גאָטס־געבענטשטער שוישפּילער. אַ קליינוווקסיקער, אַ קײַלעכדיקער, ווי אַ דייזשקע, מיט אַ גרויסן הוילן קאָפּ, וואָס וואַקסט אַרויס ניט פונעם האַלדז, ווי בא אַלע מענטשן, נאָר פון די אַקסלען, מיט אַ פלייש־רויט פּאָנעם, מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגן, וואָס קוקן אַרום זיך מאָדנע־מעשונע, מיט אַ גראָבער נאָז, ווי אַ קאַרטאָפליע, און אַ פּאָר געלע וואָנצעס, וואָס האַלטן זיך אין איין באַוועגן, — האָט ער בלויז מיט זײַן אויסזען געקאָנט מאַכן לאַכנדיק דעם עולם. היינט שטעלט זיך פאָר, אַז מע פאַרפּוצט אים אין אַ גרויסן קאַפּעליוש מיט פעדערן, אין אַ פּאָר צעריסענע הויזן און אַז ער טוט דערצו אַ כאָרכל מיט זײַן אייביק צוגעקילטער שטים און שטעלט אַרויס אַ לאַנגע צונג. פאַרוואָס זשע זאָל מען זיך ניט האַלטן בא די זײַטן פאַר געלעכטער?..

אַלע האָבן געטראַכט, אַז דאָס פאַרגרימירט מען אים אַזוי שטאַרק, וואָס ער איז אָף קיין מענטשן ניט ענלעך, אַז מע טוט אים אָן אַזאַ מאַסקע, נאָר ער האָט ניט געדאַרפט ניט קיין גרים און ניט קיין מאַסקע — די נאַטור אַליין האָט זיך אַזוי אַ סטאַרע געטאָן פאַר אים.

אַ גליקלעכער לעץ! אַן אַנדער קאָמיקער דאַרף אָפּגיין מיטן שוויס, ביז ער קוועטשט אַרויס באַם פּובליקום אַ שמייכל, און ער, מאַרסעל דיוראַסאָ, גענוג, ער זאָל אַ ביסעלע אַ קראַץ טאָן די פּאַטיליצע, זיך אַ קרים געבן, ווי דער עולם לאַכט.

עס איז אַמאָל געשען אַפילע אַזאַ מין געשיכטע. אָף אַן אופנאַם אין אַ באַרימטן סאַלאָן איז געווען שטאַרק אומעטיק, האָט מען זיך געזעצט שפּילן אין קאָרטן. נימעס געוואָרן די קאָרטן, האָט מען אָנגעהויבן צוטראַכטן אַנדערע שפּילן. רופט זיך אָן די באַלעבאָסטע: „מײַנע ליבע געסט! לאָמיר אָנהייבן אַזאַ שפּיל. יעדער פון אונדז וועט זיך פאַרקרימען, מאַכן אַ צורע. ווער עס וועט מאַכן אַ מער אידיאָטישע צורע, דער האָט אויסגעשפּילט און באַקומט אַ מאַטאָנע!.. גוט?“

די געסט האָבן זיך לאַנג געקרימט, געמאַכט גרימאַסן, זיך געמאַטערט ווי אַפן טויט, קעמפנדיק פאַרן פּריז. פּלוצעם קומט אַרײַן אין זאַל מאַרסעל דיוראַסאָ. האָבן גלײַך אַלע אין איין קאָל אויסגעשריגן, ווײַזנדיק אַפן אַרײַנגעקומענעם: „אָט ער דאַרף באַקומען דעם פּריז! דער מסיע האָט געוווּנען!..“

ווי עס זאָל דאָרט ניט זײַן, נאָר ווו מאַרסעל דיוראַסאָ זאָל זיך ניט געווען באַווײַזן — אָף דער בינע, אָף דער גאַס, אין שטוב — האָט ער אַלעמען שטענדיק געמאַכט לאַכנדיק!

אָבער די וועלט זאָגט, אַז דער גרעסטער געלעכטער איז געשטאַנען, ווען מע האָט זיך דערוווּסט, אַז אָט דער מאַרסעל דיוראַסאָ איז פּלוצעם געוואָרן אַ באַלעבאָס איבער איינעם פון די גרעסערע פּאַריזשער טעאַטערן. ניט קיין שוישפּילער, ניט קיין קאָמפּאַניאָן און ניט קיין אימפּרעסאַריאָ, נאָר טאַקע אַ באַלעבאָס!..

וועט איר דאָך פרעגן געוויס, וויאַזוי איז דאָס געשען? מיט אַ צײַט צוריק איז אין פּאַריזש געשטאָרבן אַן אַלטער אַנטרעפּרעניאָר, מסיע פראַנסואַ, ווי מע האָט אים גערופן אין די טעאַטער־קרײַזן. באַם לעבן האָט דער אַלטער אָפּגעשפּאָרט אַ שיין ביסל פראַנק און אַ טעאַטער־געבײַדע. דאָס גרעסטע פאַרמעגן זײַנס איז אָבער געווען זײַן איין־און־איינציקע טאָכטער, אַן אַכט־און־פערציקיאָריקע מויד סיוזאַנע. אַ לאַנגע דאַרע ברוע, מיט אַ קרום פּאָנעם און אַ הארבן כאַראַקטער. אַ קליפּע, פון וועלכער אַלע זײַנען געלאָפן ווי פון פײַער. דאָס גאַנצע לעבן האָט איר פאָטער

געפּאַטערט דערוף, ער זאָל זי כּאַסענע מאַכן — זײַן שיינע באַסיעכידע. נאָר דאָ האָט ניט געהאָלפן ניט זײַן אַקשאָנעס, ניט זײַן פאַרמעגן, — קיין באַלן אַף דער סיוזאַנע איז ניט געווען, כאָטש לייג זיך אַוועק און שטאַרב. אַזוי טאַקע האָט דער אַלטער פראַנסואַ באַם לעבן ניט געקענט זי פאַרקנאַסן. און שוין שטייענדיק מיט איין פוס אין קייווער, האָט ער איבערגעלאָזט זײַנע פרײַנט אַ צאַוואָע: מע זאָל אַלץ טאָן, נאָר געפינען פאַר דער טאָכטערקע אַ כאָסן...

נאָך דער לעווײַע האָט מען זיך גענומען צו דער אַרבעט.

מע האָט געזוכט און גענישטערט, איבערגעקליבן אַ וועלט מיט כאַסאַנים און זיך אָנגעשטויסן אַף מאַרסעל דיוראַסאָ. מע האָט אים אַראָפּגעבראַכט קיין פּאַריזש, פאַרפירט צו דער דאָזיקער סיוזאַנען און אַ נאַכט אַ גאַנצע אים געפּאָיעט מיט די טײַערסטע ווײַנען. אַ טויט־שיקערן האָט מען דעם זעכציקיאָריקן יונגערמאַנטשיק באַלייגט אין אַ קייסערש בעט. ווען ער איז געקומען צו־זיך און אופגעעפנט די אויגן, האָט ער דערזען באַ זײַן זײַט ליגן די קליפּע, דאָס הייסט סיוזאַנען. ווי נאָר ער האָט אַף איר אַ קוק געטאָן מיט די אויסגעניכטערטע אויגן, האָט ער פאַרלאָרן דאָס לאָשן, שיר ניט אײַנגענומען קיין מיסע־מעשונע!..

ער האָט געוואָלט אַנטלויפן, נאָר ס'זײַנען געקומען מענטשן, מע האָט אים גאַנץ שיין גראַטולירט און ווידער זיך גענומען טרינקען. קורץ געזעדט, ער האָט ניט באַוויזן זיך אַרומקוקן, ווי מע האָט אים פאַרקנאַסט! עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט מען געגעסן און געטרונקען, געטאַנצט און געהוליעט, און ווען דער טשאַד איז אַ ביסל אַרויס פון קאָפּ, האָט מאַרסעל דיוראַסאָ זיך דערוווּסט, אַז ער איז שוין מער ניט קיין קאָמיקער, נאָר אַ מאַן פון אָט דער יעפּייפּיע און אַ באַלעבאָס פון אַ טעאַטער!

אַזוי האָט מאַרסעל דיוראַסאָ זיך באַוויזן אַפן פּאַריזשער האָריזאָנט. אַלע האָבן אים גערופן מסיע מאַרסעל, און זײַן פּלוינעסטע, וואָס האָט צו אַלע צאָרעס נאָך ליב געהאַט זיך פּעסטען ווי אַן אַכצניאָריק מיידעלע, האָט מען אָנגעהויבן רופן מאַדאַם מאַרסעלינע...

אין אָט דעם טעאַטער האָט מאַקס קרייסלער געשפּילט, ווען ער איז צום ערשטן מאָל געווען אין פּאַריזש אַף גאַסטראָלן. דאַרף דעריבער פאַר קיינעם ניט זײַן קיין כידעש, וואָס מאַרסעל דיוראַסאָ, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, ווער עס איז דאָ אין פּאַריזש, האָט געכאַפּט אונטער דער האַנט זײַן מאַרסעלינע און אַוועקגעלאָפן ווי אַן אָפּגעבריטער צו מאַקס קרייסלערן, אײַנלאַדן אים ווידער צו זיך אין טעאַטער.

און אַזויווי דיוראַסאָ איז אײַנגעגאַנגען אַף אַלע באַדינגונגען, וואָס מאַקס האָט אים אַרויסגעשטעלט, און צוגעזאָגט קויפן באַ די שרײַבער־עמיגראַנטן אייניקע פּיעסן, וואָס שילדערן די טראַגעדיע פון דײַטשלאַנד, איז גלײַך אונטערגעשריבן געוואָרן אַ קאָנטראַקט.

מאַקס האָט געשפּילט די הויפּט־ראָל אין „פּראָפעסאָר מאַמלאָק" פון פרידריך וואָלף. דער זאָל פונעם טעאַטער האָט זיך מאַמעש געבראָכן. מאַרסעל דיוראַסאָ און זײַן מאַרסעלינע זײַנען געווען אַפן זיבעטן הימל. וואָס עמעס איז עמעס, צוליב מאַקסן איז דאָס פאָרפאָלק געקראָכן פון דער הויט, גרייט געווען אַף אַלץ, אַבי יויצע זײַן פאַר אים, ער זאָל, כאָלילע, פונעם טעאַטער ניט אַוועק.

דאָך איז אַמאָל אַזוי געשען, אַז דער געוועזענער קאָמיקער האָט שיר ניט אַרויסגעבראַכט מאַקסן פון די קיילים.

אַף אַן אופנאַם באַ דער מאַרסעלינע איז דער אַלטער דיוראַסאָ אַרויס מיט אַ רעדע.

— מסיע קרייסלער, ווייניק צאָרעס זײַט איר אויסגעשטאַנען? ווייניק האָט איר זיך געמאַטערט באַם דײַטש אין די לאַגערן? — האָט ער כניפּעדיק אָנגעהויבן. — צוליב וואָס זשע דאַרפט איר זיך פאַרנעמען מיט פּאָליטיק? איר פאַרשטייט דען אַליין ניט, אַז די צײַט איז אַ שווערע און דאָס בעסטע איז ניט אַרײַנמישן זיך אין וועלט־זאַכן... מע דאַרף לעבן פּאָרזיכטיק... אויך באַ אונדז אין פראַנקרײַך זײַנען דאָ אַזעלכע גאָרגלשנײַדער, ווי אין דײַטשלאַנד, און זיי וואָלטן אויך געוואָלט מאַכן פון פראַנקרײַך אַ מעשוגאָים־הויז. מע לאָזט אײַך שפּילן אַף דער בינע? שפּילט געזונטערהייט! איר באַקומט באַ מיר, דאַנקען גאָט, אַזויפיל געהאַלט, אַז איר נייטיקט זיך אין גאָרנישט ניט? וואָס זשע דאַרפט איר גיין אַף די מיטינגען, שרײַבן אין די בלעטער?.. אײַער זאַך איז טעאַטער. און אַלץ, וואָס האָט ניט קיין שײַכעס צו טעאַטער, זאָל ברענען אַפן פײַער! מיר דאַרפן שטיין אָן אַ זײַט און זיך ניט אַרײַנמישן... זאָלן די סאָציאַליסטן, — זיי האָבן ניט וואָס צו טאָן, — זיך פאַרנעמען מיט פּאָליטיק... מיט אינטריגעס...

מאַקס איז אופגעבראַכט געוואָרן. ער האָט דאָ אַפן אָרט, פאַר אַלעמען אין די אויגן, געזאָגט דעם געוועזענעם קאָמיקער, ווער ער איז. מאַרסעל און מאַרסעלינע האָבן אים קוים איבערגעבעטן.

מאַקסן האָט זיך געדאַכט, אַז ניט לאַנג וועט אים אויסקומען זײַן נאַווענאַד. נאָר פון דײַטשלאַנד זײַנען אָנגעקומען אַלץ ערגערע און ערגערע גרוסן. אויך אין אַנדערע עקן וועלט איז געוואַקסן די געפאַר.

עס איז געגאַנגען דאָס אומרויִקע טויזנט נײַן הונדערט זעקס־און־דרײַסיקסטע יאָר.

דער פרילינג און דער זומער האָבן קיין גוטס ניט צוגעזאָגט. די איטאַליענישע פאַשיסטן זײַנען אָנגעפאַלן אַף דער אומבאַוואָפנטער אַביסיניע. אויסגעדרעסירטע איטאַליענישע דיוויזיעס האָבן געצונדן, געמיימעסט, געראַבעוועט א גאַנץ לאַנד, און די וועלט האָט געשוויגן, זיך ניט אַרײַנגעמישט, גלײַכגילטיק צוגעקוקט, ווי דאָס אַביסינישע פאָלק גייט אָפּ מיט בלוט.

עמעס איז, די פעלקער־ליגע האָט כּאַדאָשימלאַנג באַהאַנדלט אַף אירע זיצונגען די פראַגע, צי זײַנען טאַקע די איטאַליענער אָנגעפאַלן אָדער ניט. צי איז דאָס אַן אַגרעסיע־אַקט אָדער גלאַט אַזוי זיך א פרײַנטלעכער באַזוך... אין שפּאַניע, וווּ דאָס פאָלק האָט אַראָפּגעוואָרפן די מאָנאַרכיע און געמאָלדן א רעפּובליק, האָט דער גענעראַל פראַנקאָ פאַרגענומען א מאַרש אַפן רעוואָליוציאָנערן מאַדריד. צוהילף דעם בלוטיקן פאַשיסט זײַנען גלײַך געקומען היטלער און מוסאָליני. אָפּגייענדיק מיט בלוט, האָט דאָס שפּאַנישע פאָלק געקעמפט פאַר זײַנע דעמאָקראַטישע רעכט. צום ערשטן מאָל פאַר העכער הונדערט יאָר איז דאָס פירענייער האַלבאינדזל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א שלאַכטפעלד. אַנטיפאַשיסטן פון דער גאַנצער וועלט האָבן געאײַלט קיין שפּאַניע, קעדיי צו העלפן די רעפּובליקאַנער.

אין איינעם פון אָט די טעג, ווען ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילע דאָ אין פאַריזש שמעקט די לופט מיט פּולווער, זײַנען צו מאַקסן געקומען צו לויפן אָן א נעשאָמע מאַרסעל מיט דער מאַרסעלינע.

— נו, וואָס האָבן מיר אײַך געזאָגט, קרייסלער? איר האָט געהערט, וואָס עס טוט זיך אין שפּאַניע? מיר זײַנען דאָך געווען גערעכט!.. איצט איז א געפערלעכע צײַט, און מיר דאַרפן זיך ניט פאַרנעמען מיט קיין פּאָליטיק... פאַשיזם — דאָס איז אַזאַ בייזער הונט, וואָס מיט אים איז בעסער זיך ניט אָנהייבן. מע דאַרף אים אונטערוואַרפן א ביין, און זאָל ער אים הריזען... צוליב וואָס דאַרפט איר די פּיעסן וועגן דײַטשלאַנד, זאָלן זיי זיך דאָרט, אין דײַטשלאַנד און אין שפּאַניע, זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט! קאַרג איז דאָ אַנדערע פּיעסן. איר דאַרפט שפּילן קלאַסישע ראָלן.

מאַקס האָט רויִק געענטפערט.

— נו, איז וואָס? ביטע, שפּילט אײַך געזונטערהייט קלאַסיק. איך קאָן ניט שפּילן מער בא אײַך אין טעאַטער...

— וואָס זשע, עפּשער טראַכט איר אויך פאָרן קיין שפּאַניע, ווי אונדזערע קאָמוניסטן, די פאַנאַטיקער?.. — האָט די מאַרסעלינע א פּרווו געטאָן איראָניזירן.

— מעגלעך, — האָט מאַקס ערנסט געזאָגט.

— גאָטעניו מײַנער, וואָס רעדט איר, קרייסלער! — האָט זי אויסגעשריגן, ווי ניט מיט איר שטים. — דאָרטן שיסט מען דאָך!..

— דאָס מאַכט ניט אויס... — און נאָך א פּאַוזע צוגעגעבן: — אין פאַריזש האָט מען אָנגעהויבן זאַמלען מיטלען אַף העלפן די רעפּובליקאַנער אין שפּאַניע... באַפוילט, מסיע דיוראַסאָ, אַרויסלאָזן אַפישן, אַז די קומענדיקע דרײַ ספּעקטאַקלען וועלן גיין לטויוועס די קינדער פון שפּאַניע... אַף מעדיקאַמענטן פאַר די פאַרוווּנדעטע...

— וואָס רעדט איר, מאַקס! איר זײַט בא די געדאַנקען?! — האָט דיוראַסאָ אָפּ טויט זיך דערשראָקן. — איר וועט מיך רויִנירן!.. וואָס הייסט? אַזאַ קאַפּיטאַל... דרײַ ספּעקטאַקלען...

— אויב איר וועט דאָס ניט טאָן, וועל איך פאַרלאָזן אײַער טעאַטער...

— ווי קאָנט איר דאָס טאָן? דער קאָנטראַקט האָט זיך נאָך ניט געענדיקט...

מאַרסעל מיט דער מאַרסעלינע האָבן שוין כאַראָטע געהאַט, וואָס זיי זײַנען געקומען אַהער און אָנגעהויבן אַזאַ געשפּרעך.

■

מאַקס האָט אינגאַנצן אָנגעוואָרן זײַן רו. ער האָט זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער אומגעווײנלעכער פאַר אים אַרבעט. צוזאַמען מיט הונדערטער פראַנצויזישע אַנטיפאַשיסטן געזאַמלט מיטלען פאַר די שפּאַנישע קעמפער, געהאָלפן איבערשיקן קיין שפּאַניע מעדיקאַמענטן, אָנטאָן, שפּײַז.

קרייסלערס שטים האָט מען געקאָנט הערן אַף מיטינגען און אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען. זײַנע פלאַמיקע אַנטיפאַשיסטישע אַרטיקלען האָט מען געקאָנט לייענען אין א סאַך צײַטונגען און זשורנאַלן.

אין יענעם האַרבסט האָבן צום באַלאַגערטן דורך די פאַשיסטישע כאַיאָלעס מאַדריד געאײַלט הונדערטער באַרימטע געלערנטע, שרײַבער, קינסטלער, שוישפּילער. זיי האָבן געאײַלט אַפן קאָנגרעס קעגן פאַשיזם. פון מאַדריד האָט זיך געדאַרפט צעטראָגן איבער דער וועלט א רוף קעגן ווילקיר, באַרבאַריזם, קעגן פאַשיסטישער טיראַניע, ראַסיזם, מיטלאַלטער.

מאַקס קרייסלער האָט זיך אויך געקליבן אין וועג אַרײַן. מיט אַן עסקאַדריליע אעראָפּלאַ־נען—פאַרניכטלער, וואָס פּאַריזשער פּראָלעטאַריער האָבן אָפּן צונויפגעזאַמלטן געלט געקויפט פאַר די פאַרטיידיקער פון מאַדריד, איז ער מיט נאָך עטלעכע פרײַנט געפלויגן קיין שפּאַניע.

דער וועג איבער דער פײַנטלעכער טעריטאָריע איז געווען געפערלעך. די פאַשיסטישע זע־ניט־האַרמאַטן האָבן באַגעגנט יעדן פרעמדן אעראָפּלאַן מיט אַ האָגל סנאַריאַדן.

זיצנדיק אײַנגעקאָרטשעט אינעם אעראָפּלאַן, האָט מאַקס קרייסלער זיך אײַנגעקוקט ביז אויגנווייטעק אין דער ריכטונג, ווו עס איז געלעגן מאַדריד. ערגעץ ווײַט, אָפּן האָריזאָנט, האָבן זיך שוין אָנגעזען די קאָנטורן פון די געלע בערג, וואָס רינגלען אַרום די שטאָט. ביסלעכווײַז האָבן אָנגעהויבן אַרויסקוקן די פּאַלאַצן און קלויסטערס. אָט זעען זיך שוין די־טלעך אָן די גאַסן און פּלעצער. דאָס איז זי, די שטאָט, וואָס שטייט ווי אַ סאָלדאַט אונטער סנאַריאַדן און באָמ־בעס, גייט אָפּ מיט בלוט, נאָר גיט זיך ניט אונטער.

עס זײַנען פאַרבײַ עטלעכע אָנגעשטרענגטע מינוטן, דער אעראָפּלאַן האָט געמאַכט דעם לעצטן קרײַז איבערן אעראָדראָם און זיך אַ לאָז געטאָן צו דער ערד. ענדלעך האָט די מאַשין זיך אָפּגעשטעלט. מאַקס איז אַרויס אָף דער ערד און אויסגעגלײַכט די ביינער. ער האָט זיך אַרומגע־נומען און צעקושט מיטן פּילאָט.

צום אעראָפּלאַן זײַנען געלאָפן מענטשן, ס׳האָבן זיך געהערט פרײַנטלעכע אויסגעשרייען: קאַמראַד! גענאָסע! דרוג! טאָוואַריש!.. אָף אַלע שפּראַכן און אָף אַלע לעשוינעס האָט מען וואַרעם באַגריסט דעם באַרימטן אַקטיאָר און אַנטיפאַשיסט מאַקס קרייסלערן.

## צווישן אייגענע און נאָענטע

עס האָט זיך אים אַפילע ניט געכאַלעמט, אַז אָט דאָ, אָף דער איבערגעאַקערטער פון באָמ־בעס און סנאַריאַדן ערד, וועט ער טרעפן אַזויפיל אַלטע פרײַנט און באַקאַנטע.

אַן אַנדערשמאָל קאָנסטו ספּעציעל זוכן און וועסט ניט געפינען אַפילע איינעם פון דײַנע פרײַנט.

דאָ, אין מאַדריד, האָט מאַקס קרייסלער איצט באַגעגנט יאַטן פון פּוילן און רומעניע, פראַנק־רײַך און דײַטשלאַנד, רוסלאַנד, ליטע, ענגלאַנד, אַמעריקע.

עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער איז געקומען אין אַן אויסטערלישער וועלט. פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, אַלע לעשוינעס, פאַרברידערטע, באַפרײַנדעטע, פאַרייניקטע, האָבן זיך דאָ צונויפגעזאַמלט צוליב איין־און־איינציקן ציל: אָפּווישן פון דער ערד דעם פאַשיזם.

אונטער די סאַמע ווענט פון דער שטאָט האָבן זיך געצויגן די פּאָזיציעס, ווו די שפּאַנישע רע־פּובליקאַנער און די שלאַכטלײַט פון די פרײַוויליקע אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס האָבן טאָג ווי נאַכט אָפּגעהאַלטן דעם אָנגריף פון די פאַשיסטישע כאַיאָלעס, וואָס זײַנען אַהער געקומען פון דײַטשלאַנד און איטאַליע מיט טאַנקען און האַרמאַטן... די שטאָט האָט געלעבט מיט איין דעוויז: נאָ פּאַסאַראַן! — זיי וועלן ניט דורכגיין!



ווען איבער מאַדריד האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די נאַכט און די היץ איז עטוואָס געפאַלן, האָבן די דעלעגאַטן זיך פאַרזאַמלט אינעם טעאַטער, ווו עס האָט געזאָלט זיך אָנהייבן דער קאָנגרעס.

דער גרויסער זאַל איז געווען געפּאַקט. אַהער זײַנען אויך געקומען סאָלדאַטן און אָפּיצערן פון דער רעפּובליקאַנישער אַרמיי און פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. אָף זייערע שיך און שטיוול איז נאָך געלעגן דער שטויב פון די פראָנט־וועגן. עס זײַנען דאָ אויך געווען פאַרווונ־דעטע שלאַכטלײַט, איבערגעבונדענע, הינקעדיקע, אָף קוליעס, מיט שטעקלעך, — מע האָט זיך אַרויסגעריסן אַהער פון די שפּיטאָלן.

ס׳איז געווען רוישיק, עס האָבן געקלונגען לידער אָף אַלע שפּראַכן, מענטשן האָבן זיך אַרומ־גענומען, זיך געקושט, געשטיקט איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס. דאָס האָבן זיך באַגעגנט פרײַנט, כאַווירים, וואָס האָבן זיך ניט געזען אַ סאַך יאָרן, מענטשן, וואָס זײַנען יאָרנלאַנג געזעסן אין טורמעס, געקלונגען מיט די קייטן אָף קאַטאָרגע, זיך געשלאָגן אָף די רוסישע פעלדער אין די יאָרן פון בירגערקריג...

דער פאָרהאַנג האָט זיך אופגעהויבן, און ביסלעכווײַז איז שטיל געוואָרן.

מאַקס קרייסלער איז געזעסן אין זאַל און מיט פאַרטײַעטן אָטעם געהערט די רעדנער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז יעדער איינער פון זיי נעמט אַרויס די ווערטער פון זײַן מויל, אָט וועט מען אײַנגיכן אָנרופן זײַן נאָמען און אים וועט אויסקומען אַרויסטרעטן פאַר אַזאַ אומגעווייניקלעכער אַאודיטאָריע. ער מוז אַרויסטרעטן אַזוי, אַז מע זאָל ניט דאַרפן קיין איבערזעצער. ער האָט

געריט אַף עטלעכע שפּראַכן, דאָך האָט זיך אים געדוכט, אַז אַף קיין איינער פון זיי וועט ער ניט קאָנען אַרויסזאָגן דאָס, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין זײַן האַרצן.

און ווען מע האָט אויסגערופן זײַן נאָמען, האָט ער אַרויסגענומען פון פּאָרטפעל דאָס לאַגער־רעקל מיט די שוואַרצע פּאַסן, מיטן גרויסן נומער אַף דער פּלייצע, מיט דער געלער לאַטע, און, גייענדיק איבערן זאַל צו דער טריבונע, דאָס אָנגעטאָן.

דער זאַל איז דערשטוינט געוואָרן, דערזעענדיק דעם מענטשן אין דער „אוניפאָרם". אַלע, ווי איין מענטש, האָבן מיטאַמאָל זיך אופגעהויבן און אַ לאַנגע מינוט געשטאַנען אין טרויעריקן שווײַגן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

מע האָט געוואַרט, מאַקס קרייסלער זאָל אָנהייבן ריידן. נאָר ער האָט געשוויגן. וואָס נאָך האָט ער געקאָנט צוגעבן צו דעם, וואָס אַלע האָבן אַליין געזען?

— טײַערע פרײַנט, קאָלעגן, מענטשן... — האָט ער ענדלעך געזאָגט, — דער בלוטי־קער פאַשיזם גרייט פאַר אַלע פעלקער אָט די אוניפאָרם... אויב מיר וועלן ניט פאַרניכטן די פאַ־שיסטישע בעסטיע, וועט זי פאַרניכטן אונדזער קולטור, אונדזער קונסט, אונדזערע ליכטיקע באַ־גערן. די וועלט איז אין געפאַר, מײַנע ליבע פרײַנט, מיר מוזן זי ראַטעווען אום יעדן פּרײַז!..

פון אַלע עקן זאַל, פון פּאַרטער, פון אַלע יאַרוסן, פון דער גאַליאַרקע האָבן זיך געטראָגן אויסגעשרייען אַף פאַרשיידענע שפּראַכן: „אַ טויט דעם פאַשיזם! אַ טויט היטלערן, מוסאָ־ליניך, פראַנקאָ!", „צום געווער, ברידער!", „נאָ פּאַסאַראַן!"

און אינדערלופטן זײַנען געפלויגן היטלען, בערעטן, פּילאָטקעס.

מאַקס איז געשטאַנען אַף דער בינע מיט אַן אופגעהויבענעם פויסט. צוזאַמען מיט די אַפּלאָ־דיסמענטן האָט ער געהערט דעם געהילך פון די סנאַריאַדן, וואָס האָבן זיך געריסן אין פאַרשיי־דענע ערטער פון מאַדריד. דאָס האָבן די פאַשיסטישע הענקער אַף זייער אויפן באַגריסט דעם קאָנגרעס.

מיט גיכע טריט האָט ער זיך אומגעקערט אַף זײַן אָרט. די אַפּלאָדיסמענטן האָבן אַלץ ניט אופגעהערט. אומבאַקאַנטע האָבן אים אַרומגענומען, געקושט, געדריקט די האַנט.

ווען ער האָט זיך שוין געוואָלט אוועקזעצן, האָט ער דערפילט עמעצנס אַן אָנגעשטרענגטן בליק און אופגעהויבן דעם קאָפּ. פאַר אים איז געשטאַנען אַ שלאַנקער בלאָנדער אָפיצער. זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט.

— וואַלטער? וואַלטער!.. דו?..

■

עס איז שוין געווען טיפע נאַכט, ווען די דעלעגאַטן און די געסט האָבן פאַרלאָזט דעם טעאַ־טער. אָקאָרשט האָבן אַף צענדליקער שפּראַכן אָפּגעהילכט דער „אינטערנאַציאָנאַל" און די „מאַרסעליעזע".

די שטאָט איז ניט געשלאָפן. באַ די הײַזער זײַנען אַרומגעגאַנגען באַוואָפנטע מענער און פרויען, די היטער פון דער שטאָט. לאַסטמאַשינעס און פורן, געלאָדענע מיט געווער, קוילן, ברויט, מעדיקאַמענטן, האָבן זיך געצויגן צו די פאָדערשטע פּאָזיציעס.

מאַקס מיט וואַלטערן האָבן געשפּאַנט געאָרעמט.

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט מאַקס קרייסלער געהערט וואַלטערס דערציילונג, וויאַזוי אַ גרופּע בערלינער אַרבעטער האָבן זיך אַרויסגעריסן פונעם פאַשיסטישן קלעם, געקומען אַהער, קיין שפּאַניע, און זיך אײַנגעשלאָסן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אָפּן נאָמען פון ערנסט טעלמאַן.

וואַלטער האָט דערציילט וועגן די לעצטע טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דײַטשלאַנד, וועגן אַלטן פּראָפעסאָר עריך שטוטבאַך, וואָס אים האָט ניט אויסגעמיטן דער פאַשיסטישער קאָנצ־לאַגער.

זיי זײַנען שוין געגאַנגען אַ היפּשע צײַט. אַלץ אָפטער האָבן די פּאַטרולן זיי אָפּגעשטעלט, געפּאָדערט דאָקומענטן.

וואַלטער האָט זיך געכאַפּט:

— קאַמראַד קרייסלער, מיר זײַנען ווײַט פאַרגאַנגען!.. איך וועל אײַך באַגלייטן צוריק אין האָטעל. איר קערט זײַן שטאַרק מיד? צײַט זיך אַ ביסל אויסשלאָפן.

— נו, און דו, וואַלטער? וווּ וועסטו הײַנט שלאָפן?

וואַלטער האָט אַ שמייכל געטאָן:

— וואָס הייסט וווּ? — ער האָט אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט צו די הינטערשטאָטישע בערגלעך, וווּ עס האָבן זיך געצויגן די פּאָזיציעס פון די רעפּובליקאַנער.

— איך וועל אויך גיין אַהין... וועסט מיך באַקאָנען מיט דײַנע שלאַכטלײַט.

וואלטער האט זיך צעלאכט:

— אנטשולדיקט, איך האב קיין רעכט ניט אייך נעמען מיט זיך... דארטן איז דער פראנט. מיין באטאליאן שטייט דארטן. די נאציסטן דריקן שטארק אף אונדז...

— עס מאכט ניט אויס, איך וועל גיין מיט דיר!.. — מאקס האט זיך איינגעאקשנט.

זיי זיינען נאך לאנג געגאנגען, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו די עקסטע הייזער פון שטאט. אייגנטלעך, געוועזענע הייזער. איצט זיינען דאס געווען רוינען, ס'האבן געשטעקט שטיקער ווענט, שווארצע קוימענס.

זיי האבן זיך געלאזט גיין מיט די טראנשייעס.

וואלטער האט זיך געערגערט, וואס אים איז ניט געלונגען איינריידן קרייסלערן זיך אומקערן און איצט פירט ער אים אזוי נאענט צום פראנט. פון דער אנדערער זייט, האט אים געפרייט, וואס ער גייט מיט דעם בארימטן שוישפילער.

וואס ווייטער זיי זיינען געגאנגען, אלץ אפטער האבן געפייפט איבערן קאפ די קוילן. אין די אנטקעגנדיקע טראנשייעס זיצן אויך דייטשן. נאר דאס זיינען פאשיסטן. עטלעכע מאל א טאג גייען זיי אין אטאקע אף וואלטערס באטאליאן.

פאר דעם יאר, וואס וואלטער איז אפן פראנט, האט ער זיך אויסגעלערנט גיוווער זיין די שרעק, נאר אצינד האט ער מוירע. ניט פאר זיך, — פאר דעם מענטשן, וואס ער פירט אהער. ווער ווייסט, וואס פאר א טאג ס'וועט היינט זיין און וויפל מאל וועלן די פאשיסטן אטאקירן זיינע פאזיציעס?..

מע דארף זיך גיכער דערקלייבן צום בלינדאזש. ער וועט ניט לאזן קרייסלערן לאנג בלייבן אין באטאליאן. ער וועט אים ארויסבאגלייטן צוריק אין שטאט אריין, נאך איידער עס וועט אנהייבן טאגן. זאל ער זיך בעסער געפינען צוזאמען מיט אלע דעלעגאטן אין שטאט...

וואלטער האט פרייער אפגעעטעמט, ווען ער איז מיט זיין גאסט אריין אין בלינדאזש, וואס האט זיך איינגעהריזעט אין א בארג.

אף א קליין טישל האט געצאנקט א קאנצל, און אין ווינקל אף דער נארע האט געדרעמלט א יונגער סאלדאט. צו זיין אויער איז געווען צוגעבונדן דאס טרייבל פונעם טעלעפאן־אפאראט.

דערהערט, ווי עמעצער איז אריינגעקומען, האט דער סאלדאט זיך אופגעכאפט, געגומען זוכן זיין פילאטקע, וואס האט זיך געוואלגערט אפן ערדענעם דיל, זי אופגעהויבן, אנגעטאן און באגריסט דעם קאמאנדיר. ער האט דערלאנגט וואלטערן עטלעכע טעלעפאנאגראמעס, באטראכטנדיק איינצייטיק פון קאפ ביז פיס דעם ציווילן מענטשן.

וואלטער איז דורכגעלאפן מיטן בליק איבער די פאפירלעך, זיי אריינגערוקט אין קעשענע און געזאגט צו מאקסן מיט א שמייכל:

— נו, קאמראד קרייסלער, איר האט ניט געוואלט גיין אין האטעל, וועט אייך אויסקומען אפרוען בא אונדז אין פאלאץ... אט דא וווינען מיר שוין עטלעכע כאדאשים... פריער זיינען מיר געשטאנען ניט ווייט פונעם אוניווערסיטעט־שטעטל... איצט דא... — ער האט אוועקגעשטעלט אין ווינקל דעם קאראבין. — נו, זעצט זיך, ביטע, צו. דא דארף מען אויסנוצן יעדע שטילע מינוט... איר קערט זיין מיד... און הונגעריק?.. איין ווײלע, וועלן מיר עפעס צוטראכטן... — און ער האט א וווּנק געטאן צום סאלדאט.

— איר ווייסט, קאמראד וואלטער... — האט ניט דרייסט זיך אנגערופן דער פארבינדלער, ניט אראפנעמענדיק פון אויער דאס טרייבל און פארענדיק זיך אין א רענצל, וואס איז געשטאנען אונטערן טישל, — א פאר שא פאר אייער קומען האט דער „שאכן" אונדז מעכאבעד געווען מיט אזא וועטשערע, אז די ערד איז געגאנגען כאדאראם... ער האט אונדז אהער אריינגעשלײדערט א וווּיל ביסל „באנאנעס" און „אוגערקעס".

מאקסן איז געפעלן געווארן, וואס אט דא, אין שכיינעס מיט דער געפאר, וויצלט מען זיך. ער האט קיינמאל ניט ליב געהאט קיין אנגעדראלענע, מארעשכוירעדיקע מענטשן.

דער סאלדאט האט ארויסבאקומען פונעם רענצל א פלאש וויין און אוועקגעשטעלט אפן טישל, ער האט אופגעעפנט א שאכטל קאנסערוון, צעלייגט אפן איינציקן טעלער און אף א צייטונג וווּרשט, קעז, מאראנצן און א ווייז געטאן אף דער סודע, ווי איינער רעדט: „אנטשולדיקט, וואס אזוי באשיידן". וואלטער האט געעפנט די פלאש וויין.

— מיר דארפן אויסטרינקען נאך פאר יעדן מאל... ווען מיר זיינען ארויסגעפארן מיט אייך פון דער שטיינהאקעריי...

מאקס האט א שאקל געטאן מיטן קאפ.

זיי האבן אויסגעטרונקען און פארביסן מיטן סאלדאטישן מייכל — קאנסערוון מיט ברויט. פלוצעם האט זיך אהער דערטראגן א גרויזאמער גערויש פון באמבארדירער.

— דאָס פּליִען זיי אַף מאַדריד, — האָט זיך אָנגערופן וואַלטער, — איר ווייסט, קאַמראַד קרייסלער, דאָס פּליִען דײַטשן. דײַטשן... אָפּט שעם איך זיך, וואָס איך בין א דײַטש...

— וואָס רעדסטו! א מענטש קלײַבט זיך ניט אויס קיין מוטער, ניט קיין פֿאָטער, ניט קיין נאַציאָנאַליטעט... ערנסט טעלמאַן און ווילהעלם פּיק זײַנען אויך דײַטשן. זיגפֿריד לײַנאַרד, עריך שטוטבאַך, דײַן אַלטער עמיל... פֿרידע... אָט דו ביסט דאָך אויך א דײַטש, וואַלטער! אין דער טעלמאַן־בריגאַדע שלאָגן זיך נאָך אַזעלכע דײַטשן, ווי דו. איך ווייס ניט פֿון קיין שלעכטע פֿעלקער. פֿאַראַן שלעכטע מענטשן. ניין, וואַלטער, דיר דאַרף ניט זײַן קיין ביזאיען.

— א דאַנק, קאַמראַד קרייסלער...

זיי זײַנען א ביסל געזעסן שווײַגנדיק.

עס האָט זיך צעגראַגערט דער טעלעפֿאָן. דער סאָלדאַט האָט איבערגעגעבן דאָס טרײַבל וואַלטערן.

— דערקענט, אוודאי!.. — האָט ער א זאָג געטאָן. — וואָס הערט זיך, שאָכן, באַ אײַך, זיי רוקן זיך ניט? רויִק? באַ אונדז איז אויך רויִק דערווײַל... וואָס איז אָפּן קאָנגרעס געוועזן? עפּשער וועסטו זיך ארײַנכאַפּן צו מיר אַף עטלעכע מינוט, וועל איך דיר א ביסל דערציילן... איך וועל דיר אויך שטעלן א גוט גלעזל ווײַן... וואָס? דו קומסט גלײַך? אָ, דאָס וועט זײַן לײַטיש פֿון דײַן זײַט, איך וואַרט, קאַפּיטאַן...

— מײַן שאָכן, — האָט ער דערקלערט מאַקסן, — פֿון דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע... א טײַערער מענטש... א שווער לעבן דורכגעמאַכט... געזעסן אין די טורמעס באַם פּאַן פּילסודסקי...

אין א מינוט פֿופֿצן — צוואַנציק אַרום האָט זיך דערהערט דער וואָרענונג־אויסרוף פֿונעם וואַכמאַן, און באַלד איז אין בלינדאַזש ארײַן א וווקסיקער מענטש אין ברילן. כאָטש דער מענטש האָט געטראָגן צייכנס פֿון א קאַפּיטאַן, נאָר אַף קיין מיליטערמאַן איז ער ניט געווען ענלעך. ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן און גענומען אויסווישן מיט א טיכעלע די דיקע גלעזלעך.

— דער טײַוול זאָל דיך נעמען, וואַלטער!.. — האָט ער זיך אָנגערופן. — דו קאָנסט ניט אויסגראָבן קיין טיפֿערע טראַנשייעס?.. זיי דערגייען מיר ביזן פּופּיק.

— ווער זשע איז דיר שולדיק, קאַפּיטאַן, וואָס דו ביסט אויסגעוואַקסן אַזאַ לאַנגער? באַ מיר אין באַטאַליאָן זײַנען אַלע זעלנער ניט העכער פֿון זייער קאָמבאַט...

ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

— ביטע, זעץ זיך צו און טרינק אויס א גלעזל „מאַלאַגע", — האָט וואַלטער אָנגעגאָסן דעם גאַסט א קווערטל. — און באַקאַן זיך, ביטע... צו אונדז איז געקומען מאַקס קרייסלער, א דעלעגאַט פֿונעם קאָנגרעס.

דער קאַפּיטאַן האָט אויסגעשטרעקט מאַקסן א לאַנגע דאַרע האַנט און זיך אײַנגעקוקט אין אים:

— אינטערעסאַנט... מאַקס קרייסלער?.. — האָט ער שטיל איבערגעכאַזערט. — זייער א קענטלעכער נאָמען. אין דער יוגנט האָב איך געאַרבעט אין א בעקערײַ אין גאַליציע... אין קאָלאָמייע... און דאָרטן איז מיט מיר צוזאַמען געווען א טשיקאַווע ייִנגל... אים האָט מען, דאַכט זיך, אויך גערופֿן מאַקס קרייסלער... אינטערעסאַנט!

מאַקס האָט אַף א רעגע פֿאַרלוירן דאָס לשון, נאָר באַלד ניט דרייסט אַרויסגערעדט:

— אילקאָ? אילקאָ זאַגול? איר?.. זע נאָר, גאָט מײַנער, סאַראַ באַגעגעניש!.. שפּאַניע איז א לאַנד פֿון וווּנדער...

אילקאָ זאַגול האָט געשמייכלט:

— עס זײַנען געווען צײַטן, מאַקס, ווען אַלע וועגן האָבן געפֿירט קיין רוים. איצט פֿירן זיי קיין שפּאַניע... — אילקאָ זאַגול האָט זיך זאַט ניט געקאָנט אָנקוקן אין מאַקסן. איז דאָס טאַקע יענער מאַקס קרייסלער? דער בעקער?

— איך האָב געהערט דעם נאָמען... געלייענט אין די בלעטער, נאָר איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז דאָס ביסטו, מײַן שילער פֿון דער בעקערײַ... איך האָב געמיינט — א צופֿעליקע זאַך... ווייניק אַלציינע נעמען פֿאַראַן אַף דער וועלט... ווען מיר זײַנען ביידע געשטאַנען באַ די אויוונס באַ דער פּאַני זשיכלינסקאַ, האָב איך ניט געטראַכט, אַז... דו געדענקסט כאָטש די סרייפֿע? — האָט זיך אילקאָ זאַגול צעלאַכט.

— ווער זשע פֿאַרגעסט אַזעלכע זאַכן?

אינדרײַען זײַנען זיי געזעסן באַם קליינעם טישעלע אין בלינדאַזש און זיך דערמאָנט אין די פֿאַרגאַנגענע יאָרן, אין ווײַטע און נאָענטע געשעענישן, אין פֿרײַנט, באַקאַנטע. זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי אינעם קליינעם פֿענצטערל האָט שוין אָנגעהויבן ארײַנקוקן דער פֿרימאָרגן.

כאָטש מאַקס קרייסלער האָט זיך ניט געלאָזט אײַנרײדן, נאָר וואַלטער האָט אַרויסגערופן צוויי זעלנער און באַפוילן באַגלייטן דעם גאַסט אין שטאָט אַרײַן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַער, שווערער טאָג, און קיינער האָט ניט געוווסט, וואָס ער וועט ברענגען.

■

דער קאָנגרעס האָט זיך געענדיקט. די דעלעגאַטן זײַנען זיך פונאַנדערגעפאָרן אַהיים. נאָר ניט אַלע. ניט ווייניק זײַנען געבליבן אין פלאַקערנדיקן מאַדריד. צווישן זיי איז געווען מאַקס קרייסלער.

כאָטש מאַרסעל דיוראַסאָ האָט אים פאַרשאָטן מיט בריוו און טעלעגראַמעס, נאָר מאַקס האָט דערווײַל ניט געטראַכט אומצוקערן זיך קיין פּאַריז.

די באַגעגעניש מיט וואַלטערן און אילקאַן, דאָס, וואָס ער האָט דאָ יעדן טאָג איבערגעלעבט צווישן די מענטשן, וואָס זײַנען זיך אַהער צונויפגעפאָרן פון דער גאַנצער וועלט, האָט אין אים אַלץ אויפגערודערט. ער האָט באַשטימט, אַז זײַן אָרט איז איצט מיט זיי, מיט די קעמפער פאַר פרײַהייט, דאָ, אין שפּאַניע.

דעם פעסטגעבויטן, שוואַרץ־אויגיקן מענטשן מיטן ענערגישן גוטמוטיקן פּנים און גרויען קאָפּ האָר האָט מען געקאָנט באַגעגענען אומעטום, ווו זײַן מוטיק וואָרט איז געווען נייטיק, ווי קוילן און ברויט, אין די אָקאָפּעס און אין די שפּיטאָלן. זײַן פרײלעכער וויץ האָט געהיילט בעסער פון אַ רעפּוּע... מע האָט אים אויך געקאָנט זען אין די שלאַכט־קייטן, ווען מע האָט געדאַרפט אָפּשלאָגן אַן אַטאַקע פונעם פײַנט. מע האָט אים געהערט פון דער עסטראַדע לייענען שעקספּירן און יאָהאַן בעכערן, מאַיאַקאָווסקין און היינען. צווישן די רויִנען פון מאַדריד נאָך אַ פײַנטלעכער באָמבאַרדירונג, ווען מע האָט געדאַרפט לעשן אַ סרייפע, אויסגראָבן פון אונטער די כורוועס מענטשן, נאָרוואָס פאַרוואָלגערטע מיט ברוכשטיקער, ציגל, האָט מען אים אויך געזען.

דאָס פּנים זײַנס איז שוואַרץ־פאַרברענט געוואָרן אונטער דער שפּאַנישער זון, און ער האָט זיך שוין מיט גאָרניט אונטערשיידט פון די שלאַכטלײַט, דער באַרימטער אַקטיאָר, וואָס איז מאָדנע אָנגעטאָן — ניט ציוויל, ניט מיליטעריש...

װעגן זײַן דרייסטקײַט האָט מען דערציילט לעגענדעס.

דאָס לעצטע מאָל האָט אים וואַלטער געזען באַם טײַך עבראָ, ווען די רעפּובליקאַנער זײַנען אָפּגעטראָטן אונטערן דרוק פון פײַנטלעכע טאַנקען־קאָלאָנעס און באָמבאַרדירער. ער איז געווען מיט וואַלטערס באַטאַליאָן. אין די לעצטע שלאַכטן זײַנען די רייען פונעם באַטאַליאָן זייער שיטער געוואָרן. עס זײַנען שוין אויך ניט געווען קיין סנאַריאַדן און קוילן אָפּ צושטעלן דעם סוינע. דאָ, אויפן ברעג טײַך, איז מאַקס קרייסלער פאַרוווּנדעט געוואָרן. וואַלטער האָט אים אַרויסגעטראָגן פונעם פײַער און געהייסן איבערפירן אויף אַ שיפל צום צווייטן ברעג טײַך, וואָס איז נאָך געווען בײַ די רעפּובליקאַנער.

זיי האָבן זיך געזעגנט, און וואַלטער האָט זיך אומגעקערט צו זײַן הײַפל לעבנגעבליבענע סאָלדאַטן.

אין פעלד־שפּיטאָל האָט מען מאַקסן צוגעהיילט די ווונדן. די רעפּובליקאַנישע קאָמאַנדשאַפט האָט אויסגעטיילט באַגלייטערס־סאַניטאַרן, מע זאָל אים אַריבערפירן איבער דער גרענעץ. די סאָלדאַטן האָבן געמאַכט אַ טראָגבעטל, און אין עטלעכע טעג אַרום, ווען ער איז אַ ביסל געקומען צו־זיך, האָט מען זיך געלאָזט אין וועג. מע איז געגאַנגען דורך בערג און טאָלן, מיטן וועג פון טויזנטער שפּאַנישע פּליטים.

די סאַניטאַרן האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס. זיי האָבן אָבער געוווסט, אַז דעם מענטשן מוזן זיי ראַטעווען. בײַטנדיק איינער דעם אַנדערן, האָבן זיי דעם פאַרוווּנדעטן אַקטיאָר געטראָגן אַלץ טיפער און טיפער אין די פּירענייער בערג.

עס זײַנען געשטאַנען קאַלטע טעג. אין די בערג איז שוין פון לאַנג אויסגעפאַלן אַ שניי. די שלאַכטלײַט זײַנען אײַנגעזאַקשנט געגאַנגען. פון מאָל צו מאָל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ברעג טײַכל, צעלייגט אַ שײַטערל, זיך דערוואַרעמט די נעשאָמע מיט אַ קווערטל קאַווע, מיט אַ גלעזל ווײַן, עפּעס וואָס איבערגעכאַפּט, און געגאַנגען ווײַטער.

זיי האָבן אים אײַנגעדעקט, מיט וואָס ס'האָט זיך געמאַכט אונטער דער האַנט, אים אָפּגעגעבן די לעצטע קאָלדרע, ער זאָל ניט פרירן, און ער האָט זיי דערוואַרעמט מיט אַ וויץ, מיט אַ דערציילונג וועגן זײַנע וואַנדערונגען...

בײַ דער פראַנצויזישער גרענעץ האָט מאַקס זיך געזעגנט מיט דער שפּאַנישער ערד. דאָרטן, אין שפּאַניע, זײַנען געבליבן זײַנע פרײַנט וואַלטער און אילקאַ. זייערע באַטאַליאָנען שלאָגן זיך און גייען אָפּ מיט בלוט, עס זאָלן זיך קאָנען דערקלײַבן צו דער גרענעץ די פּליטים, די פאַרוווּנדעטע שלאַכטלײַט, די אָפּטרעטנדיקע, אָפּגעשוואַכטע טיילן... צו יענער צײַט, ווען מאַקס און זײַנע

באַגלייטער זײַנען צוגעקומען צו דער גרענעץ, האָט ער שוין זיך געקאָנט שטעלן אױף די פיס. קיין פּאַריזש האָבן זיי זיך דערקליבן אָן איבעריקע שוועריקײַטן.

אין דרײַ כאַדאָשים אַרום האָט זיך דער נאָמען מאַקס קרייסלער ווידער באַוויזן אױף די טעאַטער־אַפישן. אַ סאַך מענטשן האָבן געוווּסט, אין וואָס באַשטייט דער סאָד, וואָס קרייסלער איז אַזאַ צײַט ניט געווען אױף דער בינע, און זיי האָבן זיך דורכגעדרונגען צו אים מיט נאָך גרעסערן אָפּשײַ.

## עפּילאָג

אַז דאָס „פּאָרל פון גאָט“, דאָס הייסט מאַרסעל דיוראַסאָ און זײַן פּלוינעסטע, די מאַרסעלינע, פֿאַלן אַרײַן צו מאַקסן אין שטוב אָן אַ גוטמאָרגן, זעצן זיך אַרײַן אין די ווייכע פֿאָטעלן, פּאַכען מיט דער נעשאָמע, לאָזן איינער דעם צווייטן ניט אויסריידן קיין וואָרט, איז דאָס דער בעסטער סימען, אַז זיי האָבן געבראַכט אַ וויסטע בסורע...

און אינדערעמעסן, ווער קאָן נאָך אַזוי אָנשמעקן אַ ביטערע נײַס, ווי אָט דאָס פּאָרפּאָלק? מאַרסעל מיט דער מאַרסעלינע זײַנען צו אים געקומען צו לויפן אינמיטן דער נאַכט.

— מסיע קרייסלער, שלעכט! מע דאַרף זיך נעמען דאָס לעבן, און אויס!

— וואָס איז געשען?..

— פרעגט בעסער ניט, זיי זײַנען שוין בא די טויערן פון פּאַריזש...

ערשט ניט לאַנג האָבן די פראַנצויזישע גענעראַלן זיך באַרימט, אַז בא דער מאַזשינאָ־ליניע וועט היטלער באַקומען אַ מאַפּאָלע. ער וועט ניט זען פּאַריזש, ווי מע זעט ניט די אייגענע אויערן... איז וואָס זשע הייסט עס? פאַראַט? די גענעראַלן האָבן געוואָרפן אױף גאָטס באַראָט זייערע סאָלדאַטן און האָבן צעעפנט טיר־און־טויערן פאַרן פאַרהאַסטן סוינע?

מאַקס קרייסלער האָט אײַנגעשלאָסן די ראַדיאָ, נאָר פּאַריזש האָט געשוויגן. פון בערלין האָט זיך דערטראָגן דער היסטערישער געשריי פונעם דויטשן „פיורער“. ער האָט געגוואַלדעוועט, אַז ער וועט מאַכן אַ סאָף מיט די פראַנצויזן און ענגלענדער... דײַטשלאַנד וועט אײַנשטעלן אַ נײַע אָרדענונג... „הײַל“ און ווידעראַמאָל „הײַל!“

מאַקס איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. פאַר די אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ מוירעדיק בילד.

די גאַנצע גאַס איז געווען פאַרשלאָגן מיט אויטאָמאָבילן, וועלאָסיפּעדן, פוסגייער. אין גרויס פּאַניק האָבן די פּאַריזשער אײַנוווינער געײַלט פאַרלאָזן די שטאָט, קעדיי זיך ניט באַגעגענען מיט די הענקער, וואָס האָבן מאַרשירט אַהער. מע האָט געטראָגן און געפירט מיט זיך אַלץ, וואָס מע האָט באַוויזן אַרויסכאַפּן פון די הײַזער.

די פּאַניק איז שנעל אָנגעוואַקסן. אין הימל האָבן געגרעוועט גרויזאַמע באָמבאַרדירער מיט שוואַרצע קרייצן אױף די פליגל.

— מסיע קרייסלער... — האָט זיך אָנגערופן די מאַרסעלינע, — געשיקט זיך, אַז די דײַטשן זאָלן אָנרירן מענטשן, וואָס וועלן זיך פירן לאָיאַל? פּאָרט איבער צו אונדז אין הויז. איך האָב נאָך צוריק מיט צוויי כאַדאָשים אײַנגעקויפט אַ סאַך פּראָוויאַנט, וועלן מיר איבערוואַרטן די שווערע צײַט... עפּשער וועלן די באָשן שפּעטער עפענען דעם טעאַטער, וועלן מיר שפּילן אָפּערעטקעס צי דער רועך ווייסט וואָס מיר וועלן פאַר זיי שפּילן...

מאַרסעלס פליישיק פּאָנעם האָט זיך צעשײַנט.

— מסיע קרייסלער, זי איז גערעכט! אױף מײַן וואָרט, גערעכט! עמעס, מיט אײַך האָבן זיי באַזונדערע כעזשבוינעס, די נאַציסטן, נאָר מיר וועלן בעטן גאָט פאַר אײַך... און פאַר אַ נויט וועלן מיר אײַך אויסבאַהאַלטן...

נאָר וואָס פאַר אַ מאָדנער מענטש אָט דער מאַקס קרייסלער איז! ער האָט ניט געוואָלט הערן זייערע אייצעס, ער האָט זיי גאָר געבעטן אים לאָזן צורו...

די גאַנצע נאַכט האָט מאַקס ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. ער איז יעדע רעגע צוגעגאַנגען צום פענצטער און געקוקט, ווי די מענטשן פאַרלאָזן זייער היימשטאָט.

אין אַ טאָג אַרום האָבן די רויבער געשפּאַנט איבער די ווונדערלעכע גאַסן פון פּאַריזש. זיי זײַנען געגאַנגען איבער אַ טויטער, מענטשנלאָזער שטאָט. פּאַריזש האָט זיי באַגעגנט שווײַגנדיק, מיט האַס און צאָרן.

אין איינער פון די נעכט, ווען בלויז דאָס געהילך פון די סאָלדאַטישע שטיוול האָט געהערשט אױף די פּאַריזשער גאַסן, האָט מאַקס קרייסלער זיך איבערגעטאָן און זיך פאַרגרימירט אַזוי, אַז דער אייגענער טאַטע וואָלט אים ניט דערקענט. אים איז פולקאָם קלאָר געווען, וווּהין ער דאַרף גיין און מיט וועמען.

אין עטלעכע שעה אַרום נאָך דעם, ווי ער האָט פאַרלאָזט די שטאָט, האָט זיך צו אים אין הויז אַרײַנגעריסן אַ כאַפּטע עסעסאָווצעס, זיי האָבן אָבער ניט געפונען דעם, פאַר וועלכן — אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן — די פאַשיסטן האָבן געמאָלדן אַ גרויסן לוין. מאַקס קרייסלער איז געווען צווישן די ערשטע אין זייערע שוואַרצע צעטלען, מיט וועלכע זיי זײַנען אַרײַן קיין פּאַריזש...

מאַקס איז אַנטרונען געוואָרן אין די וועלדער פון דאָרעם. ער איז געווען צוזאַמען מיט די שרעקלאָזע נעקאָמענעמער — מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און רעליגיעס, נאָר פאַרייניקטע דורך איין גלויבן — אין גערעכטיקייט, יושר, מענטשלעכקייט און פּראָגרעס.

עטלעכע שווערע יאָר זײַנען אַוועק פון יענער צײַט, און אָט איז געקומען דער לאַנג געגאַרטער פרימאָרגן, ווען דער אויפגעלעבטער פּאַריזש האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גרויליקן כּוישעף פון אָקופּאַציע און איז מיט בלומען און געזאַנג אַרויס באַגעגענען זײַנע העלדישע זין, וואָס האָבן ניט פאַרנייגט דעם קאָפּ פאַר די טאַליאַנים. אין דער קאָלאָנע פון די „מאַקי" האָט געשפּאַנט אַ מענטש אין אַן אָפּגעריבענעם לעדערנעם רעקל, אין אַ בלויען בערעט, ווויליוונגעריש פּאַרוקט אָפּן גרוילעכן קאָפּ. דער אויטאָמאַט איז געהאַנגען אַף זײַן ברוסט, ווי באַ אַ זעלנער.

ניט ווייניק פּאַריזשער אײַנוווינער האָבן אים גלײַך דערקענט, דעם באַרימטן אַקטיאָר, מאַקס קרייסלערן, און זיך געלאָזט צו אים דריקן זײַן האַנט, קושן, באַגריסן.

אין יענעם פרילינג פון 1945 יאָר, ווען די וועלט האָט זיך געפרייט מיטן גרויסן זיג איבערן פאַשיזם, האָט מאַקס קרייסלער באַקומען אַ בריוו פון בערלין. מע האָט אים גערופן צוריק קיין בערלין, אין טעאַטער.

מאַקס איז געווען אין פאַרלעגנהייט, ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל ענטפערן. צי דאַרף ער זיך אומקערן אַהין, אין יענער שטאָט, וואָס האָט אים, מיליאָנען אַזוינע, ווי ער, דער גאַנצער וועלט פאַרשאַפט אַזויפיל צאָרעס, אומגליק, טויט? צי האָבן די דײַטשן אַ גוטן זיקאָרן? צי וועלן זיי אַף אייביק פאַרגעדענקען דאָס, וואָס ס'איז פאַרגעקומען, און וועלן פאַרזאָגן קינדס־קינדער, מער זאָל עס זיך ניט איבערכאַזערן...

ער האָט זיך דאָך אומגעקערט, אים האָט געצויגן קיין בערלין דער אָנדענק פון זײַן לערער און פרײַנט זיגפריד ליינאַרד, פון פרידען, פון דעם פּראָפעסאָר עריך שטוטבאַך, דעם גערטנער עמיל שולצן, פון דעם שאָפער וואַלטערן און פון אַ סאַך, אַ סאַך גוטע מענטשן, וואָס האָבן געליטן און געקעמפט, פונקט ווי ער. מאַקס האָט זיך אומגעקערט אַהין, וווּ מ'האָט געוואַרט אַף אים. ער איז געקומען צו די רויִנעס פון בערלין און צוזאַמען מיט טויזנטער גענומען אויפבויען די שטאָט.

יאָ, ווי שנעל עס לויפט די צײַט!

מע האָט נאָך ניט באַוויזן זיך אַרומקוקן, ווי עס זײַנען שוין דורכגעלאָפן צוואַנציק יאָר. אַ סאַך וווּנדן זײַנען פאַרהיילט געוואָרן, נאָר סימאָנים, קאַרבן האָבן זיך פאַרהיט ביז הײַנט.

מאַקס קרייסלער טרעט איצט זעלטן אַרויס אַף דער בינע אַלס אַקטיאָר... דאָ און דאָרט הייבן נאָך אויף די קעפּ די ווילדע כײַעס, וואָס זײַנען אַנטלאָפן פונעם פּסאַק־דין און אָנגעטאָן אַף זיך פּעלצלעך פון שטילע שעפּעלעך, ווידער שטשירען זיי זייערע ציינער, גרייטן זיך נעמען רעוואַנש. און מאַקס קרייסלער קאָן ניט זײַן רויִק. זײַן שטים הערט מען אַף מיטינגען און מאַניפעסטאַציעס. זײַן וואָרט קלינגט ווי אַ וואָרענונג, ווי אַן אַליאַרעם־גלאָק. ער טוט אויך איצט אָן אַמאָל אַף זיך די קליידער, מיט וועלכע ער צעשיידט זיך ניט, — דאָס לאַגער־רעקל מיט די שוואַרצע פּאַסן, מיטן גרויסן נומער אַף דער פּלייצע, מיט דער געלער לאַטע, און אַז מע קוקט אַף די אַרעסטאַנטישע קליידער, כאַפּט אָן אַ גרויל. עס דאַכט זיך, אַז דאָס רעדן זיי מיט זײַן שטים:

...מענטשן, פאַרגעסט ניט און פאַרגיט ניט! זאָל אײַער זיקאָרן שטענדיק זײַן וואַך. די געפאַר לויערט ווידער איבער דער וועלט. ענגער די רייען! טוט אַלץ, עס זאָל זיך מער קיינמאָל ניט איבערכאַזערן דאָס, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט...

פאַרגעסט עס ניט, אין נאָמען פון לעבן! אַזוי זאָגט אײַך אַ לעבעדיקער עדות פון יענע גרויליקע יאָרן...

און מענטשן הערן זיך צו צו דעם פלאַמיקן און אופריכטיקן וואָרט, וואָס גייט פון דער טיפעניש פון מאַקס קרייסלערס נעשאָמע. טויזנטער קענען אים, דעם מענטשן, דעם שלאַכטמאַן, דעם קינסטלער. אָבער ניט יעדער געדענקט און ווייסט, אַז דאָס איז אונדזער אַלטער באַקאַנטער, דער בעקער פון קאָלאָמייע.

טאַקע דערפאַר האָבן מיר באַשטימט אײַך דערציילן זײַן לעבנסגעשיכטע, אָט אַזאַ ווי זי איז.

קאַרפּאַטן — קיִעוו.

שלוימע רויטמאן

# דער דימענטשלײַפער

אָט דער דימענט רופט מיך טאקע נאָר ווי מיט א שטים,
דעם טאטן מיט דער מאמען כ׳זאָל ארײַנלייגן אין אים,

ווי עפּעס א נעשאָמע וואָלט אין אים פארמויערט זײַן,
וואָס קאָן, כאָלילע, אויסגיין דאָרט אין פינצטערניש און פּײַן,

אויב כ׳וועל פון אים ניט אָפּשיילן די כווישעכדיקע הויט,
ווי בילמעס, ניט אראָפּשנײַדן די גרויקײַט און דעם קויט.

איך הער, ער רופט: „דו האָסט מיך אויסגעגראָבן פון דער ערד,
פארוואָס זשע האָסטו מיך צו לופט און ליכט ניט אומגעקערט?״

אים ראטעווען מיט זעגעלעך און פײַלעכלעך איך אײַל,
מיט פײַלעכלעך, מיט זעגעלעך איך שלײַף אים און איך פײַל,

און דארף ער שײַן, איז גיב איך אים אוועק די אויגן־שײַן,
און דארף ער לופט, איז אָטעם איך אין דימענט זיך ארײַן,

און בייסן שארפן פיל איך, אז סע טוט שוין ווי מײַן שטיין,
איז הייסט עס, אז געבוירן ווערט א לעבעדיק געביין.

אָט לויכט אף אים דער ערשטער ראנד — די ערשטע ריפּ אין גוף,
דער ערשטער שפּיץ איז ווי דער בליץ, וואָס רײַסט דעם וואָלקן אוף.

און הימלדיק ווערט יעדער פלאך און פול מיט שטראַלן־לויף,
און אלע ראנדן קומען אינעם דימענט זיך צונויף.

און אָט־אָ גיסן איבער זיך בא אים שוין אין זײַן פלאם
די וועלדער מיט די לאָנקעלעך, די פעלדער מיטן יאם,

און ווען סע טוט פון אים א שיס ארויס א שטראַלן־סטויג,
איז פונקט ווי פון מײַן דימענט וואָלט ארויסגעקוקט אן אויג,

און װארעמער, און היימישער, און ריינער ווערט זײַן ליכט,
און כ׳לעבן, אז סע לויכט אין אים א מענטשלעך שוין געזיכט.

ווײַזט אויס, אז ס׳איז מײַן דימענט יענער איידלשטיין, וואָס פלעפּט,
דער צויבערשטיין, וואָס טאקע נאָר אין מײַסעלעך זיך טרעפט.

אָט זיצט, ווי אין א שלאָס, אין אים — א שלאָס פון ריין־קרישטאָל —
אליין די שיינע באסמאלקע, געפאנגען פון אמאָל:

די שטערן — אירע כיין־פינטלען, דאָס אויג — לעוואָניק־גרויס,
ווײַל שוין פון לאנג זי קוקט אזוי די אויגן זיך ארויס,

זי גייט דאָרט אויס פון בענקעניש, די שיינע, נאָך איר האר,
זי קאָן ניט זײַן קיין גליקלעכע, ביז ס׳קערט זיך ניט איר גוואר.

ווײַזט אויס, אז ס׳איז מײַן דימענט יענער איידלשטיין, וואָס פלעפּט,
דער צויבערשטיין, וואָס טאקע נאָר אין מײַסעלעך זיך טרעפט.

אים איז געגוג א בעט צו טון, ווערט דײַן פארלאנג דערהערט,
אים איז געגוג א גלעט צו טון, און אלץ מעקויעם ווערט.

איך בעט בא דיר, מײַן שטיינדעלע, קיין אויצער ניט, קיין נעס,
קיין ווײַנען, קיין פּאַטראַוועס ניט (איך האַלט ניט פונעם פּרעס).

אפילע ניט די באסמאַלקע, וואָס איז אוואַדע שיין,
די באסמאַלקע — די בענקעניש, זי זיצט אין מיר אליין

און מאַטערט פון קאַדמוינים מיך, איך ווייס שוין ניט פון ווען,
צו זען אַזוינס, וואָס כ׳האָב דערווײַל ביז הײַנט נאָך ניט געזען.

כ׳האָב שוין געזען דעם ווילדן צאַר פון טרעבלינקע, פּאַנאַר,
דעם אוישוויץ־ און מײַדאַנעק־צאַר, דעם גזאַר פון באבי־יאַר,

איז צײַט מיר ווײַזן, שטיינדעלע, ווי אויסגעלייזט, ווי דרייסט
אריבערוואַקסן יענעם צאַר זיך פרוּווט די הויכע טרייסט.

און כ׳האָב מײַן אויסגעשלײַפטן דימענט דאָן א דריי געטון,
מיט אלע ראַנדן אויסגעדרייט איך האָב אים צו דער זון.

און אָט־אָ העלט אין אים א באַרג, א ריז שטייט אפן באַרג —
און אף א מאַנטל איז פאַר אים דער הימל אויכעט קאַרג.

און טייקעף איך דערפיל שוין נאָך זײַן שמייכלענדיקן בליק,
אז נאָר אין אים זיך אייגענען עס קאָן דאָס גאַנצע גליק.

און ווי דער ריז צעעפנט נאָר זײַן פרײַ, זײַן שטאָלץ געמיט,
איז טוט ער זיך אין פענעמער מיליאָנען א צעשיט.

און יעדער פּאָנעם איז געגוג נעשאָמעדיק שוין רײַך,
צו זײַן דאָס איין־און־איינציקע און זײַן מיט אלע גלײַך.

און אָרעמס זײַנען אויסגעשטרעקט און בעטן: „ברודער, קום!“
און, ווי די צווײַגן פון איין בוים, זיי נעמען זיך אַרום,

און ווען זיי בילדן ברידערלעך און שוועסטערלעך איין קראַנץ,
אָ־אָ! מײַן ליבער גיבער־גוואַר איז ווידער אייביק־גאַנץ.

א דאַנק, מײַן דימענט, וואָס דײַן פאַרב, דײַן ליכט האָט מיך געפּאַלגט,
וואָס אופגעריכט באַוויזן האָסטו מיר דאָס מענטשן־פאָלק,

די טײַערע באַוויזן מיר אין טרייסטנדיקער שײַן,
אזעלכע, ווי זיי זײַנען שוין און ווי זיי דאַרפן זײַן.

אף יענעם, וואָס דער גוטער שוואַך אים גייט א לעבן נאָך,
איז זאָגט מען: אָט דער מענטש, ער איז א גוטער דימענט דאָך.

און ווען איך קוק אַרײַן אין דיר, דערזע איך, צויבערשטיין:
דער דימענט פונעם מײַסעלע איז דאָך דאָס פאָלק אליין.

אָ, איך האָב, שלײַפנדיק דעם שטיין, ניט זיך, נאָר אײַך געמיינט,
כ׳האָב, ליבע, אײַך אין אים באַכיינט, נאָר אײַך אין אים באַשיינט.

מײַן דימענט האָב איך אויסגעדרייט אזוי דאָך צו דער זון,
ס׳זאָל די נעשאָמע אײַערע אין אים א פינקל טון,

און אָט — ער שפּילט מיט אײַער זעל, און זין, און אויג, און שטים.
דעם טאַטן מיט דער מאַמען כ׳האָב אַרײַנגעלייגט אין אים.

# דער גוטער גלעזער

אײַ, וואָלט איך געוואָלט אזא גוטער גלעזער זײַן,
אײַנפּאסן אין הערצער גאָר פענצטערלעך מיט שײַן,

פארקלאפּן זיי מיט צוועקעלעך צארטע פונעם גין,
אײַנקלעפּן מיט קיטן זיי שטארקע, ווי דער זין,

ווײַל אָט דאָרט, ווו שאָטנדיק, טײַעט ניט קיין אײַז,
ווײַל אָט דאָרט, ווו פינצטערניש, ווינען פלעדערמײַז,

דאָרט, ווו נאס איז און ווו ענג, גליטשן אויס זיך געננ,
נאסטעלעך זיך נעסטן דאָרט, עגדעשן און שלענג.

מאָלט אײַך, איך האָב פענצטערלעך שוין ארײַנגעשטעלט,
און עס באלעבאטעוועט זוניק דאָרט די וועלט,

פליט ארויס די פלעדערמויז, שלעפּט מיט זיך אוועק
מוירעדיקס און שכוירעדיקס, שיידימלעך און שלעק,

קריכט אוועק מיט נאסטעלעך, עגדעשן און שלענג
קליינלעכס און געמיינלעכס און די נידעריקע גענג.

אופגעראמט, ג׳ראם איז דאָרט, דאָ איז רוים און ליכט,
ווו דער מענטש זאָל אויסדרייען ברייטלעך זײַן געזיכט.

אײַ, וואָלט איך געוואָלט א מין גוטער גלעזער זײַן,
אײַנפּאסן אין סאמע הארץ שײַבעלעך פון שײַן.

מאָלט אײַך, איך האָב שײַבעלעך דאָרט ארײַנגעשטעלט,
ס׳קוקט דורך זיי אין ברוסט ארײַן שוין א גוטע וועלט,

און קיין שליטע האָט צו זיי מער שוין ניט די קריג,
קאָן שוין ניט פארטונקעלן זייער בלויען בליק,

ס׳קאָן זיי נאָר פארהויכקען דאָ א נעשאָמע־הויך,
ס׳קאָנען זיי ניט אויסזעצן אטאָם־באָמבעס אויך.

טוליען זיך און האלדזן זיך קומט נאָר צו דער שויב
מיט באצירטן העלדזועלע כאווערויש די טויב,

ווי זי וואָלט פון העלדזועלע אויסגעטאָן פון שווארצס
אלע אירע פאטשערקעס און געשענקט דעם הארץ,

ס׳זאָל די וועלט זיך כידעשן, ציִען זיך אהין,
צוליגן זיך, ווי א בלאט, קילנדיק און גרין.

אײַ, וואָלט איך געוואָלט א מין גוטער גלעזער זײַן,
אײַנפּאסן אין יעדער ברוסט טאפּליעלעך מיט שײַן.

מאָלט אײַך, ס׳זײַנען טאפּליעלעך שוין ארײַנגעשטעלט,
אופגעעפנט איז דאָס הארץ פאר דער גאנצער וועלט,

אופגעעפנט פאר געגארטס און פאר אומדערווארטס,
און זײַן סאָד — גאָלע גנאָד, ציטעריקס און צארטס —

אויב פארשטעלן, איז פארשטעלט יענעם ווי א שוץ,
אויב עס מוז שוין ווייטעקן, ווייטעקט עס פאר גוטס,

אויב עס מוז שוין בלוטיקן — איז מיט יענעם מוט,
אז סע זאָל ניט גיסן זיך מער קיין אייגן בלוט,

ניט פארגיין אין וויסטעניש, ניט באגיסן מיסט,
אויב א הארץ מוז שלאָגן זיך, שלאָגט עס ניט אומזיסט,

און אים סטײַעט ווארעמקײַט קעגן טויט און קעלט,
זײַן די וועלט זאָל הארציק שוין און דאָס הארץ — די וועלט.

אײַ, וואָלט איך געוואָלט א מין גוטער גלעזער זײַן,
אײַנהעלן, ארײַנשטעלן אין הערצער זיך, ווי שײַן.

# דאָס וואָרט פון א בעקערל

אָן די הייוון גייט ניט אוף דאָס ברויט,
אָן די הייוון איז די מעל ווי טויט,

וועק זי מיט דער וואסער, בײַס מיט זאלץ,
ס׳העלפט איר ניט קיין ווארעמס און קיין קאלטס.

טו איך אָבער הייוון נאָר ארײַן —
ראָשטשינע, געזונט זאָלסטו מיר זײַן,

לעבעדיק און פריילעך הייבסט זיך אוף.
זעט נאָר, קיין אײַנהאָרע, א מין גוף,

זעט נאָר א מין ווײַס און פוכקע לײַב —
א פּארשוין, א פּויערטע, א ווײַב.

און זי שמעקט, זי אָטעמט און זי ברויזט,
און זי בעט: „נו, קנעט, נו, גלעט, נו, שטויס“.

און אונטער די הענט בא מיר זי קוועלט,
ברויט עס ווערט געבוירן אף דער וועלט.

ערנסט דארף מען זײַן אצינד און וואך,
מעליק איז און הייליק איז די זאך,

הייליק, ווי די ליבע, איז דאָס ברויט,
שטארקער איז דאָס ברויט דאָך פארן טויט.

נאָר די ליבע טאָר ניט זײַן דאָ בלינד,
בלינד אצינד צו ליבן איז א זינד,

זעצט דאָס ברויט אין אויוון, קוק און קען,
זע נאָר אינעם פײַער ניט פארברען.

שרעקט אײַך ניט, דער בעקער ווייסט די מאָס,
ס׳איז א בעקער דאָך דער באלעבאָס

איבער וואסער, איבער פײַער־פלאם,
פּרוווט אליין דאָס לעבן אפן טאם,

אונטער זײַנע הענט סע בלײַבט ניט רוי.
קוקט זשע ניט, וואָס איך בין מעליק־גרוי.

ס׳וואָלט די וועלט אָן בעקערל געגרויט,
כ׳בין אין איר, ווי הייוון אינעם ברויט.

# מײַן טאַטנס צוואָע

דאָס שוסטער־בענקעלע בענקט נאָך מײַן טאַטן,
א קײַלעכיקס שטיט עס, ווי זײַנע מעסלעסן,
וואָס ער איז א לעבן אָף דעם אָפּגעזעסן,
בענקט עס, דאָס בענקעלע, בענקט דאָס ווארשטאטל.
און ביז הײַנט ניט פארדעקט ליגן אַלץ די מאכשירים,
ווי די ערד וואָלט נאָך אַלץ ניט פארדעקט זייער טרײַען,
און אָט וועט ער זיך קערן, ווײַל ווי קאָן ער זיך הײַען,
און א מאַך טון צו זיי: „צו דער ארבעט, באַכירים!"
און אזוי אַל האטוירע און אזוי אַל האווידע,
ביז די האנט און דאָס הארץ און דאָס אויג זײַנען אָפּן.
און אז דאָס געצײַג זאָל די נעכט ניט פארשלאָפן,
טוט ער זיך מײַסעדיק־ווויל א צעהוידע
און נעמט זיי דערציילן פון שיכלעך אזעלכע,
וואָס ווער ס'וועט זיי מאכן און זויכע זײַן טראָגן,
אָט יענעם וועט קיינמאָל דער טויט ניט הערײאָגן;
סע בלײַבט נאָר צו קריגן יענץ טײַערע פעלעכל...
אָט דער מײַסע־ייִד קאָן בא דער ארבעט ניט שווײַגן,
אים דוכט, אז אין מי, אינעם אָל, אין די זאָרגן
איז דאָך שטענדיק א שיינע געשיכטע פארבאָרגן,
און ער ציט זי ארויס מיט דער הילף פון געצײַגן,
ער ציט זי פון מויל, ווי די פלעקלעך די ווײַסע.
מיט דער דראטווע, דורך גילדענעם וואקס דורכגעצויגן,
מיט די שטראַלן פון בלוי־אָנגעצונדענע אויגן
ער פלעכט דורך די נעכט זײַנע פרעכטיקע מײַסעס.
און עס דאכט, אָף זײַן קעסטלדיק־קאַנטיקן שטערן
דער זאָרג־קנייטש צעעפנט זיך שטיל, ווי א טירל,
און געשיכטעס זיך ציִען אין א פערלדיק שנירל;
איז זײַן שווייס הען פאר פערל אָט די ניט דער קערן?
און מיר גלייבט זיך, איך זע נאָך זײַן וואָרט, וואָס האָט פארבן,
און, ווי מײַסעלעך בלויע, זײַנע אויגן מיר ריידן,
ווי זיי קאָנען נאָך אַלץ מיט דער ליכט זיך ניט שיידן,
ווײַל מײַסעלעך גוטע, זיי קאָנען דען שטארבן?
און אָף זון און לעוואָנע פארפאָרן מעסלעסן,
אָף אָט די צוויי רעדער פארקײַקלען זיך יאָרן,
נאָר מײַן טאטן קאָן אַלץ דאָס געצײַג ניט פארגעסן,
נאָר מײַן טאטע ליגט אַלץ דעם ווארשטאט אין זיקאָרן, —
און ווען זיי פארבענקען אין אָוונט זיך עלנט
נאָך זײַן האנט, וואָס איז נעענטער זיי פון א ברודער,
זיי גיבן א וואָרף זיך פון שלאָף ווי צערודערט
און הערן אליין פון זײַן מײַסע די העלדן.
און א שוועב גיט די דראטווע אין לופט, ווי א סטענגע,
און לעוואָניק א ליכט טוען פלעקלעך, ווי שטראַלן,
מיטן קאָפּ איז דער האמער צו מי צוגעפאלן,
צי א צוואָק, צי דעם טרוים פונעם הארץ רײַסט די צוועגע,
פונקט זיי וואָלטן זיך מיִען אצינד מיט האנאָע
יענע שיכלעך צו מאכן, וואָס ווער ס'וועט זיי טראָגן,
אָט דעם וועט שוין קיינמאָל דער טויט ניט דעריאָגן, —
ווי ער וואָלט געלאָזט זיי אזא מין צוואָע.

# זיכרוינעס

## כאַנע גערשענזאָן

# וועגן מוישע גערשענזאָן

אין קיִעווער יידישן מעלוכע־טעאַטער האָט אָנגעהויבן זײַן וועג פֿון א פּראָפעסיאָנעלן אַקטיאָר דער יונגער מוישע גערשענזאָן.

אַף דער בינע איז ער געקומען ניט פֿון דער טעאַטראַלער שול־באַנק, נאָר גלײַך נאָכן פֿאַרענדיקן דעם ליטעראַרישן אָפּטייל באַם קיִעווער יידישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. טאַקע אין דעם אינסטיטוט איז ער געווען איינער פֿון די גרינדער פֿונעם זעלבסטעטיקן עסטראַדע־קאָלעקטיוו „מעשולאַכעס"[1]. פֿאַר „מעשולאַכעס" האָט ער געשריבן פֿיל איינאַקטערס, מיניאַטורן, לידלעך, פֿולע מיט בײַסיקער סאַטירע, מיט האַרציקן הומאָר און פֿאָלקסטימלעכער פֿרייד. ער איז געווען דער רעזשיסער פֿון די פֿאָרשטעלונגען און אויך א שוישפּילער.

אינטערעסאַנט איז אַזא עפּיזאָד. אין יענע יאָרן האָט דער מאָסקווער יידישער קאַמער־טעאַטער שטאָלץ געטראָגן די פֿאָן פֿון הויכער טעאַטראַלער קולטור. פּונקט ווי דער וואַכטאַנגאָוו־טעאַטער מיטן ספּעקטאַקל „פּרינצעסע טוראַנדאָט", האָט ער מיט זײַנע שטעלונגען „די קישעפֿמאַכערן", „צוויי הונדערט טויזנט", „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי" דעקלאַרירט, אַז דער טעאַטער איז פֿאָלקס־שפּיל, ראָמאַנטיק און ענגע פֿאַרבינדונג מיטן לעבן. די פֿאָרגעשריטענע צושויער האָבן הייס אויפֿגענומען די דאָזיקע ספּעקטאַקלען. עס האָבן אָבער געקרימט מיט די נעז די קליינשטעטלדיקע יידן, וועלכע האָבן זייער טעאַטראַלן גענוס געשעפּט פֿון די מעלאָדראַמעס פֿון די וואַנדער־טרופּעס מיט זייער נאַטוראַליזם און סענטימענטאַליטעט. גערשענזאָן האָט צוזאַמען מיט זײַנע כאַווײרים פֿון „מעשולאַכעס" געשאַפֿן און אויפֿגעפֿירט אין זײַן עסטראַדע־קאָלעקטיוו א טאַלאַנטפֿולן דיִאַלאָג פֿון א פּאָר אַזעלכע קליינשטעטלדיקע יידן וועגן דער „קישעפֿמאַכערן" און „גאָסעט".

ניט געקוקט אַפֿן דערפֿאָלג אין זײַן אַרבעט אַלס רעזשיסער און אַקטיאָר, האָט מוישע גערשענזאָן באַשטימט שפּעטער זיך אָפּגעבן בלויז דער דראַמאַטורגיע. ער איז אַוועק פֿון טעאַטער און געזעצט זיך אַרבעטן אַף זײַן „הערשעלע אָסטראָפּאָליער". געאַרבעט האָט ער אָנגעשטרענגט, לאַנגזאַם, אָבער מיט ברען און ענטוזיאַזם.

ווען די פּיעסע איז פֿאַרענדיקט געוואָרן, האָט ער זי אָפּגעפֿירט קיין מאָסקווע צו שלוימע מיכאָעלסן. דער „גאָסעט" האָט זי אײַנגעשלאָסן אין זײַן רעפּערטואַר. אַלס רעזשיסער איז באַשטימט געוואָרן ביניאָמין זוסקין. גערשענזאָנען האָט מען שפּעטער נאָכאַמאָל אײַנגעלאַדן קיין מאָסקווע, קעדיי ער זאָל צוזאַמען מיטן טעאַטער ענדגילטיק באַאַרבעטן איניקע עפּיזאָדן, אָנשרײַבן טעקסטן פֿאַר לידער אאַז״וו. אינעם טאָג פֿון דער פּרעמיערע האָב איך באַקומען פֿון אים א טעלעגראַמע פֿון פֿיר געציילטע ווערטער: „צוועלף מאָל אויפֿגעהויבן דעם פֿאָרהאַנג".

„הערשעלע אָסטראָפּאָליער" האָט געהאַט א רוישיקן דערפֿאָלג אין מאָסקווער „גאָסעט" און שפּעטער אויך אינעם קיִעווער יידישן מעלוכע־טעאַטער. אין 1938 איז די פּיעסע דערשינען אין א בוך־פֿאָרם.

נאָך „הערשעלען" האָט מוישע גערשענזאָן לאַנג ניט געשריבן. זײַן גאַנצע צײַט האָט ער געשענקט דעם דערלערנען די פּראָווענצאַלישע שפּראַך, קעדיי לייענען מאָליערן אין אָריגינאַל. איינצײַטיק האָט ער שטודירט גרינטלעך די רוסישע שפּראַך. ער איז אָנגעקומען אַלס סטודענט אַפֿן סצענאַרישן אָפּטייל פֿונעם מאָסקווער הינטער־אויגיקן טעאַטראַלן אינסטיטוט.

אין 1939 איז אין דער פּרעסע געמאָלדן געוואָרן א קאָנקורס אַף איינאַקטערס. מוישע שיקט צו זײַן איינאַקטער „דער דירעקטאָר". די פּיעסע, אין דער רוסישער איבערזעצונג, האָט באַקומען דעם דריטן פּריז און איז אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין רעפּערטואַר פֿונעם מאָסקווער מיניאַטור־טעאַטער.

דערוווסט וועגן דעם האָט זיך גערשענזאָן גאַנץ צופֿעליק. שפּאַצירנדיק איבער די אַלייען פֿונעם מאָסקווער פּאַרק פֿאַר קולטור און אָפּרו אַף גאָרקיס נאָמען, האָט ער אָנגעטראָפֿן אַף א ריי נאָך בילעטן אין מיניאַטור־טעאַטער. דערזען אַף דער אַפֿישע זײַן נאָמען, האָט ער געקויפֿט א בילעט. און אַזוי־אַרום זיך באַקענט מיט זײַן „דירעקטאָר" אַף דער בינע.

אין זעלבן יאָר האָט מיכאָעלס פֿאַרבעטן גערשענזאָנען צו זיך און געבעטן אים דערציילן, איבער וואָס ער אַרבעט. גערשענזאָן האָט אין יענע טעג זיך אַרומגעטראָגן מיט א געדאַנק וועגן א פּיעסע אַף דער טעמע פֿון די כעלעמער כאַכאָמים. ער האָט דערציילט אײַנקורצן, וויאַזוי

[1] מעשולאַכעס — דאָס זעלבע, וואָס „א פֿאַרשלעפּטע קרענק".

ער שטעלט זיך פֿאַר דעם אינהאַלט און דעם סוזשעט פֿון אַזאַ פּיעסע. מיכאָעלסן איז דער פֿאַרטראַכט געפֿעלן געוואָרן, און באַלד אויפֿן אָרט איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן אין אַ כּוידעש אַרום האָט געדאַרפֿט צוגעשטעלט ווערן דער ערשטער אַקט פֿון „כּעלמער כאַכאָמים".

זייענדיק דערמוטיקט פֿונעם צוטרוי, האָט גערשענזאָן געאַרבעט טאָג און נאַכט. דעם אָפּמאַך האָט ער אויסגעפֿילט. אין אַ כּוידעש אַרום איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין מאָסקווע מיטן ערשטן אַקט פֿון זײַן פּיעסע.

די מילכאָמע האָט אָבער אַלץ איבערגעריסן...

אופֿאַ — אַהין האָט זיך עוואַקויִרט דער שרײַבער־פֿאַרבאַנד פֿון אוקראַיִנע. אַ שווערע צײַט! און פּלוצעם... אַ טעלעגראַמע: דער טעאַטער רופֿט גערשענזאָנען קיין מאָסקווע אַנטיילנעמען אינעם צוגרייטן דעם ספּעקטאַקל „די כעלמער כאַכאָמים"[1].

גערשענזאָן איז אין מאָסקווע. אָבער ניט אויף לאַנג. די פֿאַשיסטישע כאַיאָלעס דערנענטערן זיך צו דער הויפּטשטאָט. דער טעאַטער איז געצוווּנגען צו עוואַקויִרן זיך.

...ווידער אין וועג, איצט — קיין אַלמאַ־אַטאַ, דער הויפּטשטאָט פֿון קאַזאַכסטאַן. אונדזער ערשטע וווינונג: אַ שטאַל מיט אַן אויוון, אַן עלעקטרישער שײַן. די סטעליע ליגט אויפֿן קאָפּ. אָבער אַפֿילו אין די דאָזיקע באַדינגונגען פֿלעגט גערשענזאָן זען דעריקער דאָס קאָמישע. ער פֿלעגט זיך וויצלען: „פֿאַרוואָס האָסטו אויסגעקליבן אַזאַ הויכוווקסיקן מאַן?"

אַ פֿאַלקסווערטל, אַ וויץ זײַנען אין אַלע צײַטן געווען אייגנטימלעך פֿאַר מוישע גערשענזאָנען. דער גרונטשטריך פֿון זײַן כאַראַקטער: ליבע צו מענטשן.

אַ קורצע צײַט איז ער אַרויסגעשלאָגן געוואָרן פֿון זײַן שעפֿערישער קאָלייע. „שרײַבן קאָמעדיעס אין אַ צײַט פֿון אַזאַ וועלט־טראַגעדיע?! עפּעס קלעפּט זיך ניט". נאָר ער האָט גלײַך געפֿונען זײַן אויפֿן אויסצודריקן האַס און סינע צום פֿאַשיזם. ער האָט גענומען שרײַבן בײַסיקע מעשאָלים.

לויטן אויפֿטראָג פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאַזאַכסטאַנער קאָמפּאַרטיי פֿאָרט גערשענזאָן אַריבער קיין גוריעוו, וווּ ער וווינט צווישן נאַפֿט־אַרבעטער און שרײַבט פֿאַרצייכענונגען וועגן זייער העלדישער מי אין די שווערע מילכאָמע־טעג.

איינמאָל איז ער געקומען אַהיים און אָנגעטאָן זײַן איינציקן יאָמטעוודיקן אָנצוג. אויף מײַן פֿראַגע, וואָס איז באַ אים הײַנט פֿאַר אַ יאָמטעוו, האָט ער מיר באַוויזן אַ צעטל פֿונעם מיליטער־קאָמיסאַריאַט.

און אָט איז גערשענזאָן אַ קורסאַנט פֿון אַ מיליטער־שול אין אַנדיזשאַן. אים מיט זײַן דיקלעכער און נידעריקער פֿיגור איז די מיליטער־דינסט אָנגעקומען ניט לײַכט. דאָך האָט ער דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן אויף „אויסגעצייכנט". „איך בין גליקלעך, וואָס איך טראָג אַרײַן מײַן קיילעך אינעם אויסקעמפֿן שאָלעם פֿאַר דער וועלט", — שרײַבט ער אין זײַנעם אַ בריוו. און נאָך: „דער געדאַנק וועגן דעם, אַז איך גרייט זיך ווערן אַ פֿראָנט־קעמפֿער, אַ באַשטראַלער פֿאַר אונדזער צעשטערטן גליק, גיט מיר צו קראַפֿט, באַגײַסטערט מיך. מיר דוכט זיך אויס, אַז עס גרייט זיך אַ גרויסער ספּעקטאַקל, און מיר האָט מען פֿאַרטרויט אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכע ראָל. ניט ווײַט איז שוין צו דער גענעראַלער רעפּעטיציע"...

זײַנע בריוו פֿון יענער צײַט זײַנען פֿול מיט הייסער ליבע צום היימלאַנד, פֿול מיט אָפּטימיזם. ער האָט געהאַט אַ ביכעלע מיט געאָגראַפֿישע מאַפּעס פֿון אַלע געגנטן פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד. מיט וויפֿל פֿאַרביטערונג פֿלעגט ער פֿאַרבייגן מאַפּעס פֿון פֿאַרלוירענע געגנטן, און, פֿאַרקערט, מיט וויפֿל פֿרייד פֿלעגט ער זיי אָפּבייגן אויף צוריק, ווען די געגנטן זײַנען באַפֿרײַט געוואָרן. איינעם פֿון זײַנע בריוו צו מיר האָט ער אָנגעהויבן מיט די ווערטער פֿון דער באַוווּסטער סאָלדאַטישער ליד פֿון יענעם יאָר:

דו וואַרטסט אויף געוויס
פֿון דײַן כאַווער אַ גרוס
און דו שלאָפֿסט ניט די נעכט
אין די זאָרגן פֿאַר מיר.
מיט ניצאַכן און זיג
כ'וועל קומען צוריק
אויף מײַן פֿערד דעם הייסן
צו דיר.

ווען ער האָט פֿאַרענדיקט די מיליטער־שול, האָט מען אים געשיקט אויף דער טעריטאָריע, וואָס די רויטע אַרמיי האָט באַפֿרײַט. פֿון וועג זײַנען געפֿלויגן בריוו, פֿול מיט גלויבן, אַז אינגיכן וועט מען זיך ווידער זען. ס'האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז שוין אַזוי נאָענט...

דער פֿאַרביסענער סוינע האָט זיך ווידעראַמאָל אַ ריס געטאָן פֿאָרויס צו די באַפֿרײַטע געגנטן, און...

דער אומגליק איז געשען אין כוטאָר מיכײַלאָווסקי, קראַסנאָדאַרער קאַנט, דעם 16 אַפּרעל 1943...

---

[1] די פּיעסע איז געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 3, 1964.

# דער זינגער פון דער יוגנט

(צו אײַזיק הובערמאַנס 60־טן געבורטסטאָג)

יעשוע ליובאָמירסקי

אין דער מיט פון די צוואַנציקער יאָרן האָט אינעם כאָר פון דער ייִדישער דיכטונג זיך געלאָזט הערן אײַזיק הובערמאַנס פרישע שטים. דער דיכטער האָט געזונגען וועגן דער ייִדישער יוגנט.

הובערמאַן איז געווען א לערער, דעריבער האָט די צוקונפט פון דער אונטערוואַקסנדיקער ייִדישער יוגנט, נאַטירלעך, אים געריגט עפּשער מער, ווי אַנדערע דיכטער.

אָט די שטימונגען האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין א ריי הובערמאַנס לידער, וואָס זייער לייטמאָטיוו איז געווען די זאָרג פאַר די באָכערים און מיידלעך פונעם ייִדישן שטעטל — זין און טעכטער פון די אַזויגערופענע לופטמענטשן. צו אָט דעם ציקל לידער באַלאַנגט, לעמאָשל, „מײַן אַנקעטע“ (זשורנאַל „שטערן“, נומ. 7, 1929). ס'איז קעדײַ זיך צו באַקענען מיט אייניקע שורעס פון אָט דער ליד. שוין דער אָנהייב גופע איז א רעמעז אף דעם פאַרשווינדן פונעם ייִדישן לופטמענטש נאָכן זיג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ.
א צעבראָכענע פור:
אפן וועג איז געפאַלן א ראָד.
מיט פאַרלוירענעם קאָפּ
זיצט מײַן טאַטע אין איר,
פאָרט מײַן טאַטע אין איר,
באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ.

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז ניט נאָר איין ראָד האָט אין אָט דעם וואָגן געפּלאַצט.

הובערמאַן זעט פאָרויס, אז מיט פוילע דרײַ רעדער וועט מען ווײַט ניט פאַרפאָרן...

אָבער ניט אין זיי, ניט אין אָט די אייכאָ־מאָטיוון, שטעקט דער אָרגאַנישער פּאַטאָס פון הובערמאַנס דיכטערישער סטיכיִע.

ייִעש, פּעסימיזם, סקעפּסיס זײַנען הובערמאַנען פרעמד, דאָס זעט מען בולעט אין א ריי זײַנע שפּעטערדיקע לידער, ווו ער באַזינגט מיט גרויס באַגײַסטערונג פרילינג, זונען־שײַן, ליבע. אין אַזעלכע לידער וואַקסן אויס באַם דיכטער פליגל, זײַן פאַנטאַזיע ווערט רײַך און ווײַטזיכטיק.

אין דער ליד „ביימער, ביימער“ דערציילט אונדז א. הובערמאַן, ווי נאָך האַלבער נאַכט איז ער געגאַנגען פאַרמאַטערט און אים האָט אָפּגעשטעלט פּלוצעם... א בוים. דער בוים איז געגאַנגען מיטן דיכטער, ביז זיי האָבן באַגעגנט א צווייטן. אין א קליינער ווײַלע אַרום האָט א דריטער בוים צו זיי זיך באַהעפט. און זיי האָבן גערעדט וועגן פרילינג מיט טרערן פון פרייד אין די אויגן.

און מיר פרעגן באַם דיכטער קיין קאַשעס ניט: „סטײַטש, ווי געשיקט זיך עס, אז א בוים זאָל עמעצן גיין אַנטקעגן און דערצו נאָך פאַרפירן א שמועס מיט אים?“ פאַרקערט: מיר ווערן, פונקט ווי דער דיכטער, ניספּאָעל, ווען ער זעצט פאָר זײַן געזאַנג וועגן די ביימער און דערציילט, אז „זיי זײַנען געשטאַנען שוואַרצע — אף יעדן די פרישקײַט פון מאַרט. און אף גרינעם געבורט פון די בלעטלעך האָט יעטווידער צווײַגל געוואַרט“.

און אז דער דיכטער האָט, אופוואַכנדיק פון טיפן שלאָף, געעפנט די אויגן און זיך אַראָפּגעכאַפּט פונעם געלעגער, איז ער שטיין געבליבן באַם פענצטער מיט אויסגעשטרעקטע הענט: „צעגרינטע מיט בלעטלעך פרישע, זיי שטייען איצט שטאָלצע און שווײַגן. פאָרלעכווײַז הוידען זיך פויגלען אף די פאַרוואַקסענע צווײַגן“.

הובערמאַנס ליריק באַגרענעצט זיך ניט מיט נאַטורשילדערונגען. זײַן פאַרליבטקײַט אין דער נאַטור און אירע כידושים פאַרשטעלט פאַר אים ניט די שיינקײַט, די דערהויבנקײַט פון העלדישע מענטשלעכע מײַסים, ווי, אשטייגער, ליבע און טרײַהײַט צום היימלאַנד. און וועגן דעם טאַקע האַנדלט זיך אין דער ליד „פרוי פון ווײַטן מיזרעך“: די פרוי פון א קאָמאַנדיר האָט איר אייגן קינד איבערגעלאָזט, ווען עס האָט זיך דערהערט א שיסערײַ פון דער זאַסטאַווע, און גענומען ראַטעווען די פאַרוווּנדעטע גרענעצלער.

אָט די טעמע — טרײַהײַט דעם היימלאַנד און דער דראַנג עס צו באַשיצן — האָט שטענדיק געװירט אין די טיפענישן פון הובערמאַנס באַװוּסטזײַן און אין זײַן דיכטונג.

צװיי פּאָעמעס האָט א. הובערמאַן אָנגעשריבן: „פּאָדאָליע, מײַן היים" און „א שטיבל באַם טײַך". „פּאָדאָליע, מײַן היים" קאָן מען באַטראַכטן, װי אַן ענטפער אַף די ספּייקעס, װאָס האָבן דעם דיכטער געפּײַניקט אין סאַך פון די צװאַנציקער יאָרן און װאָס האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין אַזעלכע לידער, װי „מײַן אַנקעטע".

די ייִדישע יוגנט האָט זיך א ריס געטאָן פון שטעטל אין דער גרויסער שטאָט. הובערמאַן באַזינגט אין דער פּאָעמע „פּאָדאָליע, מײַן היים" דעם װילן פון דער ייִדישער יוגנט צו װערן אָנטיילנעמער פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. ער װײַזט, װיאַזוי זי װערט איבערדערצויגן אין דעם שול־זאַװאָד „יעװראַבמאָל" (אָדעס). דערבײַ װערן אַנטפּלעקט די פּסיכאָלאָגישע און אידייִשע װידערשפּרוכן און איבערלעבונגען פון דער שטעטלשער יוגנט.

װען שיינדלס מוטער פּרוּװט אָפּהאַלטן די טאָכטער פון דער רײַזע קיין אָדעס, ענטפערט שיינדל קלאָר און דײַטלעך: „מאַמע, כ'װעל װערן א טאָקער אין שטאָט! כ'װעל לערנען אין שול־זאַװאָד!"

און דאָך איז די זעלבע שיינדל די ערשטע צײַט פון איר לעבן אין אָדעס ניט אימשטאַנד אַרויסצורײַסן פון האַרצן איר שטעטל, איר היים: „ס'איז שטאָטישע ברייטקײַט איר פרעמד — איר האַרץ איז אין שטעטלשע מאָכן".

עמעס, אין דער זעלבער פּאָעמע װערן מיר געװאָרע װעגן א פולשטענדיקער איבערקערעניש אין שיינדלס שטימונג, און זי איז מינאַסטאַם ניט איינע אין דעם פּראַט. איר גלוסט זיך אויסשרײַען הויך: „כאַװיירים, הערט אויס — זאָל ברענען די אַלטע שטעטלשע בענקשאַפט, אָט דאָ װעל איך בלײַבן, און אויס!"

געװיס איז אַזאַ איבערבראָך נאַטירלעך.

הובערמאַן גריבלט זיך דאָ ניט אין די אינדיװידועלע איבערלעבונגען פון זײַנע פּערסאָנאַזשן — ער מאָלט אונדז בלויז די אַטמאָספער, אין װעלכער אָט דער רויער מענטשן־מאַטעריאַל מוז איבערגעאַנדערשט װערן.

„פּאָדאָליע, מײַן היים" איז ניט קיין טיפּישע פּאָעמע פון עפּישער סוזשעטישער שילדערונג. דאָס זײַנען גיכער אימפּרעסיאָניסטישע בילדער, װוּ דאָס שטעטל װערט געמאָלט מיט טריבע פאַרבן. אפילו דער הימל איז דאָ געגליכן צו א לעכערדיקן זאַק:

און פּאָדאָליער הימל —
א לעכערדיקער זאַק:
שיטן זיך די שטערן
און פאַלן אַפן טראַקט.

די נאַטור־שילדערונג קלינגט אָפט װי אַן אומעט־סימפאָניע. ניט איין מאָל טרעפט זיך דער אומעטיקער אַקאָמפּאַנעמענט: „די װיגע װייעט — און די שאַרגע דרייט..."

אָט די טענדענץ װײַזט זיך קלאָר אַרויס אויך אינעם ערשטן טייל פון דער פּאָעמע „א שטיבל באַם טײַך". דאָ מאָלט אונדז הובערמאַן דעם װעג, װאָס עס האָט דורכגעמאַכט דאָס הויזגעזינד פון א ייִדישן גלעזער אַרן־שמיל, אָנהייבנדיק פון ערעװ דער רעװאָליוציע און ביז דעם ענדגילטיקן פאַרפעסטיקן זיך פון דער ראַטנמאַכט.

אין גרויסער דאַכקעס האָבן געלעבט אַרן־שמיל און זײַנע בניי־באַיִס. אָט דעם דאַלעס מאָלט דער דיכטער מיט געדיכטע פאַרבן. אַרן־שמילס װײַב האָט טײַנעס צו איר מאַן, אַז עס גייט צו װינטער, און די הרובע פאַלט אײַן, אַז ס'האָט בערעלען דער רעבע פון כיידער אָפּגעשיקט, אַז ס'איז א גאַנצע װאָך דער פריפּעטשיק געשטאַנען קאַלט, און אַז זי האָט שוין ניט קיין סטעזשקע צו קיין איינציק קלייטל. ס'גייט בערעלע פון הינטן און האַלט זי באַם קליידל.

אָבער בערעלען דערװאַרט שוין אַן אַנדער לעבן. נאָך גאָר א יונגער — קוים פופצן יאָר אַלט, — פאַרגיסט ער זײַן בלוט אין א צוזאַמענשטויס מיט די פּעטליוראָװצעס. ער װאַקסט א העלד. אינעם לעצטן קאַפּיטל איז ער שוין א קאָמאַנדיר פון דער סאָװעטישער אַרמיי. ער ליגט א פאַרװוּנדעטער אין א סאָװעטישן שפּיטאָל, און אַרן־שמיל קלײַבט זיך פאָרן מעװאַקער־כוילע זײַן דעם זון.

די פינצטערע, װיסטע יאָרן פון אַרן־שמילס עלנט און נויט זײַנען שוין אַװעק מיטן װינט און מיטן רויך. דאָס נײַע לעבן אין די באַדינגונגען פון דער סאָװעטישער װירקלעכקײַט האָט געענדערט אויך אָט דעם אַלטן האָרעפּאַשניק. איצטער איז די ערד אַן אַנדערע און דער הימל אַן אַנדערער.

אינטערעסאַנט איז הובערמאַנס לאַקאָנישער און אין דער זעלבער צײַט אויסדריקלעכער לויבגעזאַנג דעם גלעזערס פאַך:

װאָס איז נאָך ליכטיקער און ערלעכער פון גלאָז!
װאָלט דאָס גאַנצע לעבן כאָטש געװען אַזוי:
גייט אוף די זון, עס װערן שויבן ראָז,
איז בלוי דער הימל, װערן שויבן בלוי,
און קומט די נאַכט, דאָרט נעמען שטערן שפּילן.

אַזוי זעט דער דיכטער א געװיינלעכע לעבנס־דערשײַנונג. הובערמאַן גייט דאָ מיטן װעג פון די בעסטע שרײַבער אין אונדזער ביזאָקטיאַבער־ליטעראַטור, װעלכע האָבן ניט זעלטן ראָמאַנטיש דערהויבן די מי פון א געװיינלעכן באַלמעלאָכע.

רירנדיק איז דעם ייִדנס עכט־ברידערלעכע באַציִונג צו דעם אָרעמען פויער לאַסע, אין װעמעס כאַטע אַרן־שמיל פילט זיך אַלעמאָל װי אַן אייגענער מענטש. ביכלאַל באַלאַנגען די זײַטלעך, װוּ עס װערט באַלויכטן די פרײַנטשאַפט צװישן דעם ייִדישן באַלמעלאָכע און דעם אוקראַיִנישן פויער לאַסע, צו דעם שענסטן, װאָס אָט די פּאָעמע פאַרמאָגט.

װײַזט אויס, אַז דעם דיכטער איז שװער געװען זיך געזעגענען מיט זײַן אַרן־שמילן. דערויף זאָגט איידעס דער פאַקט, װאָס אין זײַן קאָמעדיע „דאָס מיידל פון מאָסקװע", װאָס ער האָט אָנגעשריבן אינעם יאָר 1940, באַגעגענען מיר אַרן־שמיל דעם גלעזער װידעראַמאָל. און ער איז טאַקע איינער פון די הויפּט־פּערסאָנאַזשן פון אָט דער פּיעסע. דאָ באַװײַזט הובערמאַן זײַן באַליבטן העלד אין א נײַער באַלויכטונג. אויב אין דער פּאָעמע האָט ער אַרן־שמילן געמאָלט אַפן פאָן פונעם אַלטן שטייגער, איז דאָ דער שרײַבער אויסן געװען אים א װײַז טאָן טאַקע אין דער סאָװיעטע, װוּ „דער הימל איז אַן אַנדערער געװאָרן". און מיר דערזעען אין אָט דעם אַלטן גלעזער אַזעלכע אייגנשאַפטן, װעגן װעלכע מיר האָבן פריִער ניט געװוּסט. ערשטנס, א „מאָדנע" אַקשאָנעס: דער שאָכן גדאַליע לייגט אים פאָר פאַרלאָזן זײַן שטיבל באַם טײַך, די אַלטע זעמליאַנקע, און זיך אַריבערפּעקלען אין א נײַער דירע, — און ער װיל ניט.

מיט די אייגענע הענט האָט אַרן־שמיל אויסגעבויט זײַן

הײַזקע — טוט אים באַנק זיך צעשיידן מיטן אײַנגעזעסענעם ווינקעלע. ביפּראַט, אַז דאָ איז געבוירן געוואָרן זײַן זון, וועלכן באַנדיטן האָבן אומגעבראַכט.

אַרן־שמיל קומט אין אַ קאָנפליקט מיטן פּאַרזיצער פֿונעם דאָרפּראַט, מיט גדאַליען. אַלעמאָל זײַנען בײַ זיי סיכסוכים. אָט די מאַכלויקעסן ווערן געגעבן אין אַ קאָמישן אַספּעקט.

אָט די צוויי טאַטעס זײַנען צווישן זיך, אין טאָך גערעדט, עמעסע גוטע פֿרײַנט. אײַנגיכן ווערן זיי דאָך מעכוטאָנים, מאַכמעס גדאַליעס זון, דער טראַקטאָריסט זעליק, איז פֿאַרליבט אין אַרן־שמילס טאָכטער עסטער.

אין אַרן־שמילס און גדאַליעס צוזאַמענשטויסן האָט הובערמאַן, ווײַזט אויס, געשטרעבט געבן אַן אָנדײַטונג אויפֿן קאַמף צווישן אַלטן מיטן נײַעם. גדאַליע וויל, אַז אויף דעם פּלאַץ, וווּ עס שטייען אַזעלכע זעמליאַנקעס, ווי אַרן־שמילס, זאָל מען בויען אַ סאַנאַטאָריע, יאַסליעס, אַ טעאַטער. און אַרן־שמילן ווילט זיך ניט אָפּטרעטן פֿון זײַן נאַכלע.

דעם לייענער (ווי אויך דעם צושויער) פֿון אָט דער פּיעסע איז פֿון טכילעס אָן קלאָר, אַז אָט די צוויי קעגנער וועלן אײַנגיכן טרינקען לעכאַיִם און אַפֿילע זיך צעקושן אויפֿן קנאַסמאָל פֿון דער יונגער פּאָר.

אָבער אומדערוואַרט און ניט גאָר קלאָר זײַנען דאָ אַנדערע פּאַסירונגען, וואָס דער דראַמאַטורג וויקלט פֿאַר אונדז פֿאַנאַנדער. דער נאָמען פֿון דער פּיעסע „דאָס מיידל פֿון מאָסקווע" גיט אונדז לעכאַטכילע צו וויסן, אַז ניט אַרן־שמיל און ניט גדאַליע זײַנען די צענטראַלע פֿיגורן. דער שליסל פֿון דער אינטריגע איז גאָר אין די הענט בײַ דער צוואַנציקיאָריקער רינע. אַזוי הייסט דאָס מיידל פֿון מאָסקווע, אַרן־שמילס אייניקל. זי האָט פֿון קליינווײַז אָן זיך דערצויגן אין מאָסקווע. איצט איז זי אַ דאָקטער. אויף איר קוקן דאָ אַרויס ניט נאָר אַרן־שמיל און גדאַליע (יעדער פֿון זיי האָפֿט זי אַריבערציִען אויף זײַן צד אין דער מאַכלויקעס), נאָר אויך אַנדערע פּערסאָנאַזשן. אָבער ווען זי קומט שוין אָן, פֿאַרקאָכט זיך גאָר אַ קאַשע מיט אַ ליבע־פּלאָנטער: זעליק פֿאַרליבט זיך אין רינען. אײַנצײַטיק קומט פֿון מאָסקווע רינעס אַ נאָענטער פֿרײַנט באָריס. זײַן שפּאַציר מיט עסטערן רופֿט בײַ רינען אַרויס אַ כשאַד. רינע הייבט אָן דרייען אויף צוריק: זי באַשליסט אָפּשטויסן פֿון זיך זעליקן, כּדי ער זאָל צוריק זיך קערן צו זײַן עסטער. אַזויאַרום ווערט דאָ רינע די באַוועג־קראַפֿט פֿון דער האַנדלונג.

„דאָס מיידל פֿון מאָסקווע" פֿאַרמאָגט אַ רײ אייגנשאַפֿטן, וואָס זײַנען אָנגעמאָסטן פֿאַר אָט דעם זשאַנער. עס ווערן אויסגעלאַכט מענטשלעכע שוואַכקײַטן. אָבער ניט אין אַ בייזן טאָן, נאָר אין גוטן מוט. מאַכמעס מיר האָבן דאָ די גאַנצע צײַט צו טאָן מיט מענטשן, וואָס ווערן אונדז ליב, ווען מיר באַקענען זיך מיט זיי. די העלדן אַליין באַמערקן דאָך ניט, ווי זיי זײַנען קאָמיש אין זייער אַזאַרט, ווען זיי יאָגן זיך פֿאַרכושט נאָכן ווינט, נאָך זייער אייגענעם שאָטן.

די האַנדלונג אַנטוויקלט זיך לעבהאַפֿט, אימפּעטפֿול. דער טעמפּ אַ קאָכיקער. די רעפּליקעס זײַנען קימאַט אַלעמאָל טרעפֿלעך.

די דאָזיקע פּיעסע באַציינען ניט נאָר אַ רײ קאָמישע סיטואַציעס, נאָר אויך עכט־קאָמישע פּערסאָנאַזשן, ווי, אַשטייגער, דער באָכער, וואָס טרוימט אַרײַנכאַפּן רינען ווי אַ פּרימאַדאָנע אינעם דראַמקרײַז, מיט וועלכן ער פֿירט אָן. מיט אים קאָנקורירט און פֿאַרלויפֿט אים דעם וועג דער אַלטער באָכער דער פֿאַבריקמאַכער גערשגאָרן. דאָס איז שוין ביז גאָר אַ קאָמישע פֿיגור, אין סטיל פֿון אַ בופֿאָנאַדע. דרײַ ווײַבער זײַנען שוין פֿון אים אַנטלאָפֿן, און ער פֿאַרלירט ניט די האָפֿענונג, אַז רינע איז טאַקע די עמעסע באַשערטע זײַנע.

הובערמאַן האָט אָנגעשריבן נאָך אַ רײ פּיעסן: „אַ גאַסט פֿון יענער־וועלט" (1940), „דער פּאַכדן" (1943), „אַ גליקלעכע באַגעגעניש" (1947) און „כּדי צו לעבן אויף דער וועלט" (1948).

אויף אָט דער לעצטער פּיעסע לוינט זיך אַ ביסעלע אָפּשטעלן, מאַכמעס דאָ האָבן מיר אַ פֿאַל, ווען אַן עפּיזאָדישע פֿיגור פֿאַרנעמט אומדערוואַרט דעם אויבנאָן אין אַ פּיעסע.

איך האָב אין זינען די באָבע צירל. זי מיטן זון און מיט דער שנור קומען צו פֿאָרן צו איר אייניקל, וואָס אַרבעט אין אַ לאַבאָראַטאָריע בײַ אַ פּראָפֿעסאָר. דער באָבע צירל דוכט זיך, אַז אָט דער געלערנטער איז אַ מין מעשאָרעס בײַ איר אייניקל און אַז דאָס אייניקל איז דאָ עלעהיי דאָס אייבערשטע פֿונעם שטייסל. זי מישט זיך אַרײַן אין די שמועסן וועגן איניאָנים, וועגן וועלכע זי האָט קיין אַנונג ניט. איר נאַיִווקײַט ברענגט צו אַ היפּש ביסל קאָמישע סיטואַציעס.

ווען מיר פֿאַרגלײַכן הובערמאַנס טיפּאַזש פֿונעם עלטערן דאָר מיט דער יוגנט, וואָס פֿיגורירט אין זײַנע פּיעסן און פּאָעמעס, זעען מיר, אַז הובערמאַן איז ניט קיין אויסנאַם אין דער פּלעיאַדע פֿון אונדזערע סאָוועטישע דראַמאַטורגן און דיכטער. ווי באַוווּסט, איז דער עלטערער טיפּאַזש בײַ דאָסראָוו אונדזערע שרײַבער קימאַט שטענדיק געווען מער געראָטן, ווי די יוגנט.

אַפֿילע אין הובערמאַנס לעצטער פּיעסע („די ערד איז קײַלעכדיק"), וואָס איז געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד", האָט איר אויך די זעלבע פּראָפּאָרץ.

אײַזיק הובערמאַן פֿאַרנעמט אַ בעקאָוועדיק אָרט אין אונדזער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור קוידעמקאָל ווי אַ ליריקער, אין וועמעס האַרץ עס געפֿינען אַ הילכיק אָפּקלאַנג די פֿריידן און ליידן, די שטרײַטן און פּראָבלעמען פֿון אונדזער צײַט. אין זײַן אייגנאַרטיקער דיכטערישער מאַניר דריקט אויס הובערמאַן די דערהויבענע שטרעבונגען און געפֿילן פֿון באַדײַטנדיקע סאָוועטישע מאַסן. און זאָגן זאָגט ער עס אַלעמאָל אין אַ קלאָרער צוגענגלעכער פֿאָרם — אַזוי אַז זײַן וואָרט דערגייט צו דעם לייענערס באַוווּסטזײַן און צו זײַנע געפֿילן.

אָבער אײַזיק הובערמאַנס באַדײַט באַגרענעצט זיך ניט מיט זײַן בײַטראָג אין דער דיכטונג. ער איז אויך אַן אויסגעצייכנטער קאָמעדיאָגראַף. זײַנע דערגרייכונגען אין אָט דעם זשאַנער פֿאַרדינען אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג.

אין אַלגעמיין קאָנען מיר, ווען מיר מערקן אָפּ אײַזיק הובערמאַנס 60־טן געבורטסטאָג, מיט צופֿרידנקײַט קאָנסטאַטירן, אַז אין דעם אויפֿבלי פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור האָט ער אַ היפּשן כיילעק.

# אווראָם רייזען

(צום 90־טן געבורטסטאָג)

יאנקעוו שטערנבערג

וועגן אווראָם רייזען שטייט געשריבן, אז ער זינגט פונעם אייגענעם געמיט ארויס. איז ער געווען א סוביעקטיווער דיכטער? ווי זשע קומט עס, וואָס דאָס פאָלק האָט א היפשן טייל רייזענישע לידער אָנגענומען פאר זײַנע אייגענע?

הייסט עס: רייזען איז צו דער זעלבער צײַט אי טיף־יעכידיש, אי טיף־קלאליש, ווי יעדער עכטער פאָלקס־פּאָעט. זײַן געמיט איז ליכט פונעם פאָלקס־ליכט ניט נאָר ווען עס זוימט העל ארום די טונקעלע טרויער־וואָלקנס פון אונדזער קלאל־לעבן — די יידישע אָרעמקײַט, נויט און פראצע, נאָר אפילע ווען עס שטראלט פון זיך ארויס בענקשאפט, ליבע און אלע אנדערע פּאָעטישע, שיינע, דערהויבענע געפילן. די עכטע פאָלקס־פּאָעזיע, אגעוו, איז פונקט אזוי וועלט־שמערץ, ווי פאָלקס־שמערץ; זי רירט זיך צו אויך צו אלע אייביקע פּראָבלעמען, שטעלט זיי און לייזט זיי א סאך מאָל ניט ווייניקער טיף פון דער בעקיוון טיפער, ראפינירטער ליריק.

עס איז מיר דעריבער שווער צו גלייבן אין שיינעם זאָג פונעם אמעריקאנער יידישן ליטעראטור־קריטיקער ב. ריווקין, אז רייזען „האָט זײַן פּאָעטישן איך מאקריוו געווען פארן קלאל". איך, פארקערט, האלט, אז א. רייזען, וואָס האָט ליב געהאט דאָס פאָלק און האָט זיך קוינע געווען אויך דעם פאָלקס ליבשאפט, איז האפקע לויט זײַן פאָלקס־דיכטער־מעהוס ניט פײַיק געווען אף דעם אויבן אים צוגעשריבענעם קאָרבן.

אָבער — איך וויל זיך באוואָרענען: ניט נאָר איך נעגיר ניט די גרויסע פּאָעטישע באדײַטונג פון רייזענס סאָציאלע מאָטיוון, נאָר עס איז מיר אויך באוווסט דער הויכער, רייִנער פונקט, פונוואנען זיי שטראָמען, און כ׳קאָן אָנווײַזן זייערע שפורן אויך אין דער יידישער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג, וועלכע האָט זיך צעבליט שוין אין אונדזער יאָרהונדערט.

נאָך מער: אפילע רייזענס פּאָליטישע לידער, ווי „הור־ליעט, הוליעט, בייזע ווינטן", „קירכן־גלאָקן" אא., זײַנען אויך געבליבן אנטאָלאָגישע פאר דער יידישער רעוואָליוציאָנערער פּאָעזיע. און פונדעסטוועגן זײַנען אויך זיי — אינטאָנאציעס פון רייזענס אייגענער אינטאָנאציע, וועלכע שטעלט אים אויסער פּלעיאדע, אויסער ריכטונג. און אויב שוין יאָ ריכטונג — איז זי די רייזענישע.

און דעריבער: ווען מיר טראכטן מיט באוווּנדערונג, ווי פריש עס איז אויך הײַנט אין אונדזער געדעכעניש רייזענס דיכטונג, גייט אוף אין אונדז באלד אלס עכאָ דער יונגער ריטם און די יונגע שטימונג פון זײַן „העמערל, העמערל, קלאפ", וואָס איז קוילעל אין זיך די גאנצע צארטע, כאָטש רעאליסטיש־אויסגעדריקטע סימבאָליק פונעם פרײַ און רוישיק מיט דער נאכט־שטילקײַט זיך צערעדטן באלמעלאָכע־געסל — זיך צערעדטן אף דער שפראך פון העמערל, זעג, ניי־מאשין און קראנק־נאָכשטעפנדיקן קינדער־וויגל...

נו יאָ, ווער זשע ווייסט ניט הײַנט, אז דאָס געזאנג פון יידישער פאָלקס־נויט און שווערער באלמעלאָכע־פראצע — דאָס שטילע, ערלעכע אינזיך־ברענענדיקע פײַערל, וואָס רייזען האָט אנטדעקט אין אונדזער דעמלט מיט סאמע דעקאָראטיווע שאבעס־ליכט ארומגעשטעקטער שטעטל־אידיליע, — האָט זיך באזונדערס הויך צעזונגען אין דער נײַער יידישער ליד, ווײַל ערשט נאָך די גרויסע סאָציאלע איבערקערענישן איז עס צום פּאָעטישן באוווסטזײַן דערגאנגען.

איז כאָטש איך זאָג מיר, אז די ליד פונעם העמערל ווירקט מער מיט איר באלמעלאָכע־געסל־ריטם, מיט איר שטימונגספולער מוזיקאלישקײַט, ווי מיט איר וואָרט, בין איך דאָך טיף איבערצײַגט, אז רייזענס — האגאם אימפּרעסיאָניסטישער — קלאפ מיטן שוסטער־העמערל אין שולכן פון אונדזער ליטעראטור איז א פּאָעטישער טאַט, וואָס האָט געהאט א ווײַטע אויסווירקונג.

און ס׳וועט דאָך ניט זײַן, גלייב איך, קיין ווידערשפּרוך פון מײַן זײַט, ווען איך וועל איצט צוריקומען שטיצן מײַן טעזיס, אז רייזענס אלט און קינדיש לעוו־טאָוו, ווי אלט און קינדיש עס איז דאָס הארץ פונעם פּראָסטן פאָלק, קאָן ניט פארמאָגן יענעם אלץ פארצערנדיקן סאָציאלן פּאטאָס, וועלכן עס פאָדערט ב. ריווקינס קאָרבן: „דעם גאנצן פּאָעטישן איך אפן מיזבייעך פונעם קלאל"; יענעם סאָציאלן צאָרן, וואָס זײַן צאר, לעהייפּעך צו דעם ראכמאָנעספולן בא רייזענען, דונערט ארויס פון זיך אויך א קרעפטיקע קלאָלע אפן קאָפּ פונעם קלאסן־סוינע, דעקלארירנדיק אפילע זײַנע קליינע קינדער פאר זרע מרעים[1]:

און זײַנע קינדערלעך  
(דעם עקספּלואטאטאָרס. — י. ש.) —  
קינפטיקע שינדערלעך,  
קינפטיקע כאפּערלעך,  
רײַסערלעך, צאפּערלעך,  
לאכן פון אײַך!.. —

דעם סאָציאלן צאָרן פון ווינטשעווסקין, עדעלשטאטן, באָווואָרן און אפילע מאָריס ראָזענפעלדן.

ניין, לויט זײַן טעמפּעראמענט איז רייזען דורכויס פאָלקס־פּאָעט. די פּערזענלעכע און ניט־פּערזענלעכע מאָטיוון הויזן אין זײַן פּאָעזיע הארמאָניש — לויטן פּרינציפּ פון דער ברייטסטער אווטאָנאָמיע. ניט ער דיקטירט דער שטימונג, נאָר די שטימונג אים. האָבן טאקע די זעלבע

[1] זערא מערעים — זוימען פון רעשאָים.

קריטיקער פונעם ריין־עסטעטישן כיידער, וועלכע האָבן אין אָנהייב געקוקט אַף רייזענען, דעם דיכטער פון דער גרויער וואָר, פון אויבן אַראָפּ, געפּרווט שפּעטער — אַפּן סמאַך פון אַ ציקל רעפלעקטיווע לידער — אים אין אַ געוויסער מאָס „רעאַביליטירן“, אים מעצאַרעף זײַן צו אונדזער ניוּאַנסירטער לירִיק, נאָך וועלכער מע האָט זיך דערמלט אַזוי געיאָגט. אַ גליק, וואָס רייזענס שטימונגען — זײַנע געזעלשאַפטלעכע, לירישע און פילאָסאָפישע מאָטיוון — וואָרצלען אין דער פאָלקס־מענטאַליטעט, אין פאָלקס־געמיט. דער יעיצערהאָרע, וואָס האָט ניט איין מאָל אָנגערעגט אונדזער קלאַסיקער צו וועלן אויך אויסזען „מאָדערן“, האָט דעריבער ניט געהאַט קיין שליטע אַף זײַן אומיטלבאַר־קוואַלנדיקן טאָך.

לעגאַבע אָבער אונדזערע קלאַל־דיכטער, דיכטער — רעוואָליוציאָנערן, ווי ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, באָוושאָווער, איז רייזען געווען און געבליבן די ייִדישע ראַדיקאַלע דעמאָקראַטיע. אַף אונדזער הײַנטיק לאָשן וואָלט מען געקאָנט זאָגן: רייזען איז אונדזער פאָלקס־פּראָנט. פאָלקס־פּראָנט, נאָך איידער מע האָט געדאַכט פון דעם דאָזיקן טערמין.

און ווײַל אין שײַכעס מיטן אָקאָרשט געזאָגטן אַסאָצייִר איך צו רייזענס „סאָציאַל־פּאָליטישע טאָעסן“, וועגן וועלכע מע האָט בעשײַטע אַזויפיל געשריבן, דערלויב איך מיר צו מיינען, אַז העיויס דאָס פּאָליטישע לעבן איז אין די לעצטע צענדליקער יאָרן אָנגעקומען צו רייזענס פּראָנט, איז ער, דער גרויסער פאָלקס־דיכטער, וועמענס 90־יאָריקן געבורטסטאָג מיר פײַערן הײַנט, פון לאַנג, אַזוי צו זאָגן, אַמניסטירט.

די טאָעסן מײַנע —
פון זיי אָפּט איך דאַכט,
איך האָב זיי אין לעבן
ניט איין מאָל געמאַכט.

גאַנץ אָפּט אין די גאַנגען
די טריט ניט געהיט.
געשאַדט זיך אַליין דאָך —
קיין אַנדערע ניט!

איצט זינגען זיי אַלע
אין גראַמען נאָך אײַך
פון טאָעסן מײַנע
די לידער פאַר אײַך.

(„פעדער“, 1936).

דער קאָנפליקט צווישן די פּראָלעטפּענען און דעם פאָלקס־פּאָעט האָט אין אָט דער ליד אָנגעשלאָגן אַן עכט רייזענישן אופריכטיקן אַקצענט, וועלכער לײַטערט דאָס באַטריבטע געמיט ניט נאָר פון רייזענען, נאָר פון אַ גאַנצער קאַטעגאָריע ראַדיקאַלע ייִדישע דיכטער, וואָס ס׳איז אויך זיי אויסגעקומען אַרײַנצוקרײַזן זיך אין דעם זעלבן דראַמאַטישן קרײַז פון פּאָליטישע טאָעסן.

ריידנדיק פריִער וועגן רייזענס פאָלקסטימלעכקײַט, האָב איך ניט אַלץ דערזאָגט וועגן רייזענס פאָרם און אינהאַלט. וועל איך עס איצט פּרווון טאָן.

„אין דער אויסגעשטאַלטונג פון זײַן (רייזענס. — י. ש.) זשאַנער, — לייענען מיר בײַ נויעך פּרילוצקין, — האָט עפּשער ניט געקאָנט בלײַבן אָן אײַנפלוס אויך דאָס ייִדישע פאָלקס־ליד, פאַר וועלכן ער האָט שוין אין די יונגע יאָרן געהאַט אַ גרויסן אינטערעס: צווישן די 376 ייִדישע פאָלקס־לידער, וואָס זײַנען אין יאָר 1901 פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון שאָעל גינזבורג און פייסעך מאַרעק, געפינען זיך 41 פון אַווראָם רייזען צוגעשיקט“[1].

אויב מיר פאָלגן נ. פּרילוצקין און שטעלן רייזענס דיכטונג פאַרן שפּיגל פון אונדזער פאָלקס־ליד, זעען מיר, אַז רייזענס פאָלקסטימלעכקײַט האָט זיך זייער גוט געפּאָרט מיט רייזענס אַדאָפּטירטער אייראָפּעיִשער פאָרם, וועלכע האָט אים דערנענטערט צו דער היינישער דיכטונג. דאָס האָט זיך באַזונדערס געלאָזט דערקענען אין דער פּוינטע, אין דעם אויקעץ פון קימאַט אַלע רייזענישע לידער. דער זעלבער קולט אויך פאַר פּאַשטעס, סוזשעטישקײַט, לירִיק פּליוס הומאָר — סײַ בײַם גרויסן דײַטשישן דיכטער, סײַ בײַ רייזענען. דאָ איז קעדײַ צו באַמערקן, אַז רייזען איז פון צווישן די איינציקע עלטערע דיכטער בײַ אונדז, וועלכע זײַנען ניט געשעדיקט געוואָרן פון הײַנעס האַשפּאָע.

נאָר ווען הײַנעס פאָלקסטימלעכקײַט איז אַרונטערגעוואָרפן הײַנעס ראַפינירטקײַט, איז רייזענס ראַפינירטקײַט אַרונטערגעוואָרפן רייזענס פאָלקסטימלעכקײַט. ניט טאָמיד האָט דעריבער די אינטעלעקטועלקײַט, צו וועלכער רייזענס פּאָעזיע האָט, דאַכט זיך, קעסיידער געשטרעבט, געקראָגן דעם געהעריקן טיקון.

אָט אין דעם פּונקט — אַף וויפל דאָס רייזענישע אַלס אינהאַלט האָט שטענדיק געפונען זײַן אַדעקוואַטן אויסדרוק — האָרף מען, לויט מיר, זוכן די ר ײ ז ע נ י ש ע פּ ר אָ ב ל ע ם, וואָס האַקויל מוידים, אַז זי האָט טאָמיד געשוועבט פאַר די אויגן פון אונדזערע ליטעראַטור־קריטיקער.

אַד קאָן — וועגן רייזענען דעם פּאָעט און ניט דעם דערציילער, וועגן וועלכן מע דאַרף באַזונדערס וואַרעם ריידן און שרײַבן. האַגאַם סײַ רייזענס דיכטונג, סײַ רייזענס נאָוועליסטיק דריקן אויס איינע און די זעלבע געפילן, שטימונגען און אָביעקטיווע דערפאַרונגס־וועלט. מיט דעם אונטערשייד נאָר, וואָס דער פּראָזע־פּלאַצדאַרם איז טאָמיד אַ ברייטערער, ווי פון דער פּאָעזיע. אַפאָנעם דערפאַרקלעקט ניט די דיכטונג אַליין פאַר די געשווירענע דיכטער אַפילע, און זיי מוזן שרײַבן אויך פּראָזע. דאָס האָט, אַגעוו, געטאָן אַפילע ריינער מאַריִע רילקע — דער לירישסטער צווישן די ליריקער. בײַ אַזעלכע, ווי רייזען, אָבער סאַמעוועט זיך — אַסאָצייִרט זיך זײַן פּראָזע מיט זײַן פּאָעזיע און זײַן פּאָעזיע מיט זײַן פּראָזע אין אַזאַ מאָס, אַז די זשאַנער־פאָרם ווערט פאַר אונדז קימאַט באָטל. אונדז איז דער איקער בײַ אים דאָס טאָמיד ר ײ ז ע נ י ש ע, וואָס האָט ניט קיין שום אַנדערן ליטעראַריש־כימישן צומיש און וואָס ס׳איז אַזוי וווּנדערלעך אין רייזענס שרײַבערישער מאַניר.

אין זעקסטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד“ פאַרן 1965, אין דער רובריק „בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען“, איז רעפּראָדוצירט געוואָרן אַן אויסצוג פון אַ בריוו צו יאַנקעוו גלאַטשטיין פון אַלעף קאַץ („ייִדישער קעמפער“, ניו־יאָרק, 12 פעווראַל 1965) אין שײַכעס מיט אַווראָם רייזענס ליטעראַרישער יערושע. דער אינהאַלט פון דעם בריוו האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אַ טיפן רעזאָנאַנס אי מיט זײַן דירעקטער אינפאָרמאַציע, אי מיט זײַן דיסקרעט־באַהאַלטענעם עמאָציאָנעלן אונטערטעקסט. בעט איך דעריבער די רעדאַקציע, אַז זי זאָל גאָר ניט האָבן קעגן מײַן נאָכאַמאָל ציטירן אַף די שפּאַלטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ דעם אַרײַנפיר צו אָט דעם בריוו, וואָס איז פאַר אונדז וויכטיק מיט דעם, וואָס ער אַנטפּלעקט שוין אַ

---

[1] „ליטעראַרישע בלעטער“, נומער 17, 1936.

נײַעם, מער ליכטיקן אַספּעקט, וואָס איז נעגייע דער באַציִונג צו רייזענס שאַפונג מיצאַד די שאַצערס, די דייעזאָגערס אין דער ליטעראַטור. און אַדעראַבע, זאָל דער לייענער פון אונדזער זשורנאַל צום צווייטן מאָל מיט מיר צוזאַמען איבערלייענען אָט דעם ליטעראַטור־פאָרשערישן דאָקומענט, און מיר וועלן ביידע פון דעם, זיכער, מער געווינען, ווי פאַרלירן.

„אין אײַער אַרטיקל „אַווראָם רייזענס ירושה" („ייִדישער קעמפער" 1־טער יאַנוואַר) פּרוּווט איר מאַכן אַ חשבון וועגן דעם, וויפל לידער און דערציילונגען ער האָט אָנגעשריבן. אפן גרונט פון רייזענס „געזאַמלטע לידער" (1891—1951) קומט איר צום אויספיר, אַז ער האָט מיסטאַמע אָנגעשריבן ניט מער ווי אַן ערך 850 לידער. דאָס האָט אײַך איבעראַשט. ווײַל אפן גרונט פון רייזענס אַ פאַרטרויטן סאָד, אַז ער האָט געשריבן יעדן טאָג, האָט איר מיט אַרום 18 יאָר צוריק — דאָס הייסט 18 יאָר פאַר רייזענס טויט — געשאַצט, אַז ער האָט אַוודאי פאַרעפנטלעכט אַ צוויי טויזנט לידער און איז געווען דער גרעסטער לידער־מאַגנאַט אין דער ייִדישער פּאָעזיע.

וועגן דעם, וויפל דערציילונגען רייזען האָט פאַרעפנטלעכט אָדער געשריבן, האָט איר ניט קיין ציפערן און איר זאָגט, אַז איר לאָזט די פראַגע אָפן און וואַרט, אַז „עמעצער אַן אויסזוכער זאָל עס איבערציילן".

„בין איך דער עמעצער", — זעצט פאָר אַלעף קאַץ אין זײַן בריוו, און שטיצנדיק זיך אויף אַן אינטערוויו, וואָס ער האָט געהאַט מיט רייזענען אין 1936, ווען מע האָט געפײַערט זײַן 60־יאָריקן יובילײ, איז ער בעקויעך פעסטשטעלן, אַז אין די פיר צענדליק יאָר ביז דעם יובילײ האָט רייזען אָנגעשריבן אַרום 3000 לידער, אַרום 1500 דערציילונגען און דיקע בענדער ליטעראַרישע מעמוואַרן.

הייסט עס, אַז אויך בוכהאַלטעריע, וואָס איז פאַרשריגן פאַר איינער פון די לאַנגווײַליקסטע באַשעפטיקונגען, אַז אויך די טרוקענע ציפערן־שפּראַך קאָן צומאָל רעגן אין אונדז די שענסטע געפילן און אַרויסרופן אַ שלאַל דערהויבענע געדאַנקען.

קוק איך אויף די ציפערן, און עס וואַקסט פון זיי אויס פאַר מיר דער גאַנצער רייזענישער לידער־ און דערציילונגען־וואַלד מיט זײַן אייגענער מעכײַעדיקער לופט; דער גאַנצער רייזענישער לידער־ און דערציילונגען־וואַלד, וווּהין איך וואָלט געשיקט אויף קוראַציע אַלע פּסעוודאָ־טיפזיניקע פּרעטענציִעזע דיכטער־קוואַד־פּעס, ווי אויך אַלע אינערלעך־פּוסטע, אָבער אויסערלעך גלאַטע, פלינקע פערזןפלעכטערס, שיין־פאַרקעמטע ציִ אַ ביסל בעקיוון צעשויבערטע.

נאָר דיביימער פון אָט דעם געדיכטן וואַלד פאַרשטעלן פאַר מיר ניט זייער פאַרפלאַנצער. איך זע אי זײַן קינסטלערישן פּאָרטרעט, אי זײַן פליישׂ־ און בלוט־געשטאַלט, וואָס איז שאַרף פאַרבליבן אין מײַן זיקאָרן פון 1928 יאָר, ווען איך האָב געהאַט די זכיִע צו טרעפן זיך מיט רייזענען אין בערלין, פונוואַנען ער איז דעמלט געפאָרן קיין סאָוועטנפאַרבאַנד.

געדענק איך, אַז ווען איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט פּנים־אל־פּנים, האָט מײַן האַרץ אַ ציטער געטאָן פונעם פאַרגלײַך מיטן שפּאַנישן טרויעריקן ריטער, וואָס איז מיר געקומען אין קאָפּ אַרײַן. אויך אַזאַ שוואַרץ־סאַמעטאויגיקער, בלייכער, שלאַנקער. און אפן שווער־מידן, אויסגעמאַטערטן, לאַנגן אַדעליקן פּנים האָט מען געקאָנט איבערלייענען די גאַנצע מאַרטיראָלאָגיע פון זײַן הויכן שרײַבער־גורל. פון די קנייטשן פון זײַן שטערן האָבן

אַרויסגעלאַכט די טראַגישע געשיכטעס פון אַלע זײַנע מילכאָמעס מיט די „ווינטן" פון דער ייִדישער קריטיק, וועלכע איז אין מעשעך פון אַ סאַך יאָרן — לאָמיר האָבן דעם מוט צו זאָגן דעם ניט געפעלשטן ליטעראַטור־היסטאָרישן עמעס — געווען אַזוי אַכזאָריעסדיק צו אים.

און ווען מיר זאָגן קריטיק, שטעלן מיר ניט אונטער איר דעם אָדער יענעם ליאַדע קריטיקער, נאָר דעם סאַמע סויִלעס. יאָ, מיר האָבן אין זין די סאַמע כאָשעווסטע, די סאַמע אַכרײַעספולסטע, וואָס האָבן עס טאָמיד געמיינט לישמאָ. מיר טראַכטן טאַקע אין דער ערשטער ריי פון באַלמאַכשאָוועסן און ניגערן — די קלאַסיקער פון דער ייִדישער בירגערלעכער קריטיק.

הער דערכערעץ פאַר דעם וואָגיק־פּאָזיציון, וואָס זיי האָבן אַרײַנגעטראָגן אין דער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק און באַזונדערס אין דער פאָרשונג, האַלט מיך אָפּ פון ברענגען גרעסערע אויסצוגן פון זייערע אַרטיקלען, וואָס לייענענדיק זיי הײַנט, איז פּאָשעט שווער צו גלייבן, אַז זייערע בעקאָוועדיקע מעכאַברים זײַנען געווען פייִק אַזוינס צו שרײַבן און צו פאַרעפנטלעכן; שווער צו גלייבן, ווײַל ס'איז אויך צו שאַרף דער קאָנטראַסט צווישן זייער העפטיקן, שוינלאָזן, פאַרניכטנדיקן טאָן און זייער אומבאַהאָלפענער פּילפּוליסטישער אַרגומענטאַציע.

סײַ באַלמאַכשאָוועס, סײַ ניגער שיקן אַרויס זייערע סנאַריאַדן פון איין און דער זעלבער ראָמאַנטיק־פעסטונג, וואָס שאָלעם אַש איז דעמלט געווען איר פּריש־געזאַלבטער דעראָבערער.

נאָר בייס באַלמאַכשאָוועס פּרוּווט זיך נאָך אונטערפירן אַן אידעאָלאָגישע באַזע אונטער זײַנע רייד, באַנוגנט זיך ניגער בלויז מיט זײַן שיינגײַסט־מעטאַפיזיק. אָבער סײַ דער קריטיקער סאָציִאָלאָג, סײַ דער קריטיקער עסטעט קאָנען זיך ניט די מינימאַלסטע אייצע געבן מיטן „איינפאַכן", „פּרימיטיוון", „גרויען" „קאַפּצאָנעס־זינגער" און „קאַפּצאָנעס־שילדערער", וואָס רייזען איז געווען אין זייערע גײַסטיק־אַריסטאָקראַטישע (שיר ניט געזאָגט: „נעגידיש־כסידישע") אויגן.

און ניט קיין אַנדערער, ווי נאָמבערג, האַלט זיי אונטער אין אוניסאָן!

וואָס פאַר אַ פאַרפאַנצערט אין זײַן ריינקײַט נאָבל האַרץ האָט באַדאַרפט האָבן אונדזער הײַנט־געפײַערטער פאָלקסשרײַבער און דיכטער, ווען אויך נאָכן אויסהערן די אַלע שאַנד־עפּיטעטן, מיט וועלכע עס האָבן אים באַגעגנט די פּנײ פון אונדזער געשווירענער קריטיק, האָט ער זיך ניט אַ וואַקל געטאָן אין זײַן שיינעם גלויבן, אַז די ייִדישע ליטעראַטור האָט אים אויסדערוויילט אויף צו זײַן איר א ו ו ר אָ ם ר ײ ז ע ן.

עס האָט דאָך אים, ווי באַוווּסט, נאָך געסטײַעט מאָראַלישער קויעך ניט נאָר אויף צו זײַן אַזוי קינסטלעריש־פּראָדוקטיוו, ווי ער איז געווען, נאָר אויך אויף צו העלפן בויען די ייִדישע ליטעראַטור מיט אירע זשורנאַלן און אַלמאַנאַכן, וואָס ער האָט אַפילע אין זײַנע וואַנדערונגען אַרויסגעגעבן.

און אַזוי האָט זײַן נאָמען אַלץ אָפטער אָנגעהויבן ווערן אָנגערופן צווישן אונדזערע נאָכקלאַסיקער — קלאַסיקער. נאָר מיר דאַכט, אַז דער גאַנצער רייזענישער גאַנג אין דער ליטעראַטור לייגט זיך עפּעס ניט אַרײַן אין אָט דער ליטעראַריש־פּרעטענציִעזער טערמינאָלאָגיע. עס בעט זיך פאַר אים אַ מער וואַרעם, מער שטימונגספול וואָרט. וועלן מיר שוין ליבער זאָגן וועגן אים: פּ א ט ר י אַ ר ך, וואָס איבערזעצט אויף פּראָסט ייִדיש, דאַרף עס הייסן, אַז אַוורָאָם

רייזען איז איינער פון אונדזערע שענסטע ליטעראַרישע אָוועס.

און אינעמעסן, וועמען פון אונדז איז רייזען ניט געווען א טאַטע — אין ברייטן און אין שמאָלן זין פון וואָרט? דה. ווער פון די שרײַבער פון מײַן עלטער האָט, שטעלנדיק די ערשטע ליטעראַרישע שריט, אויסגעמיטן רייזענס האשפּאָע, צי ווער פון אונדז איז ניט פון רייזענען ארײַנגעפירט געוואָרן אין דער ליטעראַטור?

אויך דעם שרײַבער פון אָט די שורעס, ווען ער האָט נאָך געלעבט ווײַט פון אונדזערע ליטעראַרישע צענטרען, האָט רייזען אויסגעשטרעקט זײַן רעדאַקטאָרישן סצעפּטער. האָט ער דאָך מאכניס־אוירעך געווען מײַנע ערשטע לידער, וואָס איך האָב אים נאָך פון מײַן פאַרוואָרפן בעסאַראַבער שטעטל געשיקט — פריִער קיין וואַרשע און דערנאָך קיין ניו־יאָרק. אויך מײַן בכאָר־ליד, אף וועלכער ס׳איז גרינג צו דערקענען רייזענס אײַנפלוס, ווי:

כ׳האָב קיין לאָמפּ ניט אָנגעצונדן,<br>
ווײַל איך גלייב ניט אין זײַן ליכט,<br>
בא די שאָטנס, אין דער טונקל,<br>
וועבן וועבט זיך מײַן געדיכט, אאוו. —

האָט רייזען — דער פרײַנט פון הונדערטער דעביוטאַנטן אין אַלע זשאַנרען פון דער ייִדישער ליטעראַטור — אויך מעקאַרעוו געווען, ניט פאַרשעמט הייסט עס.

האָב איך בעפיירעש געבענטשט דעם גליקלעכן מאָמענט, ווען איך האָב אין 1928 יאָר געהאַט די מעגלעכקײַט אויסצודריקן אָט די דאַנקבאַרקײַט־געפילן אין מײַן באַגריסונגס־וואָרט אַפן מיטינג, וואָס איז לעקאָוועד רייזענען אײַנגעאָרדנט געוואָרן פון דער בערלינער ייִדישער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכקײַט.

אין נאָמען פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור זײַנען אַרויסגעטראָטן בערגעלסאָן און מיכאָעלס, וועלכער האָט זיך דעמלט מיטן מאָסקווער גאָסעט געפונען אין דער דײַטשישער הויפּטשטאָט. מיכאָעלס און בערגעלסאָן האָבן גערעדט וועגן דעם גרויסן קאַבאָלעס־פּאָנעם, וואָס עס ווערט געגרייט אין סאָוועטנפאַרבאַנד פאַר רייזענען.

אין יענע יאָרן האָט די ייִדישע מאַרקסיסטישע קריטיק אין אַמעריקע און די סאָוועטישע ייִדישע קריטיק בא אונדז אין לאַנד זייער פיל אויפגעטאָן אף פּאָפּוליאַריזירן רייזענס שאַפונג, אף אויפדעקן איר מעהוס, איר ספּעציפיק, איר אייגנאַרט. דאָס איז געווען א וויכטיקער ווענדפּונקט אין דער רייזען־אויסטײַטשונג, וואָס האָט געוויס צוגעגרייט דעם באָדן אויך פאַר די שפּעטערדיקע פּראָרייזענישע אַרבעטן פון מוישע נאַדיר, ב. ריווקין און פון אַנדערע פאָרגעשריטענע קריטיקער און פּובליציסטן. ווײַל די צײַט איז שוין געווען רײַף צו העלפן דערזען, אף וויפל הינטערשטעליק לעגאַבע רייזענס שריפטשטעלערישער פּאַקטור עס זײַנען געווען זײַנע ערשטע שטרענגע קריטיקער, ווען אפילע זיי האָבן געהייסן: באַלמאַכשאָוועס, ניגער, נאָמבערג.

נאָר לאָמיר צום סאָף דאָך ברענגען כאָטש אייניקע אַרויסזאָגונגען פון זײַנע פולשטענדיקע נעגירערס.

פאַר באַלמאַכשאָוועסן איז א. רייזען ניט אָנעמבאַר, ווײַל ער איז, לויט אים, אויסער צײַט — דער צײַט, „ווען אין ייִדישן לעבן האָבן אויפגעבליט קאָלערליי האָפּענונגען און כאַלוימעס. אין די 90־ער יאָרן איז געבאָרן געוואָרן דער מאָדערנער ציִעניזם (געמיינט: דער פּאָליטישער. — י. ש.), דער בונדיזם צוגלײַך מיט דער האָפּענונג צו פאַרענטפערן די ייִדישע פראַגע אַפן אָרט, אין זין פון די שפּעטערדיקע אוטאָנאָמיסטן. און די שטימונג פון דער ייִדישער אינטעליגענץ (דער טראָפּ, ווי איר הערט, פאַלט אף דער אינטעליגענץ. — י. ש.) איז צוגלײַך געווען א ראָמאַנטישע, אַן אוטאָפּישע, א קריטישע, אָבער בעכאָלאויפן נישט קיין נאַטוראַליסטישע".

איר פרעגט אוואדע: ווי קומט נאַטוראַליזם צו רייזענען, וואָס איז דורך און דורך דיכטעריש אויך אין זײַן פּראָזע, וואָס איז קיינמאָל ניט פאָטאָגראַפיע, און בא וועמען דער אָפּט פאַרשפּיצטער קינסטלערישער עמעס, דאָס, וואָס קאָן זײַן, גייט באַנאַנד מיט דער לעבנס־פאַקטאָלאָגיע? אף דעם ענטפערט באַלד, אַפן אָרט, באַלמאַכשאָוועס: „ווייניקער פון אַלץ האָט מען זיך אינטערעסירט (אין יענער צײַט, הייסט עס. — י. ש.) מיט דעם נאָענטסטן, פּאָשעטן לעבן" (מײַן אונטערשטרײַכונג. — י. ש.).

אָט אזוי באַקומט זיך בא אונדזער קריטיקער, אַז שילדערן דאָס „נאָענטסטע פּאָשעטע לעבן" איז... נאַטוראַליזם.

ס׳איז געוויס א כידעש, אַז באַלמאַכשאָוועס האָל אזוי פאַרפּלאָנטערן די עסטעטישע יאָצרעס. אָבער „נאָבלעס אָבליזש", ווי דער פראַנצויז זאָגט: דער ריטערלעכער כויוו איז מעכײַעוו. ס׳איז באַלמאַכשאָוועסן דעמלט געגאַנגען, ווי שוין אויבן געזאָגט, אין פּראָקלאַמירן די נײַע „פאָרמען פון א יונגער ראָמאַנטיק אין דעם רוּיִקן גלאַנץ פון א כיינעוודיקער אידיליע", פּאָשעטער גערעדט, אין אָקעגנשטעלן רייזענען שאָלעם אַשן, „וואָס שילדערט דעם ייִדן א יאָמטעוודיקן, אַן אויסגעפּוצטן", אאוו.

פונדאַנען באַלמאַכשאָוועסעס אויספיר, אַז רייזען „האָט ניט געקאָנט וועקן מיט זײַנע נאָוועלן ניט קיין געלעכטער, ניט קיין קריטישע (געמיינט: סאָציִאַל־קריטישע. — י. ש.), ניט קיין ראָמאַנטישע געפילן" (מײַן אונטערשטרײַכונג. — י. ש.).

דאָס נעמלעכע הערן מיר פון אים אויך וועגן רייזענס לידער, „וואָס ריידן מער צו אונדזערע ראַכמאָנעס־געפילן, ווי צו אונדזער בויענדיקער און שאַפנדיקער שטימונג, און האָבן ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין האַרץ פון דער אינטעליגענץ (ווידער אינטעליגענץ. — י. ש.) פון זײַן דאָר".

אָבער נאָך אָט דעם קאַטעגאָרישן זאָג, וואָס קלינגט, ווי דער האַרבסטער פּסאַק־דין: „מע האַרף נישט קיין גרעסערן באַל־ראַכמאָנעס פון א. רייזען, — און קיינער פילט זיך ניט היימיש אין דעם גערטעלע פון זײַן פּאָעזיע!" — האָט אויך באַלמאַכשאָוועסעס „אַכזאָריעס"־סטרונע געפּלאַצט, און ער פאַרענדיקט עטוואָס מילדער:

„עפּשער זײַנען מיר ניט גערעכט קעגן רייזענען — איך מיין אפילע, אַז מיר זײַנען אוואדע אומגערעכט קעגן אים, — אָבער אונדזער געפיל פאַר דער צײַט, וואָס מיר לעבן דורך איצט (ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס קלינגט. — י. ש.), דערלאָזט נישט צו קיין סימפּאַטיעס (האָרכט זיך אײַן: אפילע ניט קיין סימפּאַטיעס! — י. ש.) פאַר א שרײַבער, וואָס זעט נאָר בא ייִדן דעם קאַפּצן מיט זײַן קאַפּצאָנישן געמיט און איז בלינד פאַר די ליכטיקערע זײַטן פון זײַן אַלטער רײַכער נעשאָמע"[1].

איצט קאָנען מיר ברענגען אייניקע מוסטערן אויך פון ש. ניגערס אַרטיקל.

ווען ניגער שרײַבט: „אַווראָם רייזען איז דער דיכטער פון פאָלק", פאַריכט ער זיך טייקעף, צוגעבנדיק: „פון

---

[1] באַלמאַכשאָוועס. קריטיק. פאַרלאַג „קולטור־ליגע", 1920.

פראָסטן אוילעם". אזוי אויך, ווען ניגער באַהויפטעט, אַז רייזען „איז שטענדיק סוביעקטיוו", פאַרפינקטלעכט ער באַלד: „רייזען איז זייער זעלטן אינדיווידועל", נאָך וואָס עס קומט: „דאָס, וואָס ער זאָגט, איבער וואָס ער קלאָגט, לעבט ער פּערזענלעך איבער, אָבער אויך אַנדערע לעבן אים איבער, אַנדערע האָבן עס קיין קראַפט ניט אויסצודריקן; ער דריקט עס אויס".

איז דאָך מיט דעם געזאָגט, אַז די „אַנדערע" זיינען פּאָשעטע באַסערוועדאַמס, און אַז ער, רייזען, איז א קינסטלער. ווערט אָבער אויפגעקלערט: „ער דריקט עס אויס מיט אַן אינטימער גראָבקייט, מיט אַן אומגעווײנלעכער פּראָסטקייט, אָבער ער פאַרטיפט עס ניט, ער פאַרפיינערט עס ניט, ער לייגט אַף דעם אַרויף דעם שטעמפּל פון זיין פּערזאָן, ניט פון זיין פּערזענלעכקייט, ער אינדיווידואַליזירט עס ניט".

און אין סאַכאַקל: „זיינע ליידן זיינען וואָכעדיקע ליידן, ליידן פון א גאַנץ יאָר, זיין נויט — „גראָע נויט", — „צי האָסט א דירע, צי האָסט א בעטל?" — זיין הונגער איז א פּאָשעטער הונגער: דאָס איז ניט די פּסיכאָלאָגיע, נאָר פיזיאָלאָגיע פון הונגער" (אומעטום מיין אונטערשטרייכונג. — י. ש.).

אַן עסטעטיש־זאַט אָנצוהערעניש, ווי איר הערט מיסטאַם, אַז מע זאָל, כאָלילע, ניט טוישן אוורעם רייזענען אַף קנוט האַמסונען, וועלכן ס'האָט אינטערעסירט די ריין־פּסיכאָלאָגישע זייט פון הונגער. ווייל, ווי באַלמאַכשאָוועסן איז געגאַנגען מאַכן פון רייזענען כאָטש א צווייטן אַש, אַזוי איז ניגערן געגאַנגען מאַכן פון רייזענען כאָטש א צווייטן האַמסון.

פאַרוואָס אין באַצוג צו רייזענען, ווען ער שילדערט הונגער פון הונגעריקע פאָלקסמענטשן — פרויען, מענער, אַלטע, יונגע און קינדער, — ווערט אים פאַרגעוואָרפן פיזיאָלאָגיע און ניט אַפילע סאָציאָלאָגיע, — בלייבט א קאַפּריז פונעם זעלבן קריטיקער, וואָס ווייסט צו זאָגן:

„רייזען איז דער דיכטער פון דאָס גראָע און דאָס דורכשניטלעכע, פון דעם גראָבן פּענדזל (מיין קורסיוו. — י. ש.), וואָס האָט צו טאָן מיט איין פאַרב און ווייסט ניט פון שאַטירונגען"[1].

בלייבן מיר אַף א מאָמענט בא דער מאָלערישער טערמינאָלאָגיע, מיט וועלכער ש. ניגער דריקט אויס זיינע געדאַנקען וועגן דיכטונג. נאָך מער, מיר ווען פּרוּוון אַפילע ברענגען א ביישפּיל פון דער מאָלעריי, וואָס אירע אייגנשאַפטן זעט ש. ניגער מיט רעכט אויך אין דער שיינער ליטעראַטור, קעדיי אַף אונדזער ביישפּיל ווייזן, אַף וויפל ניגערס קוק אַף רייזענס אַרט מאָלן איז, ווייך גערעדט, סאָפּעקדיק.

ווער ס'איז מער אָדער ווייניקער באַקאַנט מיט מאָלעריי, ווייסט, אַז לעגאַבע דער פלאַמיקער קאָלאָריסטיק פון, לאָמיר זאָגן, אַזא מאָלער, ווי מאַטיס, איז די קאָלירן־פּאַליטרע פון א צווייטן מאָדערנעם פראַנצויזישן מאָלער, ווי מאַקרי, איינטאָניק, ווייל ער „האָט צו טאָן מיט איין פאַרב" טאָמיד, מיט דער זעלבער גרויער פאַרב, וועלכע ניגער האָט, ווי א כיסאָרן, פאַרגעוואָרפן רייזענען. דער גרויסער אימפּרעסיאָניסטישער מאָלער מאַקרי האָט, ווי באַוווסט, קעסיידער געמאָלט דאָס גרויע וואַסער פון דער סענע און פון דער מאַרנע. הייסט עס, אַז זיין פאַרב „ווייסט ניט פון שאַטירונגען"? שאַטירונגען טאַקע פון איר אייגענער גרויער נאַטור?

אַריינלייענענדיק זיך אין רייזענען, אַריינלייענענדיק זיך אין רייזענען מיט דער קאַוואָנע ניט אים, נאָר זיך צו לערנען, ווייל דער שרייבער פון די „שטילע טריט" פאַרדינט אַזא צוגאַנג צו זיין קונסט, — זעט מען, ווי ניואַנסן־רייך עס איז זיין גרויע פאַרב — די אים פאַרגעוואָרפענע טעמע פון קאַפּצאָנעס; זעט מען, ווי אָן פויקן און טאַצן האָט רייזען געשאַפן זיין פילשטימיקע, געשטאַלטן־רייכע קאַפּצאָנעס־אָפּערע. אין רייזענס פּאַרטיטור הערן מיר בוילעט סיי די פּסיכאָלאָגישע, סיי די סאָציאַלע אַקצענטן. אין די דאַלעד־אַמעס פון דעם, דאַכט זיך, אָרעם־באַגרענעצטן געביט, ווי דער יידישער קליינשטעטלדיקער דאַלעס, קליינשטעטלדיקער, ווען אַפילע זיינע העלדן ווערן שוין מעגולגל אין דער גרויסער שטאָט, — קומט פאָר א מין געווועט צווישן דער פאַנטאַזיע פונעם קינסטלער און דער פאַנטאַזיע פון דערווירקלעכקייט: ווער וועמען וועט איבערשטייגן? ביידע שיינען זיי צו זיין אומהערשעפּלעך!

אַפילע מענדעלע און שאָלעם־אַליכעם האָבן זיך דאָך ניט דערטראַכט צו רייזענס „גווירישן אָרעמאַן", וואָס לעכצט בעכאַדריי־כאַדאָרים, אַז מע זאָל שוין אויך אים געבן אַף מאָעס־כיטן!

אַזא געשטאַלט אַפן אַלגעמיינעם רייזענישן קאַפּצאָנים־פאָן — דאָס איז ניט ניואַנסירטע פאַרב?

נאָר איצט קאָנען מיר זיך שוין ווענדן אויך צו א ריין־ליטעראַרישער אַנאַלאָגיע: וויאַזוי דער מאָטיוו יִיד — „גוי", לעמאָשל, איז אָפּגעשפּיגלט געוואָרן בא אַשן און בא רייזענען.

דער לייענער געדענקט מיסטאַם שאָלעם אַשס דערציילונג „מענטשן און געטער". עס גייט אין איר א רייד וועגן צוויי אָרעמע אַלמאָנעס, וואָס איינע פון זיי איז א יידישע און די צווייטע — א קריסטלעכע. זיי לעבן גראָד אין גוטער שכיינעשאַפט אונטער איין דאַך, טיילן זיך מיט זייערע טרויערן און פריידן, וואַרטן מיט איין און דעם זעלבן מאַמע־געפיל אַף די בריוו און פאָטאָגראַפיעס פון זייערע ביידנס איין־און־איינציקע זין, וואָס האָבן, ווי גוטע כאַווירים, איניינעם עמיגרירט קיין אַמעריקע. אָט דער אידעאַלער שאָלעם־באַיִס זייערער ווערט אָבער טייקעף צעשטערט, ווי נאָר די יידישע פרוי בענטשט ליכט, אָדער ווען די קריסטלעכע ציילעמט זיך פאַר איר איקאָנע.

איצט לאָמיר זיך דערמאָנען אין רייזענס, אויך א באַוווסטע, דערציילונג אַף דער זעלבער טעמאַטיק.

אַן אָרעמער ליטווישער פויער קומט ספּעציעל אין שטעטל אַריין געווויר ווערן, ווען פאַלט אויס דער יידישער יאָמטעוו סוקעס, ווען יידן געברויכן א סאַך סכאַך. די יידישע קרעמערלעך אָדער זייערע מעשאָרסים, וואָס לאַנגווייליקן זיך אַף די שוועלן פון די קראָמען, דערשמעקן באַלד אין אָט דעם טמימעסדיקן פויערל דעם פּאַסיקן העלד אַף אָפּצושפּילן א קאָמעדיע, פון וועלכער מע זאָל זיך קאַטשען פאַר געלעכטער.

דער סאָף איז: דער אָרעמער פויער, וועמען מע האָט בעקיוון געהייסן קומען אין שטאָט אַריין פונקט נאָך סוקעס, פאָרט אַרום איבערן שטעטל מיט זיין הויך־אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט סכאַך. אָט אַזוי פאָרט ער א גאַנצן טאָג גאַס־איין, גאַס־אויס, און ערשט פאַרנאַכט דערגייט צו זיין „פויערישן קאָפּ", אַז די יידן האָבן אים אָפּגעטאָן א לעצאָנעס־שפּיצל, און ער קערט זיך אום אַהיים א טיף־באַטריבטער.

[1] ש. ניגער. זשורנאַל „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן", ווילנע, 1908.

אָט די צוויי דערציילונגען לעבן עפּעס טאָמיד בישכיינעס אין מײַן זיקאָרן. נאָר, באַוווּנדערנדיק אַשס קרעפּטיקע האַנט, זײַן אַרטיסטיזם, פיל איך אָבער אויך צוגלײַך „ליטעראַטור", „רעזשי", עפעקטפולע פאַרבן־שפּיל, בײַס פון רייזענס דערציילונג איז מיר ביז הײַנט פאַרבליבן אין האַלדז אַ האַרט קנײַלעכל טרויער.

צי הייסט עס, אַז רייזען ווירקט נאָר מיט זײַן אומעט און אַז עס פעלט אים אַרטיסטיזם? בעשום־אויפן ניט! נאָר וואָדען? אויך דער אַרטיסטיזם בײַ רייזענען טאָר זיך ניט הערן העכער פון זײַן „שטילע טריט"־נוסעך. דעריבער איז דאָך אויך זײַן הומאָר — אַזאַ אין טאָך וואַרײַרטער בײַ אים און צומאָל אויך אַזאַ ליכטיקער — שטרענג אויס־געהאַלטן אין דער זעלבער פּיאַניסימאָ־טאָנאַליטעט.

מערקווירדיק, קימאַט יעדע רייזענישע נאָוועלע קלינגט לויטן סוזשעט אַנעקדאָטיש־פּערשפּיצט, אָבער דאָס קאָ־מישע ווערט געדעמפּט פונעם טראַגישן. עס דאָמינירט טאָמיד בײַ רייזענען די רייזענישע שטימונג, די רייזע־נישע אַטמאָספער — אַפילע אין אַזאַ מאָטיוו, ווי אין זײַן „איִעוו", אַ שעדעווער פּונקט ווי „פּלאַקס", „דאָס בענ־טשערל", „די קנעטערן", „דער זשיליעט", „פאַרצווייפלונג", „דער ליגן", „אַ שמעק טאַבעקע" און אַ סאַך, אַ סאַך אַנדערע דערציילונגען.

שווער, דאַכט זיך, צו געפינען אַן אַנדער שרײַבער, וואָס ס'איז ניט אָפּצוטיילן אין זײַנע ווערק דעם קינסטלער פונעם העלד און דעם העלד פונעם קינסטלער, ווי בײַ רייזענען. און דעריבער: בײַ דער גאַנצער עקזאָטיק פון דער פאַבולע — יאָ, עקזאָטיק! — שײַנט אַלץ בײַ אים אַזוי נאַטירלעך, אַזוי גאָרניט אויסגעטראַכט.

וווּ זשע ענדיקט זיך טאַקע בײַ רייזענען דער העלד און וווּ הייבט זיך אָן בײַ אים דער קינסטלער? און וואָס איז דאָס פאַר אַ קינסטלער, בײַ וועמען אַזויפיל און אַזויפיל פּערסאָנאַזשן זײַנען לײַב פון זײַן לײַב און בלוט פון זײַן בלוט?

דאָס, אַפּאַנעם, האָט טאַקע אַראָפּגעפירט פונעם וועג זײַנע ערשטע קריטיקער און זיי האָבן נאָר געקאָנט אַרויס־שטאַמלען: „באַל־ראַכמאָנעס". אָבער פון וואָס פאַר אַ מין באַל־ראַכמאָנעס? צי ניט פון דער זעלבער קאַטעגאָריע באַליי־ראַכמים, וואָס זאָגן: „קומט צו מיר, אַלע געפּלאָגטע, באַליידיקטע און אָרעמע, און איך וועל אײַך באַרויִקן?.."

ווער זשע זײַנען רייזענס געפּלאָגטע און באַליידיקטע?

קאָן מען אַלס ענטפער ברענגען דאָ מ. ליטוואַקאָווס טרעפלעכע, קלאָרע כאַראַקטעריסטיק:

„די דאָזיקע שיכטן (וועלכע עס פירט אַרויס רייזען. — י. ש.) זײַנען פיל אָרעמער אין שפּראַך, אין אויסדרוקן, אין באַגריפן, ווי די פּראָלעטאַרישע מאַסן, — אָבער אַף יעדן וואָרט און באַגריף פאַלט אַ גרויסע שטייגער־אָנלאָ־דונג, אַן אָנלאָדונג פון דוירעסדיקער מאַסן־אויסקומעניש און אָפּקומעניש".

און עטוואָס ווײַטער, אין דעם זעלבן אַרטיקל: „יעדער וואָרט אָטעמט בײַ אים (בײַ רייזענען. — י.ש.) מיט אַ צאַפּלדיקן זײַן פון לעבעדיקע און בלוטנדיקע מאַסן, מיט זייער וויי, מיט זייער נויט. ער איז ניט מאַריש־אוילעם מיט וועלט־געשרייען — עס פעלט אים דערצו די־אַפּאַזאָן, ער לעכערט אָבער די הערצער מיטן שטילן צאָרן פון זײַן אופרײַסנדיקער רעזיגנאַציע"[1].

איז קיין וווּנדער ניט, וואָס מער, ווי אומעטום, האָט דאָס רייזענישע געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער סאָוועטי־שער ייִדישער ליטעראַטור.

אין דער פּראָזע איז דעם רייזענישן עלעמענט לײַכט צו מערקן בײַ ראַבינען און געגנען. אין אַ גרעסערער מאָס בײַ ראַבינען מיט זײַן ליטווישן אָרעמקײַט־פּייזאַזש, מיט זײַן שטילן, ווייכן לירישן הומאָר, מיט זײַן מיקראָ־פּסיכאָלאָ־גיע, וואָס גייט אויך געוויס פון רייזענס הומאַניזם, געשטעמפּלטן מיט צניִעס־כיין.

און ווען רייזען האָט טאַלמידים אין דער סאָוועטישער ייִדישער דיכטונג, האָט ער אויך עס צו פאַרדאַנקען דער נאָוועליסטיק פון זײַנע לידער.

איזי כאַריק האָט זיך אַליין מודע געווען, לײַמויר אַזוי צו זאָגן צו אוראָם רייזענען:

האַרציק־דורכזיכטיקער דיכטער,
מ'זאָגט, דו הערסט זיך אין מײַן ליד.

באַפרײַט פון דער הייניִשער פאָרם, האָט זיך די רייזע־נישע נאָוועליסטישע פּאָעזיע צעבליט אין אונדזער פאָלקס־ליטעראַטור מיט אָ־די פּרעכטיקע רויטע בלומען, וואָס זײַ־נען, ווי דער העכסטער שוואָך, געפאַלן אַף דעם רייזע־נישן „בערגעלע מיסט" — דעם יאָרנלאַנג געלעסטערטן פון די, וואָס האָבן, ווי אַ שטיין, דעם עפּיטעט „ברויט מיט קנאָבל" געוואָרפן אַפן כעזשבן פון דער אָרעמאַנסקער טעמאַטיק און אַזויאַרום צום צווייטן מאָל געשענדעט — ניט נאָר אין לעבן, נאָר אויך אין דער ליטעראַטור — ברויט מיט קנאָבל...

---

[1] מ. ליטוואַקאָוו. פאָרוואָרט צו אוראָם רייזענס באַנד „דערציילונגען" (קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע", קיִעוו, 1929).

# צו דער געשיכטע פֿון אַ קונסט־ווערק

(וועגן שאָלעם־אַלייכעמס אַרבעט איבער „מענאַכעם־מענדל")

## יִשׂראָעל סערעבריאַני

**צ**ו די גרונט־שטריכן פֿון שאָלעם־אַלייכעמס שאַפֿן און די באַזונדערקײַטן פֿון זײַן אַרבעט־שטייגער געהערט אויך זײַן אומגעהייערע פּראָדוקטיוויקײַט און אָפּעראַטיוויקײַט. ווי באַוווּסט, האָט שאָלעם־אַלייכעם אַליין וועגן זיך געזאָגט, אַז ער קאָן שרײַבן אין אַלערליי צײַטן און אומשטענדן, גייענדיק, שטייענדיק, ליגנדיק און אפילו „פֿאָרנדיק אַף אַן איזוואָשטשיק"... איז טאַקע קיין וווּנדער ניט, וואָס עס האָט זיך געקאָנט אַמאָל שאַפֿן אַזאַ מין פֿאָרשטעלונג, אַז שאָלעם־אַלייכעם איז געווען זאָרגלאָזיק אינעם שאַפֿן.

עס איז, אשטייגער, באַקאַנט די בילדערישע „פּאַראַלעל", וועלכע עס האָט דורכגעפֿירט מענדעלע צווישן זיך און זײַן באַליבט אייניקל שאָלעם־אַלייכעם:

„איך, — זאָגט מענדעלע, — אַז איך פֿאַרטראַכט עפּעס צו שרײַבן, — צו וועמען בין איך געגליכן? צו אַ יִדענע, וואָס פֿאַרגייט אין טראָגן. אוי, דער צאַר פֿון טראָגן, מע זאָל נאָר באַהיט און באַשירעמט ווערן דערפֿון!.. פֿון דעם געדאַנק אַליין, אַז איך דאַרף זיך אוועקזעצן שרײַבן, ווערט מיר שוין ניט גוט... דערנאָך הייבט זיך אָן אַ סעדרע פֿון טראַכטענישן, איבערקלערענישן, צוהערענישן צו דעם, וואָס קומט פֿאָר אינעווייניק... מוז מען שוין זיצן אין געהאַקטע ווונדן פֿאַרשפּאַרט באַ זיך אין קאַמער, ביפֿראַט נאָך אין די הויכע כאַדאָשים... נו, און אַז עס קומען שוין אָן די געבורטסווייען, די עמעסע כעוולײַ־לײדאָ, איז דאָך ניט שײַעך צו דערציילן... איר שפּילט זיך עפּעס מיט אַ קימפּעטאָרן, אַז זי גייט צו קינד? באַ שאָלעם־אַלייכעמען קומט פֿאָר די זעלבע געשיכטע גאַנץ אַנדערש. עס דרייט זיך אום אַ הון איבערן שטוב, קוואָקעט עפּעס פֿאַר זיך אַ לידל, פּיקט־פּיקט, אַ פּיק דאָ, אַ פּיק דאָרט. און אײדער איר קוקט זיך אום, האָט זי זיך שוין צוגעזעצט ערגעץ אין אַ ווינקעלע — אַהאַ, מאַזלטאָוו, געלייגט אַן איי!.."

(מענדעלע מויכער־ספֿאָרים. אַלע ווערק. וואַרשע, 1928, ב. 22, ז. 112—113).

מענדעלעס וויץ דעקט אויף אַ געוויסן רעליאַטיוון עמעס, וואָס ווײַזט אָן אַף וועזנטלעכע אונטערשיידן צווישן דעם „זיידן" און דעם „אייניקל", באַזונדערס אין דעם פּראָצעס פֿונעם געבורט פֿון זייערע ווערק.

ווען מיר נעמען אָבער אין אַכט די קינסטלערישע פֿאַרפֿולקומונג פֿונעם ווערק, איבערצײַגן מיר זיך, אַז דאָס „אייניקל" איז אויך געבליבן געטרײַ דעם „זיידנס" געבאָט: „שלײַפֿן, שלײַפֿן און שלײַפֿן".

מיר ווייסן איצט אַלע, אַז צוליב די געוויסע אומשטענדן פֿון זײַן צײַט און סוויווע האָט שאָלעם־אַלייכעם דאָסראָוו געדרוקט זײַנע ווערק לעכאַטכילע אין פֿאַרשיידענע צײַטונגען און זשורנאַלן, אָפֿט אײַלנדיק, „בעכיפֿאָזנדיק". אפילו זײַנע בעסטע, מאָנומענטאַלע ווערק, דערין אויך „מענאַכעם־מענדל", האָבן זיך אָפּט געדרוקט אין דער רובריק פֿון... „פֿעליעטאָן". דאָס האָט אַרופֿגעלייגט אַ געוויסן שטעמפּל אַף די ערשטע וואַריאַנטן פֿון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק. אָבער באַם צונויפֿזאַמלען די דאָזיקע קימאַט זעלבשטענדיקע און צעוואָרפֿענע פֿעליעטאָנען אין אַ בוך־פֿאָרם האָט זיי דער אַווטאָר אַזוי איבערגעאַרבעט, אַז ס'איז צומאָל זיי שווער צו דערקענען. פֿון די פֿילצאָליקע „פֿעליעטאָנען" איז געוואָרן איין מאָנומענטאַל ווערק.

ס'איז גענוג צו מאַכן כאָטש אַ לויפֿנדיקן איבערבליק איבער דער קאָלאָסאַלער אַרבעט, וואָס שאָלעם־אַלייכעם האָט דורכגעפֿירט איבער דער צווייטער אויפֿלאַגע פֿון זײַן „מענאַכעם־מענדל".

באַם פֿאַרגלײַכן דעם קאַנאָניזירטן טעקסט פֿון „מענאַכעם־מענדל" מיט די ערשטע וואַריאַנטן אַנטפּלעקט זיך באַלד די אומגעהייערע שעפֿערישע אַרבעט פֿונעם שרײַבער איבער זײַן ווערק, איבער די באַזונדערע געשטאַלטן און קינסטלערישע דעטאַלן, איבער דער שפּראַך און סטיל.

דער אַווטאָר האָט ניט בלויז איבערגעשטעלט, געשליפֿן, רעקאָנסטרויִרט דאָס ווערק, נאָר ער האָט גאַנצע קאַפּיטלען, עפּיזאָדן, מאָמענטן ביכלאַל אויסגעשלאָסן. אַ גאַנצע סעריע פֿון 45 בריוו פֿון מענאַכעם־מענדלען צו שיינע־שיינדלען, וועלכע שאָלעם־אַלייכעם האָט אָנגעשריבן אין 1913, האָט ער ניט אַרײַנגענומען אין דער לעצטער רעדאַקציע פֿונעם ווערק.

דער נאָמען „יאַקנעהאָז", וועלכער האָט פֿיגורירט אין די ערשטע וואַריאַנטן פֿון „מענאַכעם־מענדל", איז אין דעם קאַנאָן קימאַט אומעטום אַרויסגעפֿאַלן.

אין דעם פֿאָרוואָרט „צו דער צווייטער אויפֿלאַגע" איז דאָ בלויז אַ דערמאָנונג — „אַ שפּעקולאַנט אַף דער בערזע פֿון „יאַקנעהאָז", פֿון אַקציעס אוקעדוימע אַזעלכע סכויִרעס" אַאַוו. הייסט עס, אַז „יאַקנעהאָז", וואָס איז פֿריִער געווען אויך דער נאָמען פֿון פּערסאָנאַזש, איז מעגולגל געוואָרן אין איינער פֿון די בערזע־אַקציעס. ווען מע זאָל צעשטעלן די מענאַכעם־מענדל־וואַריאַנטן לויט זייער „אורשפּרינגלעכער", כראָנאָלאָגישער אָרדענונג, וואָלט זיך באַקומען אַזאַ עוואָליוציע פֿון דעם מענאַכעם־מענדל־ווערק:

1885. „קאָנטאָר־געשעפֿט", געדרוקט אין „יודישן פֿאָלקס־בלאַט" נומ. 47—50. „דער ערשטער פּרווו צוצוגיין נאָענט צו דער מענאַכעם־מענדל־טעמע"[1].

---

[1] זע שאָלעם־אַלייכעם. אַלע ווערק. ב. 1. „דער עמעס", מאָסקווע, 1948, ז. 528. ווי עס מערקן אָפּ די קאָמענטאַטאָרן, איז דאָס דאָזיקע ווערק קיינמאָל אין קיין בוך־פֿאָרם ניט איבערגעדרוקט געוואָרן.

1887. „א פאַרוואַלגערט בריוול פון די איבערגעכאַפּטע בריוו פון שאָלעם־אַלייכעם" (דאַרטן, נומ. 15);

1892. „לאָנדאָן" (אין „קאָל מעוואַסער צו דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק");

1894. די פּיעסע „יאַקנעהאָז אָדער דאָס גרויסע בערזע־שפּיל";

1896. „פּאַפּירלעך" (אַלמאַנאַך „הויזפריינד", פינפטער בוך);

1899—1900. „מיליאָנען" (זש. „דער יוד");

1900. „וואָס טוט מען?", „בעכיפּאָזן", „עס פּידלט ניט"[1];

1901. „שלים־שלימאַזל" און „דרייפוס דער צווייטער" (זש. „דער יוד").

1903. „א נייע פּאַרנאָסע" (צייטונג „דער פריינט") (שפּע־טער — „א בעקאָוועדע פּאַרנאָסע") און „אַדיע"; „קיין אַמעריקע" (צווי לעצטע בריוו פון מענאַכעם־מענדלען, איבערגעגעבן צום דרוק פון שאָלעם־אַלייכעם) (זש. „צו־קונפט", נומ. 8);

1904. „א געבענטשט לאַנד (א בריוו פון מענאַכעם־מענד־לען פון אַמעריקע, צום דרוקן איבערגעגעבן פון שאָלעם־אַלייכעם)" („דער פריינד");

1913. „בריוולעך פון מענאַכעם־מענדלען צו שיינע־שיינדל זיין ווייב (נייע סעריע)" (אין וואַרשעווער „הײַנט").

אין דעם אויבנדערמאָנטן פּאַרוואָרט „צו דער צווייטער אופלאַגע" (דאַטירט: „ערעוו כאַנעקע, תר״ע") שרײַבט טאַקע שאָלעם־אַלייכעם, אז „דער פּאַרפאַסער... איז דורכ־געגאַנגען מיט (זיין העלד) א שטיק לעבן פון קימאַט צוואַנציק יאָר". ווי מיר זעען אָבער פון דער געבראַכטער רעשימע[2], קאָן מען דעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט פאַרלענ־גערן אפילע אף קימאַט נאָך א צענדליק יאָר, דה., אז זיין גאַנץ שעפּעריש לעבן איז שאָלעם־אַלייכעם „פּערזענלעך געווען „נאָענט באַקאַנט" מיט זיין מענאַכעם־מענדל.

ניט אומזיסט האָט ער אָפּט זיך אליין אָדער זיינע נאָענטע און באַקאַנטע פאַרגליכן מיט זיין העלד, זיי אָנ־גערופן מיט זיין נאָמען.

שאָלעם־אַלייכעם שרײַבט וועגן זיך:

„פון דער שטאָט פּייטערבאַרג אין מענאַכעם־מענדל (דה. שאָלעם־אַלייכעם) גאָר מעטושטעשע"... (פון א בריוו צו ראַווניצקין פון ס־ט פּעטערבורג, 10 סענטיאַבער 1904)[3].

אין 1913 שרײַבט ער א בריוו צום אַדוואָקאַט ליכטענ־בוים:

„לכבוד ידידי היקר החכם מופלג הנגיד מפורסם מהור״ר מנחם־מענדל נ״י"[1]. אינגאַנצן אין נוסעך פון זיינע מענאַ־כעם־מענדל־בריוו, מיטן „איקער־שאַכאַכטי" און מיט האַקל־באַקל.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו אונדזער הויפּט־טעמע.

„באַם צונויפשטעלן די בריוו צו דער צווייטער אופ־לאַגע, — שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם, — האָב איך א סאַך בריוולעך שטאַרק פאַרקירצט. און א סאַך בריוולעך גאָר אַרויסגעוואָרפן... דער מעכאַבער פון דעם בוך גייט מיט דעם גאַנג, אז א ווערק, וואָס ס׳איז קירצער, איז דאָס אַלץ בעסער..."

דער דאָזיקער קלאַל איז גילטיק פאַר שאָלעם־אַלייכעמס אַלע בעסטע ווערק, כאָטש ער האָט זיי לעכאַטכילע אָפט געשריבן „בעכיפּאָזנדיק".

„כאָטש איך שרײַב בעכיפּאָזנדיק, דאָך פאָלג איך דעם זיידנס געבאָט: שלייפן, שלייפן, שלייפן! ווינציקער פון דריי מאָל ווערט בא מיר א ווערק ניט אַרויסגעלאָזט פון דער פאַבריקע. אַמאָל דערגייט דאָס איבערשרײַבן ביז זעקס־זיבן מאָל און ערשט נאָכדעם אוועקגעשיקט אין דער „דרוקאַציע". דערביי שפּילט דאָס פלעשעלע גומעראַביקע־קליי א גרויסע, גרויסע ראָליע. עס גייט בא מיר געקלעפּט א לאַטע אף א לאַטע און אף דער נייער לאַטע א נײַ קליין לאַטקעלע"[2].

ווײַטער שרײַבט ער צום זעלבן אַדרעסאַט:

„דער פּעליעטאָן („צווי שטיינער") גייט ניט אַריין אין מיינע ווערק, ווײַל איך וואַרף אַרויס א סאַך און פון די געבליבענע אַרבעט איך איבער שטאַרק. איבעראַרבעטן — דאָס איז מיין כאַלאָס"[3].

אַזעלכע גווירעס־אײדעס וועט איר טרעפן בא שאָלעם־אַלייכעמען גאַנץ אָפט.

אָבער עפּשער קיין איין ווערק האָט ער אַזויפיל ניט איבערגעאַרבעט, ווי זיין „קימאַט בריוונשטעלער" „מענאַ־כעם־מענדל". צוליב מאַנגל אין פּלאַץ איז דאָ פּאַשעט ניט מעגלעך צו ברענגען די אַלע ערטער, וועלכע זיינען פאַר־קירצט, איבערגעאַנדערשט, איבערגעשטעלט, צוגעגעבן, פאַרברייטערט, געלייטערט און געשליפן, געשלײַפט...

„קינסטלעריש איז דער מענאַכעם־מענדל־בוך איינער פון די פולקומסטע בא שאָלעם־אַלייכעמען, — שרײַבט מ. עריק, — לויט דער אויסשעפּנדיקער פּאַרטרעטירונג פון די גרונט־געשטאַלטן, וווּנדערלעכער קאָמפּאָזיציע און זאָרגפולער פאַנאַנדעראַרבעטונג און שלייפונג פון יעדער דעטאַל, א מייסטער־ווערק פון אומדערשראָקענעם אופ־רײַסן, דעמאַסקירן, אַנטפּלעקן דעם טיפ אָן וואַקלענישן ביזן סאָף — א מייסטער־ווערק פונעם קריטישן ריאַ־ליזם"[4].

אז שאָלעם־אַלייכעם האָט געשטרעבט צו אָט דער אי־דייִש־קינסטלערישער שליימעס און איז געווען שטרענג צו זיך און צילגעווענדט, זעען מיר פון דעם זעלבן פאַר־וואָרט.

„דערווײַל, — שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם, — ביז עפּעס־וואָס, האָב איך צונויפגעזאַמלט אַלע זיינע (מענאַכעם־

---

[1] זע שאָלעם־אַלייכעם. אַלע ווערק. ב. 2, אויך א ליד פון זעלבן יאָר — „איך בין קראַנק", ז. 278—279, וווּ עס ווערט ווידער דערמאָנט מענאַכעם־מענדל.

[2] מע וואָלט געקאָנט אהער אויך אַרײַנרעכענען די העברעיִשע דערציילונג „דאַן קישאָט פון מאַזעפּעווקע און זיין כאַווער סימכע פינכעס", געדרוקט אין זאַמלבוך „פּאַר־דעס", 1892, אויך די רוסישע דערציילונג „הונדערט טויזנט" פון ציקל „טיפּן פון דער „קליינער בירזשע", געדרוקט אין דער צײַטונג „אָדעסקי ליסטאָק" פון זעלבן יאָר. (זע שאָלעם־אַלייכעם. פּאַרגעסענע בלעטלעך, צונויפגעזאַמלט פון י. מיטלמאַן און כ. נאַדעל. קיִעוו, 1939).

[3] שאָלעם־אַלייכעם. אויסגעווײלטע ווערק, ב. 15, פּ־ג „דער עמעס", מאָסקווע, 1941, ז. 147. דער באַנד באַשטייט פון „אויסגעווײלטע בריוו", צונויפגעזאַמלט פון י. מיטלמאַן און כ. נאַדעל.

[1] ליכוויד יעדידי האַיאָקאָר האַכאָכעם מופלעג האַנאָגיד מעפורסעם מעהורער מענאַכעם מענדל ניירוי יאַיר. דאָרטן, ז. 265.

[2] פון א בריוו צו ראַווניצקין, פון 1903, דאָרטן, ז. 139.

[3] דאָרטן, ז. 140.

[4] מאַקס עריק. מענאַכעם־מענדל. געשטאַלט און מע־טאָד. (זשורנאַל „שטערן", מינסק, 1935, נומ. 5—6, ז. 180).

מענדלס) בריוו, וואָס ער האָט אין פאַרלויף פון די אַכצן יאָר געשריבן אין פאַרשיידענע צײַטן און געדרוקט אין פאַרשיידענע ערטער, צו זײַן ווײַב שיינע־שיינדל, ווי אויך די בריוו פון זײַן ווײַב צו אים, און געמאַכט פון זיי אַ בוך, מע קאָן זאָגן, קימאַט אַ בריוונשטעלער".

קעדיי שאַפן אָט די איינהײַטלעכקײַט פון אַ בוך, אָט דעם „קימאַט אַ בריוונשטעלער", האָט שאָלעם־אַלייכעם פריִער פאַר אַלץ אַרײַנגעטראָגן אַ גאַנצע ריי אַלגעמיינע קאָרעקטיוון אין די ערשטע וואַריאַנטן פון זײַנע צוואָרפענע מענאַכעם־מענדל־בריוו: אַ ריי פּרינציפּיִעלע און קאָנסטרוקטיווע ענדערונגען.

1. שאָלעם־אַלייכעם וואַרפט אַרויס די דאַטירונגען, וועלכע זײַנען געווען אין אָנהייב פון יעדן בריוו (צ. ב. „אָ ד ע ס ג׳ אייר תר... לפ׳ק". ערשטער בריוו פון דער סעריע „לאָנדאָן") און אָנשטאָט דעם שטעלט ער אַוועק זײַן אווטאָרישע באַצייכענונג פון די אַדרעסאַטן: „מענאַכעם־מענדל פון... צו זײַן ווײַב שיינע־שיינדל אין קאַסרילעווקע", און פאַרקערט.

2. ער פאַרבײַט אומעטום דעם נאָמען „מאַזעפּעווקע" אַף „קאַסרילעווקע".

3. פאַראיינהײַטלעכט דעם בריוונשטעלער־טראַפאַרעט דורך די „לעזוגאָסי"־ און „ליכוויד"־שטאַמפּן.

4. דעם „ריישיס", „וועהאַשייניס" — באַ מענאַכעם־מענדלען, „ערשטנס" און „צווייטנס" — באַ שיינע־שיינדלען צעשטעלט ער אין אַן אַנדער גראַפישער אָרדענונג, — מיט באַזונדערע אַבזאַצן.

5. ער פירט אײַן קימאַט אומעטום דעם „א י ק ע ר ש אָ כ א כ ט י" פאַר מענאַכעם־מענדלען און פּאָסטסקריפּטום פאַר שיינע־שיינדלען (די לעצטע באַנוצט ניט דעם טערמין „פּאָסטסקריפּטום". זי הייבט גלײַך אָן: „יאָ", „שאַ", „ווייסטו, וואָס איך וועל דיך בעטן" אַדגל.).

6. אין די בריוו פון מענאַכעם־מענדלען ווערט אַרײַנגעטראָגן דער זייער פאַר אים כאַראַקטעריסטישער: „און מאַכמעס איך האָב קיין צײַט ניט, מאַך איך דאָס בעקיצער".

7. די אונטערשריפטן: „מימעני באַאַלייך מ ע נ א כ ע ם־מ ע נ ד ל" און: „פון מיר דײַן בעעמעס געטרײַע פרוי ש יי נ ע־ש יי נ ד ל" (די עוואָליוציע פון דער לעצטער אונטערשריפט איז אַזאַ: פריִער, אין די ערשטע סעריעס, איז געווען: „פון מיר דײַן ווײַב", דערנאָך: „פון מיר דײַן עמעס געטרײַע פרוי" און ענדלעך — „פון מיר דײַן בעעמעס געטרײַע פרוי". געבליבן איז דער לעצטער וואַריאַנט פאַר שיינע־שיינדלס בריוו).

8. אָנשטאָט „מײַן ווײַב" באַנוצט איצט מענאַכעם־מענדל אומעטום „זוגאָסי האַיעקאָראָ".

9. שיינע־שיינדלס קלאָלעס, וועלכע זײַנען פריִער אומעטום געווענדט דירעקט צו מענאַכעם־מענדלען, ווערן אָדער אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן, אָדער ווערן אַרויסגעזאָגט אומדירעקט, אָפּגעשוואַכט, מיט אַ ריי באַוואָרענישן, מיטן צוגאָב: מײַנע סאָנים; אָנשטאָט „זאָלסטו" — „זאָלן זיי" און ענלעכע. ביכלאַל ווערט איצט שיינע־שיינדל אַ סאַך פאַריידלטער, אַפילע צאַרטער („בעסער זיך געוווּנטשן, איידער יענעם געשאָלטן"). זי וואַרפט איצט ווייניקער אויף מענאַכעם־מענדלען (און אויך דאָס ווייניקע — אומדירעקט), אַז ער איז אַ נאַר, אַ לעקיש, אַ גוילעם, און זידלט זיך ביכלאַל אַ סאַך ווייניקער ווי פריִער.

10. עס באַווײַזט זיך אומעטום, אין שיינע־שיינדלס בריוו, די שוויגער מיט אירע שפּריכווערטער און ווערטלעך.

11. שאָלעם־אַלייכעם שטעלט אײַן אַן ענגע פאַרבינדונג און איבערגאַנג פון איין סעריע צו דער צווייטער און שאַפט אַ נײַע קינסטלערישע כראָנאָלאָגיע. אין דעם זין איז באַזונדערס אָנשוילעך די סעריע „עס פידלט נישט", וואָס איז פאַקטיש אָנגעשריבן פריִער פאַר „אַ בעקאָוועדער פּאַרנאָסע" און איצט גייט עס פונקט פאַרקערט. אין דעם קאַנאָניזירטן „עס פידלט נישט" זײַנען דעריבער גלײַך פון אָנהייב דאָ צוויי אָנווײַזונגען אַף דער פריִערדיקער סעריע. ערשטנס, אַז „טייקעף־אומיִאַד ווי איך האָב מעקאַבל געווען פון דיר די צוגעשיקטע עטלעכע קערבלעך" (אין דעם לעצטן בריוו פון „אַ בעקאָוועדער פּאַרנאָסע" שרײַבט אים שיינע־שיינדל: „דאָס געלט, וואָס איך שיק דיר דאָ, איז מײַן מאַמעס און ווייס איר גוטסקײַט")... צווייטנס, דורך אַזאַ אָרט: „אַנומלטן האָב איך דיר געהאַט געשריבן, אַז אַף דער אַכסאַניע, דאָרט, וווּ איך האָב געהאַלטן סטאַנציע, האָט זיך געפונען אַ ייִד אַ שאַדכן, לייבע לעבעלסקי הייסט ער (וועגן דעם דאָזיקן שאַדכן גייט אַ רייד אין דעם „איקער שאָכאַכטי" פונעם 9־טן בריוו פון דער פריִערדיקער סעריע — „אַ בעקאָוועדע פּאַרנאָסע"). אויסער דעם, אין אָנהייב פונעם דאָזיקן בריוו, שרײַבט שיינע־שיינדל: „צווייטנס, — שרײַב איך דיר, אַז איך האָב דיר ניט וואָס צו שרײַבן". אין די ק ו מ ע נ־ד י ק ע לעצטע צוויי סעריעס זײַנען שוין טאַקע מער קיין בריוו פון שיינע־שיינדלען ניטאָ (אין די ערשטע וואַריאַנטן זײַנען די לעצטע סעריעס ביכלאַל ניט אַדרעסירט שיינע־שיינדלען, נאָר שאָלעם־אַלייכעמען. זע ווײַטער).

12. אין דער קאַנאָניזירטער אויפלאַגע (אויך אין דער נײַער גרויסער סעריע בריוו פון 1913) „לאָזט ניט" שאָלעם־אַלייכעם מענאַכעם־מענדלען קומען אַהיים — קיין מאַזעפּעווקע אָדער קאַסרילעווקע, און אין די ערשטע וואַריאַנטן קומט מענאַכעם־מענדל צוויי מאָל אַהיים: איין מאָל (אין „בעכיפּאָזן") — אַף פּייסעך, און דאָס צווייטע מאָל ברענגט מען אים מיטן עטאַפּ („עס פידלט נישט"), נאָכן אויספילן אַ צווייטן ניט געלונגענעם שידעך פון אַ גאָרוש מיט אַ גרושע.

13. אַלע מענאַכעם־מענדל־בריוו זײַנען איצט, ווי באַוווּסט, אַדרעסירט שיינע־שיינדלען. אין די ערשטע וואַריאַנטן זײַנען אַ טייל בריוו אין „וואָס טוט מען?", „בעכיפּאָזן", „עס פידלט נישט", „שלים־שלימאַזל", „קיין אַמעריקע", „אַ געבענטשט לאַנד" אַדרעסירט ניט שיינע־שיינדלען, נאָר שאָלעם־אַלייכעמען. יענע בריוו, וועלכע זײַנען אַרײַן אין בוך, זײַנען אונטערגעוואָרפן זײַן נײַער אײַנשטעלונג (דה. זיי זײַנען אַדרעסירט שיינע־שיינדלען).

14. עס ווערן, אַלס קלאַל, אומעטום געקירצט די אייגנעמען פון קיִעווער גווירים, „בערזע־שפּעגולאַנטן", ווי אויך איינצלהײַטן, וואָס טראָגן אַ לאָקאַלן כאַראַקטער.

אַזוי־אַרום האָט שאָלעם־אַלייכעם שוין מיט דער דאָזיקער אַלגעמיינער גרינטלעכער און אויסגעהאַלטענער סיסטעמאַטיזאַציע פון די בריוו, מיט דער שטרענגער געזעצמעסיקײַט און לאָגיק פון די באַזונדערע אַנטוויקלונג־עטאַפּן אידייִש־שעפעריש צעמענטירט דעם בוך און געשאַפן פון די פאַרשיידענע סעריעס, „געשריבן אין פאַרשיידענע צײַטן און געדרוקט אין פאַרשיידענע ערטער", אַן איינהײַטלעך ווערק, וואָס איז אײַנגעטיילט אין זעקס באַזונדערע אָפּטיילונגען און איז באַזיניקט פון איין פאָלקסטימלעכער סאָציִאַל־פילאָסאָפישער אידיי, אַז „אַלץ, וואָס איז געבויט אַף לופט און אַף ווינט, מוז סאָפּקאָלסאָף פאַלן".

שיינע־שיינדלס בריוו צו מענאַכעם־מענדלען, די אָנגעפּיקעוועטע מיט הער אַלטער, פּראַקטישער, אָבער באַגרענעצ־

טער לעבנס־כאָכמע, אויסגעדריקט דאָסראָוו דורך די פילצאָליקע ווערטלעך און ריידנסאַרטן פון מענאַכעם־מענדלס שוויגער, זײַנען ניט נאָר דער פאָן פון מענאַכעם־מענדלען, וואָס דערמאָנט זײַן קאַסרילעווקער אָפּשטאַמונג; זיי דעקן אויך אויף יעדן מאָל דעם מעהאַלעך צווישן די אַלטע און נײַע לעבנס־האַסאָגעס.

דאַן, ווען מענאַכעם־מענדל שרײַבט בריוו, וואָס זײַנען פול מיטן אימפּעט פון דער גרויסער קאַפּיטאַליסטישער שטאָט, מיטן פּאַטאָס פון וועלט־געשעענישן וועגן מילכאָמעס, אײַזנבאַן־בויונג, דאַטשעס, „גובערנאַנטקעס“, פראַנצויזיש, גווירים־אַדירים, און מאַכמעס ער האָט קיין צײַט ניט, מאַכט ער עס שטענדיק בעקיצער, — קומען שיינע־שיינדלס בריוו מיט אירע קאַסרילעווקער דײַגעס און אינטערעסן, און זי באַשרײַבט עס גראַדע באַאַריכעס, מיט אַלע טאָגן, נאָך מיט א ריי אייגענע באַריידעוודיקע קאָמענטאַרן, דורכגעדרונגענע מיט אַלטע האַנדלס־פאַרשטעלונגען, אַבערגלויבנס, קלאָלעס, ווינטשעניש, קינע־געפילן, בושע, אומצוטרוי, כשאַד, אייפערזיכט אאַוו. און דאָס אַלץ איז באַגרינדעט מיטן אווטאָריטעט און מיט די געשליפענע פאָרמולעס פון דער מאַמעס מײַנעלאָשן. שיינע־שיינדל אַליין מישט זיך דאָ ניט אין מענאַכעם־מענדלס געשעפטן. זי קלאָגט זיך בלויז, אַז זי פאַרשטייט ניט דעם מין סכוירע, „דאָס אָנקוועלן, וואָס דו קוועלסט אָן פון דער שטאָט אָדעס, זי מעג זײַן די קאַפּאָרע פאַר אונדזער מאַזעפּעווקע“, אאַוו.

אַדאַנק מענאַכעם־מענדלען פאַרברייטערט זיך אויך שיינע־שיינדלס „האָריזאָנט“, האַגאַם זי נעמט אַלץ אויף ווי אין א קרומען שפּיגל, פּידרעך.

אין דעם לעצטן בריוו פון דער ערשטער סעריע „לאָנדאָן“, וואָס באַשטייט פון צוועלף בריוו, באַווײַזט זיך ערשט די שוויגער מיט אירע שפּריכווערטער און ווערטלעך, אָבער בלויז איין מאָל („אוי, די מאַמע מײַנע איז טאַקע א כאַכאָמע, לאָם איך אַזוי לעבן. זי טײַנעט אָבער מיט מיר קעסיידער, אַז א מאַן טאָר מען ניט נאָכגעבן די שמאַד“, אאַוו.). ערשט דאָ ווערט דערמאָנט קעשענעוו („ביסט דאָך געפאָרן קיין קעשענעוו גאָר צום פעטער וועלוול־מענאַשע, הײַנט וויִאַזוי ביסטו עס אויסגעוואַקסן פּלוצעם אין אָדעס, וועלכער רועך האָט דיך אַהין געטראָגן?“).

דער סאָף איז דאָ געוועזן אַזאַ:

„...זע, מענאַכעם־מענדל, זאָלסט ניט גיין שוין מער אַהין, זאָלסט פאַרגעסן גאָר, אַז ס׳איז דאָ א „לאָנדאָן“, ברענען זאָל דאָס מיט דעם אָדעס, אײַנגעזונקען זאָל דאָס ווערן מיט דיר אינײַנעם[1], און פאָר באַלד אַהיים! פאַרבלײַב געזונט און פיל גליקלעך. עס גריסן דיר אַלע גאָר הערצלעך. פון מיר דײַן ווײַב שיינע־שיינדל“.

פאַרגלײַכט עס מיטן סאָף פונעם קאַנאָן:

„...זע, מענדל, זאָלסט נישט גיין אַף קיין „לעסטאַציעס“ און נישט האַנדלען מיט קיין אַלטע שמאַטעס, — נאָך דאָס גייט דיר אָפּ! (געמיינט דעם „לאָמבאַרד“, וועגן וועלכן מענאַכעם־מענדל האָט פריִער מיט א בריוו געשריבן אין זײַן „איקער שאָכאַכטי“). לעמאַנעשעם, באַלד, ווי דו וועסט באַקומען מײַן בריוו מיטן געלט, זאָלסטו זיך אופזעצן און אָפּגעזעגענען זיך מיט אָדעס, און וויבאַלד דו וועסט נאָר אַרויספאָרן פון שטאָט, אַזוי זאָל עס זיך אָנצינדן פון אַלע פיר זײַטן, און עס זאָל ברענען און פלאַקערן, סאַרפענען און פאַרסאַרפעט ווערן, ס׳זאָל פון דעם ניט בלײַבן קיין סאָריד אופאָליט, ווי עס ווינטשט דיר פון טיפן האַרצן דײַן בעעמעס געטרײַע פרוי שיינע־שיינדל“.

שיינע־שיינדל איז אין דעם קאַנאָן שוין א „בעעמעס געטרײַע פרוי“. זי שילט נאָך און זידלט זיך, אָבער, ווי געזאָגט, ניט מענאַכעם־מענדלען, נאָר דאָס ביטערע לעבן אירס.

די צווייטע סעריע („פּאַפּירלעך“) איז שוין א סאַך נעענטער צום קאַנאָן. עס זײַנען שוין דאָ קימאַט אַלע אַטריבוטן פונעם איצט באַוווּסטן וואַריִאַנט: די שוויגער, דער „איקער שאָכאַכטי“, דער „מאַכמעס איך האָב קיין צײַט ניט“ און אַנד. נאָר דער ערשטער בריוו האָט דאָ געהאַט א גאָר אַנדער אַרײַנפיר, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם צווישן־עטאַפּ — פון דער ערשטער ביז דער צווייטער סעריע. אין דעם יאָר 1894 איז, ווי באַוווּסט, דערשינען די קאָמעדיע „יאַקנעהאָז“, וווּ עס האָט ווידער פיגורירט מענאַכעם־מענדל, א קליינשטעטלדיקער ספּעקוליאַנט, געהאַנדלט אַמאָל אין אָדעס מיט „לאָנדאָן“, און וווּ „די געשיכטע קומט פאָר אין דער גרויסער שטאָט יעהופּעץ אין אונדזערע צײַטן“.

אין דעם קאַנאָניזירטן טעקסט ווערט גאָרנישט דערמאָנט וועגן „יאַקנעהאָז“, נאָר עס ווערט די ערשטע זאַך געגעבן צו וויסן שיינע־שיינדלען, אַז „זײַ וויסן, אַז איך בין שוין ניט אין אָדעס, איך בין אין יעהופּעץ (אויך א שיינע שטאָט, לאָם איך האָבן אַזאַ יאָר!)“, און עס ווערט דעריבער דערציילט די געשיכטע פון דער באַגעגעניש אַפן וועג מיטן אָדעסער ספּעקוליאַנט, וואָס פאָרט קיין יעהופּעץ, אאַוו.

מענאַכעם־מענדל דאַרף זיך דאָ בלויז פאַרענטפערן, וואָס ער איז ניט געקומען אַהיים אַף פּייסעך, און באַרויִקן שיינע־שיינדלען, אַז ס׳איז דאָ אין יעהופּעץ א קאָמיטעט, וואָס גיט אַכטונג, אַז מע זאָל ניט „לאָזן א ייִדן פאַלן אינמיטן גאַס“. ערשט נאָך דעם דאָזיקן אַרײַנפיר גייט ער איבער צום „קאַראַנטנע געשעפט“ פון „פּאַפּירלעך“.

אין „הויז־פרײַנד“ איז דאָס ווײַטערדיקע געגעבן זייער קורץ: „געכאַפּט פון אויבן“, לאָזט זיך מענאַכעם־מענדל אַוועק קיין פּייטערבאַרג און „אײַנגעזשירט“ מיט פּאַפּירלעך... א שיינעם פּאָרטעפּעל“. אין קאַנאָן איז דאָס זעלבע געגעבן מער אַרומגערעדט און ברייטער: „א פּאָרטעפּעל פון קאָל האָאַמינים שעהו: „פּוטיווּיל“ מיט „טראַנספּאָרט“, מיט „וואָלגע“, מיט „מאַלצעווער“ אוקעדוימע אַזעלכע אַקציעס, וואָס הייבן זיך...“

דאָ איז שוין א סאַך פּינקטלעכער, אַף א האָר „ניט אויסגעקלערט“, איבערגעגעבן דער קאָלאָריט פון דער צײַט, דער פּראָצעס פון אינדוסטריִעלן אופשטײַג אין רוסלאַנד, ווײַל „פּוטיווּיל“, „טראַנספּאָרט“, „וואָלגע“, „מאַלצעווער“ אוקעדוימע „זײַנען אַלץ אַזעלכע פאַבריקעס, וואָס עס אַרבעט זיך דאָרטן אײַזנבאַנען אַף אַקציעס“... ווײַטער שרײַבט מענאַכעם־מענדל, ווי דער עמעס איז, וועגן דעם גרויסן נאָכפרעג אַף די דאָזיקע אַקציעס, וועגן דעם „טראַנספּאָרט“־פּסיכאָז:

„אַלע האָבן דאָ „טראַנספּאָרט“: ייִדן, ווײַבער, דאָקטוירים, מעלאַמדים, מעשאָרסים, דינסטן, באַלמעלאָכעס — ווער האָט ניט קיין „טראַנספּאָרט“? דאָ, אַז א ייִד באַגעגנט זיך מיט א ייִדן, איז דער ערשטער באָרעכאָ: וויִאַזוי איז הײַנט „טראַנספּאָרט“? קומסטו אַרײַן אין א רעסטאָראַציע, באַגעגנט דיך די באַלעבאָסטע: „ווי טײַער איז הײַנט

[1] מיר שטרײַכן אונטער אומעטום שיינע־שיינדלס קלאָלעס, וועלכע זײַנען געווענדט דירעקט צו מענאַכעם־מענדלען (אין ערשטן וואַריִאַנט) און פאַרקערט (אין קאַנאָן).

טראַנספּאָרט״?״ גייסט קויפן אַ פּעקל שוועבעלעך, פרעגט זיך דער קרעמער: „ווי טייער איז היינט „טראַנספּאָרט״?..״

דער צווייטער בריוו איז אין „הויז־פריינד״ געגעבן אַ ביסל ברייטער, ווי אין דער שפּעטערדיקער בוך־אויפלאַגע. בייס עס רעדט זיך וועגן דעם נייעם דאָקטער, זאָגט דאָרט שיינע־שיינדל: „ער מיינט, ער וועט בא מיר צאַפּן בלוט, אַזוי ווי בא לייע דער מומע קריינים, — איך צוגעזאָגט קינדער און צום סאָף ווער וואָס וועמען? אַ נעכטיקער טאָג! דאַנקען גאָט כאָטש דערפאַר, וואָס איך דאַרף צו אים ניט אָנקומען דערמיט... האַלעווײַ וואָלט איך שוין אַזאַ דײַגע געהאַט מיט אַלדאַסגוטס און מיט דיר און מיט אַלע דײַנע גילדענע מיסכאָרים דאָרטן אין יעהופּעץ, אײַנגעזונקען זאָל דאָס ווערן מיט דיר אינײַנעם. איך זאָל מיך נאָר אופּהערן צו שווארצן דאָס פּאָנעם. אַז ווו איך שטיי, הער איך נאָר יאַקנעהאַז און יאַקנעהאַז. עפּעס אַ ביכל, זאָגט מען, צי אַ לידל האָט מען אָף דיר געמאַכט אַזעלכעס, וואָס עס הייסט יאַקנעהאַז...״

דאָס אַלץ איז, ווי מיר ווייסן, ניטאָ אין דעם קאַנאָן. אין דעם ווייטערדיקן טעקסט, וואָס פעלט צונויף מיטן קאַנאָן, ווערט נאָך אַלץ געברויכט דאָס וואָרט „יאַקנעהאַז״ אַנשטאָט „לאַנדאָן״.

אין דעם דאָזיקן בריוו פיגורירט שוין די שוויגער אין איר גאַנצער פראַכט. אייניקע שפּריכווערטער, וואָס זי געברויכט דאָ, פאַלן דערנאָך אַרויס („אַז מע שפּילט זיך מיט דער קאַץ, דאַרף מען אָנעמען פאַר ליב איר קראַץ״, „אַז מע קאָן ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער״ און אַנד.) אָדער ווערן איבערגעטראָגן אין אַנדערע שפּעטערדיקע בריוו. אייניקע ווערטער פונעם ערשטן וואַריאַנט זײַנען שפּעטער געגעבן אין אַן אַנדער אָרדענונג אָדער אינגאַנצן אויסגעשטראָכן.

דער זעקסטער בריוו אין אַלמאַנאַך איז גרעסער. דאָ ווערט ווידער דערמאָנט מענאַכעם־מענדל, וואָס פאַרנעמט זיך מיט הענדל[1]. שיינע־שיינדלס קלאָלעס, ווי געוויינלעך, זײַנען געווענדט דירעקט צו מענאַכעם־מענדלען. עס ווערט דערמאָנט „יאַקנעהאַז״ בישכיינעס מיט „לאַנדאָן״. אויסער דעם איז דאָ שיינע־שיינדלס אַ פּאָסטסקריפּטום מיט אַ בסורע, אַז „ריווקעלע גייט זיך שוין מיטן מאַן און... ווײַל נעמען דעם פריערדיקן כאָסן פון יאַמפּעלע״. און „פּייטל־הערשקע ביניאַמינס האָט מען געמאַסערט. ער דאַרף זיך שטעלן אין דער גוביערניע „נאַ וואָספּיטאַניע״ און קאָפּל כײַע־דווירעס האַלט שוין ווידעראַמאָל בא אָנזעצן״...

דער אַכטער בריוו שיידט זיך שטאַרק אונטער פונעם איצטיקן וואַריאַנט.

ער הייבט זיך אָן מיט דער פינצטערער בסורע, אַז מענאַכעם־מענדל דאַרף זאָגן קאַדעש נאָך זײַן מאַמען, וואָס איז געשטאָרבן פון אַ קימפּעט. שיינע־שיינדל רופט אים ווידער אַהיים צו די קינדערלעך, שילט די יעהופּעצער דאַמען מיט זייערע „באַרליאַנטן״ מיט אים אינײַנעם, האָט טײַנעס, לעמײַ ער קויפט איר שוין ניט עפּעס, ווײַל „בא אַזאַ געשעפט, אַז מע רײַסט נישט אָפּ מיט געוואַלד, האָט מען נישט״, וואַרפט אים אויף, אַז ער איז אַ לעקיש און גלייבט אַלעמען, לאַכט אויס זײַנע „מעשוגענע״ אײַנפאַלן וועגן ווערן אַ וואַסילקאָווער גיכטעוו און זאָגט נעוויִעס, אַז זי וועט אים ווײַטער דאַרפן שיקן געלט אָף דער הויצאָע, שווערט זיך, אַז מער וועט זי עס ניט טאָן; זי וועט אים בעסער אַראָפּברענגען „אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן״ אַהיים. אין פּאָסטסקריפּטום דערציילט שיינע־שיינדל, אַז מענאַכעם־מענדל איז בא איר געווען צו כאַלעם און זיי זײַנען ביידע געשטאַנען „באַם ראָוו אונטער אַ דעקטוך, צווײ דאַמעס, ברענען זאָלן זיי, שטייען פון ביידע זײַטן און מע שלעפּט (אים), די אַהער, די אַהין, און בא דער זײַט שטייט דער שאַמעס מיט באַרליאַנטענע אוירינגלעך, האַלט אַ געקוילעטן האָן אין האַנט און שרײַט: „ווײַבערלעך! נאַט אײַך אַ פּיפּערנאָטער!..״

אין קאַנאָניזירטן טעקסט איז גלײַך פון אָנהייב געבראַכט די געשיכטע מיט דער שוועגערן יענטלס רעכילעס, אַז מענאַכעם־מענדל איז אַוועק קיין אַמעריקע (זע פריִער, דעם פּאָסטסקריפּטום פון צווייטן בריוו, ערשטער וואַריאַנט). די דאָזיקע געשיכטע איז דאָ פאַרברייטערט און פאַרנעמט קימאַט אַ האַלבן בריוו. ווײַטער גייט דאָ קימאַט די זעלבע געשיכטע, וואָס אינעם אַכטן בריוו פון ערשטן וואַריאַנט, אויסער דער בסורע וועגן דער מוטערס טויט. די טרויעריקע בסורע איז דאָ אַריבערגעטראָגן אין דעם „איקער שאָכאַכטי״, און שוין מיט אַ גאָר אַנדער אַספּעקט. דאָ רעדט זיך וועגן דעם, אַז געשטאָרבן איז גאָר יענטל פון אַ קימפּעט און מענאַכעם־מענדלס ברודער בערל־ביניאָמין איז געבליבן אַן אַלמען. אַזויאַרום, נאָך דער מײַסע, ווו שיינע־שיינדל שיט פעך און שוועבל אָף יענטלען פאַר אירע רעכילעס, קומט די יעדיִע וועגן יענטלס פּלוצלינגדיקן טויט און אַז בא דער לעווײַע איז שיינע־שיינדל דאַפקע געווען און זיך „דאַפקע אַזוי אָנגעוויינט, אַז (זי איז) קוים געקומען אַ לעבעדיקע אַהיים...״

אָט אַזוי האָט דאָ שאָלעם־אַליכעם אינגאַנצן פאַרביטן די יאָצרעס און געשאַפן אַ גאָר נײַע און מער נאַטירלעכע קאָמיש־טראַגישע סיטואַציע און קינסטלערישן עפעקט. דער פריִערדיקער וואַריאַנט פון דער בסורע, אַז מענאַכעם־מענדלס מאַמע איז געשטאָרבן פון אַ קימפּעט און אַז דער טאַטע האָט שוין כאַסענע געהאַט אַאוו., איז ווירקלעך אַ ביסל צו האַמעטנע.

דער לעצטער בריוו פון דער סעריע „פּאַפּירלעך״ איז שפּעטער שטאַרק געקירצט: אַ גרויס אָרט האָט דאָ פאַרנומען די מײַסע מיט דער באָבע צייטל, וועלכע איז געקומען צו כאַלעם שיינע־שיינדלען[1] און געראַטן איר פאָרן געזונטערהייט און גריסן מענדלען. און ווי די מאַמע האָט עס פויסער־כאַלעם געהערט, אַז זי מוז פאָרן נאָך אים אין יעהופּעץ און ניט שיקן מער קיין געלט. אַ היפּש אָרט האָט דאָ פאַרנומען דער פּאָסטסקריפּטום מיט דער בסורע, אַז „די מאַמע זאָל לעבן און געזונט זײַן״ פאָרט אויך מיט איר און אַז זי פאָרט אין יעהופּעץ ניט מיטן באַן, נאָר מיט אַ באַלעגאָלע, קעדיי זי זאָל שוין קענען פאַרבײַגייענדיק זײַן אומעטום, זיך זען מיט דער גאַנצער מישפּאָכע: אין יאַמפּעלע, אין טעטרעוויץ און אין סטרישטש, און ערשט דערנאָך „אין דעם שיינעם יעהופּעץ, אײַנגעזונקען זאָל דאָס ווערן״.

אָט די „פּאַטריאַרכאַלישע״ שטריכן פון שיינע־שיינדל זײַנען שפּעטער אַרויסגעפאַלן. דאָס האָט שוין ווײַט ניט אַנטשפּראָכן דעם נײַעם קינסטלערישן אַספּעקט פון דעם „מענאַכעם־מענדל״־בוך.

אין דער סעריע „מיליאָנען״ האָבן מיר שוין די אויטאָרישע באַצייכענונג אָף יעדן בריוו: „מענאַכעם־מענדל פון יעהופּעץ צו זײַן ווײַב שיינע־שיינדל אין מאַזעפּעווקע״,

[1] זע שאָלעם־אַליכעם. אַלע ווערק. מאָסקווע, 1948, ב. 1, ז. 154 און דעם קאָמענטאַר, ז. 519.

[1] די באָבע צייטל באַווײַזט זיך שפּעטער אין „טעוויע דער מילכיקער״.

לעזוגאַסי האיקאַרא האצנואַ האכאכאַמאַ מאַראַס שיינע־שיינדל שעטיכיע עכב״ב (אים קאַל בניי־בייסי)[1].

אין דעם ערשטן בריוו זײַנען שפּעטער פאַרקירצט און געענדערט געוואָרן א ריי ערטער. א באַזונדערס גרויסע קופּיור איז געמאַכט געוואָרן נאָך די ווערטער: „נאָר די בראַצקיס זענען עפּעס מיט ניסים ארויסגעשפּרונגען גליקלעך". צוליב דער וויכטיקייט פון דעם דאָזיקן פאַרקירצטן טעקסט פאַר דער שעפערישער געשיכטע פון שאָלעם־אליכעמס ווערק, איז קעדײַ צו ברענגען דאָס אָרט אינגאַנצן:

„אפאַנעם, אז סייכל און פאַרשטאַנד איז פאַראַן בא אונדז, און געלט איז טאַקע פּאַרט בא זיי... און צו אַלע גליקן באַדאַרף דער גוטעריאַר אונטערטראָגן עפּעס א שלאַק פון זײַן ליבן נאָמען, ער איז דײַנס א פרײַנטל, זאָגט ער, א גליד־גליד־געשוועסטערקינד, ער הייסט ט ע ו ו י ע ד ע ר מ י ל כ י ק ע ר[2]. ער האַנדלט מיט מילכיקס. האָט ער מיר געהאַרפּט ארײַנצימבלען די עטלעכע קערבלעך, זײַן גאַנץ פאַרמעגן, און ס'איז אַוועק אַהין, וווּ דער ליבער שאַבעסקוידעש גייט אַוועק, קיין פּייטערבאַרג און קיין וואַרשע. איך האָב געמיינט, אז איך וועל פון דעם דאָזיקן ט ע ו ו י ע ן און פון זײַנע זיסע רייד דעם שלאַק באַקומען! כידושים זאָג איך דיר, וואָס די פיס טראָגן מיך און וואָס איך בין נאָך בא אַלע געדאַנקען! א היפּשע צײַט בין איך אפילע ארומגעגאַנגען ווי א צעדולטער, גערעדט צו זיך אַליין: פּייטערבאַרג, וואַרשע, אקציעס, לילעפּוטן, פּוטעווילעוו, מאַלצעוו... נאָר איך האָב מיך מעיאַשעוו געווען, וואָס וועל איך דאָ, נאָר, פּויעל זײַן, אז איך וועל מיר נעמען צום האַרצן? ווי זאָגסטו, עס שטייט דען געשריבן, אז מע באַדאַרף דאַפּקע האָבן די רייש אַלאָפים? עס לעבן דען נישט קיין מענטשן מיט א סאַך ווינציקער? די צאָרע איז נאָר, וואָס ס'איז נישטאָ דאָס דרײַערל אַף דער הויצאָע! נאָר אז מע וויל שמועסן צוריק דאָס אייגענע: לעמײַ כ י נ ק י ס? כינקיס איז דען נישט געבליבן אָן הויזן און איז נאָך געוואָרן א בוירייעך אויך? צי, לעמאַשל, אָט איז א יונגערמאַנטשיק ה ע פּ מ א ן. אזא יאָר זאָל איך האָבן וואָס פאַר א „שפּיגלאַנט" דאָס איז! וואָס דער יונגערמאַן האָט איבערגעדרייט מיט פּייטערבאַרג און מיט וואַרשע! וואָס דאַרפסטו מער, אז ס'איז ניט געווען וואָס צו טאָן אף דער בערזע, פלעג ער מאַכן א „סטאַלאַזש" מיט זיך אַליין, דאָס הייסט אַף אונדזער לאָשן: געקויפט און פאַרקויפט, געגעבן און גענומען בא זיך אַליין. האָט זיך אויסגעלאָזט, אז פון אַלע דרייענישן מיט אַלע מיליאָנען איז ער געבליבן בא די גראָבע קאַנטע־ביכער באַשריבן מיט א סאַך ציפערן, און אַפּן בוידעם ליגן בא אים עטלעכע זעק אָנגעשטאָפּט מיט „סטראַטשנע" דעפּעשן פון פּייטערבאַרג און פון וואַרשע — א גאַנצער ארכיוו!"

שאָלעם־אליכעם האָט דעם דאָזיקן היפּשן שטיק טעקסט אינגאַנצן שפּעטער ארויסגעוואָרפן. די באַגעגעניש פון מענאַכעם־מענדלען מיט טעוויען האָט ער געגעבן דערנאָך ווי א באַזונדערע דערציילונג אין זײַן „טעוויע דער מילכיקער", און אין גאָר אן אַנדער, פּ אַ ר ק ע ר ט ע ר סיטואַציע און סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער מאָטיווירונג. איבערלאָזן די דאָזיקע באַגעגעניש אויך דאָ איז שוין געווען ניט מעגלעך. אויסער דעם, וואָס דאָס וואָלט געווען אן איבערכאַזערונג, וואָלט עס ווידערשפּראָכן איינס דאָס אַנדערע מיט דער פאַרקערטער פּרינציפּיעלער און קינסטלערישער באַלויכטונג. מענאַכעם־מענדל ווי א טיפּ און ווי אן אויסגעהאַלטענער כאַראַקטער וואָלט אין דער דאָזיקער טראַקטירונג א סאַך פאַרלאָרן. און ניט נאָר מענאַכעם־מענדל, נאָר אויך טעוויע וואָלט געליטן צוליב זײַנע „זיסע רייד" מיט מענאַכעם־מענדלען. די ווײַטערדיקע נעמען און טווגנגען פון די באַשריבענע „שפּעגלאַנטן" אין זעלבן טעקסט האָט שאָלעם־אליכעם, ווי באַוווּסט, שפּעטער אומעטום אויסגעמעקט און פאַרביטן אָדער מיט פרעמד־נעמען אָדער מיט א קורצער פאַראַלגעמיינערונג.

אין פ ו פ צ ע ט ן בריוו זײַנען געמאַכט 13 קירצונגען. אין איין אָרט איז ארויסגעפאַלן א גרויסע געשיכטע וועגן דעם, ווי מענאַכעם־מענדל האָט זיך „אנטוישט" אין דעם וואַלד־מעקלער ק ו פּ ע ר פ ו י ג ל (זײַן נאָמען איז שוין איין מאָל דערמאָנט געוואָרן אין די פריערדיקע בריוו פון ערשטן וואַריאַנט) און זיך באַקענט מיט א גרויסן אָדעסער מעקלער „פון אימעניעס און וועלדער, רעב לייזער הייסט ער". אָט דער לייזער מאַכט טיל־טעל פון דעם קופּערפויגל, פון וועלכן דער לעצטער איז שוין אמאָל געוואָרן „אומגליקלעך", און דערציילט וועגן דעם א גאַנצע מײַסע. אדאַנק דעם האָט זיך מענאַכעם־מענדל „ארומגעזען", אז „וועלדער איז ניט פאַר אים", און זיך גענומען צו „אן אַנדער געשעפט, צו זאַוואַדלעך".

אין ז י ב ע צ ע ט ן בריוו וואַרפט שאָלעם־אליכעם ארויס אזוינע ערטער, וואָס פאַרשווערן דעם גאַנג פון דעם סיפער־האַמײַסע מיט „זײַטיקע" זאַכן. אין דעם דאָזיקן בריוו איז נאָך קעדײַ אויסצוטיילן די ענדערונג פון דעם „איקער־שאַכאַכטי": „ווייס איך וואָס? ציעניזם? דאָקטאָר הערצל! אויך מיר א געשעפט!".

אין דער ערשטער אויסגאַבע, אין דעם „יוד", איז דאָ געווען א ביסל אַנדערש:

„ווייס איך וואָס? ציעניזם, דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם! א נעכטיקער טאָג!.. מע האָט מיר צוגעזאָגט אנטלײַען א יידיש ביכל וועגן ציעניזם; אז איך וועל איבערלייענען דאָס ביכל, וועל איך דיר ארויסשרײַבן אַלצדינג באַאריכעס".

ווי מיר זעען, האָט אינעם ערשטן וואַריאַנט מענאַכעם־מענדל נאָך געהאַט דעם אינטערעס צו ביכלעך וועגן ציעניזם, צום דאָקטער מאַנדעלשטאַם אאַוו.

אין קאַנאָן איז שוין מענאַכעם־מענדל ווײַט פון די דאָזיקע אינטערעסן: „אויך מיר א געשעפט!"

אין דעם ד ר ײַ ־ א ו ן ־ צ ו ו א נ צ י ק ס ט ן בריוו זײַנען, אויסער די אַלגעמיין־כאַראַקטעריסטישע קירצונגען, צוגאָבן און קלענערע ענדערונגען, פאַראַן דרײַ אפּסנײַ אָנגעשריבענע גרעסערע שטעלן, וואָס פאַרבײַטן דאָס פאַרקירצטע און טראָגן ארײַן נײַע מאָטיוון און ניואַנסן אין דעם געשילדערטן. ס'איז גענוג צו ברענגען איין אָרט, דעם סאָף פונעם בריוו, ווי ער איז געווען פריער, אַנהייבנדיק פון די ווערטער: „די וועלט מאַכט געשעפטן און פאַרדינט געלט":

„נו פרעג איך דיך, קען ניט צעזעצט ווערן די גאַל? גוואַלד, ריבוינע־שעל־אוילעם, בין איך דען נישט אזא

---

[1] אין דעם דאָזיקן טראַפאַרעט ווערן אָפּט אין קאַנאָן גופע איבערגעשטעלט אייניקע ווערטער („האצנוע האכאכאַמע" און „האכאכאַמע האצנוע"), דער צושריפט „עכב״ב" איז אויך ניט אין אַלע סעריעס פאַראַן.

[2] אין דעם זעלבן 1899־טן יאָר האָט, אגעוו, שאָלעם־אלייכעם אָפּגעדרוקט אין „יוד" צוויי דערציילונגען פון זײַן „טעוויע דער מילכיקער": „א בוידעם" און „הײַנטיקע קינדער". די ערשטע דערציילונג פון „טעוויען" — „דאָס גרויסע געווינס" האָט ער פאַרעפנטלעכט אין 1895, אין ספּעקטאָרס „הויז־פרײַנד".

מענטש ווי אַלע? מיט וואָס בין איך ערגער, לעמאָשל, פון אבראמזאָנען? איך האָב, דאכט מיר, אויך געלערנט אין א כיידער ווי ער, פונדעסטוועגן האלט אבראמזאָן א קאָנטאָר אף ניקאָלײַעווסקע, אומעטום אין אַלע בענק איז ער פול. ווו ערגעץ א מעקלער, קריכט ער צו אבראמזאָנען (ס'איז גאָר א סוואָרע, אז ער ציט איצט א בריק אף אקציעס פונהאנען קיין ווארשא!). און איך, מענאכעם־מענדל, באדארף ליגן ערגעץ אין א לאָך, זײַן אין געפענקעניש, באהאלטן זיך גאָר פון פעטש! איך זאָג דיר דעם עמעס, איך בין שוין טאקע אָפּגעווינט געוואָרן פון צו זיצן אף איין אָרט, מאכמעס דער קאָפּ טראָגט מיר אהין, אין די גרויסע געשעפטן, אין די מיליאָנען ארײַן, איך וועל גאָר אראָפּ פון זינען אָדער איך וועל מיר א מײַסע אָנטאָן! א שטיקל גליק, וואָס איך האָב כאָטש דערטאפט עפּעס א ביכל, זיץ איך און לייען. דאָס ביכל האָט געמאכט א שלאק פון זײַן ליבן נאָמען, ער הייסט שאָלעם־אלייכעם; ער באשרײַבט דאָרט טאקע די היגע בערזע מיט אַלע היגע לײַט (און מיך אויך בעסויכעם)[1] מיט אלע פישטשעווקעס, גלײַך ווי ער איז געוועזן דערבײַ, און מאכמעס איך בין פארנומען מיטן לייענען און האָב קיין צײַט ניט, מאך איך דאָס בעקיצער; אים־ייִרצע־האשעם אינעם אנדערן בריוו וועל איך דיר ארויסשרײַבן אלצדינג באאריכעס, לעסאטע לאָז גאָט געבן מיט געזונט און מיט האצלאָכע; גריס די קינדער און איטלעכן באזונדער גאָר פרײַנטלעך,

מימעני באאלייך מענאכעם־מענדל“.

אָט אזוינע ערטער, וואָס טראָגן א ביסל א לאָקאלן, קימאט אווטאָביִאָגראפישן כאראקטער, ווערן דאָסראָוו פארקירצט (פארגלײַכט מיטן באוווסטן סאָף פונעם קאנאָן).

דער פיר־און־צוואנציקסטער בריוו פארמאָגט א ריי אקטיווע ענדערונגען. אויסער די אלגעמיינע קירצונגען, א גאָר אנדערן פאָסטסקריפּטום, וואָס איז פארבונדן מיט דער נײַער ענדערונג פונעם פריִערדיקן בריוו פון מענאכעם־מענדלען. אין דער אלטער אופלאגע איז אין דעם פאָסטסקריפּטום דאָ געווען, אין א פארברייטערטער פאָרם, דער באוווסטער פאָסטסקריפּטום פונעם XVIII בריוו פונעם קאנאָן.

אָט ווי אין דער ערשטער אופלאגע האָט עס אויסגעזען:

„וואָס דו שרײַבסט מיר, אז דו לייענסט ייִדישע מײַסע־ביכלעך מיט שיר־האמײַלעסן, איז דאָס בא מיר פון די קליינע בסורעס; קארג וואָס דו האָסט צו טאָן מיט ליגנערס און מעשוגאָיִם אף דער בערזע, מיט שלעפּערס, מעכאברים, לידלמאכערס און מײַזנטרײַבער אף דער אכסאניע, באדארפסטו נאָך לייענען אקעגן נאכט מײַסעס, וואָס מע קען איבער זיי אראָפּ פונעם זינען. אָט האָט זיך ערשט ניט לאנג פארלאָפן בא אונדז א מײַסע, די וועלט גייט מיט דעם כאָדאָראָם! לייווי ייִצכאָק־מייער מעשולעמס האָט א טאָכטער שפּרינצל, געווען א געזונטע מויד, אן אײַזערנע, שוין אפילע א ביסל אן איבערגעוואקסענע, נאָר זייער א געראָטענע. האָט זיך צו איר פארנאדעט א מויכער־ספאָרימניק, וואָס טראָגט ארום איבער די הײַזער מײַסע־ביכלעך אף פראָצענט, האָט זיך נעבעך שפּרינצל צוגעכאפּט צו די דאָזיקע מײַסע־ביכלעך. עפּעס פון איינעם א שײַקעוויטשן, זאָגט מען, און זי האָט זיי דורכגעלייענט, זאָגט מען, א שטיקלעך הונדערט, אָהער ק״ן אזעלכע ביכלעך, איז זי געוואָרן נישט פאר מיר געדאכט עפּעס אזוי ווי צעמישט; זי רעדט מיט א מעשונע מאָדנע לאָשן, אלץ אזעלכע ווערטער, וואָס מע קען ניט פארשטיין; זי זאָגט, אז מע רופט זי ניט שפּרינצל, נאָר „ליזאבעטע“ און זי קוקט ארויס אלע מינוט, אלע רעגע, אז אָט־אָט קומט עפּעס איינער, וואָס מע רופט אים „דער ליבער אדאָלף“, און גאנוועט זי ארויס דורך א פענצטער. היט מען זי... זי קען זיך אוועקשטעלן מיטן פּאָנעם צו דער וואנט און ריידן מיט זיך אליין דרײַ שאָ אפּן זייגער. נעכטן בין איך געוועזן בא איר, געזעסן, געשמועסט; אָט רעדט זי, דאכט זיך, צו דער זאך, ווי א מענטש, פּלוצעם הייבט זי זיך אוף און זינגט א לידל (איך געדענק איטלעכס וואָרט):

„א פײַער פון ליבע טוט ברענען אין מיר,<br>
דײַן טאלי, דײַן מינע, דײַן גאנצער פאסאָן,<br>
און וויל איך דיך זען, א קלער טאָן פון דיר, —<br>
הייבט מיר אָן ווי טאָן דער אייבערשטער צאָן!..“

א מאָשל, שטראָם־גראם מאך מיר א לאָקשנברעט! גאָט איז מיט דיר, זאָג איך, שפּרינצל, וואָס רעדסטו דאָס? „ס'איז דען איך, מאכט זי, דאָס זאָגט גאָר דער ליבער אדאָלף צו מיר, — צו מיר, — צו מיר, זײַן איינגעל, זײַן שאץ, זײַן ליבסטע ליזאבעטע!..“ נו, פרעג איך דיך, מענדל, זאָל ער נישט האָבן א וויסטן סאָף, אָט דער שײַקעוויטש מיט זײַנע שיר־האמײַלעסן?! איך שיק דיר דאָ עטלעכע קערבלעך אף הויצאָעס. איך האָב גענומען באם טאטן, די מאמע זאָל ניט וויסן, און זאָג דיר דאָס לעצטע מאָל: וואָס ס'איז געווען, איז פארפאלן; גענוג דיר שוין צו הוליען, טו א שפּײַ אף דעם וויסטן פינצטערן יעהופּעץ מיט אלע דאָרטיקע סאָכרים, מיט זייערע מיליאָנען, מיט די מעקלערס, וואָס טראסקען, מיט די גילדענע געשעפטן, מיט די ליגנס, און מיט אלע זייערע גליקן, מיט די מעשוגאָיִם, שלעפּערס, מעכאברים, לידלמאכערס און קום צו פאָרן אהיים צו דײַן ווײַב און קינדער און צו דײַן שווער און שוויגער. „זײַ א מענטש, זאָגט די מאמע, וועסטו עסן אין סוקע“, און לאָז שוין זײַן דאָס דאָזיקע בריוול מײַן לעצטער בריוו צו דיר — אָמיין סעלאָ“.

אין דעם דאָזיקן פאָסטסקריפּטום פילט זיך נאָך שטארק דער פאטאָס פון „שאָמערס מישפּעט“... דאָ איז אפילע אָפּן דערמאָנט דער נאָמען „שײַקעוויטש“. אין קאנאָן רעדט זיך בלויז וועגן א פּאָשעטן מויכער־ספאָרימניק, וואָס טראָגט ארום איבער די הײַזער מײַסע־ביכלעך און ראָמאנען אף פּראָקאט.

דער בריוו „עס פידלט נישט“ און „א בעקאָוועדע פארנאָסע“ האָבן אן אנדער אדרעסאט. זיי זײַנען „בריוו פון מענאכעם־מענדלען צו שאָלעם־אלייכעמען“. אויסער דעם זײַנען זיי פארעפנטלעכט שוין נאָך דעם, ווי עס זײַנען געדרוקט געווען די מענאכעם־מענדלשע צוויי בריוו: „וואָס טוט מען?“ (צוויי בריוו פון מענאכעם־מענדלען צו שאָלעם־אלייכעמען און שאָלעם־אלייכעמס אן ענטפער) און „בעכיפאָזן“ מיטן זעלבן אדרעסאט.

די סעריע „עס פידלט נישט“ („מענאכעם־מענדל א שאדכן“) איז אזויארום כראָנאָלאָגיש פארבונדן מיטן אינהאלט פון די פריִערדיקע בריוו, און דאָס האָט ארופגעלייגט א באזונדערן שטעמפּל אף איר אינהאלט און אויסזען, און דעריבער איז זי אזוי ווײַט פונעם קאנאָן „עס פידלט נישט“, וואָס איז איצט ארײַנגעפאלן אין א גאָר אנדערן קאָנטעקסט, — צווישן „א בעקאָוועדע פארנאָסע“ און „שלים־שלימאזל“, אין דער צײַט, ווען די דערמאָנטע פריִערדיקע בריוו זײַנען אינגאנצן ארויסגעפאלן פונעם „מענאכעם־מענדל“־בוך.

[1] א רעמעז אף דער קאָמעדיע „יאַקנעהאָז“.

דער ערשטער וואַריִאַנט פון „עס פידלט נישט“ איז געדרוקט אין זעקס צײַטונגס־נומערן און האלט 25 גרויסע קעלערס, — קימאט אין צוויי מאָל מער, ווי דער קאַנאָן, וועלכער באשטייט פון א י י ן בריוו. די ערשטע אויסגאבע פארמאָגט דעם גאנצן „רעקוויזיט“ פון דעם איצטיקן „עס פידלט נישט“. דאָ איז פאראן אָשער דער וועלטשאדכן, דאָס צעטל פון די שידוכים (עמעס, אינגאנצן אַן אנדער צעטל און פארלאָרן האָט אים, בעמכילע, אָשער אליין). סאָניטשקע איז דאָ די טאָכטער פון דעם א ל ט ן מעיוכעס און ניט פונעם אופגעקומענעם גוויר, און עס ווערן „אויסגעפירט“ צוויי שידוכים: איין מאָל — פון צוויי קאלעס, א צווייט מאָל — פון א גאָרוש מיט א גרושע. אף דער לעצטער כאסענע קומט צו פאָרן דאָס ווײַב פונעם „גאָרוש“, די כאסענע פארענדיקט זיך מיט א סקאנדאל, מענאכעם־מענדל ווערט ארעסטירט און מע ברענגט אים אהיים מיטן עטאפּ.

די נײַע סעריע בריוולעך האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן און פארענדיקט אין 1913 (אפּרעל—נאָיאבער) אין ווארשעווער „הײַנט“ אונטערן טיטל: „בריוולעך פון מענאכעם־מענדל צו שיינע־שיינדל זײַן ווײַב, איבערגעגעבן פון שאָלעם אלייכעם“.

דאָס זײַנען 45 (לויטן „שאָלעם־אלייכעם־בוך“ — 46?) גאָר נײַע בריוו פון מענאכעם־מענדלען צו שיינע־שיינדלען.

די בריוו באַרירן א ריי אקטועלע געשעענישן און פּאַסירונגען פון יענער צײַט אין איראָפּע און אמעריקע, פארמאָגן א סאך אווטאָביִאָגראפישע שטריכן. אין די געזאמלטע ווערק — ניט ארײַנגענומען.

די דאָזיקע סעריע קאָן מען, פארשטייט זיך, ניט פארגלײַכן לויט איר קינסטלערישער קוואליטעט מיטן מאָנומענטאלן „מענאכעם־מענדל“־בוך, מע דארף אָבער זיך דערמאָנען שאָלעם־אלייכעמס ארויסזאָגונג, אז ער „ארבעט שטענדיק לישמאָ... און האָט ליב די ארבעט בעכאָל לעוואָווי אובעכאָל נאפשוי, און וויפל מע זאָל אים צאָלן — א סאך באצאָלט זיך ניט — איז איטלעכער קאפּיטל פונעם ראָמאן (דאָ גייט א רייד וועגן „בלוטיקן שפּאס“, וועלכן ער האָט געדרוקט קימאט אין איין צײַט מיט די בריוו), וואָס באלמאכשאָוועס רופט אָן טאנדעט, איבערגעארבעט געוואָרן מינדסטנס צען מאָל און מענאכעם־מענדלס א בריוו ווערט איבערגעשריבן און איבערגעלײַטערט מער ווי 10 מאָל“ (פון א בריוו צו דינעזאָנען).

וועגן שאָלעם־אלייכעמס ארבעט אף זײַנע ווערק ביכלאל קאָן מען זיך אויך דערוויסן פון זײַנע פילצאָליקע בריוו צו פּינוסן.

„אין יאָר 1931, — שרײַבט מאקס עריק אינעם דערמאָנטן ארטיקל, — האָב איך אפּן סמאך פון שאָלעם־אלייכעמס בריוו צו זײַן איבערזעצער אין רוסיש דר. פּינוס געקאָנט דאָקומענטירן יענע גרויסע און טאָגטעגלעכע ארבעט, וואָס שאָלעם־אלייכעם האָט אין מעשעך פון יאָרן (1910—1913) געפירט באם צוגרייטן צום דרוק און קאָנטראָלירן די רוסישע אויסגאבעס פון זײַנע ווערק („שאָלעם־אלייכעם און זײַן איבערזעצער“. מינסקער „צײַטשריפט“, ב. 5), און א שלאל קינסטלערישע מי האָט שאָלעם־אלייכעם ארײַנגעלייגט אויך באם פעסטשטעלן דעם ענדגילטיקן ק א נ אָ נ י ש ן טעקסט פון זײַן גרעסטן מײַסטער־ווערק, פון „מענאכעם־מענדלען“[1].

די נײַע סעריע בריוו איז מער נאָענט, לויט איר כאראקטער און אויפן פון שרײַבן, צו די ע ר ש ט ע וואריִאנטן פונעם קאנאָניזירטן „מענאכעם־מענדל“, און עפשער דערפאר טאקע זײַנען אייניקע שרײַבער און קריטיקער, ווי מיר וויסן עס פון שאָלעם־אלייכעמס בריוו צו דינעזאָנען און אנדערע קוועלן, געווען „געשטימט“ קעגן דער דאָזיקער נײַער סעריע. זיי האָבן מוירע געהאט, אז שאָלעם־אלייכעם וועט „קאליע מאכן“ זײַן „מענאכעם־מענדל“, וועלכן מע טאָר שוין מער ניט „טשעפּען“.

שאָלעם־אלייכעם אליין האָט אָבער געהאט אַן אנדער מיינונג. ער האָט געהאלטן, אז „דער איצטיקער „מענאכעם־מענדל“, וואָס דרוקט זיך אין „הײַנט“, איז ניט, שטעלט אײַך פאָר, אזוי לעשעם גאזעט, ווי לעשעם א נ ײַ ק א פּ י ט ל א י ן ב ו ך, ו ו אָ ס ה י י ס ט „מ ע נ א כ ע ם־מ ע נ ד ל“. דאָס וועט זײַן דער צווייטער טאָם, ווו עס ווערט געשילדערט מענאכעם־מענדל דער לופטמענטש אינעם געשטאלט פון א פּאָליטיקער און קלאל־טוער, און דאָ איז ער אויך דער זעלבער פליִער, דער זעלבער הייךקאָפּ, דער זעלבער אידעאליסט, דערצו נאָך א הומאניסט און פאציפיסט, און א „ייִד“, און וואָס איר ווילט...“[2].

ווער ווייסט, עפשער האָט שאָלעם־אלייכעם נאָך געהאָפּט דורכצומאכן די זעלבע ארבעט איבער די דאָזיקע בריוו, ווי ער האָט עס געטאָן מיט זײַן ע ר ש ט ן טאָם „מענאכעם־מענדל“? ליידער, איז עס שוין געווען ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, ווען עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן שאָלעם־אלייכעמס לעצטע וואנדערונגען איבער שטעט און לענדער... נאָר אויך אין דעם צושטאנד זײַנען די דאָזיקע בריוו אינטערעסאנט מיט דער אקטועלער פּאָליטישער און געזעלשאפטלעכער טעמאטיק פון יענער צײַט, מיט דער שפּרודלדיקער עכט־שאָלעם־אלייכעמישער סאטיריש־הומאָריסטישער אינטערפּרעטאציע פון די געשעענישן. די טעמעס פון די בריוו רופן זיך אָפּ איבער מיט די קאָרעספּאָנדענציעס, טעלעגראמעס און ארטיקלען, וועלכע זײַנען געווען געדרוקט אין דער זעלבער צײַטונג. אזוי, לעמאָשל, איז וועגן דעם סענסאציִאָנעלן שטרײַק פון די ייִדישע שרײַבער אין אמעריקע, וועגן וועלכן שאָלעם־אלייכעם רעדט אין זײַן ערשטן בריוו, געווען מיט א קורצער צײַט צוריק געדרוקט א קאָרעספּאָנדענץ פון ניו־יאָרק אין דער זעלבער צײַטונג. דאָס זעלבע וועגן דער מילכאָמע אף די באלקאנען, וועגן ציִעניסטישן קאָנגרעס, וועגן ביילים־פּראָצעס אאוו. אלץ ווערט גלײַך אָפּעראטיוו אופגעכאפּט און קינסטלעריש אונטערגעטראָגן אין די בריוו פון מענאכעם־מענדלען צו שיינע־שיינדלען.

די דאָזיקע בריוו האָבן א גרויסע זעלבשטענדיקע דערקענטעניש־ווערט ניט בלויז פאר יענע יאָרן, נאָר אויך פאר אונדזער צײַט.

---

[1] זש. „שטערן“, 1935, נומ. 8, ז. 83.

[2] זע כ. נ א ד ע ל, י. מ י ט ל מ א ן. „שאָלעם־אלייכעמס ניט צונויפגענומענע בריוו“. אין בוך „שאָלעם־אלייכעם. זאמלונג קריטישע ארטיקלען“. קיִעוו, 1940, ז. 275.

# לייענער שרײַבן אונדז

כאַשעוועד כאַווער רעדאַקטאָר!

איך בין אַ געבוירענע פון ווילנע. ווען די היטלעריסטן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין שטאָט, האָבן זיי גלײַך אוועקגעפירט מײַן מאַן, און איך בין געבליבן אַליין מיט אַ צווייאָריק קינד אויף די הענט, אָן אַ קאָרעווע, אָן אַ גויעל.

די ערשטע מענטשן, וועלכע האָבן מיר אויסגעשטרעקט אַ האַנט פון הילף און ווידער אופגעוועקט אין מיר דעם כיישעק צו לעבן, געטאָן אַלץ, קעדיי ראַטעווען מײַן קינד ריטע, זײַנען געווען דאָס ליטווישע פּאָרפּאָלק יאַנאַס און סטאַסיע רוזגיס. ווען מע האָט די ווילנער ייִדן געטריבן אין געטאָ, האָט מען מיך מיט מײַן מיידעלע פּאַריאָגט אין דער לוקישקער טפיסע, דערנאָך קיין פּאָנאַר. לויט אַ גליקלעכן צופאַל איז מיר מיט מײַן טאָכטער געלונגען אַנטלויפן פון דאָרטן. נאָר — וווּהין לויפן? קיין אַנדער וועג, אויסער דער געטאָ, איז ניט געווען.

יאַנאַס און סטאַסיע רוזגיס האָבן, מיט דער הילף פון דער פּוילישער דאָקטערשע הראַבאָווצקאַיאַ, אײַנגעאָרדנט מײַן קינד אין אַ שפּיטאָל, שרײַבנדיק אין דער אַנקעטע, אַז ריטע איז פון דער קאַראַימישער נאַציאָנאַליטעט. באַם אַריבערטראָגן דאָס קינד אין שפּיטאָל איז אונדז אויסגעקומען צו קריכן אונטער די רויִנען פון אַ צעבאָמבירט הויז. מיר האָבן אָנגעטראָפן אויף עטלעכע פּוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן אויך אונדז מיטגעהאָלפן.

פון שפּיטאָל האָט מען ריטען געמוזט אײַנגיכן צונעמען, ווײַל מע האָט דאָרט אָנגעשמעקט, אַז זי איז אַ ייִדיש קינד. מיר האָבן זיך אופגערעדט מיט דער רוסישער מישפּאָכע יאַקובאָווסקי, וועלכע איז מאַסקים געווען צו נעמען זי צו זיך.

גראָד צו יענער צײַט האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון געטאָ. אויך דאָס מאָל זײַנען מײַנע רעטער געווען די רוזגיסעס. זיי האָבן אויסגעפונען פאַר מיר אַ באַהעלטעניש — אַ „מאַלינע". דאָס איז זייער אַ קליין שפּײַזאַלקערל, וווּהין דער אַרײַנגאַנג איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ שראַנק. און שטעלט אײַך פאָר מײַן פרייד, ווען איך האָב אין דער זעלבער „מאַלינע" געטראָפן אויך מײַן טעכטערל!

דריטהאַלבן יאָר בין איך מיט ריטען אָפּגעלעגן אין דער „מאַלינע" — בוכשטעבלעך אָפּגעלעגן, קימאַט אָן באַוועגונג. שפּײַז פלעגן אונדז ברענגען די רוזגיסעס. זיי פלעגן מיט גרויסע שוועריקײַטן אײַנקויפן פּראָדוקטן פאַר ספּעקולאַטיווע פּרײַזן אויפן שוואַרצן מאַרק.

ווען די געטאָ איז שוין געווען ליקווידירט, בין איך, ווען מע האָט לויטן אויסזען געקאָנט האַלטן פאַר אַ פּוילישער פרוי, צום ערשטן מאָל אַרויס אין גאַס. נאָך פיל מי האָט זיך מיר אײַנגעגעבן צו קריגן אַרישע דאָקומענטן. יאַנאַסעס אַ פרײַנט פלעגט מיר ברענגען די טעקסטן פון פלוגבלעטלעך פאַר די פּאַרטיזאַנער, און איך פלעג זיי מיט גרויס פרייד איבערשרײַבן אויף דער רוסישער שרײַבמאַשינקע.

איצט וווין איך אין אַמעריקע, אין ניו־יאָרק. מײַן גאַנץ לעבן וועל איך ניט פאַרגעסן אָט די גוטהאַרציקע ליטווישע מישפּאָכע רוזגיס, וועלכע האָט אין די פינצטערע יאָרן פונעם היטלעריזם געראַטעוועט פיל ייִדן.

איך בעט אײַך, געערטער רעדאַקטאָר, אָפּדרוקן מײַן בריוו אין „סאָוועטיש היימלאַנד". זאָלן וויסן וועגן דער מישפּאָכע רוזגיס וויסן צענדליקער טויזנטער לייענער.

ליזע שטשעדראָוויצקאַיאַ־אײַזנבערג
ניו־יאָרק, 1475 וויטע־פּלאַץ, 52. פּשאַ.

כאַשעוועד כאַווער רעדאַקטאָר!

איך באַגריס פון פּוילן האַרצן דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" דערמיט, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אַזאַ וויכטיקן מאַטעריאַל, ווי דאָוויד דיאַמאַנטס אַרטיקל וועגן דעם אָנטייל פון סאָוועטישע ייִדן אין דער פראַנצויזישער רעזיסטאַנס. זייער אינטערעסאַנט איז אויך די צוגאָבלעכע מיטיילונג פון באָריס כײַעס וועגן זײַן שוועסטער ברוזי, וואָס איז פאַר איר אָנטייל אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג באַלוינט געוואָרן דורך דער קאָמאַנדשאַפט פון דער רעזיסטאַנס מיטן פּאַרטיזאַנישן אָרדען „אַ קריגס־קרייץ מיט אַ זילבערנעם שטערן".

איך האַלט פאַר נייטיק צוגעבן דאָ וועגן דעם קאָנאָטאָפּער ייִדן מיכאָעל (מישע) האַפּט, וועלכער איז געווען אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. לויטן אוקאַז פון פּרעזידיום פונעם אויבער־סאָוועט פון פּססר פאַרן 18 נאָיאַבער 1965 איז ער צוזאַמען מיט נאָך פינף סאָוועטישע מענטשן, וועלכע האָבן בײַם דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע געוווינט אין אויסלאַנד און דאָרט געקעמפט קעגן דעם היטלעריסטישן דײַטשלאַנד, באַלוינט געוואָרן מיט דער מעדאַל „פאַר שלאַכט־פאַרדינסטן".

מישע האַפּט איז מײַנער אַ נאָענטער כאַווער. צוזאַמען מיט מיר איז ער געווען אַ פרײַוויליקער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, וואָס האָט אָנטיילגענומען אינעם בירגערקריג אין שפּאַניע. ער איז אַ געבוירענער פון קאָנאָטאָפּ. אין עלטער פון 13 יאָר האָט מען אים אוועקגעפירט קיין פּאַלעסטינע. ווען עס איז אויסגעבראָכן דער בירגערקריג אין שפּאַניע, איז ער גלײַך אוועקגעפאָרן אַהין. נאָכן בירגערקריג איז ער מעגולגל געוואָרן אין פראַנקרײַך, ווו מע האָט אים אינטערנירט און אָפּט אַריבערגעוואָרפן פון איין קאָנצלאַגער אין אַ צווייטן. דעם 2 אַפּרעל 1941 האָבן פראַנצויזישע זשאַנדאַרמען צוגענומען אים פונעם לאַגער „גורס" און אוועקגעשיקט אויפן פראָנט, אין די טיילן פון צוואַנג־אַרבעט. האַפּט איז אַנטלאָפן פון זײַן טייל און איז אַרײַנגעטראָטן אין דער רעזיסטאַנס, ווו ער איז געוואָרן איינער פון די אַקטיווע אָרגאַניזאַטאָרן פון פּאַרטיזאַנישע טיילן און באַזונדערס פיל אופגעטאָן אין פראַט פון ראַטעווען די סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע.

איצט וווינט מישע האפט אין קאָוונע, ווו ער אַרבעט אין א פּוטער־וואַרשטאַט און פילט זיך גליקלעך, וואָס די סאָוועטן־רעגירונג האָט אָפּגעמערקט זײַנע פאַרדינסטן.

א. געלמאַן

נאָוואָמאָסקאָווסק, טולער געגנט.

## טײַערע כאַווײרים פון רעדאַקציע!

איך מיין, עס איז צײַט, אַז מע זאָל אָף די שפּאַלטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" הערן אָפּטער די שטים פונעם לייענער. איך דערמאָן זיך די ווערטער פונעם פּוילישן דראַמאַטורג סטאַניסלאַוו פּשיבישעווסקי: „יעדער באַוווסטזיניקער לייענער איז דער מיטשעפער פון מײַנע ווערק". זייער א ריכטיקער געדאַנק.

איך גיב א קוק אָף מײַן ביכער־שראַנק און זע א לאַנגע ריי בענדער „סאָוועטיש היימלאַנד". אין זיי ליגט א שלאָל פּיליאַריקע מי פון גענײטע וואָרט־מײַסטערס. נאָר איך בין א לייענער, און ווי יעדער לייענער — א ביסל אַן עגאָיסט. מיך אינטערעסירט מער מײַן ציל — זעטיקן מײַן גײַסטיקן אומרו.

צי גיט זיך מיר אײַן, לייענענדיק „סאָוועטיש היימלאַנד", צו זעטיקן אים?

איך וועל אָנהייבן פון דער דיכטונג. פאַראַן לידער מיט א שיינעם ריטם, א שיינער שפּראַך, נאָר זיי שוועבן אין די הימלען און זײַנען אָפּגעריסן פונעם לעבעדיקן לעבן. זיי שפּאַנען, אויב מע מעג זיך אַזוי אויסדריקן, אָף שפּילקע־קנאָפּל. וואָס האָב איך פון אַזא ליד, כאָטש זי איז אָנגעשריבן לויט אַלע פּאָעטישע געזעצן? איך לייען זי מיט האַנאָע, נאָר איך פאַרגעס זי טייקעף. מײַן אומרו זעטיקט זי ניט.

איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז אַזעלכע לידער זײַנען פאַראַן א סאַך אין „סאָוועטיש היימלאַנד". ניין, די מערהײַט לידער, וועלכע איך לייען אין זשורנאַל, גיבן א צופּ באַם האַרצן, זיי באַגײַסטערן און פאַרגעדענקען זיך אָף לאַנג. פון זיי ווער איך, דער לעזער, בעעמעס, ווי פּשיבישעווסקי זאָגט, א מיטשעפער. נאָר עס ווילט זיך, אַז אַלע לידער זאָלן זײַן אַזעלכע.

מײַן באַליבטער זשאַנער איז די פּראָזע. צי באַפרידיקט מיך די פּראָזע פון „סאָוועטיש היימלאַנד"? צי זעטיקט זי מײַן אומרו? יאָ, נאַטירלעך, נאָר איר כיסאָרן איז דאָס, וואָס זי איז אָפּט צופיל געווענדט אינעם אָוואַר.

מע שרײַבט א סאַך וועגן דעם שווידער פון מילכאָמע־צײַט — דאָס איז גוט. מע וויל באַקאַנען די לייענער מיטן אַנטיפאַשיסטישן קאַמף אין יענע יאָרן — ווער קאָן קעגן דעם דערווידערן? דעם אויבנאָן דאַרף אָבער פאַרנעמען דאָס הײַנטיקע לעבן — זײַן פרייד און אומרו, זײַנע זוניקע און שאָטנדיקע זײַטן. זאָל דער ידישער שרײַבער ווערן אַן אָפּטער גאַסט אין זאַוואָד, אין דער פאַבריק — ער וועט דאָרט געוויס טרעפן ידישע אַרבעטער, וועלכע גאָרן צו זען אים, שמועסן מיט אים, ווערן, ווי געזאָגט, „זײַנע מיטשעפער". זאָל ער קומען אין קאָלווירט, אין סאָווירט — ער וועט אויך דאָרט טרעפן ניט ווייניק ידישע האָרעפּאַשניקעס.

מיר האָבן אין א ריי נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד" זיך באַקאַנט מיט דעם שרײַבערס לאַבאָראַטאָריע. ס'איז צײַט, אַז דער שרײַבער זאָל זיך באַקאַנען מיט דעם לייענערס „לאַבאָראַטאָריע". ער וועט דאָרט טרעפן א ברויזיקע וועלט, א פולע מיט שטורעם און אומרו.

מוישע אַראָנפעלד

ווילנע, נאַצינינקר־גאַס, 13, דירע 3.

## טײַערער „סאָוועטיש היימלאַנד"!

אין מינסק לעבט אַן אַלטער פאָלקס־לערער מוישע גאַליק, וואָס איז סאָף דעקאַבער 1965 אַלט געוואָרן 90 יאָר.

מוישע גאַליק איז א געבוירענער פון איהומען (הײַנט טשערווען). זײַן פאָטער איז געווען א בלעכער. אַלס לערער האָט דער יוביליאַר געאַרבעט 60 יאָר. ער איז באַלוינט מיט צוויי לענין־אָרדענס, מיט די טיטלען „פאָלקס־לערער פון דער ווײַסרוסישער ססר" און „אויסגעצייכנטער לערער פון דער רעפּובליק".

אין עלטער פון 77 יאָר איז מוישע גאַליק געוואָרן א פּערסאָנעלער פּענסיאָנער. נאָר אויך ביז איצט איז ער אַן אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער.

איך דערצייל דאָס אַלץ, קעדיי מוישע גאַליקס נאָמען זאָל א קלונג טאָן אין דער וועלט.

מאָרדכע ליפשיץ

מינסק.

## טײַערע רעדאַקציע!

דערלויבט מיר אָפּמערקן אָף די זײַטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" די זייער פּרוכטבאַרע געזעלשאַפטלעכע טעטיקײַט פון איינעם פון די עלטסטע אַרבקאָרן מוישע גענצלער. אָט דעם שוין גאָר ניט יונגן מענטשן, נאָר זייער ענערגישן, פול מיט יוגנטלעכן ברויז, קען מען זייער גוט אין אָדעס. באַזונדערס איז ער פּאָפּולער צווישן די אײַנוווינער פונעם אָדעסער אַרבעטער־ראַיאָן פּערעסיפּ (ווו מוישע גענצלער וווינט). אין יעדער צײַט פון יאָר — סײַ פרילינג, סײַ זומער, סײַ האַרבסט און ווינטער — קאָן מען אים טרעפן אין גאַס מיט א בינטל צײַטונגען אונטערן אָרעם — שטענדיק אין א גוטער שטימונג, גרייט אויפמערקזאַם אויסצוהערן אײַך. דאָס וויכטיקסטע, וואָס ער כאַפּט אויף מיט זײַן גענויטן אויג, באַשרײַבט ער גלײַך. מיר לייענען אָפּט מיט אינטערעס זײַנע קורצע, לאַקאָנישע און אינהאַלטסרײַכע נאָטיצן אין פאַרשיידענע צײַטונגען.

אין מוישע גענצלערס פּערזענלעכן אַרכיוו איז פאַראַן א סאַך בריוו פון אָנגעזעענסטע שרײַבער, קינסטלער, אַרטיסטן, געלערנטע און געזעלשאַפטלעכע טוער. צווישן זיי — פון מ. גאָרקי, וו. מאַיאַקאָווסקי, אי. ערענבורג, מ. רילסקי, פונעם אַקאַדעמיקער באַקשייעוו, פּראָפעסאָר לעפּעשינסקאַיאַ, פאָלקס־אַרטיסטן פון ססר יאַבלאָטשקינאַ און קאָזלאָווסקי. פאַראַן אין דעם אַרכיוו אויך אַן אוניקאַלער פּאָרטרעט פון וו. אי. לענין, געצייכנט דורכן פאָלקס־קינסטלער פון ססר פּ. וואַסיליעוו. דער קינסטלער האָט דעם פּאָרטרעט געשענקט דעם כ' גענצלער מיט אַזא אויפשריפט: „דעם כאַשעוון אַלטן אָדעסער אַרבקאָר — דעם כאַווער גענצלער. פּ. וואַסיליעוו. אָדעס, 21 נאָיאַבער 1946".

מוישע גענצלער איז ניט לאַנג צוריק אַלט געוואָרן 75 יאָר. פון זיי האָט ער 47 יאָר געשענקט זײַן באַליבטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקײַט אַלס אַרבקאָר.

פון טיפן האַרצן ווינטשן מיר דעם כאַווער מוישע גענצלער נאָך פיל־פיל יאָרן געזונט און פּרוכטבאַרע געזעלשאַפטלעכע טעטיקײַט.

כאַים־זאַלמען גאַרמיזע

אָדעס

# דעם זיידן מענדעלעס א „קאָרעווי״

מיטן אומדערמידלעכן פאַרשפּרייטער פון דעם ייִדישן בוך ייִצכאָק קיל האָב איך זיך באַקענט מיט א יאָר דרײַסיק צוריק גאַנץ צופעליק. איך האָב דעמלט געוווינט און געאַרבעט אין באַלטע (אָדעסער געגנט). אין איינעם א פרימאָרגן האָב איך זיך באַגעגנט מיט קילן אין דער פּאָטשט, וווהין כ׳בין אַרײַנגעקומען צוליב עפּעס אן איניען.

— איך בין ייִצכאָק קיל, א מויכער־ספאָרימניק, — האָט ער געזאָגט מיט א גוטמוטיקן שמייכל, — דעם זיידן מענדעלעס א „קאָרעווי״. איך פאָר אַרום מעיִר לאָיִר אומיקפּאַר ליקפּאָר[1] און פאַרשפּרייט דאָס ייִדישע וואָרט. און באַלטע, איז, באָרעך־האַשעם, א שטאָט מיט ייִדן, ניט צו פאַרזינדיקן, אַרומגערינגלט מיט ייִדישע שטעטלעך, ווי א קוואָקע מיט הינדעלעך. איז וויִאַזוי זשע כאַפּט מען זיך ניט אַראָפּ אין אזא מאָקעם? נאָרוואָס האָב איך אַוועקגעשיקט קיין מאָסקווע באַשטעלונגען אף עטלעכע הונדערט רובל...

מענדעלעס „קאָרעווי״ האָט מיך אָנגענומען פאַר א האַנט:

— איך דערקען אין אײַך, יונגערמאַן, אז איר האָט ליב צו לייענען...

— פונוואַנען ווייסט איר?

— דאָס איז מײַנער א סאָד. יעדער פאַכמאַן האָט זיך זײַן סאָד, — האָט ער פריילעך א זאָג געטאָן און בייסמײַסע אַרויסגעשלעפּט פון בוזעם־קעשענע א צעטל פון ייִדישע אויסגאַבעס.

איך געדענק, אז איך האָב דעמלט טאַקע געמאַכט א פאַרגלײַך צווישן אָט דעם „קאָרעווי״ מענדעלעס מיט די אַמאָליקע „קרויווים״ זײַנע — פאַקנטרעגער, וועלכע פלעגן זיך אַרומשלעפּן איבער דער וועלט מיט גאַנצענע פּעק טאַלייסים, ציצעס, לוכעס (אין א זײַט איז ווי א יאָסעם געלעגן א גראָשנדיק ביכעלע). פאַר מיר איז איצט געשטאַנען א פאַרשפּרייטער פון קינסטלערישער ליטעראַטור, מיט וועלכן מיר האָבן זיך גאַנץ געניי דורכגעשמועסט וועגן דיכטונג, פּראָזע און ליטעראַרישע איניאָנים.

...יאָרן זײַנען געלאָפן. פון מאָל צו מאָל פלעגט מיר דער כ׳ קיל מיט א קאַרטל לאָזן וויסן, וואָס פאַרא נײַע ביכער עס זײַנען דערשינען. איך פלעג אים ענטפערן. און אזוי זײַנען מיר צוביסלעך דורך די דאָזיקע בריוולעך באַפרײַנדעט געוואָרן.

זומער 1945, ווען כ׳האָב זיך אומגעקערט פונעם פראָנט, האָב איך זיך באַזעצט אין ווינניצע.

עפּעס איין מאָל, שפּאַצירנדיק איבער דער לענין־גאַס, נאָך אין די מיליטערישע קליידער, האָב איך באַמערקט, ווי אַרום מיר דרייט זיך אַרום איינער א מענטש מיט א קאַפּעליוש אפן גראָוון קאָפּ. אָט איז ער אַוועק אף עטלעכע שפּאַן פאָרויס, אָט האָט ער זיך אומגעקערט און זיך ווידער גענומען דרייען אַרום מיר.

— וואָס איז דאָס פאַר אן אָנשיקעניש? — האָב איך זיך א טראַכט געטאָן און פאַרקערעוועט אין א זײַטיקער גאַס. נאָר ער האָט מיך אָנגעיאָגט.

— אויב איר זײַט פאַרן קריג געווען אין באַלטע, בין איך ייִצכאָק קיל, מענדעלעס „קאָרעווי״...

מיר זײַנען אַוועק אין א סעדל. וועגן וואָס צו ריידן איז געווען. אף מײַן פראַגע, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך, האָט קיל געענטפערט:

— מיט וואָס זאָל איך זיך פאַרנעמען? אויך איצט פאַרשפּרייט איך דעם ייִדישן בוך. אפילע אין עוואַקואַציע, ווי נאָר איך האָב געקאָנט, האָב איך דאָס געטאָן, — בייסמײַסע נעמט ער אַרויס פון בוזעם־קעשענע א צעטל פון ייִדישע אויסגאַבעס און לייגט מיר פאָר עפּעס אויסקלײַבן.

ווען עס האָט אָנגעהויבן דערשײַנען „סאָוועטיש היימלאַנד״, איז ייִצכאָק קיל שוין אַלט געווען 75 יאָר. ער איז שוין לאַנג געווען אף פּענסיע, נאָר ווי א יונגערמאַן האָט ער מיט לײַב־און־לעבן זיך א נעם געטאָן פאַר דער אַרבעט. גאַנצע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען מיט א קוויטאַנציע־ביכל איבער די אַנשטאַלטן און אונטערנעמונגען פון ווינניצע און פאַרשפּרייט דעם זשורנאַל.



עטלעכע מאָל איז ער אַרויסגעפאָרן אין די שטעטלעך פון ווינניצער געגנט. אפילע קומענדיק פון אן אָפּרו־הויז, ברענגט ער אויך פון דאָרט ניט זעלטן א פּאָר צענדליק אַבאָנענטן. ווי נאָר „סאָוועטיש היימלאַנד״ האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן ייִדישע ביכער, איז שוין קיל געווען אף דער וואַך, געקלאַפּט דעפּעשן קיין מאָסקווע, מע זאָל כאָלילע ניט פאַרטיילן ווינניצע און אָפּליפערן וואָס מער ביכער, מאַכמעס ער האָט א סאַך באַשטעלונגען.

דעם 1 מײַ איז ייִצכאָק קיל אַלט געוואָרן 80 יאָר. ער איז ניט קיין שרײַבער, ניט קיין קינסטלער, ער איז באַוווּסט ווי א פאַרשפּרייטער פונעם ייִדישן וואָרט, א באַשיידענער און אומדערמידלעכער. איז לאָמיר אים ווינטשן אַריכאָס־יאָמים, ער זאָל האָבן א ליכטיקע עלטער און קאָנען פאָרזעצן זײַן בעקאָוועדיקע און נוצלעכע אַרבעט.

געדאַליע קאַסאַי.

[1] מעיר לעיר ומכפר לכפר — פון שטאָט צו שטאָט און דאָרף צו דאָרף.

# בלעטערנדיק זשורנאלן און צײַטונגען

## דרײַ גרונטאָווגע קאשעס ארום א  וויכטיקן איניען[1]

ווען דער בארימטער העברעיִש־יִידישער שרײַבער י.־ד. בערקאָוויטש איז מיט עטלעכע וואָכן צוריק אלט געוואָרן אכציק יאָר, ביז הונדערט און צוואנציק, זײַנען אין מייסטע העברעיִשע צײַטונגען אין מעדינאַס־ייִסראָעל דערשינען א סאך לויב־ און אָפּשאַץ־ארטיקלען, קורצע און לענגערע, לעקאָווּעד דעם בארימטן נאָוועליסט, דראמאטורג און שאָלעם־אלייכעם־איבערזעצער, וואָס וווינט שוין אין ייִדישן לאנד באלד פערציק יאָר. א גרופּע העברעיִשע סאָפרים זײַנען געקומען צו אים אהיים און אים פערזענלעך באַגריסט און געהאלטן קורצע רעדעס. אן אינטערעסאנטע רעדע בא דער ווארעמער מעסיבע האָט געהאלטן באָרעך קרוא. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אף דעם גרויסן פארדינסט פון בערקאָוויטשן, ווי דער איבערזעצער פון שאָלעם־אלייכעמען, און אָנגעוויזן, אז ער האָט געראטעוועט דעם דאָר פון ניט־קענען העם ייִדישן אָווער. „דורך זײַנע איבערזעצונגען פון שאָלעם־אלייכעמס ווערק אף איווריט, — האָט באָרוך קרוא געזאָגט, — איז איבערגעגעבן געוואָרן א וואָרצלדיקע קולטור, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין איווריט. א גאנצע קולטור פון מיזרעך־אייראָפּע איז אדאנק די דאָזיקע העברעיִשע שאָלעם־אליי־כעם־איבערזעצונגען פארייביקט געוואָרן".

מייסטע כאווירים, העברעיִשע סאָפרים, כאווירים פון דער צענטראלער פארוואלטונג פון דעם העברעיִשן קינסט־לערישן שרײַבער־פאריין, האָבן גערעדט אין דעם זין. יוּיכענען טווערסקי, לעמאָשל, האָט אויך אָנגעוויזן, אז י.־ד. בערקאָוויטשעס שאפונגען זײַנען „געוואָרן א בריק צווישן די דוירעס. ער האָט אופגעפּראלט א פענצטער צו הער פארגאנגענהײַט און דערנעענטערט די ביידע שפּראכן, ייִדיש און העברעיִש, איינע צו דער אנדערער".

פארשטייט זיך, אז אף אזעלכע ווארעמע רייד האָט י.־ד. בערקאָוויטש, דער בען שמוינים ליגווּרויס, געענטפערט און גערעדט וועגן זײַן ראָליע ווי דער איבערזעצער פון זײַן שווערס ווערק. אין דעם דאָזיקן ענטפער אף די באגריסונגען האָט בערקאָוויטש געמאכט דרײַ שארפע באמערקונגען, וואָס רופן ארויס דרײַ באזונדערע קאשעס, ווײַל די באמערקונגען פון דעם באַל־האיויוול זײַנען געווען איבעראשנדיקע און ס'איז קעדײַ זיי צו פארצייכענען, צו־זאמען מיט די קאשעס, וואָס בעטן זיך געפרעגט צו ווערן.

מיט איין באמערקונג האָט י.־ד. בערקאָוויטש אָפּגעטיילט שאָלעם־אלייכעמען פון דעם זיידן מענדעלעס באציִונג צו אונדזערע ביידע לעשוינעס. ס'איז גוט באוווסט און ס'איז שוין געוואָרן א טייל פון אונדזער מעסוירע, אז מענדעלע האָט וועגן אונדזערע ביידע לעשוינעס, העברעיִש און ייִדיש, זיך אויסגעדריקט, אז ער האָט זיי ביידן גלײַך ליב, ער אָטעמט גלײַך מיט ב י י ד ע נאָזלעכער און ביידע זײַנען זײַן לעבעדיקע לופט.

איז געקומען בערקאָוויטש און דערקלערט, אז שאָלעם־אלייכעם האָט ליבער געהאט העברעיִש פון ייִדיש. שאָ־לעם־אלייכעם האָט אמאָל אויסגעטײַטשט דעם פּאָסעק פון יויסעף הּאצאדיקס צוואָע „והעליתם את עצמותי מזה"[1], איר זאָלט אופבערענגען מײַנע ביינער פונדאנען (פון מיצ־ראיִם), אז ער וויל, מע זאָל אים איבערזעצן אף הע־ברעיִש, האָט דערציילט שאָלעם־אלייכעמס בארימטער איידעם.

י.־ד. בערקאָוויטשעס רייד וועגן שאָלעם־אלייכעמען האָבן, מוז מען צוגעבן, גרויס וואָג, אָבער די קאשע, וואָס בעט זיך נאָך י.־ד. בערקאָוויטשעס איידעס־זאָגן אף שאָ־לעם־אלייכעמס צוויי באזונדערע אָריִענטירטע נאָזלעכער, איז אזא שטארקע, אז מע מעג זי לעכאָל־האָפּאָכעס שטעלן. ס'איז אוודע קלאָר, אז א ייִדישער שרײַבער האָט א רעכט מער ליב צו האָבן העברעיִש, ווי זײַן אייגן שאפונג־לאָשן. ביפראט שאָלעם־אלייכעם, וואָס האָט אזויפיל ארײַנגע־טראָגן אין אויצער פון ייִדיש, האָט אוודע א רעכט צו זאָגן, אז ליבער האָט ער גאָר געהאט העברעיִש. אָבער א נײַס איז עס און מעשונעדיק קלינגט עס, אז מענדעלע, וואָס האָט געשריבן און איז פונקט אזא מײַסטער אין העברעיִש ווי ייִדיש, האָט געאָטעמט מיט ביידע לעשוינעס און שאָלעם־אלייכעם, וואָס האָט גאָר־גאָר קנאַפּ געשריבן העברעיִש און איז געווען ארײַנגעטאָן מיט ביידע אויערן, מיטן גאנצן הארץ און מיטן קלוגן מויעך אין ייִדישן לאָשן, זאָל אינמיטן זײַן גאנצער שאפונג־פרייד, מיט דער טײַערער שעפע זײַנער, גאָר דערקלערן, אז ער האָט ליבער העברעיִש און ער זאָל זײַן באזאָרגט וועגן דער אייביקײַט, ווען ער אליין האָט קעסיידער געייביקט דעם איבערגע־פורעמטן, מוזיקאלישן ייִדישן שמועס.

מע קאָן גאנץ גוט פארשטיין, אז שאָלעם־אלייכעם האָט שטארק געוואָלט, אז זײַן גלענצנדיקער איידעם זאָל אים איבערזעצן אף העברעיִש און ער האָט עס אפילע באַ־קרעפטיקט מיט א פּאָסעק (ס'וואָלט אוודע אינטערעסאנט געווען, ווען בערקאָוויטש וואָלט אונדז געגעבן טעוויע דעם מילכיקנס אויסטײַטש פון דעם פּאָסעק). אָבער איידער מיר פארשרײַבן אף שאָלעם־אלייכעמס נאָמען, אז ער האָט

---

[1] פ ו ן  ד ע ר  ר ע ד א ק צ י ע. איבערדרוקנדיק פונעם ניו־יאָרקער „ייִדישן קעמפער" דאָס דאָזיקע ארטיקל, דארפן מיר באמערקן, אז יאנקעוו גלאטשטיינס פובלי־ציסטישע ארויסטרעטונגען רופן אָפט ארויס ערנסטע דערווידערונגען. וואָס איז שײַעך דעם געגעבענעם ארטיקל, האלטן מיר, אז עס שטעלט פאָר אן אינטערעס פאר אונד־זער לייענער אין צוזאמענהאנג מיט שאָלעם־אלייכעמס פופציקסטן יאָרצײַט.

[1] ווּעהאליסעם עס אצמויסיי מיזע.

קלאָר געזאָגט, אַז ער האָט ליבער העברעיִש פון ייִדיש, דאַרף מען עס נאָך גוט — ווי וואָלט איך געזאָגט — אַרומרעדן, ווײַל דאָס מעג זיך זײַן עמעס, אָבער ס׳לייגט זיך פאָרט נישט אַפן סייכל, אַז מענדעלע זאָל אָטעמען מיט און אַף אונדזערע ביידע לעשוינעס און גראָד שאָלעם־אַליכעם זאָל שיקלען אַף אונדזערע ביידע לעשוינעס און איין אויג זײַנס זאָל קעסיידער אַוועקשיקלען צו — איוורית. י.־ד. בערקאָוויטש האָט אויסגעצייכנט איבערגעזעצט שאָלעם־אַליכעמען, אָבער די פראַגע איז, צי האָט ער אים ריכטיק איבערגעגעבן, אָדער איבערגעבנדיק, וואָס שאָלעם־אַליכעם האָט אים געזאָגט, צי האָט ער נישט צוגעגעבן אַן אייגן פליטערל, אַ נופך משלוי. היוצא לנו מדברינו[2] — י.־ד. בערקאָוויטש איז שטאַרק באַגלייבט, אָבער אַ קאַשע בלײַבט און זי ווערט מיט פאַרוווּנדערונג אַוועקגעשטעלט.

קומען מיר צו אַ צווייטער באַמערקונג, וואָס רופט אַרויס אַ צווייטע קאַשע און עפּשער גאָר אַ גאַנצע ריי קאַשעס, וואָס האָבן שוין צו טאָן מיט דער לאַבאָראַטאָריע פון קינסטלערישער איבערזעצונג. מע וואָלט עס באַדאַרפט באַהאַנדלען באַאַריכעס, אָבער זאָל עס דערווײַל פאַרצייכנט ווערן, ווידעראַמאָל מיט פאַרוווּנדערונג און אַ בתמיה[3].

י.־ד. בערקאָוויטש האָט, אַפּאַנעם, נישט שטאַרק האַנאָע געהאַט, וואָס מע האָט אים צוגעטיילט אַזויפיל לויבגעזאַנגען פאַר זײַנע איבערזעצונגען פון שאָלעם־אַליכעמען. ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ פאַרקלענערונג פון זײַן דאָליע, אַז ער האָט „בלויז“ געשאַפן אַ בריק צווישן ביידע לעשוינעס — ייִדיש און העברעיִש. ער האָט זיך אַ ביסל געבייזערט אַף די פאַרזאַמלטע, וואָס קיין איינער פון זיי האָט נישט פאַרגליכן שאָלעם־אַליכעמס ווערק אין אָריגינאַל מיט זײַנע איבערזעצונגען, „דעם מאָקער מיט דעם טאַרגום“.

און בערקאָוויטש האָט אויסגערופן: „איך האָב נישט איבערגעזעצט שאָלעם־אַליכעמען. איך האָב ג ע ש ר י ב ן שאָלעם־אַליכעמען. איך ד ע ר צ י י ל שאָלעם־אַליכעמען“. וואָלט זײַן באַמערקונג געבליבן בא דעם, וואָלט אויך געווען אַ שטיקל פראַגע, צי איז דאָס טאַקע דער אויפגאַב פון אַן איבערזעצער, און אויב דער איבערזעצער שרײַבט אַפסניי דעם אָריגינאַל אָדער שרײַבט אים איבער, צי מיינט עס באַהאַנדלען יוישערדיק דעם אָריגינאַל און צי טוט מען דערמיט דעם מעכאַבער אַ טויווע? ווען י.־ד. בערקאָוויטש, וואָס האָט „געשריבן“ שאָלעם־אַליכעמען“. גיט אויך גלײַך צו, אַז ער האָט שאָלעם־אַליכעמען „דערציילט“, פאַרקלענערט ער זײַן בײַטראָג אַף מער ווי גוטע פופציק פּראָצענט — פון שרײַבן שאָלעם־אַליכעמען ביז דערציילן אים איז אַ גרויסער אַרונטערפאַל. אין איין אָטעם צו שרײַבן שאָלעם־אַליכעמען און אים דערציילן מיינט פלוצעם גאָר שטאַרק אַראָפּלאָזן פון אייגענער כשיוועס.

אָדער עפּשער האָט בערקאָוויטש געמיינט, אַז ער האָט איבערגעשאַפן שאָלעם־אַליכעמען? קומען מיר צו דעם אַנדערן טייל פון זײַן באַמערקונג און זײַן פאַריבל, וואָס מע האָט אים בלויז געלויבט ווי אַן איבערזעצער און אַ בריקן־לייגער צווישן אונדזערע ביידע שפּראַכן ייִדיש און העברעיִש.

„פאַר מיר, — האָט בערקאָוויטש געזאָגט, — איז שאָלעם־אַליכעם בלויז געווען מאַטעריאַל. שאָלעם־אַליכעם האָט צוזאַמענגעפלאָכטן גרייטע גלײַכווערטלעך, וואָס זײַנען דורכגעלופטערט געוואָרן אין פאָלק. איך האָב געמוזט שאַפן נײַע ווערטלעך, וואָס זאָלן זײַן צוגעפּאַסט צו דער האַנדלונג. דאָ און דאָרט האָב איך געפילט, אַז מע דאַרף עפּעס אַוועקנעמען אָדער צוגעבן“.

ווידער דאַרף מען דאָ מאַכן אַן אָפּשטעל און אָפּכאַפּן דעם אָטעם. ס׳וואָלט זיך טאַקע געלוינט אַרײַנצוקוקן אין בערקאָוויטשעס איבערזעצונגען און זיי פאַרגלײַכן מיטן אָריגינאַל. אָבער אַפילע נישט פאַרגלײַכנדיק דעם מאָקער מיט דעם טאַרגום, מוז מען גלײַך פרעגן, צי אַזוי מעג מען באַהאַנדלען אַזאַ קוויעך ווי שאָלעם־אַליכעם, אים באַטראַכטן בלויז פאַר — מאַטעריאַל, מעקן, שטרײַכן און צוגעבן, אים אַפסניי שרײַבן, איבערדערציילן, באַלעבאַטעווען מיט דעם מאַטעריאַל, וואָס איז, אייגנטלעך, בלויז געווען „אַ צוזאַמענפלעכט פון גרייטע ווערטלעך“ — און שאַפן נײַע אָריגינעלע פּאַסיקע ווערטלעך?

קלאָרער מיינט י.־ד. בערקאָוויטשעס אויפקלערונג, אַז שאָלעם־אַליכעמען איז אָנגעקומען גרינג, ער איז געווען אַ נעמער פון גרייטן, בייס י.־ד. בערקאָוויטש איז געווען אַ קינסטלערישער און אָריגינעלער געבער און שעפער. לויט אָט דעם ברייטן שטעל קומט שוין באַלד אויס, אַז שאָלעם־אַליכעם איז געווען אַן איבערזעצער און זײַן איידעם איז געווען דער אָריגינעלער שאַפער פון רויען שאָלעם־אַליכעם־מאַטעריאַל.

י.־ד. בערקאָוויטש גיט נאָך צו, אַז שאָלעם־אַליכעם אַליין האָט אים געגעבן פולע דערלויבעניש און געזאָגט, אַז בערקאָוויטש מעג טאָן וואָס אים געפעלט און ער האָט פאַרזיכערט, אַז ווען ער, שאָלעם־אַליכעם, וואָלט געשריבן איוורית, וואָלט ער אויך אַזוי געהאַנדלט: ער וואָלט, הייסט עס, געמעקט, געקלעקט, איבערגעשאַפן און זיך געלאָזט וווּלגיין מיט יענעמס מאָקער. איז טאַקע שאָלעם־אַליכעם געווען אַזוי לאַהוט, מע זאָל אים איבערזעצן, אַז ער האָט פּאַשעט מאַפקיר געווען זײַן „מאַטעריאַל“ און געזאָגט צו בערקאָוויטשן: אָט דאָ האָסטו דעם רוישטאָף, לאָז זיך וווּלגיין און — שאַף?

די דריטע קאַשע האָט שוין צו טאָן מיקויעך כאַווערישע באַציִונגען צווישן סאָפרים אין ייִסראָעל. ווען י.־ד. בערקאָוויטש האָט געדאַנקט פאַר די באַגריסונגען, פאַר דעם קאָוועד און פאַר דעם באַזוך פון די געהויבענע העברעיִשע שרײַבער, האָט ער געלאָזט פאַלן אַ באַמערקונג, אַז ער האָט שוין נישט געזען קיין שרײַבער בא זיך אין שטוב — צוואַנציק יאָר. ער האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז געווען איינזאַם. „ווען ס׳רעגט מיך עפּעס אויף, רעד איך מיט זיך אַליין!“

ווי קומט עס, וואָס העברעיִשע שרײַבער האָבן צוואַנציק יאָר נישט באַזוכט אַזאַ פאַרדינסטפולן קאָלעגע און אים געלאָזט זיך אויפרעגן אין איינזאַמקײַט? ס׳איז דאָך טרויעריק אַ טראַכט צו טאָן, אַז י.־ד. בערקאָוויטש איז געזעסן בא זיך אין שטוב און קיין איין כאַווער־שרײַבער האָט נישט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ כאָטש צו זאָגן — שאָלעם! וועמעס שולד איז עס געווען, וואָס י.־ד. בערקאָוויטש איז אַזוי פאַרײַנזאַמט געוואָרן, אַז ער איז געווען געצוווּנגען זיך אויפצורעגן און זיך צו קאַעסן מאָנאָלאָגיש, און ער האָט באַדאַרפט וואַרטן גאַנצע צוואַנציק יאָר, ביז כאַווײרים זײַנען אים געקומען באַגריסן צו זײַנע יאָרן ליגוווּרויס און אים געגעבן אַ געלעגנהײַט זיך אַראָפּצורעדן פון האַרצן און צו קריגן אויערן פון כאַווײרים־שרײַבער און נישט נאָר די אייגענע ווענט, אין איינזאַמקײַט?

יאַנקעוו גלאַטשטיין

---

[1] אַ נ ו י פ ע ך  מ י ש ע ל ו י — געמיינט: אַ צוגאָב פון זיך; [2] ה א י ו י צ ע  ל אָ נ ו  מ י ד וואָ ר יי נ ו — וואָס דרינגט פון אונדזערע רייד; [3] ב י ט מ י ִ אָ — מיט פאַרוווּנדערונג, שטוינונג.

# פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע

יעכיעל שרייבמאַן

## לויטערע, דורכזיכטיקע טראָפּנס

שעפּערישע לאַ־באָ־ראַ־טאָ־ריע! עפּעס, דאַכט זיך, צו א הויך וואָרט. עפּעס שמעקט עס, דאַכט זיך, א ביסעלע מיט מעליצע, ניין? אייגנטלעך, ניט דאָס וואָרט איז שולדיק אין מעליצע. שולדיק איז דאָס אָרט, וווּ דאָס וואָרט ווערט אַרייַנגעשטעלט.

לאָמיר זשע דאָס וואָרט „לאַבאָראַטאָריע" א שטעל טאָן אף זייַן אָרט: ניט בליצן דערבייַ סטאַם אין דער וועלט אַרייַן מיט מאַכשאָוועס וועגן דאָזיקן שווערן איניען, וואָס הייסט ליטעראַטור — נאָר פּאָשעט א רעד טאָן, ווי אַזוי איך זיץ און האָרעווע באַם שרייַבטישל מייַנעם; א רעד טאָן, וויִאַזוי איך מעסט און וועג די שורע, לאַבאָראַטאָריש, אף קליינע, פּיצינקע שעלכלעך; קלויצע זי אין גלעזערנע פּראָבירקעס און טו זי א נעם קעגן דער שייַן, פּרווו דעם טאַם אירן קוים־קוים אף די ליפּן, פּייַל מיט א קליין קייַ־לעכדיק פּייַלכל, טאָק, דרעלעווע, גיב א טריף אפן וואָרט, ווי א גאָלדשמיד, א טראָפּן שיידוואַסער, טו אָן אפן אויג דאָס שפּאַקטיוול און קוק זיך איין: הייבט דער טראָפּן אָן זידן, ווערט פאַרגרינט — איז דאָס פּראָסטער מעש, בלעך, טויג עס צו אַלדי רוכעס פאַרן קויש; בלייַבט דער טראָפּן שטיין ניט פאַרענדערט, לויטער, דורכזיכטיק, שטייט און ציטערט אונטער, ווי א טרער, ווי טוי, — איז דאָס ריין גאָלד, מוּווכער מין האַ־מוּווכער. קום, געקליבן וואָרט, קום אין דער שורע אַרייַן! שנירלט אייַך, שורעס, ביסלעכווייַז אויס איינע אונטער דער אַנדערער! און אָט אַזוי־אָ, גאָר־גאָר פּאַוואָליע, טראָפּן נאָך טראָפּן, ווערט א בלעטל פּראָזע.

צווישן דיכטונג און שיינשרייַבערייַ ליגט א שמאָלע טרוקענע גרענעץ. קאָנסט גרינג פאַרבלאָנדזען און זי איבערשפּאַנען. אָט ביסטו דאָ און אָט ביסטו דאָרט. ביסט אין דער קאָמיש־טראַגישער לאַגע פון טשאַפּלינס מענטשל, וועמען א וועכטער אף א פערד פירט א געפאַנגענעם לענ־גויס א גרענעץ צווישן צוויי לענדער. דאָס מענטשל פּלאָנ־טערט אָן אויסגעמאַרכעוועטער מיט די פיס, שפּאַנט זיג־זאַגיש אַהין און אַהער. אָט איז ער פון יענער זייַט גרענעץ, אָט איז ער פון דער זייַט גרענעץ. פון דער זייַט איז ער פרייַ, דער וועכטער האָט אף אים קיין שליטע ניט. פון יענער זייַט איז ער ווידער אונטער דער ביקס, ווידער א געפאַנגענער. דעם עמעסן קינסטלערס זעקסטער כוש איז טאָמיד אף דער וואַך, פאַרהאַלט קעסיידער דעם קינסטלער אין לאַנד פון דיכטונג, לאָזט אים ניט פּלאָנטען מיט די פיס, פאַרבלאָנדזען, אַריבערשפּאַנען אין לאַנד פון געפאַנגענער שיינשרייַבערייַ.

אָבער אַזוי־אָ גרינג קומט ער דיר אָן, דער דאָזיקער זעקסטער כוש?

עס באַפאַלן דיך פון אַלע זייַטן פאַלשע שיינקייַטן, אָפּגעגילדעטקייַטן, „שורעס — גאַזלאָנים". וואָלטן זיי כאָטש א געשריי געטאָן: „הענט אין דער הייך!" עס זאָל דיר זייַן קלאָר, וועמען דו האָסט פאַר זיך. קומען זיי אָבער צו דיר, לאַשטשענדיק זיך, גלעטנדיק דיך, בלייַ־שטשענדיק מיט „זון־שטראַלן", מיט „גאָלדיקע ביימער־קרוינען", נעמען דיך שיין אַרום, טוליען זיך צו דיר, פאַר־נאַרן דיך. טרייַבסט זיי פון זיך, און זיי זייַנען באַלד ווידער דאָ צוריק. ראַנגלסט זיך. איי, ראַנגלסטו זיך! ווייסט דען עמעצער, מיט וויפל שווייסן דו ביסט זיי גוויוער? פילט דען עמעצער דערנאָך, צי דו האָסט ביכלאַל עפּעס גוויוער געווען? „א שמאָל פּאַסיקל זון, שמאָל ווי א נאָגל, האָט זיך פאַמעלעך אַרויסגערוקט אף אַן עק הימל און אָנגע־הויבן שיקן אירע שטראַלן־פעדעם אף די דעכער, אף די ביימער־שפּיצן, אף די ווענט פון די הייַזער, אף דער אָפּגעקילטער ערד..." מעקסט מיט קאַס אויס די דאָזיקע שיינשרייַבערייַ און ווייסט ניט: עפּשער ביסטו גאָר דער גאַזלען, דער גאַזלען אף זיך אַליין, ווען אפן אָרט פון די דאָזיקע שיינע, בילדערישע רייד שטעלסטו פּאָשעט אַוועק אפן פּאַפּיר: „ס'איז טאָג געוואָרן".

נאָר די זאַך איז גאָר ניט אַזוי פּאָשעט. ווי קאָן גוטע פּראָזע גיין אָן בילדערישקייַט, אָן פּלאַסטישקייַט? דאָס איז דאָך דער אַלעפבייס. נאָך באַם סאַמע אָנהייב, געדענק איך, האָב איך אין זינען געהאַט, אַז דאָס, וואָס איך דער־צייל, זאָל מען ניט נאָר קאָנען לייענען, נאָר אויך קאָנען הערן. און ניט נאָר הערן, נאָר אויך — זען, מאַמעש אפילע אָנטאַפּן. די זעונגען, די האַלוצינאַציעס, וואָס קו־מען צו דיר און פּייַניקן דיך באַם שרייַבטיש, דאַרפסטו קאָנען אַזוי פּלאַסטיש אַרויסברענגען אפן פּאַפּיר, אַז זיי זאָלן אין דער זעלבער שטאַרקער מאָס באַווייַזן זיך צו דעם, וואָס וועט דיך לייענען אָדער וועט דיך הערן לייע־נען. ס'איז אַזוי, און ס'איז אָבער ניט אַלצדינג אַזוי. עס זייַנען פאַראַן סיטואַציעס, ווען, קעדיי דער לייענער זאָל זיי פּלאַסטיש דערזען, מוז מען זיי ניט האַפקע באַרי־כעס שילדערן. עס איז געניג בלויז א זאָג טאָן דאָס פּינקטלעכסטע, טרעפלעכסטע וואָרט. איין וואָרט, און עס קאָן אַרום זיך אַסאָציִאַטיוו אַרויסרופן בוילעטע זעונגען, טועכצן, אפילע קולעס, פאַרבן. נאָר אויך דאָ איז די זאַך גאָר ניט אַזוי פּראָסט. וויִאַזויאַרום דערווייסט מען זיך דעם סאָד: וועלכע סיטואַציעס דאַרף מען גענוי אָנמאָלן און וועלכע קאָן מען פּלאַסטיש אַרויסרופן דורך איין וואָרט? א לאַנגע צייַט האָט מיר אין מייַן „לאַבאָראַטאָריע" געדינט פאַר א בייַשפּיל א זייער וואָכעדיק, זייער פּראָזאַיִש בילד: אייַנהייצן אין הרובע. צו וואָס אָנהייבן באַשרייַבן, אַז איך האָב אופגעעפנט דאָס טירל, אַרויסגעשאַרט דאָס אש, אַרייַנגעלייגט א פּאָר שפּענדלעך, עטלעכע שייַטלעך האָלץ, אַרופגעגאָסן א ביסל נאַפט, אָנגעריבן א שוועבעלע, — ווען מע קאָן פּאָשעט א זאָג טאָן: „איך האָב אייַנגעהייצט אין הרובע", און די אַלע דעטאַלן וועט מען בעמיילע דער־

זען, עפּשער פּלאַסטישער, רײַכער, ווי ווען מע וואָלט זיי אָנגעמאָלט? איז אָבער אַנומלטן, מיט א פּאָר יאָר צוריק, געקומען טוואַרדאָווסקי מיט זײַן דערציילונג „פּעטשניקי“ און דעם דאָזיקן בײַשפּיל מײַנעם מיר אינגאַנצן איבערגעקערט. אין דער ניט־גרויסער נאָוועלע טוואַרדאָווסקיס הייצט מען צוויי מאָל אײַן אין הרובע. און ביידע מאָל באַאריכעס, מיט אלע פּישטשעווקעס, אף גאַנצע אָנדערהאַלבן זײַטלעך. און קיין איין שורע איז דאָרט ניט איבעריק. און דאָס דאָזיקע זייער וואָכעדיקע, זייער פּראָזאִישע טועכץ איז פול מיט פּאָעטישקײַט. און די ווערטער זיצן אײַנגעמויערטע איינס אין אנדערן, ווי ציגל. אקוראַט, ווי פון א ליד, קאָנסטו קיין איין וואָרט ניט ארויסוואַרפן. און די דאָזיקע אָנדערהאַלבן בלעטלעך פּראָזע זײַנען פול מיט כאָכמע, מיט שמייכל, מיט פרישקײַט. וואָס זשע קומט דאָ פאָר? ווי דערוויסט מען זיך דעם סאָד — ווען מע דארף זיך צוימען און ווען מע מעג זיך נאָכלאָזן? דער סאָד בלײַבט, אפּאָנעם, א סאָד. ניטאָ קיין רעצעפּטן. ווידעראמאָל דער זעקסטער כוש. מע דארף, אפּאָנעם, וועגן די אלע זיבן זאכן מערער פילן, ווי וויסן. א קאָמע, וווּ אוועקצושטעלן, א נארישע קאָמע, דארף אמאָל דער קינסטלער אויך אליין מערער דערפילן איידער וויסן, וואָס עס זאָגט דערוף דער דיקדעק. אין שאפן זײַנען ניטאָ קיין קלאָלים. פארקערט: שאפן באטײַט אמאָל ברעכן קלאָלים.

האָב איך שוין, זע איך, אָנגעשריבן דרײַ זײַטלעך און ערשט קוים געזאָגט עפּעס וואָס, קוים א רעמעז, א קליינקליין טיילכל פון די אלע זיבן און זיבעציק לאַבאָראטאָריע־זאכן וועגן א בלעטל פּראָזע.

נעמט, לעמאָשל, דעם דיאַלאָג! דאָס דאָזיקע זינגענדיקסטע אָרט אין דער פּראָזע, דאָס לעבעדיקסטע, דאָס ראַשיקסטע, פונוואַנען עס הערן זיך ארויס קאָלערליי קוילעס, געשרייען, שעפּטשערײַען, ליבע־דערקלערעניש, פּרעגענישן און ענטפערנישן, באריידעוודיקײַט, אָפּשווײַגעניש, גלאַט אזוי וואָכעדיקער שטייגער־שמועס, — וויפל קומט אויס פורעמען, מעלאָכען און מײַסטרעווען, דער דיאַלאָג זאָל אויסזען נאַטירלעך — ניט געפורעמט, ניט געמעלאָכעט און ניט געמײַסטרעוועט.

נו, און פּסיכאָלאָגישע פּארטיפּטקײַט?

נו, און טיפיזירן, פּאראַלגעמיינערן?

און וויאַזוי די נאָוועלע פארקײַלעכיקן, פארונדיקן, מיט אן אָנהייב, מיט א מיט און מיט א סאָף?

און וווּ שטעלן דאָס לעצטע פּינטל, וווּ פארענדיקן? עפּשער גאָר אין דער מיט — דער לייענער וועט אליין פאָרזעצן...

ווי קליין דו זאָלסט ניט זײַן, ווילסטו עפּעס מאמשיך זײַן, ניט איבערקײַען, אויך עפּעס ארײַנברענגען דײַנס, דײַנס אליין.

בעקיצער — זיבן און זיבעציק זאכן. ניט אלע לאָזן זיך אזוי־אָ מיטאמאָל, אף איין פוס, אויסציילן. מע קאָן וועגן דעם אָנשרײַבן גאַנצע ביכלעך.

א שווערער איניען — דאָס שרײַבן.

די פּײַן איז גרויס, און די פרייד איז, פארשטייט זיך, דערנאָך נאָך גרעסער. דאָס בלעטל איז פול. שורעס שטייען אויסגעשנירלט איינע אונטער דער אנדערער. די ווערטער — אײַנגעוואָרצלטע, אײַנגעוואקסענע.

גוט איז טאָג־בא־טאָג זיצן באם שרײַבטיש, ווי א גאָלדשמיד א נעם טאָן דאָס שפּאקטיוול אפן אויג, א טריף טאָן אפן וואָרט א טראָפּן שיידוואסער און זען, ווי ער בלײַבט שטיין לויטער, דורכזיכטיק, ריין, ווי א טרער, ווי א טוי.

כאַיִם לויצקער

# א האַרבער ביסן — דער שעפערישער פּראָצעס

קוידעמקאָל וויל איך דערציילן וועגן אייניקע מײַנע ספּעציפישע שווערקײַטן.

ווען כ׳האָב, נאָכן ענדיקן די ליטעראריש־לינגוויסטישע הויכשול, זיך פארקנאַסט פאר לינגוויסטיק, האָט נאָך מער מיך גענומען ציִען צו ליטעראַטור. די דאָזיקע ציִעניש האָב איך טיילווײַז געשטילט, פארנעמענדיק זיך מיט דער שפּראך פון קינסטלערישער ליטעראַטור, מיט ליטעראַטורטעאָריע, פּאָעטיק. דאָס איז געווען א מין טראַמפּלין אף איבערצוגיין צו ליטעראַטור־פאָרשונג, צו קריטיק. אָפּרײַסן זיך אָבער אינגאַנצן פונעם שפּראך־סטיליסטישן „נאָפל“ בין איך שוין ניט אימשטאַנד. ס׳הערן ניט אויף מיך צו רעגן פראַגן פון שפּראך און סטיל פון דער דיכטונג. און דאָ טאַקע שאפן זיך פאר מיר אייניקע צוגאָבלעכע שווערקײַטן.

צי קאָן איך, שרײַבנדיק וועגן שמאָל פּראָפעסיאָנעלע מאָמענטן — וועגן דעם אינסטרומענט, וועגן די מיטלען פון קינסטלערישן שאפן, — אויסרעכענען אף געשפּאַנטן אינטערעס פונעם ברייטן לייענער? מע דארף זיך ניט נארן: אפן געשפּאַנטן אינטערעס פונעם ברייטן לייענער קאָן מען ניט אויסרעכענען. איך וויל אָבער ניט און דארף ניט זיך מעיאַעש זײַן. פאראינטערעסירן א מער קוואַליפיצירטן און אײַנגעטראַכטן לייענער, אײַנגעשלאָסן דעם גאַנץ היפשן אָטריאַד שרײַבער אונדזערע, — איז דאפקע מעגלעך. נאָר...

א בעלעטריסט, דעריקער א פּראָזאִיקער, קאָן פארכאַפּן דעם לייענער, אפילע ווען דער קינסטלערישער ניוואָ פונעם ווערק איז ניט קיין הויכער. ווייסן מיר דאָך פאלן, ווען באם ברייטן אוילעם נעמט אויס א בוך בלויז דערמיט, וואָס דער סיפּער־האַמײַסע, די באשריבענע פּאסירונג איז א פּאָפּולערע, אָדער דער הויפּט־העלד איז א באליבטע היסטאָרישע פּערזענלעכקײַט, און דאָס פארשטעלט די קינסטלערישע שוואכקײַט פונעם ווערק.

אויב אָבער דער גאַנצער זשאַנער איז א ניט־פּאָפּולערער, וועט דיר שוין די טעמע ניט ארויסהעלפן. עס בלײַבט איבער איין שאַנס — אז דאָס, וואָס דו שרײַבסט, זאָל זײַן אינטערעסאַנט און נוצלעך כאָטשבי פאר דעם שמעלערן קרײַז לייענער, צו וועמען ס׳איז אדרעסירט דײַן ווערק. דאָס איז ביז גאָר שווער!

און א צווייטע שווערקײַט.

אין דעם שמעלערן געביט, אין וועלכן איך בין טעטיק באנאַנד מיט דער ארבעט אלס ליטעראַטור־קריטיקער — אין געביט פון פאָרשן די קינסטלערישע פאָרם, — לויערט א שטענדיקע געפאר ארײַנצופאלן אין פאָרמאַליזם. די דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן פאָרמעלן אנאַליז און פאָרמאַליסטישן צוגאַנג צו די ליטעראַריש־קינסטלערישע דערשײַנונגען איז א שמאָלע, אמאָל קוים־קוים צו באמערקן, און דאָס שאפט אויך גרויסע שווערקײַטן...

און איצט וויל איך אויפמערקזאַם מאכן אף א פּאָר טעכנישע דעטאַלן, וואָס האָבן א שײַכעס צו דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע בא פאָרשטייער פון אלע ליטעראַרישע זשאַנרען.

האָסט שוין אָנגעשריבן דײַן ווערק, ארומגעפּײַלט, ארומגעשלײַפט עס לויט דײַנע פייִקײַטן, אפילע „ארומגעלעקט דאָס קעלבעלע“, ווי מארקס האָט זיך געהאַט

אויסגעדריקט פיגורעל בענעגייע דעם ענדגילטיקן רעווידירן דאָס אָנגעשריבענע, — אָבער רעכן נאָך ניט, אז דאָס ווערק איז „פיקס און פערטיק“. שלאָפסט איבער איין נאכט מיט, דאכט זיך, אַן אבסאָליוט פערטיק ווערק, — און אף מאָרגן הערזעסטו דאָך בלויזן, וואָס האָסט זיי נעכטן אפילע באם לעצטן לייענען ניט באמערקט, און קנייטשסט מיט די פּלייצעס: וויִאזוי האָסטו עס נעכטן פארזען! כידעש זיך ניט אזוי: נעכטן נאָך ביסטו געווען אין טראנס פון שאפונג, ס'זייַנען נאָך געווען די „שאָרעס“ אף דייַנע אויגן, וואָס האָבן קאָנצענטרירט דייַן אינערלעכע און אויסערלעכע ריִע אף איינצלנע מאָמענטן, ביסט נאָך געווען צו סוביעקטיוו צו דער פרוכט פון דייַן שאפונג, און הייַנט קאָנסטו שוין קוקן אף דייַן ווערק מיט פיל מער אָביעקטיווקייַט. אייַ איז וויכטיק, אז א ווערק, פון וואָס פאר א זשאנער עס זאָל ניט זייַן, זאָל זיך „אויסליגן“!

איך ווייס ניט, ווי אנדערע שרייַבער טרעטן צו צו דער ארבעט איבער א ווערק. פאראן אזא זיקאָרן, וואָס איז אימשטאנד אייַנצוהאלטן אין זיך אין מעשעך פון דער גאנצער ארבעט דעם פּלאן פונעם קומענדיקן פארטיקן געבייַ. בא מיר פערזענלעך קאָן זיך אזוינס ניט „פּאָטויפען“ אין קאָפּ. איך באנוגן זיך אין אָנהייב פון דער ארבעט מיטן גרונט־געדאנק. דאָס אלגעמיינע, ווי אויך אייניקע באזונדערע דעטאלן, דערווייַל אָן א סיידער, אָן א פּלאן, אייַל איך זיך צו פארנאָטירן, ס'זאָל, כאָלילע, ניט פארשווונדן ווערן פון זיקאָרן. און אלץ, וואָס קומט אוף אפן געדאנק אף דער געהעריקער טעמע, פיקסיר איך גלייַך. דאָס איבעריקע קומט בא מיר אוף שוין אין פּראָצעס פונעם שאפן דאָס ווערק, די מערהייַט געדאנקען פאָלגן נאָך נאָכן אָנגעזאמלטן מאטעריאל טראָט נאָך טראָט און ווערן ליטעראריש אויסגעפורעמט און קאָמפּאָזיציאָנעל אָרגאניזירט באם שרייַבן.

אָט דאָס איז אומגעפער מייַן „שעפערישע לאבאָראטאָריע“.

■



# פארקריפלונג פון אלעפבייס־עמעסן

דאָס מאָל קומט אויס דעם אויסדרוק „אלעפבייס־עמעסן“ אָנווענדן ניט מעטאפאָריש, נאָר אינעם בוכשטעבלעכן זין. די רייד גייט וועגן א וויסנשאפטלעך ווערק, וואָס איז געווידמעט דער פּראָבלעם פון אלעפבייסן[1].

אין דער רעקאָמענדיר־אנאָטאציע צום בוך איז געזאָגט: „דאָס ווערק וועט צוהילף קומען באם דערלערנען די גראפישע סיסטעמען פון די סאָוועטישע פעלקער“. די דאָזיקע באהויפּטונג מוז מען טיילווייַז באשטרייַטן.

ניט באהאנדלענדיק אין דער דאָזיקער נאָטיץ דאָס ווערק אינגאנצן גענומען, וועלן מיר גענויער זיך אָפּשטעלן בלויז אף דעם, וואָס האָט א שייַכעס צום יידישן אלעפבייס.

אף דער זייַט 27 גיט אָן דער אווטאָר גאנץ געטרייַ די אויסיעס פונעם העברעיִשן אלעפבייס, און צום סאָף פון דער טאבעלע שטוקעוועט ער צו דעם צווייענדיקן וו, וואָס איז אופגעקומען שוין אפן באָדן פון יידיש. אנדערע גראפישע עלעמענטן, וועלכע זייַנען אנטשטאנען אפן באָדן פון יידיש, האָט דער אווטאָר פארזען. אין זייַן צעטל אויסיעס פעלן די קאָמבינירטע בוכשטאבן פאר די דיפטאָנגען וי, יי, ייַ, פאר די קאָנסאָנאנטן זש, טש און דער אלטער אָס פֿ.

ווייַטער צווינגט אייַך ק. מוסייַעווס טאבעלע לייזן אזא רעטעניש: וויפל וואָקאלן זייַנען פאראן אין יידיש? דער אווטאָר ברענגט אויסיעס בלויז פאר דרייַ: א, ו, ע. מע דארף ניט זייַן קיין גרויסער שפּראכקענער, קעדיי אָנשטויסן זיך, אז אין יידיש זייַנען דאָ אויך די פאָנעמעס אָ (o) און י (и). דער אווטאָר האָט זיך, זעט אויס, דערוף ניט פארטראכט, און ער האָט ניט באוויזן דעם לייענער, וויִאזוי זיי ווערן באצייכנט. נאָר לאָמיר פארפינקטלעכן. דער אָס י איז אין דער טאבעלע געבראכט, אָבער בלויז אלס צייכן פאר דער פאָנעמע (j) (יאָט). די אָפּוועזנהייַט פונעם אָ אין דער טאבעלע איז ניט קיין צופאל — וועגן די דיִאקריטישע צייכנס אין יידיש, וועלכע שטאמען פון די העברעיִשע נעקודעס, ווערט אינעם ווערק אינגאנצן ניט דערמאָנט.

דער יידישער אלעפבייס איז אזויארום געגעבן ניט פול, דאקעגן אָבער איז ער באם אווטאָר דערגאנצט מיט איבעריקע אויסיעס. ווי באוווּסט, באצייכענען די העברעיִשע אויסיעס ח און ת די זעלבע פאָנעמעס, וואָס די בוכשטאבן כ און ט. דעריבער זייַנען דער ח און דער ת פאר די פּראקטישע צוועקן פון דער יידישער גראפיק ניט נייטיק. אינעם ראטנפארבאנד זייַנען זיי טאקע פונעם יידישן אלעפבייס אויסגעשלאָסן. דער אווטאָר האָט זיך דערמיט ניט גערעכנט און זיי איבערגעלאָזט אינעם צעטל אויסיעס פון יידיש.

די אָנגעוויזענע פארדריסלעכע פעלערן זייַנען דערלאָזט געוואָרן אין אַן אויסגאבע פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיע. איז עס אוודע פארדראָסיק.

מ. מייַדאנסקי,
קאנדידאט פון פילאָלאָגישע וויסנשאפטן

[1] Академия наук СССР. К. М. Мусаев. Алфавиты языков народов СССР. Изд-во «Наука», М., 1965.

# כראָניק

## קאָנצערט פון דינע פּאָטאַפּאָווסקאַיאַ

אין צענטראַלן הויז פון די סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ גרויסן קאָנצערט פון ייִדישע לידער די סאָליסטן פונעם אַקאַדעמישן טעאַטער אָפּן נאָמען פון סטאַניסלאַווסקי און נעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ, לאַורעאַט פונעם קאָנקורס „פאַר שאָלעם און פרייַנטשאַפט צווישן פעלקער" דינע פּאָטאַפּאָווסקאַיאַ.

מיט הייסע אַפּלאָדיסמענטן האָט דער פאָלקס־אַקטיאָר צושויער־זאַל באַגעגנט פּאָטאַפּאָווסקאַיאַס טאַלאַנטפולע אויספירונג פון די ווערק פון די קאָמפּאָזיטאָרן אַל. קריין, מ. גנעסין, ל. פּולווער, ל. יאַמפּאָלסקי, אַ. ליכטענשטיין, ז. סענדערײ, ז. קאָמפּאַנייעץ, מ. פּאָליאַנסקי, אַ. בירנאָוו.

מיט אַן אַרייַנפיר־וואָרט איז אויפן קאָנצערט אַרויסגעטראָטן די מוזיק־פאָרשערן ליזע לויטער. באַם ראָיאַל האָבן אַקאָמפּאַנירט די פּיאַניסטן מאַריאַ גרויער און די קאָמפּאָזיטאָרן אַטיליע ליכטענשטיין.

## דריטער באַנד פון דער קורצער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע

אין מאָסקווע איז דערשינען דער דריטער באַנד פון דער קורצער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע. עס ווערן דאָ געגעבן גענויע אָפּהאַנדלונגען וועגן אַ סאַך סאָוועטישע שרייַבער, צווישן זיי וועגן לייב קוויטקאָ און אַרן קושניראָוו. וועגן ל. קוויטקאָן שרייַבט די באַקאַנטע רוסישע ליטעראַטורפאָרשערן ווערא סמירנאָווא, אַז ער איז „אַן אייגנאַרטיקער דיכטער, אַ ליריקער מיט אַ רעאַליסטישער וועלט־עמפּינדונג, אַ הומאַניסט און אָפּטימיסט..." קוויטקאָס לידער זייַנען איבערגעזעצט אָף 36 שפּראַכן.

דער אַוטאָר פונעם אַרטיקל וועגן אַרן קושניראָוון איז דער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיקער הערש רעמעניק. ער שטרייַכט אונטער, אַז קושניראָווס שאַפונג האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן אייַנפלוס אָף דער אַנטוויקלונג פון דער הייַנטצייַטיקער ייִדישער דיכטונג.

באַזונדערע נאָטיצן זייַנען געווידמעט די סאָוועטישע ייִדישע שרייַבער איציק קיפּניס, אַווראָם קאַהאַן, יוסף קאָטליאַר אאַ.

אין אַ ספּעציעל אַרטיקל ווערט דערציילט וועגן דער ליטעראַטור פון ייִסראָעל. לויט די אַרויסזאָגונגען פון די אַוטאָרן פון העם אַרטיקל פּ. לוריע און אַ. רובינשטיין, מערקן זיך אָן אין דער הייַנטצייַטיקער ייִסראָעל־ליטעראַטור צוויי גרונט־ריכטונגען — אַ רעאַליסטישע און מאָדערניסטישע. די ערשטע זעצן פאָר די טראַדיציעס פון דער קלאַסישער ייִדישער ליטעראַטור (מענדעלע מויכער־ספאָרים, י.־ל. פּערעץ, שאָלעם־אַלייכעם, כ.־נ. ביאַליק אאַ.). וואָס שייַעך די מאָדערניסטן, גייט אַ טייל פון זיי מיטן וועג פון דער יערידע־ליטעראַטור פון מייַרעוו, אַ צווייטער טייל (באַזונדערס די שליאָנסקי־גרופּע) זעצט פאָר די נאָוואַטאָרישע טראַדיציעס פון דער פאָרגעשריטענער ליטעראַטור.

אינעם אַרטיקל ווערן אָנגערופן שרייַבער פון פאַרשיידענע שעפערישע און אידייִשע ריכטונגען: אַ. טשערניכאָווסקי, נ. אַלטערמאַן, אַ. שליאָנסקי, אַ. פּען, לייע גאָלדבערג, יע. עלישעווא, ראָכל בלאָושטיין, אַ. ברוידעס, מ. אַווישאָול, כייַע קאַדמאַן, ב. יעהודאַ, נ. ביסטריצקי, אַ. קאָוונער, ק. צעטניק, עסטער לוריע, אַ. סוצקעווער, י. פּאַפּערניקאָוו און אַנד.

אין העם זעלבן באַנד פון דער קורצער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע איז אויך אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פון מ. געלצער און מ. זאַנד וועגן דער שפּראַך איווריט, וואָס איז געוואָרן די מעלוכע־שפּראַך אין ייִסראָעל. וועגן דער ייִדישער שפּראַך, וועגן איר אָפּשטאַמונג און פאַרשפּרייטונג שרייַבט דער פילאָלאָג עליע פאַלקאָוויטש. צו זייַן אַרטיקל איז אויך געגעבן געוואָרן דער ייִדישער אַלעפבייס מיט דערקלערונגען צו אים.

## איבערזעצונגען פון דער רוסישער און מייַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראַטור אין איווריט

אין זאַמלבוך „מאַסטערסטוואָ פּערעוואָדאַ" („מייַסטערשאַפט פון איבערזעצן" — פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", 1965) איז אָפּגעדרוקט אַן אַרבעט פון אַווראָם בעלאָוו — „אַ. שליאָנסקי — הער איבערזעצער פון „יעווגעני אָנעגין".

אַ. בעלאָוו אַנאַליזירט אַווראָם שליאָנסקיס מייַסטערהאַפטע איבערזעצונג פון פּושקינס ווערק אָף איווריט.

אַ. שליאָנסקי האָט איבערגעזעצט אין איווריט פינף און פערציק ביכער, איבערהויפּט ווערק פון דער רוסישער ליטעראַטור (פּושקינס „באָריס גאָדונאָוו", „מאָצאַרט און סאַליערי" אאַ.; גאָגאָלס „רעוויזאָר" און „שידוכים"; טאָלסטאָיס „די מאַכט פון פינצטערניש"; גאָרקיס „אין אָפּגרונט", „דאָס שטעטל אָקוראָוו" אאַ.; שאָלאָכאָווס פיר בענדער „שטילער דאָן", צוויי בענדער „אופגעהויבענע רויערד"; סימאָנאָווס „טעג און נעכט" און לירישע לידער; מאַקאַרענקאָס „פּעדאַגאָגישע פּאָעמע"; ווערק פון באַבעל, פּרישווין, וו. גראָסמאַן, וו. פּאַנאָוואַ און פיל אַנדערע). אויסער דעם האָט אַ. שליאָנסקי איבערגעזעצט „קיניג ליר" און „האַמלעט" שעקספּירס; „קאָלאַ ברוניאָן" פון ראָמען ראָלאַן אאַ.

אין יאָר 1962 איז אין ייִסראָעל אַרויס אַ זאַמלונג פון דער הייַנטצייַטיקער יונגער רוסישער פּאָעזיע אַ. נ. „מאַכרויזעט" (אַ קראַנץ) אין דער איבערזעצונג פון אַריע אַהאַראָן, אין וועלכער עס זייַנען אייַנגעשלאָסן לידער פון אַנדריי וואָזנעסענסקי, יעווגעני יעווטושענקאָ, וולאַדימיר סאָלאָוכין, ראָבערט ראָזשדעסטווענסקי, בולאַט אָקודזשאַווא, בעלאַ אַכמאַדולינאַ אאַ. — דרייַסיק לידער פון עלף פּאָעטן.

אַ. בעלאָוו פירט אונדז אַרייַן אין דער „לאַבאָראַטאָריע" פון שליאָנסקיס איבערזעצערישער אַרבעט, באַווייַזט אָף פילצאָליקע בייַשפּילן, וויאַזוי פּושקינס קלאַסישע סטראָפעס האָבן באַקומען אַ פאַרקערפּערונג אין איווריט.

אַ. בעלאָווס אַרבעט האָט באַקומען אַ הויכע אָפּשאַצונג אין דער ייִסראָעל־פּרעסע און איז איבערגעזעצט אין איווריט.



4



5

## אונדזער
## פאָטאָ־אינפאָרמאַציע

1. דער באַוווּסטער ווײַסרוסישער שרײַבער מיכאַס לינקאָוו עפֿנט אויף דעם אָוונט, געווידמעט מוישע קולבאַקס אָנדענק.

2. דער פֿאָרשטייער פֿונעם אָדעסער געגנט־אויספּירקאָם כ׳ כאַראַשעוו טראָגט אונטער דעם שרײַבער נאָטע לוריע אַן ערן־גראַמאָטע צו זײַן 60־טן געבורטסטאָג.

3. א גרופּע אָנטיילנעמער פֿון דער באַגעגעניש מיט אַלטע באָלשעוויקעס אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“.

4. אַף דער אויסשטעלונג פֿון פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין דער שטאָט בוכאַרע (אוזבעקיסטאַן).

5. דער ערשטער אויפֿטריט פֿונעם טאַלינער זעלבסטטעטיקן ייִדישן דראַמאַטישן קאָלעקטיוו אין שאָלעם־אַלייכעמס איינאַקטער „מאַזלטאָוו“. רעב אַלטער — יוסף שײַקעוויטש, ביילע — סימע ליבמאַן.



6



7

8





3



2

6. עס זינגט דער פּרויען־אַנסאַמבל פֿון טאַלינער ייִדישער זעלבסטטעטיקייט.

7. דער אויספֿילער פֿון ייִדישע פֿאָלקסלידער שמועל ריוואָקין. באַם דאַיאָל — זײַן טאָכטער וועראָניקע.

8. אַלעקסאַנדער טישלער (ערשטער פֿון לינקס) שמועסט מיט באַזוכער אַף זײַן פּערסאָנעלער אויסשטעלונג אין מאָסקווער מוזיי פֿון פּלאַסטישער קונסט אַף א. ס. פּושקינס נאָמען.

9. **פֿון אונדזער אַרכיוו.** א ניט־פּאַרעפֿנטלעכט בילד פֿון מאָריס ווינטשעווסקי (דער ערשטער פֿון רעכטס) בײַס זײַן באַזוך אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד אין 1924 יאָר. מ. ווינטשעווסקי איז פֿאָטאָגראַפֿירט מיט דער בערדיטשעווער מישפּאָכע פֿון שאַמיי יאָסילעוויטש.



1

9



# כראָניק

## 25־טער יאָרטאָג פונעם צענטראַלן אַרכיוו פון ליטעראַטור און קונסט

עס איז אָפּגעמערקט געוואָרן דער 25־טער יאָרטאָג פונעם צענטראַלן מעלוכע־אַרכיוו פון ליטעראַטור און קונסט. דער אַרכיוו פאַרמאָגט איצט בא 10 מיליאָן עקספּאָנאַטן און דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן, וועלכע כאַפּן אַרום א צײַט־אָפּשניט אָנגעהויבן פון XVIII יאָרהונדערט.

ניט לאַנג צוריק איז דער אַרכיוו באַרײַכערט געוואָרן מיט בריוו און פאָטאָגראַפיעס פון אַזעלכע שרײַבער און קונסט־טוער, ווי דאָסטאָיעווסקי, טשעכאָוו, טורגעניעוו, אייזענשטיין, דאָווזשענקאָ, פּודאָווקין, פּראָקאָפּיעוו, גליִער אאַ. נײַע דאָקומענטן דערציילן וועגן לעבן פון די גרויסע סאָוועטישע שרײַבער מ. סוועטלאָוו, א. פאַדייעוו, א. מאַקאַרענקאָ. אַן אינטערעס שטעלט מיט זיך פאָר דער אייגנהאַנטיקער מאַנוסקריפּט פונעם 18־טן קאַפּיטל פון היינריך היינעס ווערק „דײַטשלאַנד", וועלכער ווערט אָפּגעהיט אין מעלוכע־אַרכיוו.

## 60־טער געבורטסטאָג פון אײַזיק הובערמאַן

די ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקייט פון אָדעס האָט אָפּגעמערקט דעם 60־טן געבורטסטאָג פונעם יידישן סאָוועטישן שרײַבער אײַזיק הובערמאַן.

אויף דער באַגעגעניש מיטן יובילאַר זײַנען געקומען די אָדעסער שרײַבער מ. לעווטשענקאָ, נאַטע לוריע, וו. בערשאַדסקי, אל. אוואַראָוו, כאַנע וויינערמאַן, א. זאַריטש, א. באַטראָוו. פון מאָסקווע איז ספּעציעל אויפן יובילעי געקומען אַלס פאָרשטייער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און פון די מאָסקווער יידישע סאָוועטישע שרײַבער הערש רעמעניק.

דער אוקראַיִנישער שרײַבער ס. סטריזשעניוק האָט אונטערגעטראָגן דעם יובילאַר אַן אַדרעס אין נאָמען פון דער אָדעסער פאַרוואַלטונג פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון אוקראַיִנע, ה. רעמעניק האָט אונטערגעטראָגן אַן אַדרעס פון „סאָוועטיש היימלאַנד". באַגריסונגען האָבן צוגעשיקט דער שרײַבער־פאַרבאַנד פון אוקראַיִנע און פיל שרײַבער פון מאָסקווע, קיִעוו, קעשענעוו, טשערנאָוויץ און אַנדערע שטעט.

דעם 18 אַפּריל זײַנען אין אָדעסער ראַדיאָ און טעלעוויזיע אויסגעפּילט געוואָרן אין פראַגמענטן הובערמאַנס מוזיקאַלע קאָמעדיעס „גיט די געליבטע טולפּאַנען" און „קאַלעס טאָרן ניט וויינען".

## „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס" אין דײַטש

דער בערלינער פאַרלאַג „פאָלק אונד וועלט" (דײַטשישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק) האָט אַרויסגעגעבן אויף דײַטש שאָלעם־אַליי כעמס „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס" (איבערזעצער — מאַרק ריין, קינסטלער — האָרסט הוסעל).

## מאָטל גרוומאַן אין א לידער־זאַמלונג פון נאָוואָגראַדער דיכטער

אין דער לידער־זאַמלונג פון די נאָוואָגראַדער דיכטער, אַרויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג „לעניזדאַט", גייט אַרײַן א גרעסערער ציקל לידער פון מאָטל גרוומאַן. די זאַמלונג טראָגט דעם נאָמען פון גרוומאַנס א ליד — „בא דער אילמען־אָזערע".

## „אין די טויט־פאָרטן"

אונטער אַזא נאָמען איז אין ליטווישן מעלוכע־פאַרלאַג „מינטיס" דערשינען אין ליטוויש א נײַע אויפלאַגע פון מייער יעלינס בוך, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א דאָקומענטאַלע שילדערונג וועגן די שוידערלעכע רעציכעס פון די היטלעריסטן אין קאָוונע.

א באַזונדער אָרט פאַרנעמט אינעם בוך דאָס קאַפּיטל וועגן נײַנטן פאָרט.

דאָס בוך איז דערשינען אין א פראַכט־אויסגאַבע אין צוואַנציק טויזנט עקזעמפּלאַרן און איז רײַך איליוסטרירט מיט פאָטאָ־דאָקומענטן.

## א נײַע אויפלאַגע פונעם צווייטן באַנד „סעמיטישע שפּראַכן"

דער מאָסקווער פאַרלאַג „נאַוקאַ" („וויסנשאַפט") האָט אַרויסגעלאָזט א נײַע אויפלאַגע פונעם צווייטן באַנד „סעמיטישע שפּראַכן". אין אים גייען אַרײַן אַרטיקלען וועגן דער העברעיִשער שפּראַך און איר באַציִונג צו אַנדערע סעמיטישע שפּראַכן, וועגן דער האַשפּאָע פון יידיש אויפן הײַנטצײַטיקן העברעיִש. אין דער זאַמלונג ווערט אויך געבראַכט אַן איבערזיכט וועגן דער געשיכטע פון דער העברעיִשער ליטעראַטור און וועגן די קסאַוויאַדן פון יאַם־האַמעלאַך.

## צוזאַמענפאָר פון העברעיִשע שרײַבער

אין טעל־אַוויוו איז פאָרגעקומען דער 22־טער צוזאַמענפאָר פונעם פאַרבאַנד פון די העברעיִשע שרײַבער אין יִסראָעל.

געעפנט דעם צוזאַמענפאָר האָט דער פאָרזיצער פונעם פאַרבאַנד יעהודע בורלאַ. מיט באַגריסונגס־רעדעס זײַנען אַרויסגעטראָטן דער פּרעמיער לייווי עשקאָל, דער קולטור־מיניסטער ז. אהאַראָן און דער בירגערמײַסטער פון טעל־אַוויוו מ. נאַמיר.

## קאָנסטאַנטין סימאָנאָווס רײַזע קיין יִסראָעל

לויט דער אײַנלאַדונג פונעם פאַרבאַנד פון די העברעיִשע שרײַבער האָט באַזוכט יִסראָעל דער באַוווסטער סאָוועטישער שרײַבער קאָנסטאַנטין סימאָנאָוו.

אין א געשפּרעך מיטן קאָרעספּאָנדענט פון דער מאָסקווער פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי" האָט ק. סימאָנאָוו אויסגעדריקט זײַן צופרידנקייט, וואָס ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט יִסראָעל, מיט דער דאָרטיקער קולטור און קונסט.

## צוגאַסט אין רעדאַקציע

אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" איז פאָרגעקומען א באַגעגעניש מיטן פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון אַרגענטינער „איקוף" יאָסל פּריידקעס, וועלכער האָט א לענגערע צײַט געווײַלט אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

י. פּריידקעס האָט דערציילט וועגן לעבן פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין אַרגענטינע, וועגן דעם בײַטראָג, וואָס עס טראָגן אַרײַן די אַרגענטינער יידישע פּראָגרעסיווע קולטור־אינסטיטוציעס אינעם קאַמף פאַר שאָלעם און פרײַנטשאַפט אויף דער וועלט.

## געשטאָרבן יאַנקעוו לעשטשינסקי

אין יערושאָלאַיִם איז אין עלטער פון 90 יאָר געשטאָרבן דער באַוווסטער יידישער עקאָנאָמיסט יאַנקעוו לעשטשינסקי.

יאַנקעוו לעשטשינסקי האָט נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע עמיגרירט קיין אויסלאַנד, וווּ ער האָט אַרויסגעגעבן א ריי סאָציאָלאָגישע ווערק פון נאַציאָנאַל־באַגרענעצטן און אַנטיקאָמוניסטישן כאַראַקטער.

# נאַכמען מייַזיל



די יידישע ליטעראַטור האָט געליטן אַ גרויסן פאַרלוסט — עס איז געשטאָרבן איינער פון אירע אָנגעזעענע בויער און זאַמלער, דער קריטיקער און פאָרשער נאַכמען מייַזיל.

אין פאַרלויף פון העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט איז נאַכמען מייַזיל געווען טעטיק אין יידישן ליטעראַרישן שאַפן. עס איז ניטאָ קימאַט קיין איין מער־ווייניקער באַדייַטנדיקער יידישער שרייַבער אין ראַטנפאַרבאַנד, אַמעריקע, פוילן און אין אַנדערע לענדער, וואָס נאַכמען מייַזיל זאָל ניט האָבן געזאָגט וועגן אים זייַן וואָרט.

וועגן די קלאַסיקער האָט מייַזיל געשאַפן קאַפּיטאַלע פאָרשונגען. ער האָט צונויפגעזאַמלט דאָס „מענדעלע־בוך", אָנגעשריבן דעם בוך „אונדזער שאָלעם־אַלייכעם" און פאַרעפנטלעכט אַ ריי ווערטפולע אַרבעטן וועגן י.־ל. פּערעצן; אין די דאָזיקע פאָרשונגען וועגן די קלאַסיקער האָט נאַכמען מייַזיל צונויפגעקליבן אַ גרויסן ליטעראַריש־פאָרשערישן, ביאָגראַפישן און ביבליאָגראַפישן מאַטעריאַל, וואָס גיט דעם ליטעראַטור־היסטאָריקער אַ מעגלעכקייַט טיפער אַרייַנצודרינגען אינעם טאָך פון דער שאַפונג פון די גרונטלייגער פון דער נייַער יידישער ליטעראַטור. אָן נאַכמען מייַזילס אַרבעטן איז איצט שוין ניט מעגלעך דערלערנען די שאַפונג פון די יידישע קלאַסיקער.

נאַכמען מייַזיל האָט אָפּגעגעבן פיל אויפמערקזאַמקייַט און מי די באַדייַטנדיקע שעפער פון דער הייַנטצייַטיקער יידישער ליטעראַטור. דאָוויד בערגעלסאָן, כאַים־נאַכמען ביאַליק, שאָלעם אַש, פּערעץ מאַרקיש, יוסף אָפּאַטאָשו — זייער שאַפונג האָט נ. מייַזיל געווידמעט צענדליקער אַרטיקלען. צוויי בענדער „נאָענטע און ווייַטע", אַ באַנד „נאָענטע און אייגענע", די גרויסע זאַמלונגען „אויף אונדזער קולטור־פראָנט", „פאָרגייער און מיטצייַטלער", „צוריקבליקן און פּערספּעקטיוון" זאָגן אייִדעס וועגן דעם, אַז נאַכמען מייַזיל האָט ניט בלויז געזאַמלט ליטעראַרישע פאַקטן, נאָר אויך געמאַכט ערנסטע פּרוון אַרייַנצודרינגען אין די טיפענישן פון די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דער ליטעראַטור. אַזאַ מין אַרבעט, ווי „דוירעס און טקופעס אין דער יידישער ליטעראַטור", איז אַ בולטער באַווייַז, אַז דער פאָרשער האָט געהאַט אַ כוש צו דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. און אויב די ליטעראַטור־היסטאָרישע קאָנצעפּציעס פון נאַכמען מייַזילן זייַנען פון אידייִש־עסטעטישן און מעטאָדאָלאָגישן שטאַנדפּונקט אָפט שטרייַטבאַרע, נעמט דאָס ניט אַראָפּ זייער ווערט און באַדייַטונג, ווייל אין נ. מייַזילס אַרבעטן איז שטענדיק פאַראַן פאַקטישער מאַטעריאַל און געוויסנהאַפטע שטרעבונג זיך צו דערגרונטעווען צום טאָך פון דער אַנאַליזירטער דערשייַנונג.

נאַכמען מייַזיל האָט אָפּגעגעבן פיל אויפמערקזאַמקייַט דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. אַ געבוירענער אין אונדזער לאַנד, איז נ. מייַזיל געווען פאַרבונדן מיט יענעם דאָר שרייַבער, וועלכע האָבן מיט זייער שאַפונג געלייגט דעם אָנהייב פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. פּערזענלעך און ליטעראַריש איז ער געווען פאַרבונדן מיט די ערשטע סאָוועטישע דיכטער אָשער שוואַרצמאַן, דאָוויד האָפשטיין, לייב קוויטקאָ, פּערעץ מאַרקיש, מיט די שרייַבער דאָוויד בערגעלסאָן, דער ניסטער, מיט די קריטיקער מ. ליטוואַקאָוו, נ. אויסלענדער, י. דאָברושין.

אין פוילן, אַלס רעדאַקטאָר פון די „ליטעראַרישע בלעטער", און אין אַמעריקע, אַלס רעדאַקטאָר און מיטאַרבעטער פון די יידישע פּראָגרעסיווע אויסגאַבעס, האָט נאַכמען מייַזיל אַרויסגעוויזן נאָך מער אינטערעס צו דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. דאָס האָט באַזונדערס געפונען אַן אויסדרוק אין זייַן גרעסערער אַרבעט „דאָס יידישע שאַפן אין סאָוועטנפאַרבאַנד" (ניו־יאָרק, 1959). אין דער אָפּשאַצונג פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור, פון אירע וויכטיקסטע פּראָצעסן און דערשייַנונגען, איז נאַכמען מייַזילס שטאַנדפּונקט ניט שטענדיק צונויפגעפאַלן מיטן שטאַנדפּונקט פון אונדזער סאָוועטישער ליטעראַטורפאָרשונג. אויף דעם באָדן האָבן געהאַט אַן אָרט דיסקוסיעס און שטרייַטן צווישן באַזונדערע פאָרשטייער פון אונדזער ליטעראַטור און קריטיק מיט נאַכמען מייַזילן, וועלכער איז, ניט געקוקט אויף דער פּאָלעמיק, געבליבן אַן אויפריכטיקער פרייַנט פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

נאַכמען מייַזילס קאָלאָסאַלע שעפערישע פּראָדוקטיווקייַט, זייַן ליבע און איבערגעגעבנקייַט דער יידישער ליטעראַטור און קולטור זיכערן אים אויף לאַנגע צייַטן אַן אָנגעזעען אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

קאָוועד זייַן אָנדענק!

מיט 75 יאָר צוריק איז געבוירן געוואָרן דער באַוווּסטער ייִדישער פילאָלאָג און ביבליאָגראַף בער באָראָכאָוו. בער באָראָכאָוו שטאַמט פונעם שטעטל זאָלאָטאָנאָשע (געוו. פּאָלטאַווער גובערניע). זײַן פאָטער איז געווען א לערער. פון די יוגנטיאָרן האָט זיך באָראָכאָוו אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט געזעלשאַפטלעכע פראגן, מיט דער ארבעטער־באַוועגונג. באָראָכאָוו האָט געפּריידיקט פאַרייניקונג פון מאַרקסיזם מיט נאַציאָנאַליזם. אינגיכן איז ער געוואָרן דער טעאָרעטיקער און פירער פון דער קלייִנבירגערלעכער פּאַרטיי „פּועלי־ציִען“.

א וויכטיקן באַדײַט האָבן באָראָכאָווס וויסנשאַפטלעכע ארבעטן אין געביט פון פילאָלאָגיע. באָראָכאָוו האָט באַהערשט א ריי נײַע און אַלטע



שפּראַכן, ייִדיש האָט ער זיך אויסגעלערנט, ווען ער איז אַלט געווען 26 יאָר. פאַר א קורצער צײַט האָט ער גרינטלעך דערלערנט די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור און פּובליקירט אין „פּינקס“ (ווילנע, 1913) א ריי וויכטיקע ארבעטן („די אופגאַבן פון דער ייִדישער פילאָלאָגיע“, „די ביבליאָטעק פון ייִדישן פילאָלאָג“ א. אנד.). די דאָזיקע ארבעטן שטעלן מיט זיך פאָר א גרינטלעכן וויסנשאַפטלעכן ביבליאָגראַפישן איבערזיכט פון הונדערטער ווערק אין ייִדיש, העברעיִש און אַנדערע שפּראַכן, וועלכע זײַנען דערשינען אין משך פון 400 יאָר. וויכטיק זײַנען אויך באָראָכאָווס ביבליאָגראַפישע רעשימעס פון פּערעצעס און שאָלעם־אַליכעמס ווערק. זיי זײַנען דערשינען אין 1915 און 1916 אין אַמעריקע, וווּ באָראָכאָוו האָט זיך דאַן געפונען. דאָס זײַנען געווען די ערשטע ערנסטע ביבליאָגראַפיעס פון די קלאַסיקער (שפּעטער זײַנען זיי דערגאַנצט געוואָרן פון א. גורשטיינען, ז. רייזענען, י. שאַצקין און אנד.).

נאָך דער פעברואַל־רעוואָלוציע האָט זיך באָראָכאָוו אומגעקערט קיין רוסלאַנד, וווּ ער איז אין דעקאַבער 1917 געשטאָרבן אין עלטער פון 36 יאָר.

..מיט 80 יאָר צוריק איז געבוירן געוואָרן בער פלאַווניק — א באַגאַבטער זשורנאַליסט, פּובליציסט און געזעלשאַפטלעכער טוער.

פון 1907 ביז 1918 איז ב. פלאַווניק געווען טעטיק אין דײַטשלאַנד, אין דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע „ספּאַרטאַק“, מיט וועלכער עס האָבן אָנגעפירט ק. ליבקנעכט און ר. ליוקסעמבורג. ער ווערט ארעסטירט און אין נאָיאַבער 1918 ארויסגעשיקט פון לאַנד. אָנגעקומען קיין סאָוועטנפאַרבאַנד, ווערט ער באַשטימט אף פאַרשיידענע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, איבערהויפּט אין פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערן־האַנדל. גלײַכצײַטיק איז ער אַקטיוו אינעם קאָמיסאַריאַט פאַר ייִדישע ענינים, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט ש. דימאַנשטיין. ב. פלאַווניק טרעט ארויס מיט ארטיקלען אין די זשורנאַלן „קולטור און בילדונג“, „די קאָמוניסטישע וועלט“ און אין דער צײַטונג „דער עמעס“.



אָנהייבנדיק פון דעם סאָף 30־ער יאָרן, נאָך א שווערער קראַנקײַט, פאַרנעמט זיך ב. פלאַווניק אויסשליסלעך מיט ליטעראַרישער ארבעט. ער זעצט איבער אף רוסיש פון דײַטש און ענגליש די ווערק פון מאַרקסן און ענגעלסן, שרײַבט ארטיקלען וועגן דער סאָוועטישער ליטעראַטור, דערונטער וועגן דער ייִדישער, זעצט איבער אין רוסיש אייניקע שאָלעם־אַליכעמס דערציילונגען.

ב. פלאַווניק איז געשטאָרבן אין 1955.



פארטיידיקער פונעם היימלאנד

פונעם ציקל לינאָגראַווירן „פארטיזאנער פון ליטע“

קינסטלער ש. ראַזין.



**ביזן לעצטן אָטעם.**

(פונעם ציקל לינאָגראַווירן „פּאַרטיזאַנער פון ליטע“)

קינסטלער — ש. ראַזין.

# סקולפטאָר מארק עפשטיין



א בריוו פונעם פראָנט

דעם סקולפטאָר מארק עפשטיין האָט שוין אין די פריִע קינדער־יאָרן געצויגן צו קונסט. אין 1910, ווען ער איז אלט געווען סאכאקל 11 יאָר, האָט אים די מאמע איינמאָל געשיקט ברענגען אן עמער וואסער פון הויף. דאָס יינגל האָט זיך לאנג פארהאלטן. זײַנען די מאמע מיט דער שוועסטער ארויס אים זוכן. דאָ האָבן זיי דערזען אזא בילד: מארק שטייט אינמיטן הויף, ארומגערינגלט פון פיל מענטשן, און פורעמט פון שניי א סקולפטור פון א דיקן מענטשן. די סקולפטור האָט זיך באקומען אזוי שיין, אז דער אוילעם האָט געגאפט. אין שטאָט האָט מען א סאך גערעדט וועגן דעם טאלאנטפולן קינד. אין די אָרטיקע צײַטונגען האָבן זיך באוויזן וועגן אים נאָטיצן, פאָטאָגראַפיעס פון דער שניי־סקולפטור.

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש האָט איינער א קיִעווער מעצענאט אײַנגעאָרדנט דאָס יינגל אין דער היגער קונסט־אקאדעמיע. זײַן ערשטער לערער איז געווען דער באוווסטער סקולפטאָר באָלאָ־ווינסקי.

פארענדיקט די אקאדעמיע, האָט מ. עפשטיין געארבעט אלס פעדאגאָג אין קיִעווער קונסט־אינסטיטוט און אלס דירעקטאָר פון יידישן קונסט־טעכניקום. אלע זײַנע יאָרן איז ער געווען ניט בלויז א פרעכטיקער סקולפטאָר, נאָר אויך א טאלאנטפולער טעאטער־קינסטלער און גראפיקער.

מיר ברענגען דאָ דרײַ רעפּראָדוקציעס פון מארק עפשטיינס סקולפטורן.



פרויען־צאַר

СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Ежемесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания шестой

Издательство «Советский писатель»

Главный редактор **А. Вергелис.**



Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств. и техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

---

Подписано к печати 18/V 1966 г. Формат 70×108$^{1}/_{16}$. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки. Цена 50 коп. Зак. 1450.

---

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Комитета по печати при Совете Министров СССР
Пер. Аксакова, 13

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 6

1 9 6 6

**В НОМЕРЕ:**

**ТРИБУНА ЖИЗНИ**

М. Шевель. Герой Социалистического Труда Владимир Пеллер.
Д. Гофштейн. Мать солдата.
И. Перцовский. Он защищал Москву.
М. Василевецкий. Письма друзей.
С. Гордон. Местечки. (Путевые очерки).
С. Рабинович. Москва — Тель-Авив. (Записки журналиста).

---

Стихи А. Вергелиса, И. Котляра, Ш. Ройтмана, М. Сакциера.
А. Кленов. Девятый форт. (Повесть).
Я. Якир. Сваты идут... (Рассказ).
Г. Полянкер. Пекарь из Коломеи. (Роман. Окончание).

**ЛИТЕРАТУРА И ИСКУССТВО**

И. Любомирский. Певец молодости. (К 60-летию А. Губермана).
Я. Штернберг. Народный писатель А. Рейзен.
И. Серебряный. О работе Шолом-Алейхема над книгой «Менахем-Мендл».
Х. Гершензон. Воспоминания об авторе «Хелмских мудрецов».
Письма читателей. Из творческой лаборатории. Хроника. Заметки на календаре.